פאַר דעם האָנאָרירטער
רעפּרעזענטאַנטין אין
קולטורעלער פרוי
ווערטפֿולע כ-מירל, און פֿרײַנד
און קולטור-מענטש. שמחה כ-מיץ.
מיט פֿרײַנדשאַפֿט א באַשיידענער
מתּנה פֿון מחבר
שמואל קוביצקי
מאָנטרעאַל חשון / נאָוועמבער 5 1985

שמעון גובערעק

# אַ יידיש אינדזעלע אויפן דרום-אמעריקאנער קאָנטינענט



באָגאָטאַ — קאָלאָמביע 1977

# SIMON GUBEREK

## A idisch indzele oifn dorem-amerikaner continent



Apartado Aéreo 80192

**Bogotá 6**

**Colombia**

Queda hecho el depósito que previene la ley 11.723
Impreso en la Argentina
Printed in Argentina

---

Este libro se terminó de imprimir el 28 de julio de 1977, en los Talleres Gráficos Zlotopioro S.A.C.I.F., Sarmiento 3149, Buenos Aires.

**דער געזעלשאַפטלעכער בוך־קאָמיטעט:**

ישראל פלינט

שמואל פורמיינסקי

שמעון מענדאל

יצחק פּערעלמאַן

כאַסע גוטמאַן

פאַמיליעס וואַסערמאַן און זילבערמאַן

מענדל קנאָל

משה, נעלסאָן און אַברהם ווינער

סאַמי ראָהר

משה גאַניטסקי

**די אַקטועלע פאַרוואַלטונג פון דער קהילה**
**אין באָגאָטאָ**

שמעון גובערעק — פרעזידענט

ד״ר בערל אַקערמאַן — 1טער וויצעפרעזידענט

ד״ר יוסף וואָלף — 2טער וויצעפרעזידענט

בערל שאַפּיראָ — סעקרעטאַר

שמואל פורמיינסקי — פּראָ־סעקרעטאַר

דניאל ראָזנבוים

פראַנציסקאָ קאסטנער

יוסף קאָרן

נעלסאָן ווינער

סימאָן מענדאַל

אינזש׳ משה גאָרן

אינזש׳ חיים לעכטער

מאַקס זיידמאַן

חיים גלאַגאָווער

בענא זיידנער

# אינהאַלט:



## אין אַ נײַער היים



## די גײַסטיקע ירושה

## באַראַנקיליאַ



## קאַלי



## מעדעלין



## חסידי אומות העולם

## מײַן היימיש פּאַרמעגן



## „אַ פרידלעכע יידישע רעוואָלוציע"

# במקום אַ הקדמה

אין דער קורצער הקדמה צו זײַן בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע", וואָס איז אין יאָר 1973 דערשינען אין באָגאָטאַ, שילדערט שמעון גובערעק זיך אַליין אין אַט אַזאַ פֿאָרעם:

„איך בין אַ ייִד אַ סוחר, אַן אינדוסטריאַל, מײַן גאַנץ לעבן. נישט קיין שרײַבער פֿון „פֿאַך". אָבער, מעגלעך אַז יאָ עפּעס פֿון באַרוף. איך האָב שטענדיק געפֿירט טאָגביכער, געמאַכט פֿאַרצייכענונגען, געשריבן לאַנגע בריוו צו פֿרײַנד, פֿון צײַט צו צײַט פּובליקירט אַן אַרטיקל אין אַ צײַטונג און זיך געחברט מיט שרײַבערס און שרײַבערס. דאָס איז איינע פֿון מײַנע „שוואַכקייטן"; די צווייטע איז, מײַן שאַרפֿער אינטערעס פֿאַר — מענטשן. פֿאַר מיר איז אַ מענטש אַ רעטעניש, וועלכע איך זוך מיט ברענענדיקן נײַגער צו באַשיידן. און אַז מיר גיט זיך אײַן אַרײַנצובליקן אין דער טיף, אין דער נשמה, און אַרויסברענגען אויף דער ליכטיקער שײַן אַ באַהאַלטענעם מענטשלעכן שטריך, בין איך איבערגליקלעך..."

קיין מער קלאָרע כאַראַקטעריסטיק וועגן זיך אַליין קען אַ מענטש נישט געבן ווי שמעון גובערעק האָט עס געטאָן דורך די ציטירטע שורות.

די דאָזיקע „שוואַכקייטן" באַווײַזן בולט זײַן אינטערעס פֿאַר דער וועלט און פֿאַר דעם מענטש. און יעדער מענטש איז דאָך אַ וועלט פֿאַר זיך.

שמעון גובערעק וווינט שוין אין קאָלאָמביע אַ האַלבן יאָרהונדערט. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער דורכגעמאַכט דעם גאַנצן

וואַנדערוועג פון אַ ייִדישן אימיגראַנט. און דער וועג פון אַ יונגן אימיגראַנט אין דעם נײַעם, ווײַטן און נאָך דאַן אַזוי פרעמדן לאַנד, איז נישט געווען קיין לײַכטער.

פונקט ווי אַ סך פון זײַן דור האָט ער אָבער דורכגעבראַכן די מויער, וואָס האָט אָפּגעגרענעצט די דעמאָלסטיקעווירקלעכקייט פון די גײַסטיקע שטרעבונגען וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, פון דעם קליינעם געבורטס־שטעטל זײַנעם, זשעלעכאָוו.

גובערעק אַליין שילדערט עם אַמבולטסטן אין זײַן בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע" אין די קאַפּיטלען „געווען אַמאָל אַ ייִדיש שטעטל אין פוילן"...

דאָס שטעטל איז געווען קליין און אָרעם, אָבער די אָרעמקייט איז געווען בלויז אַן עקאָנאָמישע, דערפאַר אָבער רײַך אין גײַסט, אין שטרעבונגען און האָפענונגען. די דאָזיקע שטרעבונגען האָבן ייִדן מיטגענומען מיט זיך אויף זייער וואַנדערוועג אין די נײַע היימען. עס איז געווען דער אומרו פון שאַפן עפּעס נײַס, ווערן פּיאָנערן פון אַ נײַער ווירקלעכקייט.

זײַן געבורטס־שטעטל זשעלעכאָוו האָט געהאַט, פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַ באַפעלקערונג פון ס"ה 12.000 נפשות, וואָס 70% פון זיי זײַנען געווען ייִדן.

אין דער הינזיכט איז זשעלעכאָוו נישט געווען קיין יוצא מן הכלל אין מזרח־אייראָפּע. געווען שטעטלעך ווו די ייִדישע באַפעלקערונג איז דערגאַנגען צו 80 און אָפילו 90 פּראָצענט פון דער אײַנוווינערשאַפט.

פון די דאָזיקע קליינע און אָרעמע שטעטלעך זײַנען אַרוים אין דער ברייטער וועלט מענטשן, וועלכע האָבן מיט דער צײַט פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין ייִדישן לעבן, און נישט ווייניק פון זיי זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַרימטע פערזענלעכקייטן, וואָס באַשײַנען אונדזער געשיכטע אויף אַלע געביטן פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן.

יחוסט זיך דאָך זשעלעכאָוו, אַז דער לעגענדאַרער רבי יצחק פֿון באַרדיטשעוו איז דאָרט — מיט אַן ערך צוויי הונדערט יאָר צוריק — געווען דער מורא דאתרא. זײַן לעבן, זײַנע ווערטלעך, זײַן לערע און זײַנע „שמועסן מיט גאָט" זײַנען עד־היום אַ באַשטאַנד־טייל פֿון ייִדישן פֿאָלקלאָר, אַ ליבלינגס־טעמע פֿאַרן ייִדישן פֿאָלקס־ליד.

אָבער זשעלעכאָוו האָט אויך בײַגעטראָגן פֿאַר דער מאָדערנער ייִדישער קולטור. גענוג צו דערמאָנען דעם קלאַסיקער פֿון דער ייִדי־שער ליטעראַטור איטשע־מאיר ווײַסענבערג, און דעם ווונדערבאַרן דיכטער יחיאל לערער, וואָס האָט פֿאַראייביקט זײַן געבורטס־שטעטל אין דער פּאָעמע „מײַן היים", וואָס איז אויך איבערגעזעצט גע־וואָרן אויף העברעיִש דורך דעם דיכטער שמשון מעלצער. אַז איך דערמאָן שוין דעם דיכטער לערער פֿאַר וואָס נישט צוגעבן אויך צו דער דאָזיקער רשימה לערערס ברודער מרדכי, וועלכער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל ווו ער האָט געאַרבעט אַלס אַרבע־טער אין דעם חיפֿהר פּאָרט, אָבער גלײַכצײַטיק זיך אָנגעשלאָסן אין דער „הגנה" ווו ער האָט מיט דער צײַט פֿאַרנומען אַ וויכטיקן פּאָסטן פֿון דער באַפֿרײַונגס־מלחמה, דערגרייכנדיק דעם ראַנג פֿון אַ גענעראַל פֿון דער ישראל־אַרמיי.

עס וואָלט געווען אַן עוולה נישט צו דערמאָנען אויך דעם שרײַבער און זשורנאַליסט אַברהם־וואָלף יאַסני, וואָס איז פֿאַר דער מלחמה געווען טעטיק אין לאָדזש און האָט נאָך דער מלחמה פֿאַר־עפֿנטלעכט וויכטיקע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פֿון לאָדזשער ייִדנטום און אויך וועגן זײַן געבורטל־שטעטל זשעלעכאָוו.

דאָס זײַנען בלויז אייניקע פּרטים וועגן גדולי־זשעלעכאָוו. זיי שטאַמען פֿון אַ קליין פּויליש־ייִדיש שטעטל. קליין אין פֿאַרנעם אָבער גרויס אין גײַסט.

אין דער דאָזיקער סביבה איז געוואָקסן שמעון גובערעק. פֿון דער דאָזיקער סביבה איז ער בעת דער גראַבסקי־עליה אַוועק קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זײַן יוגנט־חבר שלמה בריינסקי, און פֿון דאָרט האָט זיי דער גורל אויפֿסנײַ צונויפֿגעפֿירט אין קאָלאָמביע, ווו זיי האָבן נישט בלויז געשאַפֿן זייער נײַע היים, נאָר אויך מיט־

געווירקט אַז דער דאָזיקער קליינער יידישער ישוב זאָל ווערן אַ וויכטיקער פּונקט אויף דער מאַפּע פון דער יידישער צעשפּרייטונג.

שמעון גובערעק האָט, מיט שלמה ברײנסקין, זיך געחברט פון זייערע קינדער־יאָרן אין דער אַלטער היים. ער האָט אויך גע־זאָרגט, אַז ברײנסקים שרייבערישע ירושה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן. גובערעק באַצייכנט ברײנסקין ווי אַ פאַרוואָגלטן יידישן שרייבער. ברײנסקי האָט בלי ספק געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער שרייבערישער טעטיקייט פון שמעון גובערעקן. ער פאַרגעסט עס אויך נישט. עס איז גובערעקס פאַרדינסט, אַז אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן אין בוענאָס־איירעס, זאָל דערשיינען אַ באַנד דערציילונגען פון ברײנ־סקין „זשעלעכאָווער געשטאַלטן" מיט זייער אַ וואַרעמער הקדמה פון גובערעקן גופא. ער דערמאָנט אים אויך ביי יעדער געלעגנהייט ווען עס קומט אים אויס צו רעדן וועגן זיין אייגענער שרייבערי־שער טעטיקייט.

די גרויסע מעלה פון שמעון גובערעקן איז זיין אומרויִקער גייסט. דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיין פאַרצווייגטער און זייער אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און דאָס פילט מען אויך אין זיינע ליטעראַרישע פאַרמעסטן.

ביידע פאַרדינען דאָ דערמאָנט צו ווערן.

ווייל די שילדערונגען, דערציילונגען און עסייען פון גובערעקן וועגן מענטשן, ערטער און געשעענישן האָבן נישט בלויז אַ ליטע־ראַרישן ווערט, נאָר אויך אַ היסטאָרישן. עס איז גאָר אַ וויכטי־קער ביישטראָג צו דער געשיכטע פון דעם זייער אַקטיוון יידישן ישוב אין קאָלאָמביע, די מענטשן און אינסטיטוציעס פון דעם לאַנד. דאָס צוזאַמענלעבן זיך מיט דעם נישט־יידישן אַרום, דאָס איינגלי־דערן זיך אין אַ נייער ווירקלעכקייט און דערביי נישט פאַרלאָזן די פּרינציפּן פון דער אייגענער נאַציאָנאַל־יידישער אייגנאַרט. דאָס ווערט היינט צו טאָג באַצייכנט אַלס יסוד פון דעם קולטור־פּלוראַ־ריזם.

אַליין אַ פּיאָנער פון דעם אָרגאַניזירטן יידישן קולטור־לעבן

אין לאַנד — פֿאַרגעסט ער אָבער נישט אויך די אַלע אַנדערע, וואָס האָבן מיטגעווירקט פֿאַרן לייגן די יסודות, פֿאַרן וווּקס און באַפֿעסטיקונג פֿון דעם קאָלאָמביאַנער ישוב.

דאָס קומט גאַנץ בולט צום אויסדרוק אין זײַנע ביכער און אַרטיקלען וועגן די דאָזיקע געשטאַלטן, וואָס אַ סך פֿון זיי וואָלטן זיכער פֿאַרגעסן געוואָרן ווען גובערעק זאָל נישט פֿאַראייביקן זייער פּיאָנעריש ווערק, זייערע מעשׂים. שוין דערפֿאַר אַליין קומט אים אויסצודריקן אַ יישר־כּוח.

און עס איז פֿאַראַן נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט, וואָס דאַרף בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן מיט אָנערקענונג.

שמעון גובערעק, דער ייִד פֿון דעם האָרעפּאַשנעם זשעלעכאָוו, האָט אויך געלייגט אַ בריק צו אַ צוזאַמענלעבן צווישן דעם ישוב און דער קאָלאָמביאַנער אינטעליגענץ.

דאָס זײַנען זײַנע צאָלרײַכע אַרטיקלען און זכרונות וועגן זײַנע באַגעגענישן מיט קאָלאָמביאַנער פּערזענלעכקייטן, שרײַבערס און פּאָליטיקערס, און דאָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין זײַן בוך, וואָס איז דערשינען אין דער שפּאַנישער שפּראַך אונטערן נאָמען „איך האָב געזען וואַקסן אַ לאַנד".

אין דעם דאָזיקן בוך וועט דער לייענער געפֿינען די איבערזעצונג פֿון דעם וווּנדערבאַרן אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אין די וויכטיקסטע אויסגאַבעס פֿון דעם קאָנטינענט, געשריבן דורך איינעם פֿון די באַדײַטנסטע לאַטײַן־אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייטן — סײַ אַלס פּאָליטישע פּיגור, סײַ אַלס שרײַבער — ד"ר אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ, וועלכער באַצייכנט דאָס בוך פֿון גובערעקן ווי „אַ פֿרידלעכע ייִדישע רעוואָלוציע".

דאָס איז אויך די גרעסטע פֿאַרגיטיקונג, וואָס שמעון גובערעק האָט געקענט באַקומען אין דער קאָלאָמביאַנער עפֿנטלעכקייט.

אָבער: גובערעק איז דאָך נישט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער שרײַבער. ער איז קודם־כּל אַן עסקן בצרכי ציבור ואמונה. מיט הארץ, מיט נשמה, מיט אידעאַליזם, מיט דעם איידלסטן אויסדרוק פֿון אידעאַליזם, מיט קרבנות־גרייטקייט.

איינער פון די בויערס פון דעם קהילה־לעבן אין באָגאָטאָ, איז ער אַ פילמאַליקער פּרעזידענט, נישט נאָר אין יענע „גרינע יאָרן", נאָר אויך היינט־צו־טאָג, ווען ער געהערט שוין ווייט נישט צום יונגן דור. אין דעם מאָמענט וואָס דאָס דאָזיקע בוך זיינס דערשיינט איז ער ווידער דער אָנפירער פון דער באָגאָטאַנער יידישער קהילה, איך ווייס נישט געננוי צום וויפלסטן מאָל. דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון זיין דערפאַרונג, פון זיין איבערגעגעבנקייט לטובת כלל־ענינים, צוליב זיין אידעאַליזם.

שמעון גובערעק איז אויך דער קולטור־אַדרעס פאַר יידישע שרייבערס, קינסטלערס, קולטור־געסט. יידיש, יידישע שפּראַך און קולטור איז אַ באַשטאַנדטייל פון זיין לעבן, פון זיין גייסטיקער עק־סיסטענץ. ער האָט אויך דעם טאַלאַנט צוצוציִען צו דער דאָזיקער אַרבעט פריינד און חברים, ער געהערט צו די ענטוזיאַסטן פון דעם יידישן פאָלקס־שאַפן און קען ענטוזיאַזמירן אַנדערע, אַז זיי זאָלן מיט אים מיטווירקן אין אַלעם וואָס פאַרדינט דעם דאָזיקן ענטו־זיאַזם. דאָס איז אַ גרויסע מעלה פון אַ יידישן פאָלקס־מענטשן, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פאָלקס־אידעאַליזם.

איך האָב אים אין משך פון אַ סך יאָרן געזען ביי זיין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. אין זיין היים־שטאָט און בעת זיינע נסיעות אויף געזעלשאַפטלעכע אַסיפות, יידישע וועלט־אַסיפות און רעגיאָ־נאַלע אַסיפות, ווו ער פאַרטרעט ווירדיק דעם קאָלאָמביאַנער ישוב.

זיין היים, זיין משפחה — זיינען זיינע טרייע מיטאַרבעטערס. זיינע חברים און פריינד זיינען זיינע מיטשותפים אין דעם דאָזיקן ווערק.

קאָנען באַאיינפלוסן אַ סביבה, קאָנען שאַפן אַרום זיך אַ קרייז חברים און פריינד איז אויך אַ גרויסע דערגרייכונג. און ער האָט זיי צווישן אַלע סעקטאָרן פון דעם ישוב, וועלכע אָנערקענען זיינע לייסטונגען.

דערביי דאַרף מען אויך צוגעבן זיינע פאַרבינדונגען מיט דער קאָלאָמביאַנער אינטעליגענץ, מיט דער דאָרטיקער נישט־יידישער

וועלט. דאָס איז אויך אַ דערגרייכונג פֿאַר אַ ייִדישן פֿאָלקס־מענטשן, וואָס קומט פֿון אַ קליין שטעטל אין פּוילן.

קלאָר, אַז דער אינדוסטריאַל, גובערעק, האָט דערגרייכט אַ וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציע, אָבער אויך די גייסטיקע פּאָזיציע, זיינע פֿאַרבינדונגען מיט דעם נישט־ייִדישן אַרום, דווקא ווי אַ ייִדיש־ייִדישער שרייבער, האָט בלי ספק אויך אַ וויכטיקע באַדייטונג פֿאַר דעם פֿרייַנדלעכן און פֿרידלעכן צוזאַמענלעבן.

צום סוף נאָך אַ כאַראַקטער־שטריך וועגן שמעון גובערעקן:

ער איז אַ קאָמפּראָמיסלאָזער אָנהענגער פֿון אַחדות ישראל. ער פֿילט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון זיצן ביי איין טיש, אונטער איין דאַך, פֿון ייִדישע מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע סעקטאָרן, פֿון פֿאַרשיידענע דורות און פֿאַרשיידענע וועלט־אָנשויונגען. אָבער אַלץ דאַרף זיין לטובת דעם עם־אחד. ווייל אונדזערע שונאים קעמפֿן קעגן אונדז נישט צוליב אונדזערע אָנשויונגען, נאָר צוליב אונדזער ייִדיש־קייט, צוליב אונדזער אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פֿאָלק. דאָס פֿאַר־שטייט גובערעק און דעריבער איז ער טעטיק אין די ראַמען פֿון דעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס — פֿון וועמענס אידעע ער איז אַ פּיאָ־נער אין קאָלאָמביע —, אין דעם לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנ־גרעס און אין דער פֿעדעראַציע פֿון ייִדישע אינסטיטוציעס און קהילות אין קאָלאָמביע גופֿא.

זיין דירעקטע באַטייליקונג אין די פֿאַרזאַמלונגען, וועלט־אַסי־פֿות און רעגיאָנעלע באַראָטונגען, איז אַ פּאָזיטיווער בייטראָג פֿאַר דער אויפֿהאַלטונג פֿון דעם נאַציאָנאַל־ייִדישן לעבן.

דעריבער פֿאַרדינט ער אונדזער אָנערקענונג און פֿריינדשאַפֿט. און דעריבער איז דאָס דערשיינען פֿון זיין נייעם בוך אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער ייִדישער קולטור בכלל און צו דער געשיכטע פֿון קאָלאָמביאַנער ישוב בפֿרט.

**מאַרק טורקאָוו**

# ווען מײַן שרײַבערישער מלאכה

כ׳בין איינער פון די גרינדערס פון דער קהילה אין באָגאָטאַ; ממילא מעג מען זיך אויף מיר פאַרלאָזן, אַז איך קען כמעט אַלע אונדזערע מיטגלידער. דערצו בין איך דאָך פון באַרוף לאַנגע יאָרן געווען אַ רײַזנדער איבערן גאַנצן שטח פון קאָלאָמביע, און גע־צײלטע זײַנען די ערטער וואָס כ׳האָב קיין מאָל נישט באַזוכט אין מײַנע נסיעות. אומעטום, אַפילו אין די פאַרוואָרפנסטע העקן, האָב איך געפונען אַחינו בני ישראל. און אויב ס׳איז צו מיר דערגאַנגען אַז ערגעץ אין אַן אָרט, לאָמיר זאָגן אין סינסילעכאַ, וווינט אַפילו איין איינציקער ייִד, פלעג איך צו אים דערגיין מיט מײַן ברידער־לעכן גרוס. אין דעם זינען מיין איך, אַז כ׳האָב אויפגעטאָן אַ ביסל מער ווי אַנדערע; איך זאָג דאָס און אַנטשולדיק זיך גלײַך, טאָמער איז דאָס נישט ריכטיק און כ׳האָב זיך איבערגעאײַלט מיט מײַן באַרימען זיך. אין יעדן פאַל, בין איך דער אָנגעוויזענער מענטש אויף צו געבן אַ בילד פון די פאַרשיידענע טיפּן, באַזונדערע יחידים און אייגנאַרטיקע כאַראַקטערן, וואָס האָבן געלעבט אָדער לעבן אין אונדזער קאָלאָמביאַנער ייִדישן ישוב, און איך טו עס טאַקע אין מײַנע באַשרײַבונגען, וועלכע האָבן שוין אויסגעפילט איין באַנד און וועלן נאָך מסתמא סטײַען אויף נאָך אַ פּאָר בענד.

וואָס מער אָבער איך שרײַב, אַלץ גרעסער זעט מיר אויס דער שלל מיט פיגורן, וואָס האָבן זיך פאַרדינט אַן אָרט אין מײַנע פען־פּראָפילן מיט דער אייגנאַרטיקייט פון זייער פערזענלעכקייט און מיט דער דערהויבנקייט פון זייער עקסיסטענץ. כ׳האָב נאָר מורא עמעצן דורכצולאָזן, ווי ס׳טרעפט נישט זעלטן ווען מען שרײַבט

זכרונות וועגן פאַרגאַנגענע צײַטן, מענטשן און ערטער. דער מוח איז דאָך פּאַרט אַן אָרגאַן וואָס ווערט שוואַכער מיט די יאָרן, נישט קיין אויטאָמאַטישע מאַשינקע. דערפאַר וויל איך זיך באַוואָרענען, ווען איך זאָל זיך אַפילו איבערחזרן, אַז אַזאַ מין פֿאַרזען, אויב עס וועט טרעפן, וועט זײַן דורכוים קעגן מײַן ווילן, איך וועל זײַן דער ערשטער וועמען אַזוינס וועט פאַרדריסן, און איך האָף עס מתקן זײַן אין מײַנע ווײַטערדיקע ביכער.

מיט איין זאַך בין איך שטאָלץ, וואָס די אַלע העלדן, וועלכע איך שטעל פאָר אין מײַנע באַשרײַבונגען, זײַנען לויטער מענטשן וואָס קענען דינען ווי אַ בײַשפּיל פאַר אונדזער ישוב. און וואָס קען אונדז נאָך מער דערפרייען ווי אַ בליק טאָן איבער די אַלע לעבנס פון פאַרשיידענע דורות, פון די פּיאָנערן־אימיגראַנטן ביז זייער נאָכוווּקס אין די איצטיקע דורות, און זען אַז די אחרונים שטייען נישט אָפּ פון די ראשונים, אַז אונדזער פאָלק גיט ווײַטער אַרויס זין און טעכטער וועלכע זײַנען געבענטשט מיט טאַלאַנט, מיט נשמה־איידלקייט און מיט געטרײַשאַפט צו זייער שטאַם. אין דעם ליגט דאָס גאַנצע פאַרגעניגן פון מײַן שרײַבן און אין דעם וויל איך זאָל באַשטיין די גרעסטע פרייד בײַם לייענען.

און צום סוף דריק איך אויס מײַן האַרציקן דאַנק די מיטגלי־דער פון „געזעלשאַפטלעכן בוך־קאָמיטעט", אָן זייער מיטהילף וואָלט דאָס בוך נישט דערשינען. און בײַ דער געלעגנהייט בעט איך, עס זאָלן נישט אָננעמען פאַר אומגוט די אַלע, וועלכע האָבן פאַרדינט —און וועלכע איך האָב נישט באַוויזן— אַרײַנצונעמען אין די בלע־טער פון דעם בוך.

איך האָף צו קאָנען עס מתקן זײַן אין מײַנע ווײַטערדיקע שריפטן.

דער מחבר



דער ערשטער בית מדרש אין באָגאָטאַ אויף דער 23סטער גאַס

# דער בראשית פון יידישן ישוב אין קאָלאָמביע

דער יידישער ישוב אין קאָלאָמביע, האָט שוין אין דער צייט פון סוף צוואַנציקער יאָרן, געציילט ביי די צוויי הונדערט פאַמיליעס (קרוב צו טויזנט נפשות). פעדלעריי איז געווען די הויפּט־פּרנסה פון דער מערהייט. ביסלעכווייז, האָבן דער יידישער אונטערנעמונגס־גייסט און אַרבעטזאַמקייט געלייגט זייער חותם אויף די הויפּט־גאַסן פון דער שטאָט, און באַזונדערס אויף דער קאַררעראַ סעפּטימאַ. דאָרטן האָט אַ קליינע גרופּע יידן געשטעלט די ערשטע טריט צו נייע האָריזאָנטן, וואָס האָבן געענדערט דעם פּנים פון דער הויפּטשטאָט און אויך זייער אייגן לעבן. יידישע פּעדלערס האָבן גע־דונגען אָדער געקויפט די פּרימיטיווע און אָרעמע קלייטלעך פון דער גאַס, און אויף זייער אָרט אויפגעשטעלט מאָדערנע געשעפטן פון פרויען־ און מענער־קליידער, און פון פאַרשיידענע אַנדערע אַרטיקלען, וועלכע האָבן גיך פאַרוואַנדלט די גאַס אין אַ הויפּט־צענטער פון מסחר און באַוועגונג.

גאָר שנעל האָבן זיך איינגעשטעלט קאָמערציעלע פאַרבינדונגען מיט פּאַריז און מיט ניו־יאָרק, און פון איין טאָג אויפן אַנדערן זיינען די נעכ־טיקע גאַסן־הענדלערס געוואָרן איינגעזעסענע און מיושבדיקע סוחרים, מיט אַדרעסן און וויזיט־קאַרטעס, מיט אַנאָנסן און פּלאַקאַטן, וואָס האָבן פּראָ־פּאַגאַנדירט זייערע נעמען און זייערע סחורות.

נייע געשעפטן האָבן זיך אויך געעפנט אויף דער אַווענידאַ דע לאַ רעפּובליקאַ, פון דער גאַס 22 אויף דער דרומדיקער זייט, ביז זיי זיינען אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער דערגאַנגען צו דער גאַס 16. די „פאַריונגערונג“ פון דער דאָזיקער געגנט, איז געווען זייער אַ קוריאָזע, און האָט זיך שפּע־

טער אויסגעשפרייט איבער פיל אַנדערע גאַסן פון שטאָט. באַגאָטאַ האָט שנעל געביטן איר אויסערלעכן אויסזען: די ערשטע דירות פון די הײַזער, וווּ עס האָבן געוווינט שכנים, זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עלעגאַנטע לאָקאַלן מיט גרויסע שוי־פענצטער צו דער גאַס, אין וועלכע מען האָט אויסגעשטעלט טויזנטער אַרטיקלען, צום גרעסטן טייל אימפּאָרטירטע, ווײַל מען האָט נאָך אין יענער צײַט ווייניק פּראָדוצירט אין לאַנד. אָבער דער אויפבלי פון לאָקאַלן מסחר איז געווען די שטויס־קראַפט פאַר דער אַנט־שטייונג פון אַ נאַציאָנאַלער אינדוסטריע. דער פעדלער, וואָס איז געוואָרן אַ קרעמער האָט געשאַפן אַן אינערלעכן מאַרק און אַ יסוד פאַר אַן אייגע־נער פּראָדוקציע.

און אין פאַרלויף פון יאָרן, איז פאַרגעקומען אַ נײַע טראַנספאָרמאַציע: דאָס לאַנד איז געוואָרן אַ מאַנופאַקטור־לאַנד. פון אָנהייב קליינע וואַר־שטאַטן, ווי מען רופט זיי דאָ „טאַליערן", און מיט דער צײַט זײַנען די טאַליערן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַבריקן. אין דעם אויפשטײַג האָבן ייִדן פאַרנומען זייער אַ חשובן פּלאַץ, און עס איז גאַנץ באַטײַטנדיק זייער צו־שטײַער פאַרן וווּקס פון דער אָרטיקער אינדוסטריע, און נישט נאָר אין באַגאָטאַ, נאָר אויך אין פיל אַנדערע פּונקטן פון לאַנד. ייִדן ווערן מיט רעכט באַטראַכט ווי פּיאָנערן פון אייניקע אינדוסטריע־צווײַגן, אין וועלכע זיי פאַרנעמען אויך הײַנט גאַנץ אָנגעזעענע פּאָזיציעס.

*

עס איז געקומען דאָס פינצטערע יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. שוין מיט זעקס יאָר פריִער, פאַר דעם אויסברוך פון דער נאַצישער מגיפה, האָט דער מלחמה־טשאַד אָנגעפילט די לופט אויך בײַ אונדז אין לאַנד, און די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע איז געוואָרן אַלץ דראָענדיקער און שאַרפער. עסטרײַך איז שוין געווען אַנעקסירט צום „רײַך", און טשעכאָ־סלאָוואַקיע איז געווען דערנידעריקט און באַהערשט פון דער נאַצישער בעסטיע. עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן; די קרבנות האָבן זיך פאַרמערט פון טאָג צו טאָג און די שרעק פאַרן מאָרגן האָט באַהערשט די וועלט. די „דעמאָקראַטישע" דיפּלאָמאַטיע פון טשעמ־בערליין־שניט, האָט אָנגענומען דעם „געגנדזן־מאַרש" און — ווי עס געשעט

שטענדיק אין די פֿינצטערע עפּאָכעס — האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק געדאַרפֿט צאָלן דעם גרעסטן פּרײַז, ווי אין אַלע פֿאַלן ווען עס ווערט געשטעלט אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע דער יסוד פֿון דער מענטשלעכער פֿרײַהייט.

אַלטע סימפּאַטיעס צום דײַטשישן פֿאָלק, האָבן געהערשט אין די לענדער פֿון לאַטײַן־אַמעריקע, נאָך פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אָדער אפֿשר פֿון נאָך פֿריִער. דאָס איז מעגלעך געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם ברייטפֿאַרצווײַגטן האַנדל מיט יענעם לאַנד. דער דײַטשישער בירגער, אויך פֿון ייִדישער אָפּשטאַמונג, וואָס איז פֿון דאָרט אַוועק, האָט דעריבער געגאַסן פֿון אָפֿענע טויערן פֿאַר אימיגראַציע אין די היגע לענדער. דער מענטש וואָס איז געקומען פֿון דײַטשלאַנד אין יענע ביטערע יאָרן, איז גוט אויפֿגענומען געוואָרן אין די אַמעריקאַנער לענדער.

די זעקס יאָר פֿאַרן אויסברוך פֿון קריג זײַנען ווי געהעריק אויסגענוצט געוואָרן פֿון אַ גרויסער צאָל ייִדן, און זיי זײַנען באַצײַטנס אַנטלאָפֿן פֿון דעם פֿאַרפֿעסטעטן לאַנד, און זיך געראַטעוועט פֿון דער שפּעטערדיקער פֿאַרניכטונג. אין באָגאָטאַ, זײַנען אין אָנהייב פֿון די דרײַסיקער יאָרן געווען וויניק דײַטשישע ייִדן, אָבער אין יאָר 1939, זײַנען זיי שוין געווען אַ באַטײַטנדיקע צאָל, און צוזאַמען מיט די ייִדישע עמיגראַנטן פֿון פּוילן, האָבן זיי געבילדעט דעם גרעסטן טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון קאָלאָמביע.

פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן פֿאַרלייקענען די אַקטועלע רעאַליטעט און אויך די היסטאָרישעווירקלעכקייט, און שטעלן פֿאַר די ייִדן ווי גײַציקע נאָך געלט, ווי פֿאַרזונקענע אין מאַטעריעלן וווילטאָג, אָן גײַסטיקן אומרו און אָן העכערע אינטערעסן. עס זײַנען זיכער פֿאַראַן אַזעלכע יחידים, פּונקט ווי בײַ אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. דער ייִדישער כּלל אָבער האָט קיין מאָל נישט פֿאַרשעמט דעם נאָמען „עם הספר", וועלכן ער טראָגט זינט טויזנטער יאָרן, און ווי נאָר די ייִדן זײַנען געקומען אין לאַנד, און נאָך איידער זיי האָבן געעפֿנט קלייטן אויף די צענטראַלע גאַסן, האָבן זיי שוין געהאַט שולן פֿאַר קינדער, בתּי־מדרשים צום דאַווענען און אַ קולטור־צענטער. נאָך איידער זיי האָבן זיך פֿאַרוואָרצלט אין באָדן פֿון נײַעם לאַנד, האָבן זיי שוין געהאַט באַזאָרגט די קהלישע הצטרכותן און די גײַסטיקע הצטרכותן. און מיט דער טראַנספֿאָרמאַציע פֿון לאַנד, איז געקומען צום

אויסדרוק אויך אַן אויפשוווּנג פון געזעלשאַפטלעכן און גײַסטיקן ייִדישן לעבן. עס זײַנען געווען יונגעלײַט — און אין יענער צײַט זײַנען מיר נאָך אַלע געווען יונג — ווי די דרײַ ברידער שפּאַנקאַ, יחזקאל גראָסגאָלד, יחיאל טשיפּקיאָוויטש, יוסף גרוצהענדלער און אַנדערע, פאַר וועמען דאָס „מאַכן אַמעריקע" איז געווען נישט מער ווי אַ מיטל, אָבער נישט קיין ציל אין לעבן. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ סך גײַסטיקן אומרו, און זײַנען דעריבער אויך געווען די פּיאָנערן פון דער אַרטיקער ייִדישער קולטור־באַוועגונג.

*

די ערשטע מאַניפעסטאַציע פון זייער שעפערישן גײַסט איז געווען די שאַפונג פון אַ קולטור־קרײַז, אונטערן נאָמען פון דעם אומשטערבליכן קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, יצחק לייבוש פּרץ; ווי אַן אויס־דרוק פון דער גײַסטיקער וויטאַליטעט פון ייִדישן וועלט־פאָלק, וואָס שמידט דורך טויזנטער יאָרן זײַנע אייביקע ווערטן, אין זײַן צעשפּרייטונג איבער אַלע קאָנטינענטן. בײַ די קולטור־אַקטן אין „צענטער", איז שטענדיק געווען איבערפולט דער סאַלאָן מיט אַן עולם, וואָס האָט דורשטיק אויסגעהערט די רעדנערס. מען האָט אָרגאַניזירט אַ „לעבעדיקע צײַטונג", און די מחברים האָבן אַליין געלייענט זייערע שריפטן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַמאַ־טאָרן־קרײַז, וואָס האָט אויפגעפירט אַ גאַנצע ריי ווערק פון ייִדישן טעאַ־טער־רעפּערטואַר. עס פלעגן קומען אויף די פאָרשטעלונגען כמעט אַלע ייִדישע פאַמיליעס, און עס פלעגט זײַן יום־טוב אין שטעטל. אַזוי האָט דער יונגער ישוב אָנגעהויבן זײַן ייִדישן לעבן אין דער נײַער היים, און האָט מיט זײַן דינאַמישן גײַסט אינספּירירט אויך די אַרטיקע אײַנוווינערס צו ברייטערע פאַרמעסטן אויף אַ סך געביטן.

אין די דרײַסיקער יאָרן זײַנען נאָך געווען צווישן אונדז אייניקע פאַר־בלענדטע פון דעם פאַלשן ליכט, וואָס איז געקומען פון מאָסקווע. זיי האָבן געשטרעבט צו באַהערשן די קולטור־אינסטיטוציע, און האָבן אונדז אַ היפּש ביסל פאַרביטערט די יאָרן. דער ישוב האָט אָבער זיך נישט געלאָזן פאַר־פירן, און די בלוטיקע בלעטער פון דער ייִדישער געשיכטע אין יענעם לאַנד האָבן באַשטעטיקט, אַז נישט פון דאָרטן וועט קומען פאַר ייִדן די רעטונג. געניג צו דערמאָנען די שחיטה פון טויזנטער ייִדישע גײַסט־מענטשן,

דער בלוט־בילבול אויף ייִדישע מעדיקערס ווי „מערדער אין ווײַסע כאַ־לאַטן", דער חורבן פֿון דער ייִדישער קולטור, די צוואַנג־רוסיפֿיקאַציע, דער צעיושעטער אַנטיסעמיטיזם און צום סוף די פֿאַרביסענע שנאה צו ישראל. אויך פֿון עקסטרעם רעכטן ציוניסטישן לאַגער האָבן מיר געהאַט אויסצו־שטיין אַ היפּש ביסל צרות, וועלכע האָבן אונדז געשטעמפּלט ווי „לינקע ייִדישיסטן".

וואָס שייך צו אונדז, האָבן מיר נישט אָפּגעטראָטן פֿון אונדזער אָנגע־צייכנטן נאַציאָנאַל־ייִדישן וועג. און ווען אין יאָר 1934, איז געקומען צו אונדז פֿון זשעליכאָוו דער שרײַבער שלמה ברייננסקי, האָט ער שוין דאָ געטראָפֿן אַ קולטור־סביבה און אַן אָרגאַניזירט געזעלשאַפֿטלעך לעבן. ער האָט געגעבן אַ נײַעם סטימול דער אַרבעט, און מיר האָבן גיך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַרויסגעבן אַ צײַטשריפֿט, ווערן שרײַבער בײַ ייִדן, און פֿאַר־וואַנדלען די ווײַטע און אומבאַקאַנטע באָגאָטאַ אין אַ גרויסן ייִדישן קול־טור־צענטער.

די פֿאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט, און מיטן פּעקל סחורה אויף דער פּלייצע זײַנען מיר געגאַנגען איבער די גאַסן און געטרוימט וועגן אַ שיינער צוקונפֿט. אָבער ווי קומט מען מן הכוח על הפּועל? אַז אין באָגאָטאַ איז נישט געווען קיין ייִדישע דרוקערײַ, נישט קיין ייִדישער שריפֿט, און מיר, נאָך נישט אין גאַנצן אויסגעגרינטע, האָבן אויך נישט געהאַט קיין ממתקים. האָבן מיר זיך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיטן רעדאַקטאָר פֿון אַ ייִדישן זשורנאַל אין האַוואַנאַ, קובאַ, און ער האָט אונדז זייער גערן אָנגעבאָטן אַן אָפּטיילונג אין זײַן צײַטשריפֿט. דאָרט האָב איך עס געמאַכט מײַן דעבוט ווי אַ שרײַבער בײַ ייִדן, און אין פֿינף און דרײַסיק יאָר אַרום זוכה געווען אַרויסצוגעבן מײַן ערשט בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע"... אין שפּאַניש איז עס מיר אָנגעקומען לײַכטער. קאָלאָמביע פֿאַרמאָגט אַ רײַכע פּעריאָדיק, און מײַנע מאמרים וועגן ייִדישער טעמאַטיק האָבן אַרויסגערופֿן נײַגעריקייט און אינטערעס, און זײַנען געדרוקט געוואָרן אין אַ וויכטיקער אָרטיקער צײַטונג.

און ווי עס זאָגט אַ ייִדיש שפּריכוואָרטל: „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט". גיי ווייס, אַז אונדזער ערשטע ליטעראַרישע אַוואַנטורע אין באָגאָ־טאַ, וועט זיך פֿאַרענדיקן מיט אַ גרויסן עפֿנטלעכן סקאַנדאַל! די קאָלאָמ־

ש מ ע ו ן  ג ו ב ע ר ע ק

ביאַנער אָפּטיילונג אין דעם קובאַנער יידישן זשורנאַל, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין דער יידישער געזעלשאַפט, אָבער גאַנץ אַנדערש איז זי אויפגענומען געוואָרן אין די רעגירונגס־קרייזן. עס איז טאַקע אַ גרויסער כבוד, וואָס מען האָט מיט אונדז זיך פאַראינטערעסירט אין די הויכע פענצטער, אָבער דאָס מאָל איז עס געווען נישט צום גוטן. (אַגב, איז עס געווען צוליב אַ מסירהלע פון אַן אייגענעם מענטשן, וועלכע דער ריכ־טער האָט אָפּגעוואָרפן).

אין דער אָפּטיילונג זיינען צווישן אַנדערע, געווען אַ דערציילונג פון יעקב שפּאַנקאָ וועגן לעבן פון די אָרטיקע פישער אויפן טייך מאַגדאַלענאַ און פון ברייננסקין, וועגן פאַרוואָרלאָזטע קינדער אויף די גאַסן. צוויי גלענצנ־דיקע דערציילונגען, וועלכע דער באַרימטער דיכטער, לויס ווידאַלעס, האָט איבערזעצט אויף שפּאַניש. אין די ליטעראַרישע קרייזן האָט דער יידישער דעבוט געמאַכט אַ רושם, אָבער נישט אַזוי אין די אָפיציעלע ספערן. מען האָט נישט מער און נישט ווייניקער ווי באַשולדיקט די „אימיגראַנטן" אין פאַרלוימדן דאָס לאַנד, און עס האָט געדראָעט מען זאָל זיי אַרויסשטעלן אויף יענער זייט גרענעץ. מען האָט קוים אָפּגעשריגן די גזירה... צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע קאַשע האָט פאַרקאָכט אַ היימישער מסור, וועלכע דער קאָלאָמביאַנער ריכטער האָט אָפּגעוואָרפן. מיט דער צייט האָט זיך עס איינגעשטילט. די וואָסערן האָבן אַראָפּגענידערט צו זייער פריערדיקן ניוואָ, און מיר האָבן ווייטער פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט...

# מײַנע ערשטע יאָרן אין באָגאָטאַ

מיר האָבן געבראַכט אויפֿן נײַעם קאָנטינענט אונדזער ווילן און גרייטקייט צו אַרבעטן ערלעך, אויף צו פֿאַרדינען כשר אונדזער שטיקל ברויט. מיר האָבן אויך געבראַכט אין דמיון דעם זכר פֿון אונדזער שטעטל זשעלעכאָוו, מיט זײַן ייִדישלעכן לעבנשטייגער, וואָס איז אונדז געווען אַזוי צום האַרצן; דאָרט איז אַריבער אונדזער קינדהייט און יוגנט, דאָרט האָבן מיר באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג, וואָס איז געווען די ריכט־ליניע פֿון אונדזער לעבן און דער גרונטשטריך פֿון אונדזער פּערזענלעכ־קייט.

אַזעלכע דעראינערונגען האָבן זיך אויסגעמישט מיט מײַנע ערשטע דערפֿאַרונגען ווי אַ „גרינער" אין קאָלאָמביע, ווען כ'האָב נאָר וואָס געהאַט אָנגעהויבן צו פּרעפּלען אויף אַ נײַער פֿרעמדער שפּראַך, טאַקע זייער אַ שיינע אָבער אַזוי ווײַט פֿון מײַנע אומגאַנג־שפּראַכן — ייִדיש און פּויליש —, ווי מזרח פֿון מערב. האָבן מיר טאַקע נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, איך און דאָס גלײַכן אַנדערע אימיגראַנטן (אַפֿילו אַלטע ייִדן מיט בערד), ווי צו זעצן זיך קנעלן די ערשטע ווערטער פֿון דער פֿאַר אונדז נײַער שפּאַ־נישער שפּראַך.

וועט איר מן הסתם פֿרעגן ווי אַזוי האָבן מיר זיך אײַנגעלעבט און אײַנגעבירגערט אין דער קאָלאָמביאַנער סביבה? דער ענטפֿער איז, אַז מיר זײַנען טאַקע גוט פֿאַרשוואַרצט געוואָרן ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל פּאָזיציע; מען האָט געדאַרפֿט אויסקלײַבן מיט גרויס באַזאָרגטקייט די באַשעפֿטיקונג צו וועלכער מען האָט זיך גענומען, כדי נישט אָנצושטויסן זיך אויף אַן איבעריק גרויסער קאָנקורענץ און ערשט נאָך דעם, האָט מען באַדאַרפֿט זײַן מיט צען קעפּ כדי צו „מאַכן זיך אַ וועג" אין די „ביזנעס", און האָבן דערפֿון פּרנסה.

כדאי צו פאַרצייכענען אַ קוריאָזן פאַקט: כמעט אַלע האָבן איבערגעלאָזט זייער אַמאָליקן פאַך אָדער באַרוף אין דער אַלטער היים. די קאָלאָמביאַנער עקאָנאָמישע סטרוקטור איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אונדזערע אור־שפּרינגלעכע באַשעפטיקונגען, פון וועלכע מען האָט געצויגן חיונה אין אייראָפּע. אויסער דעם, האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז די קאָלאָמביאַנערווירטשאַפט־אַנטוויקלונג איז נאָך נישט געווען רייף אויף פאַרשיידענע געביטן. הקיצור, מיר האָבן זיך געמוזט נעמען צו מלאכות וואָס ס׳איז אונדז קיין מאָל נישט געלעגן אין זינען צו טאָן, אָבער קיין אַנדערע ברירה איז



דער צענטער פון שטאָט באָגאָטאַ. אין דער טיף — די אַנדן־בערג.

נישט געווען. אַזוי איז אויפגעקומען דער טיפּ פונעם יידישן פּעדלער, וועלכער רופט זיך אויף פּשוטן יידיש „קלאַפּער", און ביי די גוים אין קאָלאָמביע „מיסטער".

דאָס איז געוואָרן דער באַרוף פונעם גרעסטן טייל יידישע אימיגראַנטן, מיט מיך בתוכם. מיטן פּעקל סחורה אויף די פּלייצעס, זיינען מיר געגאַנגען

טאָג־אײַן טאָג־אויס איבער די גאַסן, און אַנגעבאַטן פֿאַרשיידענע אַרטיק־לען אויף אויסצאָלן. דאָס איז געווען אַ צײַט ווען די קאָלאָמביאַנער אינ־דוסטריעלע פּראָדוקציע איז געווען זייער אַ קלעגלעכע, און דאָס „גע־שעפֿט" איז געווען אינטערעסאַנט און נוצלעך פֿאַרן קונה; וואָס שײַך דער לויִנבאַרקייט פֿאַרן פֿאַרקויפֿער, קאָן איך אײַך פֿאַרזיכערן, אַז די אויס־געריבענע שיך פֿון אַרומקריכן איבער די אָרעמע געגנטן, און די גרויסע צאָל בעלי־חובות, וועלכע מען האָט געדאַרפֿט באַזוכן, און נישט־וויניק „טשוועקעס" וואָס מען האָט אַרײַנגעכאַפּט, האָבן נישט דערמעגלעכט צו מאַכן קיין גרויסע גליקן...

*

דער דאָזיקער שפּאַגל־נײַער מסחר האָט גורם געווען אַ כּסדרדיקן קאָנ־טאַקט און אויסטויש צווישן דעם אימיגראַנטישן פּעדלער און דעם קאָלאָמ־ביאַנער געבירטיקן תּושב, נישט נאָר פֿון סחורה נאָר אויך פֿון מיינונגען און קאָנטשאַפּט. ביידע צדדים האָבן אויסגעברייטערט זייערע האָריזאָנטן, און זײַנען זיך געווען קעגנזײַטיק באַהילפֿיק. דער פּעדלער האָט געמאַכט זײַנע קונים איבערהויפּט צווישן די אומפֿאַרמעגלעכע פֿאָלקסשיכטן; ער פֿלעגט געבן זײַן סחורה אָן אַ פּאַרויסיקן אָפּצאָל, און דערנאָך אײַנגעקאַ־סירט דעם באַטרעף אין גאָר קליינע ראַטעס, לויט די מעגלעכקייטן פֿונעם אָפּנעמער. אַזוי האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין לאַנד דער ביז דאַן אומבאַקאַנטער סיסטעם פֿון פֿאַרקויפֿן אויף באָרג. און אויך מיר — די נײַ־געקומענע ייִדישע „קלאַפּערס" — האָבן זיך ביסלעכווײַז אַרויפֿגעאַרבעט און זיך דער־שלאָגן, ווער מער ווער וויניקער, צו אַ שטיקל עקאָנאָמישער פּאָזיציע.

איך קאָן נישט פֿועלן בײַ זיך נישט צו דערציילן ווי אַזוי איך האָב זיך צום ערשטן מאָל אַרײַנגעלאָזט אין דער מלאכה פֿון פּעדלערײַ. דאָס איז געווען אין איינעם אַ דינסטיק (אַ מזלדיקער טאָג לויטן ייִדישן פֿאָלקס־באַגריף), ווען איך האָב גענומען דאָס פּעקל מיט „כּל טוב" און זיך גע־לאָזט אין וועג. לעבן מיר אָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ „טשינאָ", דער טיפּי־שער קבצן פֿון באָגאָטאָ, אײַנגעהויקערט אונטער דער משׂא פֿון אַ גרויסן טשעמאָדאַן. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט באַהערשט קיין צען ווערטער שפּאַניש, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שטערונג פֿאַרן מסחר; אַדרבא, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די פּאָטענציעלע קונים האָבן געהאַט מערער

צוטרוי צום שטילן און געלאַסענעם פאַרקויפער, ווי צו יענעם וואָס האָט אויסגערופן זײַן סחורה מיט באַנומענע קולות, ווײַל כמעט שטענדיק האָט דער גרויסער טומלער זיי בלויז אָנגעבלאָזט מיט נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע „נסים ונפלאות".

דער מצב פון די אָרעמע פאָלקסמאַסן איז געווען זייער אַ צרהדיקער אין יענער צײַט. דער דלות האָט אַרײַנגעקוקט דורך די פענצטער און אַרײַן דורך די טירן. די נויט האָט אַראָפּגעווייגט פון אַלע ווענט פון דיר אַרע־מאַנסקע קאָלאָמביאַנער הײַזקעס, און פון דער קליידונג פון די אײַנוווי־נערס האָט מען געקאָנט דערקענען זייער שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע. די מענער האָבן געטראָגן לײַוונטשיך, פּראָסטע פויערישע הויזן און אַ צעריסן העמד, בעת די פרויען האָבן זיך אַרומגעוויקלט מיט די כאַראַקטעריסטישע אינדיאַנער־שאַלן פון געמיינער וואָל. און דווקא די דאָזיקע קבצנים אין זיבן פאָלעס זײַנען געווען די אָפּנעמערס אויף מײַן ביסל סחורה. עס איז מיר אָבער אָנגעקומען גענוג שווער ביז זיי האָבן צו מיר באַקומען צו־טרוי, ווײַל ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען איז געקומען צו זיי אַהיים אָנבאָטן סחורה, און נאָך דערצו איבערלאָזן „אויף נאמנות", אָן אַ פאָרויסיקן אָפּצאָל; די פשוטע פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן נישט געוווּסט פון קיין חכמות, האָבן חושד געווען אַז דאָ ליגט עפּעס אַ פאָרטל פון וועלכן זיי וועלן האָבן אַ שאָדן, און עס האָט גענוג געדויערט ביז זיי האָבן אָנגע־ווירן דעם פאַרדאַכט און אײַנגעגאַנגען אויפן געשעפט.

*

אַך זײַנען דאָס געווען צײַטן! אַז מען דערמאַנט זיך איצט, ווײַזט זיך אויס אַז דאָס איז געווען אין ווײַטן אַמאָל, מיט הונדערטער יאָרן צוריק; אָבער ס'איז נאָך נישט אַזוי לאַנג — נאָך נישט אַריבער קיין פופציק יאָר — ווי אונדזער אַרבעטסטאָג האָט זיך אָפּט פאַרענדיקט מיט אַ לייזונג פון אַ נישטיקער סומע, קוים דעם טאָג איבערצוקומען, און אָפּט מאָל האָבן די קליענטן נישט געהאַט צו באַצאָלן זייערע בידנע חובות, און מען איז געבליבן בײַ גאָרניש. הײַנט־צו־טאָג מאַכן מענטשן געשעפטן אויף טויזנ־טער פעזעס, קויפנדיק אויף קרעדיט אײַז־קאַסטנס, ראַדיאָ און טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן, מעבל און אַנדערע שטובזאַכן. הײַנט איז שוין אַ געווינטלעכע

זאַך צו קויפֿן אָן געלט, אָבער מיט פֿערציק יאָר צוריק האָט קיינער נישט געוווּסט פֿון אַזאַ מין קויפֿן. ווען מיר האָבן דאָס אײַנגעפֿירט, האָט עס גע־הייסן פּראָסט און פּשוט „אויף באָרג"; הײַנט האָט עס באַקומען די עלע־גאַנטע באַצייכענונג „אויף קרעדיט". איך וועל נישט גאַראַנטירן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט צי מיר, די ייִדישע אימיגראַנטן, זײַנען געווען די פּיאָ־נערן פֿונעם דאָזיקן סיסטעם פֿון קויף און פֿאַרקויף. זאָלן עס באַשטעטיקן די עקאָנאָמיסטן, סאָציאָלאָגן אָדער די היסטאָריקערס פֿון דער קאָלאָמביאַ־נער מדינה. איינס קאָן איך אָבער פֿאַרזיכערן: אַז איך (און אַ סך אַנדערע ווי איך) זײַנען מיר גוט פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, און זיך גוט אַרויסגעשלאָגן די כּוחות בײַ דעם פֿאַך. איצט קאָנען מיר דערציילן אין פֿריידן וועגן דער דאָזיקער עבֿודת פּרך וואָס האָט, פֿון דעסט וועגן, געבראַכט אַ סך נוצן דער נאַציאָנאַלערווירטשאַפֿט, ווײַל מיר האָבן פֿאַרשנעלערט דעם פּראָ־צעס פֿון פֿאַרשפּרייטן די פּראָדוקטן אויפֿן מאַרק. הײַנט ווערט שוין אָנגע־נומען ווי אַ געוויינטלעכע זאַך צו קויפֿן פֿאַר גרעסערע סומעס אויף קרעדיט, און צאָלן אין קליינע ראַטעס; מען קאָן אַפֿילו אויספּאָרן די גאַנצע וועלט מיט אַ פּליקאַרטע אויף אויסצוצאָלן חודשלעך!

די הײַנטיקע רוישנדיקע קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, איז דעמאָלט געווען אַ רויִק פּלאַץ מיט אַ באַפֿעלקערונג צווישן 200 און 300 טויזנט נפֿשות. עס האָבן אָנגעהויבן אויסשפּראָצן די ערשטע בײַשטאָ־טישע געגנט ווי אַלאַיאַ, רעסטרעפּאָ און אַנדערע, אָבער קיין סימן נישט פֿון די הײַנטיקע ברייט־אַנטוויקלטע פֿאַרגעשריטענע ראַיאָנען, וועלכע זײַ־נען דער שטאָלץ פֿון דער מאָדערנער באָגאָטאַ. מען האָט געדאַרפֿט מוחל זײַן און קלעטערן איבער רחבֿותדיקע וויסטעניש, כּדי אָנצוקומען פֿונעם צענטער ביז צו די פּרימיטיווע אַרומיקע קוואַרטאַלן, און ווען ס'האָט גע־רעגנט האָט מען גאַנץ גוט געטאַפּטשעט אין די בלאָטעס, ביז מען איז דערגאַנגען קוים מיט צרות צום „פּאַסעאָ באָליוואַר"; אויב דאָס מזל האָט צוגעשפּילט האָט מען אָנגעטראָפֿן אויף אַ קונה נאָך לאַנגע מאַטערנישן, אין דער געגנט „על ווערכעל", וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען סאַנטאַנדער; און דאָס אויסרײַסעניש איבערן „לונאַ פּאַרק", שטענדיק מיטן „טשינאָ" בײַ דער זײַט, איבער וועגן און שטעגן, וועלכע די רעגנס האָבן פֿאַרוואַנדלט אין מוראדיקע זומפּן, און די זומער־טריקענישן אין שטויב־

קופעס, וואָס האָבן אונדז באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס. דאָס אַלץ לאָזט זיך נישט אַזוי גרינג פאַרגעסן.

*

פון יענער געגנט, אין דרום־זײַט פון שטאָט, איז אָפּגעפאָרן אַ קליין באַנדל קיין אוסמע; דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט און געפּײַפט אַזוי ווי די נשמה זאָל בײַ אים וועלן אַרויסגיין, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין מניעה, אַז ער זאָל אָנפילן די לופט מיט אַ געדיכטער שוואַרצער סאַזשע, וואָס האָט אַלצדינג פאַררויכערט אַרום זיך, אײַנגעשלאָסן דעם אומפאָר־זיכטיקן דורכגייער, וואָס האָט אַהין פאַרבלאָנדזשעט. אַפילו מיט אַזעלכע חבלי־פּרנסה האָב איך זיך געדאַרפט פּלאָגן אין מײַן טאָגטעגלעכער אַרבעט, פון אײַנריידן דעם היגן פּויער, אַז ער זאָל אויסבײַטן זײַנע פאַרלאַטעטע הויזן און דאָס צעפּאַלענע העמד, אויף אַ נײַעם אָנצוג, אַ פּאָר לײַטישע שיך און אַ וואַרעמען מאַנטל. מען האָט געדאַרפט מיט די דאָזיקע פּרימיטיווע מענטשן האַקן האַלץ ביז זיי האָבן זיך געלאָזט איבערצײַגן, אָבער ענדלעך האָט מנצח געווען דער „פּראָגרעס". ייִדן און גויִים האָבן זיך קעגנזײַטיק אַרויסגעהאָלפן, כאָטש זיי האָבן עס אַפילו נישט באַמערקט.

גליקלעכערווײַז זײַנען מיר שוין איבערגעקומען יענע שווערע פּיאָנער־רישע צײַטן. סײַ ייִדן און סײַ גויִים האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און דאַרפן זיך שוין נישט מקריב זײַן פאַרן טעגלעכן ביסן. וויפל מאָל האָב איך מיך דערמאָנט וועגן מײַן שטעטעלע זשעלעכאָוו, ווען כ'בין אַוועקגעפאַלן אַ טויט־מידער אויף מײַן געלעגער, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין באָגאָ־טאַ! און פון דעסט וועגן, ווי ביטער עס זאָל מיר נישט האָבן געווען די ערשטע פּאָר יאָר אין קאָלאָמביע, איז מיר נאָך אַלץ געווען בעסער אין פאַרגלײַך מיטן גורל פון מײַן משפּחה און פון אַזוי פיל מיליאָנען ייִדן אין מזרח־איראָפּע, אונטערן יאָך פון נאַציזם. מען האָט ממש געדאַרפט באַווײַזן נסים אויף אַריבערצובריינגען זיי קיין אַמעריקע, אין אַ פרײַער מדינה, און זיי ראַטעווען פון רדיפות און אומקום... אָט־די שווערע דאַגה איז אויך געלעגן אויפן קאָפּ פון אַ ייִדישן פּעדלער ווי איך; אַ הימלשרײַ־ענדיקער און אומאָפּליגבאַרער געבאָט, פון וועלכן דער געבעכדיקסטער גויִישער אָרעמאַן האָט נישט געוווּסט און נישט געהאַט אויף זײַן געוויסן...

# דאָס לעבן פון אַ גאַסן־הענדלער

די ערשטע שטאָט, וואָס איך האָב דערקענט ווי אַן אימיגראַנט ווען איך בין געהאַט געקומען קיין קאָלאָמביע, איז געווען באַראַנקיליאַ. צווישן דער באַראַנקיליאַ פון מיט פערציק יאָר צוריק און דער הײַנטיקער, איז פאַראַן אַ צײַט־דיסטאַנץ, וואָס וואָלט זיך געקענט רעכענען אין יאָרהונ־דערטער. איך וועל זי אַ מאָל באַשרײַבן... מײַן ציל איז געווען באָגאָטאַ, דעריבער האָב איך אונטערגענומען די רײַזע איבערן מאַגדאַלענאַ־טײַך אַהין, וווּהין דער גורל האָט מיך גערופן. אָפט מאָל פלעגט מען אַרויף אויף אַ זאַמד־באַנק, אָבער יעדעס מאָל ווען דאָס איז געשען האָט עס מיך אַמו־זירט. דער קאַפּיטאַן האָט געגעבן באַפעלן, וואָס איך האָב לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, און גלײַך נאָך זיי זײַנען די מאַטראָסן אַרײַן אין די שיפלעך, מיטשלעפנדיק מיט זיך אַ דיקע קייט צום ברעג. דאָרט פלעגן זיי אויפזוכן דעם גרעסטן און דיקסטן בוים, און אַרום זײַן בויך פאַרוויקלען די קייט צו װעלכער די שיף איז געווען צוגעבונדן. אין דער רגע פלעגט דער קאַפּי־טאַן באַפעלן, אַז די מאַשינען זאָלן אָנהייבן אַרבעטן אויף דער גאַנצער פּאַרע. די קעסלען האָבן געפּרייכט, פון קוימען האָט געשפּאַרט אַ געדיכטער וואָלקן רויך, און די שיף פלעגט אָנהייבן זיך רירן פאָרויס. ס'האָט אויס־געזען ווי אַ באַלײַבטע פּרוי וואָלט אין שווערן קימפּעט, געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען דאָס קינד זאָל אַרויס כדי אַלעמען צו באַגליקן. מיר אַלע, ווער מער ווער ווייניקער, האָט צוגעלייגט זײַן ווילן די אָפּעראַציע זאָל גע־לינגען. און דאָס פלעגט געשען אונטער אַפּלויזן און הוראַ־געשרייען פון אַלע פּאַסאַזשירן. אַזוי לאַנג, ביז די שיף פלעגט בלײַבן שטעקן אויף אַ נײַער זאַמד־באַנק.

*

צו די אַלגעמײנע „באַקוועמלעכקײטן“ פֿון דער רײַזע דאַרף צוגערעכנט װערן די זינגענדיקע באַגלײטונג פֿון די מאָסקיטן. דאָס זײַנען אַזעלכע קלײנטשיקע פֿליגלעך, װאָס האָבן אונדז זשומענדיק באַגלײט טאָג און נאַכט, און גענוג דערגאַנגען די יאָרן. זײ פֿלעגן געדיכט באַזעצן דעם פּנים און די באַקעטע הענט, און זיך דרײען אַרום מענטשלעכן קערפּער װי אין אַ טאַנץ, אונטערן זשום־זשום פֿון אַזאַ פֿרעמדער אָבער רעאַלער מוזיק.

װען די שיף פֿלעגט װידער אַרײַן אין גאַנג מיטן כּוח פֿון אירע װאַסער־מילרעדער, און אָנהײבן שפּאַלטן די װאַסערן פֿון דעם ברײטן טײַך, פֿלעגט די באַפֿליגלטע אַרמײ אױפֿגעבן די שלאַכט, װײַל אַ גרױסער טײל פֿון איר האָט זיך געלאָזן אין דער ריכטונג צו אירע װאַלדיקע לאַגערן. אָבער אַ סך װידערשפּעניקע „בלוטזײגער“, איז געפֿעלן די נסיעה און זײ פֿלעגן אונדז זשומענדיק באַגלײטן.

אָבער נישט נאָר די מאָסקיטן זײַנען פֿאַר מיר געװען אַן אומבאַקאַנטער ספּעקטאַקל. אױך קאַימאַנען, אין װעלכע איך האָב דערקענט זײערע װײַטע קרובֿים — די קראָקאָדילן, זײַנען אַרױסגעקראָכן אָפּצופֿרישן מײַן זכּרון. די קראָקאָדילן, װעלכע פֿלעגן זיך הײמיש באַװעגן אין מײַן פֿאַנטאַזיע, האָבן באַפֿעלקערט מײַן קינדהײט מיט יענע לעגענדעס, װאָס האָבן זײ געשילדערט װי מוראדיקע מאָנסטערס, גרײטע אײַנצושלינגען זײער קרבן און באַגיסן אים מיט „קראָקאָדיל טרערן“. איצטער, האָב איך זײ געהאַט פֿאַר די אױגן, פֿױל, אױסגעלײגטע אױף די זאַמדיקע ברעגן, מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע העל־גרינע אױגן, אונטער דער שרפֿנדיקער טראָפּיקאַלישער זון. איך פֿלעג זײ דערקענען אין די נעכט אַ דאַנק זײערע לױערנדיקע אױגן, װאָס האָבן געפֿינטלט מיט אַן אומהײמלעכן ליכט, װאָס האָט געװאָרנט אױף דער סכּנה װאָס הױערט אין די זיך־װיגנדיקע טײַך־װאַסערן.

*

מיט װאָס זאָל מען אָפּצאָלן פֿאַר דער פֿרײד פֿון אַ זשעליכאָװיר בחורל צו קענען זען דעם ברײטן קאָלאָמביאַנער טײַך, װאָס ציט זיך אױף קאַרגע אַנדערטהאַלבן טױזנט קילאָמעטער? עס זײַנען װערט געװען די מאַטערנישן פֿון דער נסיעה און די דערשעפּנדיקע טעג און נעכט, כּדי אָנצוקוקן די װוּנדער־פּאַנאָראַמע, װי עס האָט געהױזט די לעגענדע, און װי דער סוד

פֿון דער גאַנצער נאַטור האָט זיך אַנטפּלעקט אין זײַן פֿולן רייך. אָט דאָס איז געווען דער ספּעקטאַקל, וואָס דער גרויסער מאַגדאַלענאַ־טײַך האָט מיר געוויזן, און איך האָב אים באַטראַכט אַ פֿאַרכישופֿטער און פֿאַרצויבערטער. אַ גליקלעכער בין איך געפֿאָרן איבער זײַנע כוואַליעס. מיך האָט נישט גע־אַרט נישט דאָס וואָס איך פֿאָר אין דריטן קלאַס, — היות איך בין געווען „גרינג" און אָרעם — נישט דאָס שטיק האַרטע פֿלייש, און נישט דאָס ביסל רײַז, צו וועלכער עס איז טייל מאָל צוגעקומען אַ שטיקל פֿיש. דאָס געמיט האָט זיך געענערט מיט דער פּאַנאָראַמע, מיטן גרויסן ווונדער פֿון גאָטס באַשאַף, און האָט זיך געקליידט אין האָפֿענונג. איך געדענק יענע אומ־פֿאַרגלײַכלעכע טײַך־פּרימאָרגנס, ווען די מילדע, העל־ראָזע באַגינענס שפּרייטן זייערע הערלעכע קאָנטורן אין די רחבֿותדיקע און לויטערע הימ־לען, אין וועלכע עס גייט אויף אַן אַגרעסיווע טראָפּיקאַלישע זון.

*

איך געדענק די פֿײַערדיקע מיטן־טעג, ווען דער שווייס וואַשט די גופֿים, די אויגנדעקלעך ווערן ווי בלײַ, און די נאַטור כאַפּט אַ נאַכמיטיק־דיקן דרימל. און אָט דערמאָנט זיך מיר דער פֿאַרנאַכט, ווען די גאַנצע וועלט, אַ געפֿאַרבטע אין די אומגלויבלעכסטע רעגנבויגנדיקע קאָלירן, פֿאַר־דעקט די אַלטע פֿײַער־קויל פֿון הימל, כדי זי זאָל אין איר אייביקן קאָס־מישן גאַנג דורכלאָזן די טראָפּישע נאַכט, אַ באַזעצטע מיט שטערן ווי אַן אומגעהײַערער בינשטאָק...

פּוערטאָ בעריאָ האָט זיך געפֿונען אויף אַ מרחק פֿון אַכט טעג מיט דער שיף. אויפֿן אַכטן טאָג איז געווען אַ גהינומדיקע היץ, וועלכע איך האָב פֿאַרטריבן מיטן געפּאַך פֿון פּאַלמען־בלעטער און מיטן צײַטנווײַזן בלאָזן פֿון די טײַך־ווינטלעך. מיר זײַנען ווײַטער געשוווּמען אָן אָפּשטעל. ווײַסע בושלען האָבן זיך געטראָגן ווי פּאַסן ווײַס פּאַפּיר אין דעם אומענדלעכן בלוי פֿון הימל; אָט איז אַ באַהאַלטענער פֿיש אונטער דער אייבערפֿלאַך פֿון וואַסער; און דאָרטן זעט זיך אַ דראָענדיקער וואַסער־געווירבל; בײַ לאַ דאָראַדאַ האָט זיך באַוויזן בײַ דער זײַט פֿון דער שיף, אַ גאַנצע סטאַדע באַגילדעטע פֿישעלעך, וואָס האָבן זי באַגלייט ביזן פּאָרט.

אין פּאָרט האָב איך באַטראָטן דעם פֿעסטן באָדן פֿון דער ערד, זיך

געזעגנט מיטן גראַנדיעזן מאַגדאַלענאַ, כ׳האָב געגומען די באַן און אין איינִיקע שעה אַרום בין איך געווען אין אַמבאַלעמאַ; דאָס איז די אַלטע, האַלבטויטע שטאָט פון די טאַבאַק־קולטיוון און פון די וועלט־באַרימטע ציגאַרן, וואָס האָבן פונאַנדערגעטראָגן מיט זייער רויך דעם שם פון קאָלאָמביע, איבער דער גאַנצער וועלט. דער אויטאָ האָט מיך געפירט קיין איבאַגע, די מוזיק־שטאָט און איינע פון די וויגן פון דער היגער קולטור, די טאָלימאַער הויפּטשטאָט. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ פרײַנד פון מײַנע קרובים, וואָס האָבן געווױנט אין באָגאָטאַ. ער האָט מיך אויפגענומען פרײַנדלעך, האָט לײַכטער געמאַכט מײַן איינזאַמקייט, און צו מאָרגנס האָט ער מיך אויפגעזעצט אויף דער באַן, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן קיין באָגאָטאַ.

*

אָבער פריִער האָב איך איבערגעלעבט אַ נײַע איבערראַשונג. אָנקומענדיק קיין זשיראַרדאָ, וואָס האָט דעמאָלט נישט געהאַט די קאַטעדראַלישע בריק, וועלכע באַצירט זי הײַנט, האָב איך זיך געדאַרפט איבערזעצן אין אַ צווייטער באַן, כדי צו קרייצן דעם מאַגדאַלענאַ־טײַך. מען האָט מיר אַריבערגעפירט מיט מײַן אָרעמען און קליינעם באַגאַזש צו דער צווייטער זײַט טײַך. הײַנט דערמאַן איך מיט בענקשאַפט יענע טעג, מיט אַלע זייערע „אומבאַקוועמלעכקייטן״, וואָס האָבן פאַר מיר אַנטפּלעקט אַזעלכע נײַע און אומבאַקאַנטע וועלטן.

*

די הײַנטמאָדישע באַנען און אַוויאָנען, וואָס שלינגען שטרעקעס און צײַטן, מיט אַלע זייערע שיינקייטן און באַקוועמלעכקייטן, האָבן אונדז אָפּגעריסן פון דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער נאַטור. דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי קאָמפּליצירט, מעכאַניזירט און אויטאָמאַטיזירט, אַז אַלץ ווערט געטאָן פאַרן מענטשן, און דער סוף איז אַז דער מענטש האָט הײַנט נישט קיין צײַט צו לעבן. אַלץ איז פאָריוסבאַשטימט און אויבערפלעכלעך, אָן סורפּריזן און אַוואַנטורעס, אַזוי אַז אין פאַרגלײַך מיט די אַמאָליקע רײַזעס, זײַנען די הײַנטיקע — בלינדע נסיעות, ווו מען „טראָגט אַריבער״ דעם פּאַסאַזשיר פון איין אָרט אויפן אַנדערן.

אָט דעם רײַזע־קאַלײדאָסקאָפּ קען איך נישט פאַרגעסן אין דער באַן.

אָט זע איך אינעם קוימען וואָס האָט געשפּיגן מיט פֿײַער, רויך און פֿונקען פֿון גלײַיקע קוילן. די אויגן פֿלעגן זײַ זוכן, ווי צוגעצויגענע דורך אַ מאַג־נעט. עס דערמאָנט זיך מיר דער געשלענגלטער און ווילד־וואַלדיקער באַרג־אַרויף, דאָס סאָפּען פֿון דער מאַשין, וואָס איך האָב קיין מאָל פֿריִער נישט געהערט. דער שווער־אָטעמדיקער לאָקאָמאָטיוו, דער געגרילץ פֿון די טאַר־מאָזן, און דער מאָנאָטאָנער ריטם פֿון די וואַגאָנען, ווי אַן אָרקעסטער וואָס



דער קאָליזעאום־טעאַטער מיט 25 טויזנט זיצפּלעצער, אין באָגאָטאַ

פֿירט דיך אַוועק אין ווײַטע מקומות, אין אויסטערלישע לענדער און אומ־באַקאַנטע וועלטן... און אָט זע איך די רײַכע פּלאַנצן־וועלט, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר געפֿינען זיך אין לאַנד פֿון אייביקן טראָפּיקאַלישן גרינס.

די באַן־רײַזע אין קאָלאָמביע פֿאַרמאָגט איר „מעניו", אַלץ איינס ווי די פּרעכטיקסטע רעסטאָראַנען אין דער וועלט. אָט דעם „מעניו" געפֿינט מען גיכער אויף די סטאַנציעס ווי אין די רעסטאָראַן־וואַגאָנען פֿון דער באַ־

ציאָנאַלער באַן. אַזוי איז געווען באַזונדערס אין דער צײַט פֿון מײַן אָנקומען אין דעם לאַנד. אויף די סטאַנציעס פֿון די ווײַטערע פּראָווינצן, האָט מען געקענט געניסן די טיפּישע מאכלים פֿון יעדער געגנט, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייערע אומענדלעכע וואַריאַציעס. ווי אַ שטייגער באַצירטע לע־בערלעך, קאַרטאָפֿל אין צעלאָזענעם קעז, עוף געוויקלט אין געשמאַקע גרי־נע בלעטער, פֿאַרשיידענע מינים גרינסן און פּרוכטן, וואָס איז גאָרנישט איבערצוציילן די אַלע מינים און געשמאַקן.

עס איז נאָך כדאי צו זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז דערלאַנגט געוואָרן אויף דער הערלעכסטער טאַץ וואָס די נאַטור האָט נאָר געקענט שענקען: אויף באַנאַנע־בלעטער, טשיסגע־בלעטער, פּאַפּאַיאַ־בלעטער, און אויף פֿאַר־שיידענע פֿלאַכע און טיפֿע טעלער פֿון ריינעםביימערדיקן אָפּשטאַם. די פּרוכטן האָבן זיך אויסגעדאַכט ווי נישט קיין ערדישע און איך מיין, אַז זיי האָבן צו מיר גערעדט אויף זייער איגענעם לשון, אויף זייערע פֿאַר־באָרגענע זיס־ווײַניקע שפּראַכן. ווען זיי האָב איך בלויז געהערט אַמאָל רעדן די גבירים, וואָס פֿלעגן זיך אומקערן פֿון ווײַטע לענדער; זייערע שילדערונגען האָבן אין אונדז אַרויסגערופֿן אַ געוואַלדיקן חשק צו פֿאַרזוכן די דאָזיקע פּרות. עס האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט, אַז געניסן פֿון זיי איז אַזאַ פֿאַרגעניגן וואָס איז נאָר באַשערט מלכים. און דאָ האָב איך עס געהאַט פֿאַר די אויגן, געציילטע סענטימעטער פֿון מיר, און איך האָב טאַקע פֿאַר־זוכט פֿון יענעם ערדישן גן־עדן.

וואָס ווייסן מיר, ייִדן, פֿון די אַלע גוטע זאַכן? מיר זײַנען דאָך מאָנאָ־טעיִסטן אַפֿילו אין עסן; בײַ אונדז הייבט זיך אָן מיט אַ שטיקעלע הערינג און ענדיקט זיך מיט געפֿילטע פֿיש. זאָלן מיר מוחל זײַן אַחינו בני ישראל, זיי האָבן נישט קיין טאַלאַנט צום עסן און אַוודאי נישט צום טרינקען.

*

ווי ווונדערלעך האָט מיר אויסגעזען יענער ערשטער קאָנטאַקט מיט דער שיינער קאָלאָמביאַנער ערד! הײַנט רײַסט זיך פֿון מיר אַרויס אַ טיפֿער זיפֿץ בײַם אויפֿלעבן אין זכרון יענע מאָמענטן, ווען דאָס לאַנד האָט זיך באַזעצט בײַ מיר אין האַרץ מיט זײַנע געהיימע זאַפֿטן. דאָס איז געווען ווי אַ פֿאָרהאַנג וואָלט זיך געהאַט געעפֿנט כדי צו באַווײַזן מיר די נײַע וועלט.

קאָלומבוסעס וועלט. די וועלט וואָס האָט אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. די וועלט וואָס וועט ווײַטער אויפנעמען מיליאָנען מענטשן, און וועט דערמיט הייבן איר רום און בײַטראָגן צו דער דערלייזונג פון מענטשלעכן מין.

נאָכן שטילן דעם אַפּעטיט, האָט זיך דערוועקט דער בײַגיר, און מען באַטראַכט שוין מיט רוּיִקערע אויגן די אַרומיקע וועלט. און אַז מען האָט שוין מער נישט אין זינען קיין נאַשערײַען דערפילט מען בעסער די פּאַנאָראַמע, זי פאַרשאַפט אַ גרעסערן פאַרגעניגן, זי דרינגט אַרײַן דורך די אויגן און אַנקערט טיף אין אונדזער געמיט. אַזוי האָב איך עס דעמאָלט געטאָן, און געפילט האָב איך אַן אמתן תענוג. דער באַרג וואָס די באַן האָט זיך אויף אים געשלענגלט איז געוואָרן אַלץ שפּיציקער. די באַן האָט זיך געדראַפּעט אַרויף. ווי לאַנג האָט יענער אײַנדרוק געדויערט? אויף וועלכער זײַט פון די אומענדלעכע אַנדן־בערג איז געלעגן באָגאָטאַ?

דער טאָג און די באַן זײַנען געלאָפן. די שעהען און דער ריטם פון די וואַגאָנען האָבן אײַנגעשטעלט די מאָס פון דער צײַט.

פאַראַן אַזוינס וואָס דערשטוינט נאָך מער: אַ גרענעצלאָזער און באַרוּיִקנדיקער ספּעקטאַקל: אַן אומענדלעכער גרינער טישטעך האָט זיך געשפּרייט פאַר מיר, כאָטש די אויגן האָבן נישט באַוויזן צו דערטאַפּן זײַן גרענעץ. עס איז געווען פאַר נאַכט. דער הימל איז געווען בלייך און אומעטיק־בלוי. אָפּטער זײַנען געוואָרן די סטאַנציעס, אָדער די באַן־אַ פּשטעלן, וועלכע דער גלאָק פלעגט אָנזאָגן. די מאַשין האָט ווײַטער געשלונגען מרחקים.

מיט אַ מאָל האָט אַ שאַרפער און לאַנגער פֿײַף דורכגעשניטן די לופט. די נאַכט איז שוין געהאַט אַראָפּגענידערט. גלײַכצײַטיק האָבן די שטאָטליכטער אָנגעהויבן פינקלען פון דער ווײַטנס. אָנגעקומען! דאָס דאָזיקע געפיל האָט מיך אין גאַנצן באַהערשט. אָנגעקומען... וואָס האָט מיר געהאַט דאָ באַשערט דער גורל? וועל איך דאָ שלאָגן וואָרצלען? אונטער אָט די אַמעריקאַנער הימלען, וואָס איך האָב שוין געטראָגן אין זיך, וועל איך בויען מײַן היים, מײַן לעבן און מײַן צוקונפט? טראַכטנדיק דערפון איז צו מײַנע אויערן דערגאַנגען די הילכיקע בשורה: „באָגאָטאָ!". כ׳האָב גענומען

מײַנע קלומיקעס, און באַלד האָב איך דערהערט מײַנע אײגענע ערשטע טריט איבער די גאַסן פון דער קאַלאַמביאַנער הויפּטשטאָט.

*

אַ קעלט האָט אַ יאָג געטאָן אויף מיר. דעם אמת געזאָגט האָב איך געהאַט אַ װוּנדערלעך געפיל. דאָס באַפרײַען זיך פון דער ברעגיקער היץ, פון דעם גלי פון מאַגדאַלענאַ־טײַך, און פון דער טאַלימאַער זון איז געװען אַלץ אײנס װי אַרײַן אין אַ קילן צימער, װי צוריקקומען צו די האַרבסטיקע קעלטן פון מײַן אַלטער הײם, צו װעלכע די הויט מײַנע, אַצינד אַן אָפּגע־ברענטע, האָט זיך געהאַט צוגעװױנט נאָך פון דער קינדהײט אָן. ס׳איז געװען אָנגענעם. כ׳האָב געקרײצט אײניקע גאַסן, גענומען אַ טאַקסי און דערלאַנגט דעם שאָפער דעם אַדרעס װאָס איך האָב מיט זיך מיטגעפירט, װי דאָס װאָלט געװען דער ערשטער סוד, װאָס די שטאָט האָט מיר געדאַרפט אַנטפּלעקן. ס׳איז געװען מײַן ברודערס װױנונג. ער איז מיך נישט געקומען אָפּנעמען. געװען איז עס איבער אַ װיכטיקער סיבה: טעלעגראַמעס האָבן ליב צו דערגײן נאָך דעם װי דער רײַזנדער איז שוין אָנגעקומען. אויף אַזעלכע געיעגן מעג מען זיך פאַרװעטן ריכטנדיק זיך אויף אַ זיכערן דער־פאָלג, װאָס לאָזט זיך אויס מיט אַ דורכפאַל.

*

אין אויטאָ, צװעענדיק דורך די שויבן װי עס לויפן פאַר מיר פאַרבײַ די גאַסן פון אָט דער נײַער שטאָט מײַנער, האָבן מײַנע אויגן געבלאָנדזשעט צװישן שאָטנס און ליכטער פון זכרונות. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זע פאַר זיך דאָס הײליקע פּנים פון מײַן מאַמען, בעת זי האָט זיך מיט מיר װײנענדיק געזעגנט אויפן װאַרשעװער װאָקזאַל. אַ געקנײטשטע, אַ פאַר־קלענערטע דורך דער עלטער און די לײַדן, אַ פאַראומערטע, האָט זי מיך געקושט צום לעצטן מאָל און געזאָגט צו מיר: „זײַ געזונט, זײַ געזונט, מײַן זון. קען זײַן אַז מיר װעלן זיך שוין מער נישט זען!“ כ׳האָב זיך דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז יענע װערטער האָבן געהאַט אַ נביאישן זין. און אַצינד, אַז איך דערמאָן זיך אין יענע איבערלעבונגען, װערן מײַנע אויגן פײַכט פון טרערן. אין יאָרן אַרום, װען עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף

דער ערד דער היטלעריסטישער גרויל, איז זי, מײַן אָרעמע מאַמע, דאָרט אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים, פֿאַר דעם אייניציקן חטא, וואָס זיי זײַנען ייִדן.

דער אויטאָ איז ווײַטער געפֿאָרן, און כאָטש דער ערשטער אײַנדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט די שטאָט, וועלכע איך האָב אויסגעקליבן אין איר צו לעבן, האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פֿון מיר, האָט דער באַלאַנס פֿון מײַן עקסיסטענץ זיך געפּלאָנטערט אין לאַבירינט פֿון מײַן פֿאַנטאַזיע.

איצט האָב איך זיך דערמאָנט אין מײַן אָנקומען קיין האַמבורג דורך ברעמען, ווו איך האָב זיך געזען מיטן קאָלאָמביאַנער קאָנסול. ווידער שפּיר איך די צעטומלונג, וואָס איז מיך געהאַט באַפֿאַלן בײַם אַרײַנקומען אין זײַן ביוראָ. און ווידער דערפֿיל איך דעם אָפּזיפֿץ פֿון דערלײַכטערונג, ווען איך בין געשטאַנען אַנטקעגן יענעם קאָלאָמביאַנער יונגנמאַן, וואָס האָט מיך אויפֿגענומען פֿרײַנדלעך און מיט אויפֿמערק, און האָט מיר אין דײַטש גע־געבן דאַטן און עצות, און האָט פֿאַר מיר געמאַכט אַלע פֿאַרלײַכטערונגען כדי איך זאָל קענען פֿאַרווירקלעכן מײַנע יוגנטלעכע אילוזיעס. ווי קען מען דאָס פֿאַרגעסן?

דער שאָפֿער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז מיר זײַנען אָנגעקומען, און דאָס האָט פֿאַרטריבן די זכרונות אין וועלכע איך האָב געהאַט פֿאַרזונ־קען. כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, און אומדערוואַרט איז אַן אומבאַ־קאַנטער מענטש געשטאַנען פֿאַר מיר. מיר איז אײַנגעפֿאַלן אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות, אָבער דער אומבאַקאַנטער האָט צו מיר אַ רעד געטאָן אויף מײַן שפּראַך. ס'איז געווען מײַן ברודערס אַ פֿרײַנד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער ברודער מײַנער וועט באַלד קומען. ער האָט מיר דערציילט, אַז זײַן קינדהייט האָט ער פֿאַרבראַכט אין זשעלעכאָוו, און אַז די פֿרוי זײַנע לעבט נאָך דאָרטן. זשעלעכאָוו, מײַן געבורט־שטעטל! אָט אַזוי האָב איך זיך באַפֿרײַנדעט מיט ישׂראל קאַלינאַן, מײַן ברודער ישׂראלס פֿרײַנד, איי־נער פֿון די ערשטע מיט וועלכע איך האָב פֿאַרבונדן אַן אייביקע פֿרײַנדשאַפֿט אין דעם לאַנד. ער און זײַן פֿרוי שלאָפֿן איצט דעם אייביקן שלאָף, אָבער זייער אָנדענק שטאַרבט נישט אָפּ אין מיר.

די באַגעגעניש מיט מײַן ברודער, נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג, און נאָך מײַן צוויי חדשימדיקער רײַזע, וואָס איז געווען פֿול מיט צעטומלונג און

געמישטע געפילן, איז געווען אַן אומפּאַרגעסלעכע. עס זײַנען געפאַלן פראַגן און ענטפערס וואָס באַגלייטן געוויינטלעך אַזעלכע טיפע איבערלעבונגען. מיר האָבן גערעדט וועגן אונדזער מוטערס געזונט, וועגן אונדזער משפחה און וועגן די פרײַנד. אַוודאי האָבן מיר אויך געשמועסט וועגן דער ווײַטער זשעלעכאָוו. די ידיעות, איינצלהייטן, רעפערענצן, אַלץ וואָס מען וויל וויסן אין אַזעלכע פאַלן האָט מען געמוזט איבערלאָזן אויף שפּעטער, ווײַל ס'איז געווען פרײַטיק, און דאָס איז דאָך דער טאָג וואָס פירט אַרײַן אין גאָטס הייליקן שבת, און כאָטש מיר זײַנען נישט געגאַנגען דאַווענען, זײַנען מיר דאָך אַוועק זיך זען מיט ייִדן.

*

מיר זײַנען אַוועק צו חיים שערמאַנען אַהיים. ער איז געווען איינער פון די וויניקע, וואָס האָט באַוויזן מיטצוברענגען זײַן פרוי מיט זיך. אַהין פלעגט קומען דער גאַנצער ייִדישער ישוב. יענעם אָוונט האָט מען מיך פאַרגעשטעלט פאַרן עולם. דער באַלעבאָס האָט מיך מכבד געווען מיט אַ גלעזל 90ער און מען האָט געטרונקען „לחיים" לכבוד דעם „גרינעם", און צוגעביסן מיט דער באַלעבאָסטעס היימישע קיכעלעך. אַ „גרינער" איז גע־ווען אַזאַ, וואָס האָט זיך נאָך נישט אַקלימאַטיזירט, און זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער אָרטיקער סביבה. די אַנדערע, דאַקעגן, זײַנען געווען די „אויסגע־גרינטע". זיי, ווי מען קען זיך לײַכט פאָרשטעלן, פלעגן קוקן מיט אַ גע־וויסער פאַרריסנקייט אויף די „גרינע". אמת, מיך האָט מען לכתחילה באַ־האַנדלט מיט אָפּשײַ, כאָטש דאָס „אויסגרינען" זיך איז מיר אָנגעקומען נישט אַזוי גיך און נישט אַזוי לײַכט.

אָבער אַזוי צי אַזוי בין איך דערווײַל געווען אַ „גרינער", און קיינער האָט דאָס נישט געקענט איבערמאַכן. אַזוי, אַז ווען דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט אין דער פרײַנדלעכסטער אַטמאָספער, האָב איך דערפילט אַז עס וואַרט אויף מיר אַ נײַ לעבן, אַ נײַער עטאַפּ אין מײַן גאַנג איבער דער וועלט, וואָס איך האָב איצט געהאַט אָנגעהויבן ווי אַ „גרינער".

הכלל, איך בין אַ „גרינער". נישט שמעון, נישט גובערעק, נאָר פּשוט דער „גרינער". איך האָב פאַרשטאַנען אַז כל זמן איך וועל נישט קענען אַליין באַשטימען מײַן שטעטל, נישט קאָנען די שפּראַך און נישט האָבן קיין

סטאַבילע פּרנסה, וועל איך קיין אַנדער נאָמען ווי „גרינער" נישט האָבן. איך פלעג קוקן אויף די „אויסגעגרינטע" און אויף זייער אַרבעט, וואָס יידן האָבן ערגעץ אַנדערש נישט געטאָן, — און אין אַ געוויסער מאָס האָב איך אויף זיך רחמנות געהאַט, וואָס אַזאַ „אויסגרינען זיך" איז געוואָרן מיינע אַ לעבנס־אַספּיראַציע. איך וועל דאַרפן טראָגן אויף די אַקסלען אַ שווערן פּאַק מיט סחורה, און קלאַפּן פון טיר צו טיר, איבער די גאַסן פון שטאָט; פאַרצייכענען נעמען און אַדרעסן אין אַ ביכעלע, איינקאַסירן די וועכנטלעכע ראַטעס און אַרויסגעבן קבלות. קורץ, ווערן אַ גאַסן־הענדלער, אָדער ווי מען רופט עס אין אַנדערע לענדער — „קלאַפּער". אַז מען האָט געבעטן אַן אַרטיקל, וועלכן איך האָב מער נישט געהאַט, האָט מען דאָס גענאַרפט פאַר־צייכענען און שפּעטער, מיטיק־צייט אין רעסטאָראַן, זיך באַמיען דאָס אויס־צוגעפינען ביי די אַנדערע פּאַרקויפערס. און אָט אַזוי שפּאַנענדיק איבער יענע גאַסן פון שטאָט, און פון די אַלע אַרומיקע פאַרשטעטלעך פון דער געגנט, פלעגט מען זיך אַריינלאָזן אין טרוימען און טראַכטעניש.

עס האָט מיר פאַרדראָסן, וואָס איך בין אין ישוב נאָך אַלץ „דער גרינער". איז שוין מיין נאָמען טאַקע אויף אייביק פאַרלוירן געגאַנגען — ביז ווי לאַנג? איך האָב געפילט, אַז איך בין שוין אַ היגער אין די שטאָ־טישע געגנטן; איך האָב זיך גיך אַקלימאַטיזירט, געכאַפּט די שפּראַך, גע־לייענט אַ שפּאַנישע צייטונג, געמאַכט אַ פיינע קליענטעלע, און געוואָרן דער האַר איבער מיין לעבן און גורל.

*

אמת, אַנדערע האָבן זיך מער „אַרויפגעאַרבעט" ווי איך; אָבער, דאָס אַרויפאַרבעטן זיך איז נישט געווען דער הויפּטציל פון מיין לעבן. איך האָב געהאַט פּרנסה און איך בין צו קיינעם נישט אָנגעקומען, און דעריבער גע־פאָדערט גלייכע „בירגער־רעכט" אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, פאַר וועלכן איך האָב יאָ געהאַט אַ גרויסן אינטערעס. איז פאַר וואָס זשע בין איך נאָך אַלץ דער „גרינער", וועלכער „קען נישט דאָס לאַנד", און וועלכן מען באַמערקט נישט כלומרשט, ווען ער בעט אַ וואָרט אויף אַ פאַרזאַמלונג? און איין מאָל בין איך טאַקע אַרויס מיט לשון; מען האָט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט, אָבער מען האָט באַקומען דרך־ארץ, און איך האָב דעראָבערט

שמעון גובערעק

אין באָגאָטאַ מײַן אמתן נאָמען — שמעון גובערעק. איך בין אַרײַן דורך דער ברייטער טיר פון צוטרוי, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער עטאַפּ אין מײַן לעבן.

דער אמת איז, אַז פאַרן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָב איך גע־האַט נישט קיין קלענערן — אויב נישט קיין גרעסערן — אינטערעס ווי פאַר מײַנע אייגענע קאָמערציעלע געשעפטן, און אויב איך האָב נישט אַזוי גיך „געמאַכט אַמעריקע", האָב איך אָבער גאַנץ אַקטיוו מיטגעהאָלפן צו מאַכן אין דער ווײַטער באָגאָטאַ אַן אינטענסיוו ייִדיש לעבן.

געשען איז דאָס מיט 45 יאָר צוריק. העכער אַ העלפט פון אַ מענטשלעך לעבן, וואָס איז איצט פאַרבליבן נאָר אין זכרון. בײַם שרײַבן קאָן איך נישט אויסמײַדן דעם ציטער וואָס באַהערשט דעם, וועלכער מאַכט דעם סך־הכל פון זײַן אייגענעם אומגערעכנטן און ווידערשפּרעכלעכן מזל. אַט דער אַש, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף מײַן קאָפּ, האָט אין זײַן צײַט געבראַכט נוצן, האָט עפּעס געלערנט, און איז נישט געווען אַרויסגעוואָרפן. קורץ איז דאָס לעבן פון מענטשן אויף דער ערד, אָבער לאַנג און שווער איז דאָס אויס־האַרעווען זיך ברויט „מיטן שווייס פון פּנים". דער געטלעכער פּסוק: בזעת אפּיך תאכל לחם, באַשטימט דעם גורל פון מענטשלעכן לעבן. דאָס „לעבן" ווערט אונדז נישט אונטערגעטראָגן אויף קיין זילבערנער טאַץ, מען דאַרף עס מאַכן — דער מענטש דאַרף מאַכן זײַן אייגענעם לעבן — און מיט די אייגענע קרעפטן. דאָס לעבן ווערט נישט געשאָנקען סתם אַזוי... מען דאַרף דערפאַר באַצאָלן, און אָפט מאָל אַ גאַנץ טײַערן פּרײַז...

בכן, ווי האָט זיך אײַנגעגעבן מײַן ערשטער דעבוט? מײַן ערשטער קאָמערציעלער אויפטריט אויף די גאַסן פון באָגאָטאַ? אָדער ריכטיקער גע־זאָגט: מײַן ערשטע מנחם־מענדל אָפּעראַציע אין דער „גאָלדענער אַמע־ריקע". איך געדענק דעם עפּיזאָד פּונקט ווי עס וואָלט געשען נעכטן. געווען איז אין אַ זונטיק. די געשעפטן זײַנען געווען געשלאָסן, און אויף די גאַסן האָט זיך געמערקט אַ יום־טובדיקע באַוועגונג פון מענטשן, רויִקע, אויס־געפּוצטע. די נאַטור איז אויך געווען אַ יום־טובדיקע. דער הימל — אויס־געלײַטערט, ווי מען וואָלט אים געהאַט אָפּגעוואַשן דאָס פּנים. אין קלאָר־קלאָרן בלוי האָט די זון, אַ מילדע, געשײַנט מיט איר מאַיעסטעטישן ליכט. מאָנסעראַטע און גוואַדאַלופּע, די בערגישע שומרים בײַ די אַנדן־מויערן, האָבן

זיך אויסגעפּוצט אין טונקל־גרין. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַסן האָבן זיך אָנגעטאָן אין פֿרייד און געווען פֿול מיט אַלנדיקע מענטשן, וועלכע האָבן פֿאַרנומען דעם רוף פֿון די הייזעריקע קלויסטער־גלאָקן. בים, באַם! בים, באַם! בום! האָט זיך געטראָגן אין דער לופֿטן, און געקלונגען פֿון אַלע זײַטן. עס האָט מיר דערמאָנט אַ זונטיק אין זשעלעכאָוו, ווו די מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז געווען אַ קאַטוילישע.

*

די קלויסטערס האָבן אויסגעזען צו זײַן פֿול, און מענטשן זײַנען אַרײַן און אַרויס, די מערהייט זײַנען געווען פֿרויען; אייניקע, מיט שוואַרצע זײַדענע טיכער איבערגעדעקט די האָר און געבעט־ביכלעך אין די הענט. אין אַזאַ טאָג איז עס אַ פּוילישער ייִד, וואָס איז געקומען פֿון יענער זײַט ים, כדי צו זוכן פּרנסה אין באָגאָטאַ.

געגאַנגען בין איך נישט אַליין. עס האָט מיך באַגלייט מײַן ברודער, וועלכער האָט מיר געהאָלפֿן „אויסגרינען" זיך, און ער האָט מיר געגעבן די ערשטע לעקציע — בײַ די קלויסטערס, געזאָגט, האָבן מיר נישט וואָס צו טאָן, און מיר זײַנען אַראָפּ אין די זײַטיקע גאַסן, ווו קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אויפֿן ברוק, און איך האָב געזען ווי באַלעבאָסטעס האָבן זיך געפּאָרעט אין די הויפֿן. אין יענע יאָרן איז נאָך דער טראַפֿיק אויף די גאַסן נישט געווען אַזוי גרויס, און די הײַזער נידעריקע. אין דער געגנט „לאָס קרוסעס" ווו מיר זײַנען געגאַנגען, האָבן קיין גבירים נישט געוווינט, און מײַן ברודער האָט דאָרט געהאַט אַ סך קליענטן. ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ פּעקל פֿון „טאַרכעטלעך" — קאַרטאָנען די גרייס פֿון אַ האַנט־פֿלאַך — אויף וועלכע ער האָט געהאַט פֿאַרשריבן דעם נאָמען פֿון קליענט, דעם אַדרעס, וואָס ער האָט געקויפֿט, דעם באַטרעף פֿון חוב, און וויפֿל ער צאָלט וועכנטלעך.

— אַז מען פֿאַרקויפֿט „אויף ראַטעס", האָט מיך געלערנט מײַן ברודער, איז אַמבעסטן צו גיין אײַנמאָנען דעם חוב אין די זונטיקדיקע פֿרימאָרגנס, זונטיק אין דער פֿרי טרעפֿט מען שטענדיק עמעצן אין שטוב, און אויב די דערוואַקסענע גייען אַוועק, לאָזן זיי געוויינטלעך איבער דעם באַטרעף פֿון דער „ראַטע" בײַ אַ קינד אָדער בײַ אַ שכן. און ער האָט מיר די „טעאַ־

ריאַ״ גלײַך אילוסטרירט מיט מעשים. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, עס איז גלײַך אַרויס אַ פּרוי און אים דערלאַנגט אַ פּאַפּירל, ער האָט געגעבן אויסגאַב און עפּעס געפרעגט, און זי האָט אים געענטפערט ״פּאַר מאַ־מענטאַ, נאַ״.

— וואָס האָסטו איר געזאָגט? האָב איך געפרעגט. — איך האָב זי געפרעגט, צי זי וויל נאָך עפּעס קויפן, צי זי דאַרף אַ וועלכן נישט איז אַרטיקל, ווײַל עס פעלן שוין נישט מער ווי עטלעכע ראַטעס אויף צו סילוקן דעם חוב. האָט זי מיר געענטפערט, אַז ״דערווײַל דאַרף זי גאָרנישט״.

— ווי די פייגל אין הימל, וואָס נעמען אַרויס זייערע עופהלעך פון נעסט און לערנען זיי פליִען, אַפּלאָזנדיק זיי דערנאָך אויף אייגענעם באַראַט, אַזוי זײַנען מיר געגאַנגען איבער די גאַסן פון באָגאָטאַ, און איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו מײַן ברודערס יעדער באַוועגונג, ווײַל מאָרגן־איבערמאָרגן, האָב איך געטראַכט, וועל איך דעם זעלבן פּראָצעס דאַרפן דורכמאַכן אָן זײַן באַלייטונג.

אין יענער צײַט זײַנען נאָך קיין עלעקטרישע גלעקלעך נישט געווען, אויף די טירן זײַנען געהאַנגען מעשענע העמערלעך און דערמיט האָט מען געקלאַפּט אין טיר, און פון דעם שטאַמט עס דער נאָמען פון דער נײַער יִידישער פּראָפעסיע אין אַמעריקע: — קלאַפּער.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מײַן קאָמערציעלע קאַריערע אין באָגאָ־טאַ. אויפן צווייטן טאָג בין איך שוין אַרויס מיטן פּעקל אַליין. איך בין אַרויס מיט אַ שווערן געמיט. דאָס געפיל וואָס האָט מיך באַהערשט איז געווען — חרפּה. איך האָב זיך געשעמט צו גיין מיט אַ פּעקל סחורה איבער די גאַסן... עס וואָלט מיר ליבער געווען צו אַרבעטן ערגעץ אין אַ פאַבריק, וווּ קיינער זעט מיך נישט, ווי קלאַפּן מיט אַ פּעקל שמאַטעס אין די טירן. נאָר וווּ זײַנען אין יענער צײַט געווען אין באָגאָטאַ פאַבריקן? בין איך גע־גאַנגען און געקלאַפּט. קיין אַנדער ברירה האָב איך נישט געהאַט. צום גליק האָב איך דעם ערשטן טאָג געמאַכט אַ פּאָר קליִענטן. באַקומען אַ פּאַפּירענע פּעזע אַן אַדעראָיף, און צו האַלבע פּעזעס אַ וואָך אויף אויסצאָלן, איך האָב אַרויסגעגעבן קבלות, געמאַכט אַ ״טאַרכעטל״, און בין שוין ווײַטער געגאַנ־גען מיט מער מוט און האַפערדיק געקלאַפּט אין די טירן.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ ״מיסטער״ אין מײַן נײַער היים. מיט אַזאַ

בכבודיקן נאָמען, האָט מען אין יענער צײַט אין באָגאָטאָ גערופֿן די ייִדישע גאַסן־הענדלערס. „מיסטער“ — אַזוי האָט דאָס פֿאָלק באַצייכנט יעדן אויס־לענדער, צי איז ער געווען אַ באַנק־דירעקטאָר, אַ דיפּלאָמאַט, אָדער אַ קלאַפּער. נישט איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז בײַם אײַנמאָנען די וואָכעדיקע ראַטעס, פֿלעגט אַ פֿרוי זיך באַווײַזן פֿאַר דער טיר אַ פֿאַרשעמטע און זאָגן:
— מיסטער, עס טוט מיר לייד, די וואָך האָב איך נישט קיין געלט, די צווייטע וואָך וועל איך פֿאַרטאָפּלען די ראַטע... וואָס איז געשען? זייער



דער ציִרק פֿון אָקסן־קאַמף סאַנטאַמאַריִאַ אין באָגאָטאָ

אַ פּשוטע און מענטשלעכע זאַך. דער מאַן איז אַרויס פֿון פֿאַבריק צו פֿון ביוראָ, און האָט ערגעץ אַרײַנגעכאַפּט מיט חברים אַ פּאָר פֿלעשלעך ביר. האָט עס שוין געמאַכט אַ ברוך אין די שטוביקע פֿינאַנצן. קאָלאָמביע איז באַרימט אין דער וועלט מיט איר קאַפֿע, אָבער דער קאָלאָמביאַנער איז אַ ליבהאָבער פֿון ביר, וואָס איז כמעט ווי אַ נאַציאָנאַלער געטראַנק, וועלכן עס האָבן נאָך מיט יאָרן צוריק דאָ אײַנגעפֿירט די דײַטשן.

איז אויף אַזאַ אויפֿריכטיקער טענה פֿון דער קליִענטין, וואָס איז מודה

אַז זי קען די וואָך נישט צאָלן און וועט באַצאָלן טאָפּלט די צווייטער, וואָס האָט געקענט זאָגן דער „מיסטער"? — גאָרנישט. ער האָט געמוזט שווייגן, שמייכלען און וואַרטן אויפן צווייטן זונטיק פרימאָרגן. מען האָט געמוזט זיין טאָלעראַנט, ווייל איך האָב געזען די האַרטע ווירקלעכקייט פון לאָס קרוסעס, און פון ענלעכע אָרעמע געגנטן פון דער הויפּטשטאָט. איך האָב געזען אַרבעטערס מיט ביליקע לײַוונטענע שיך, און אויך מענטשן אָן שיך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט. האַלב־נאַקעטע קינדער אויף די גאַסן אין קאַלטע טעג און רעגנדיקע אָוונטן. איך האָב אײַנגעזען, אַז דער „מיס־טער" פון זשעלעכאָוו דערפילט גאָר אַ וויכטיקע שליחות אין זיין נייער היים, ער ברענגט אַרײַן אין די אָרעמע הײַזער אַ פּאָר לײַלעכער, אַ טישטעך, האַנטעכער, העמדער, אַ פּאָר שיכלעך פאַר די קינדער, אַ מאַטראַץ — ווײַל מען האָט פריער געשלאָפן אויף אַ שטרויזאַק — און אַפילו אויך אַ בעט, און שטיקלעכווײַז — מעבל: אַ טיש, בענקלעך, אַ קאָמאָד, אַ שאַפע וכדומה.

*

אויף גיין קויפן אין קלייט, האָט מען געדאַרפט קומען מיט מזומן, און פאַר אַ קאָלאָמביאַנער אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטן, איז אין יענע צײַטן נישט געווען אַזוי לײַכט צו שפּאָרן. גאַנץ אַנדערש איז ווען דער „מיסטער" האָט אים געבראַכט דעם אַרטיקל אין שטוב, און האָט אים געגעבן אויף באָרג, אָן קיין שום גאַראַנטיעס און אונטערשריפטן. האָבן די באַלעבאָס־טעס געקויפט, און די גאַנצע פאַמיליע האָט שוין געזאָרגט, אַז מען זאָל נישט פאַרלירן דעם צוטרוי פון דעם „מיסטער" און קאָנען ווײַטער קויפן.

געווען אויך פאַלן ווען אַ קליענט איז אַרויסגעפאַלן פון דער אַרבעט, אָדער צוליב אַ קראַנקייט אין דער משפחה, אויפגעהערט צאָלן, געוואָרן אַ „טשוואָק". יעדער אַמבולאַנט האָט אַרײַנגעכאַפּט „טשוועקעס", אָבער דאָס האָט פאַרגעשטעלט אַ קליינעם פּראָצענט אין דעם אַלגעמיינעם אומזאַץ. אין די אָרעמע הײַזקעס האָבן געוווינט נאָבעלע, פריינדלעכע מענטשן, אָן שנאה־געפילן צום פרעמדן, און אין פיל הײַזער האָט מען דעם „מיסטער" אויפ־גענומען מיט פרייד, און אים באַטראַכט ווי אַ פרײַנד אין דער משפחה.

די מאַרקסיסטישע טענה וועגן דער „פּאַראַזיטישער" ראָלע פון די פּאַרמיטלערס איז אַ פּשוטער בילבול, וועלכן די אַנטיסעמיטן האָבן אויפ־

געכאַפּט און אים אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די ייִדן. דער ייִדישער אַמבולאַנט — דער קלענסטער פֿון די פֿאַרמיטלערס צווישן דעם פּראָדוצענט און קאָנסומענט — האָט אין די לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער דערפֿילט זייער אַ וויכטיקע און פּאָזיטיווע סאָציאַלע אויפֿגאַבע. ער האָט דערמעגלעכט די אָרעמערע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג צו העכערן זייער לעבנס־ניוואָ, ער האָט זיי צוגעוווינט צו שפּאָרזאַמקייט, און זיי אַרויסגעפֿירט פֿון דעם פּרימיטיוון צושטאַנד, אין וועלכן די ברייטע מאַסן האָבן געלעבט ביז דער גרויסער אייראָפּעיִשער אײַנוואַנדערונג פֿון דעם לעצטן יאָרהונדערט. דער אַמבו־לאַנט האָט אַרײַנגעפֿירט אין דער אָרעמסטער שטוב די וויטאַלסטע עלע־מענטן פֿון היגיענע, פֿון באַקוועמלעכקייט און קולטור, און האָט אויף אַזאַ אופֿן געשאַפֿן אַ נאַציאָנאַלן מאַרק, וואָס איז געוואָרן אַ באַזע אויף וועלכער עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ נאַציאָנאַלע אינדוסטריע.

איך האָב שוין די טעמע באַרירט אויך אין מײַן ערשטן בוך, אָבער דאָס איז אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין דער עקסיסטענץ פֿון ייִדישן ישוב, און דער עלעמענטאַרער געפֿיל פֿון זעלבסט־חשיבות פֿאָדערט, מיר זאָלן קעגן דער „לינקיסטישער" פּראָפּאַגאַנדע אַרויסשטעלן די פּאָזיטיווע סאָציאַלע ראָלע פֿון די ייִדישע פֿאַרמיטלערס און אינדוסטריאַלן אין דער עקאָנאָמי־שער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿון די לענדער.

קיין גרויסע גליקן האָט מען בײַ דער פּעדלערײַ נישט געמאַכט, אָבער, ווי מען זאָגט אין די אַמעריקאַנער לענדער: — „מען האָט געמאַכט אַ לעבן", און ווי מיר, ייִדן, זאָגן: — „מען האָט געלעבט און געלאָזט לעבן". איין זאַך איז וויכטיק אונטערצושטרײַכן: — מיר האָבן קיין פּוילן נישט געבענקט, און דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם נישט פֿאַרגעסן. און ווי ווער עס האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין קאָלאָמביע איז ער געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט גע־פֿונעם אַ מקום מנוחה, און אַ פֿרײַנדלעכע באַציִונג צווישן דער אײַנגעבוי־רענער באַפֿעלקערונג און איר רעגירונג.

דער ייִדישער ישוב אין יענער צײַט האָט געהאַט זײַן „געזעלשאַפֿט־לעכן צענטער" בײַ מאַקס שאַפּיראָן אין פּענסיאָן. מאַקס האָט זיך אויסגע־קליבן אַזאַ פּרנסה צוליב צוויי מאָטיוון: ערשטנס טאַקע, צוליב די באַדער־פֿענישן פֿון זײַן באַשיידענער אויסקומעניש און צווייטנס, צוליב זײַן פֿאָטער־לעכן געפֿיל צו לאַנדסלײַט און סתם ליבשאַפֿט צו ייִדן. חוהלע, זײַן „צוויי־

טע העלפט" און שותפטע, איז געווען אַ באַצויבערנדיקע פרוי. אין זייער געזעלשאַפט האָט אַ מענטש זיך געפֿילט ווי „בײַ זיך אין דער היים". שוין אָפּגערעדט, אַז דאָס עסן איז געווען אַ „היימיש" עסן, מיט די אומפּאַר־מײַדלעכע געפֿילטע פיש, געהאַקטע לעבערלעך, קאַשע, הערינג אין אַלע געשטאַלטן, און אַפֿילו זויערמילך מיט קאַרטאָפל, אויף וועלכע ליטוואַקעס זײַנען גרויסע בעלנים.

*

אין יענע טעג זײַנען געהאַט אָנגעקומען די ברידער שיינבערג פון קובאַ. אַ פּאָר עכטע אַמך־מענטשן, וואָס האָבן מיט זייערע וויצן און פֿאָלקסווערט־לעך געוווּנען אונדזער פולסטע סימפּאַטיע. זייער באַרעדעוודיקייט און זייער המצאהלעך, זייער דרייסטער און פּיקאַנטער מענה־לשון, איז געווען צום באַוווּנדערן. זיי זײַנען אויך געווען אויסגעבונדן מיט די לאָקאַליזמען פון אַנטיליאַנער אינדזל, מיטן חן און מיט דער גראַציע, און מיט דער צעיאַכ־מערטקייט פון דער קובאַנישער אומגעבונג, און דאָס האָט אונדז גוואַלדיק צוגעצויגן אין פֿאַרגלײַך מיט דער באַגאַטאַער געזעצטקייט און ערנסטקייט.

די דרײַ יאָר זייערע אין קובאַ האָבן זיך אויף זיי אָנגעזען, און זייערע זאַרגלאָזע שפּאַסערײַען, וועלכע זײַנען, ווי מען זאָגט, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די קובאַנער, זײַנען פֿאַר אונדז געווען דער בעסטער הומאָריסטישער ספּעקטאַקל, וואָס מיר האָבן געקענט צוזען. אין תוך, האָבן מיר געטראַכט, אַז דער ייִד פּאַסט זיך צו צו דער סביבה בעסער ווי מען מיינט...

יענעם זונטיק, נאָכן מיטיק, און נאָכן האָבן גענאָסן פון די שפּיצלעך און ווערטלעך פון „עכטע קובאַנער", האָט די גרופּע זיך צעטיילט. אייניקע זײַנען געבליבן און האָבן פֿרײַנדלעך געשמועסט; אַנדערע האָבן זיך געזעצט שפּילן אין קאָרטן כדי „אָוועקצוהרגענען" די צײַט; די איבעריקע זײַנען אַרויס אין גאַס „כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט". וואָס שײַך צו מיר האָב איך געפילט, איך וויס נישט פֿאַר וואָס, אַז אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט האָט מיך אַרײַנגעכאַפּט אין איר נעץ. ס'איז געווען אַ מאָדנער געפיל פון אויסגעלייי־דיקטקייט און איינזאַמקייט. כ'האָב באַשלאָסן אַוועקצוגיין אין מײַן צימער אויף אַ פּאָר שעה, און מעיין זײַן אין אַ בוך, וואָס זאָל שטילן מײַן אומעט. אָבער אומזיסט האָב איך געמישט די פּאָר ביכלעך און זשורנאַלן, וואָס זײַ־נען געלעגן אויף מײַן טיש.

מײַן קאָפּ איז געווען פֿאַרנומען מיט די געשטאַלטן פֿון דער היים. איך האָב געזען פֿאַר זיך די פֿאַרטרערטע אויגן פֿון מײַן ליבער מאַמען, וואָס האָבן בײַם זעגענען זיך געקוקט אויף מיר מיט אַזוי פֿיל מאַמישער צאַרט־קייט און פֿאַרצוויפֿלטן טרויער. זי האָט אַזוי פֿיל געהאַט וואָס צו זאָגן איר קינד, וואָס פֿאָרט אַוועק אין דער ווײַטער אַמעריקע, נאָר געזאָגט האָט זי בלויז: — מײַן זון, מײַן זון, מײַן זון... וויפֿל דערשטיקטער צער און ליב־שאַפֿט זײַנען געווען פֿאַרבאָרגן אין די צוויי ווערטער. ווער קאָן אַרײַנקוקן אין האַרצן פֿון אַ מאַמען, וואָס געזעגנט איר קינד מיט אַ געפֿיל, אַז זי וועט אים מער נישט אָנקוקן? איך האָב געטראַכט וועגן מײַן צאָלרײַכער משפּחה, וואָס איז געבליבן אין זשעלעכאָוו און די פֿון איר, וועלכע האָבן שוין פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און אָנגעהויבן זיך צעלויפֿן אין אַלע עקן פֿון גאָטס גרויסער וועלט...

*

מײַן ערשטע „סטאַנציע" אויף מײַן ייִדישער וואַנדערונג איבער דער וועלט איז געווען — ארץ־ישׂראל. און איך בין געבליבן טרײַ דעם באַשלוס, און אויב איך בין הײַנט אין באָגאָטאַ, איז עס געווען אַן אומפֿאָרויסגעזעע־נער קאַפּריז פֿון גורל. יאָרן־לאַנג האָב איך געפֿלאַסטערט כּבישן אין ישׂראל, געבויט הײַזער, געאַקערט און געזייט, און איך האָב אויך מײַן באַשיידענעם חלק אין דעם אויפֿבוי פֿון דעם לאַנד, וועלכן איך האָב אויף אַ קורצע צײַט פֿאַרלאָזן מיט דער כּוונה וואָס גיכער צוריקקומען. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי לײַכט אין יענע צײַטן, און מיט אַ משפּחה נאָך שווערער, און לויט מײַנע מעגלעכקייטן, גיב איך מײַן באַשיידענעם בײַטראָג פֿאַר מדינת ישׂראל, פֿון דער ווײַטן...

אָבער אין מײַנע יונגע יאָרן האָב איך אויפֿן באָדן פֿון ישׂראל געטריקנט זומפּן, געפֿלאַנצטביימער. כ'האָב זיך אָפּגעברענט אונטער דער מזרחדיקער זון. כ'האָב פֿאָרויסגעזען דאָס גרויסע פֿאָטערלאַנד וואָס איז צוגעזאָגט גע־וואָרן אונדזער פֿאָלק, און קיין שוועריקייט האָט מיך נישט אָפּגעהאַלטן. אַן אינספּירירטער אין די אידעאַלן פֿון נאַציאָנאַלער אויפֿלעבונג, וואָס האָט באַהערשט אַ גרויסן טייל יוגנטלעכע פֿון מײַן שטעטל, האָב איך זיך גע־פֿילט אומבאַזיגבאַר און שטאַרק ווי אַ פֿעלדז אין געוויטער פֿון דער וועלט, וואָס האָט אין פֿיל לענדער געשטורעמט קעגן ייִדן. דאָס האָט זיך גענומען

דערפון, וואָס מײַן יוגנטלעכע נשמה האָט זיך געהאַט גענערט לייענענדיק קאַצענעלסאָנען, באָראָכאָוון, ברענערן, ביאַליקן און אַנדערע ייִדישע דענקערס און קינסטלערס.

אַזוי האָב איך געגלייבט באמונה שלמה. פלאַנצנדיק די ביימער אויפן קרן־קימת־באָדן, האָב איך געפילט, אַז איך בוי נישט נאָר אַ היים פאַר מײַן פאָלק, נאָר אַ וועלט אַ גאַנצע, אַן פּרוכטלאָזע גערענגלען, אַן ברודער־קאַמפן, אַן שנאה צווישן די מענטשן, אַן בלוט־פלעקן אויפן וועג פון דער געשיכטע... אַ וועלט ווו עס וועט מקוים ווערן דער אידעאַל פון די נביאים, פון אַחרית הימים, פון אוניווערסאַלן שלום, ווו ישראל וועט זײַן ווי אַ ליכט־טורעם — אַן אור לגוים — אין דער נאַכט פון שנאה און אייביקן קאַמף צווישן פעלקער און קלאַסן...

האָט דער גורל מיך פאַרוואָגלט קיין אַמעריקע און פאַרוואַנדלט אין אַ הענדלער מיט אַ פּאַק אויפן אַקסל, וואָס גייט מיט לאַנגזאַמען טראָט אויף די גאַסן, קלאַפּט אין די טירן, פאַרקויפט „קאָרטלעך" אויף קליידער און פאַרשיידענע שטוב־זאַכן, און קאַסירט אײַן יעדן זונטיק די פּעזעס בײַ די קונים. עס איז געווען אַ מאָמענט פון חשבון־הנפש, פון אויסטענהן זיך מיטן אייגענעם גורל... איך האָב אין מײַנע ערשטע „גרינע" יאָרן אין לאַנד נישט איין מאָל געגעסן אַזוי דעם געזאַלצענעם ברויט פון אומעטיקע געדאַנקען, און חרטה געהאַט אויף מײַן פאַרלאָזן ארץ־ישראל. אָבער סוף־סוף האָב איך געמוזט שלום מאַכן מיטן גורל, און שטילן מײַן געוויסן מיט אַרבעט פאַרן ייִדישן כלל, און מיט זאָרגן פאַר אָרטיקע און אַלגעמיינע ייִדישע אינטערעסן.

מאָרגן, ווי נעכטן, וועל איך אַרויס צו דער אַרבעט מיטן פּאַק אויפן אַקסל און ריכטן מײַנע טריט אַהין, וווּהין די סחורות וועלן מיר פירן; ווײַל אין תוך, וועלן זיי זײַן מײַנע וועגווײַזערס אין קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. איך האָב זיך נישט געטאָרט אָפּשטעלן, איך האָב נישט געטאָרט צו־ריקטרעטן, און טיילווײַז שלום געמאַכט מיטן גורל...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מײַן דרימל האָט די נאַכט שוין געהאַט אײַנגעהילט די שטאָט. כ'בין אַרויס. די גאַס האָט מיר אויסגעזען ווי נײַ, און די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע, ווי עס געשעט אין

טראָפּיקאַלישע נעכט. אַ גלאַנציקער און איינזאַמער שטערן, האָט אַ פֿינקלענדיקער געקוקט אויף מיר. זאָל דאָס זײַן מײַן גורל־שטערן? מײַן גורל איז געווען אָנגעצייכנט. די שלעכטע, אָדער די גוטע, צוקונפֿט האָט אויף כּוח געאַנקערט אין מײַן לעבן, און איך האָב איר געדאַרפֿט אַנטקעגנגיין. און איך בין אַ רויִקער איר געגאַנגען אַנטקעגן...



אַ גרופּע רבנים אויף אַן עקומענישן צוזאַמענפֿאָר אין באָגאָטאַ

# דער פאַרקויפער פון לאָטעריע־צעטעלעך

ווען דער שטאָטישער מענטש שטעלט זײַן פוס יעדן פרימאָרגן אויפן אַספאַלט־וועג אין דער גרויסער צעמענטענער תפיסה, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מאָדערנער כרך, ווייסט ער קיין מאָל נישט וואָס פאַר אַ סורפריזן דער נײַער טאָג וועט אים ברענגען.

די איבעררראַשנדיקע נײַעס קאָן אַ מאָל באַשטיין אין אַ פריידיקער באַגעגעניש מיט אַ פרײַנד, וועלכן מען האָט נישט געזען זינט יאָרן. און איר קאָנט צו מאָל אויך זײַן עדות פון אַן אומגליק־פאַל, אין דער פאָרעם פון אַ העפטיקן אַקצידענט בײַם ראָג גאַס. אין אַזאַ פאַל האָט מען שוין פון גאַנץ פרי אָן, אַ סיבה צו זײַן פאַרביטערט און מיט צעשרויפטע נערוון אַ גאַנצן מעת־לעת, נאָכן האָבן צוגעזען פון דער נאָענט די טראַגעדיע פון מענטשלעכן צער.

די אומדערוואַרטעטע פאַסירונג קאָן אויך זײַן נישט אַזוי אומגעריכט; פאַראַן מענטשן, וועלכע פאַרמאָגן אַזאַ שאַרפן חוש אין זייער גײַסטיקן אינגעווייד, דורך וועלכן זיי באַקומען אַן אָנצוהערעניש וועגן געשעענישן וואָס וועלן פאָרקומען שפּעטער: די דאָזיקע פאַרבאָרגענע און ביז איצט אומפאַרשטענדלעכע אייגנשאַפט רופט זיך טעלעפּאַטיע. אַ סך גלייבן נישט אין דעם. „זי האָט נישט קיין וויסנשאַפטלעכע באַזע“, זאָגן די אינטעליגענטן. אָבער יאָ צי נישט אַ „באַזע“; אַזאַ אייגנשאַפט, זאָגט מען, איז פאַראַן אין דערווירקלעכקייט. ווען איך שטיי טייל מאָל אויף מיט אַ שווערן פאָרגעפיל, ווייס איך אַז דעם טאָג וועט מיר אַלץ גיין „מיט דער פוטער אַראָפּ“. דאַקעגן, ווען די שטימונג איז גוט — אַזוי זיך, אָן קיין שום סיבה — גייט אַלץ „ווי אויף רעדלעך“. דער אמת איז, אַז מיט אַ גוטן געמיט ווערט אַלץ געמאַכט בעסער און שענער, און זייער אָפט איז דער מענטש אַליין שולדיק פאַר

זײַנע דורכפֿאַלן אין לעבן. איך בין נישט קיין שטאַרקער אָנהענגער פֿון די מעטאַפֿיזישע טעאָריעס; איך ווייס נאָר, אַז מיט אַ דערשלאָגענעם געפֿיל מאַכט מען נישט קיין געשעפֿטן. און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ רופֿט מען, אין בעסטן פֿאַל, אַרויס מיטגעפֿיל, און נישט קיין צוטרוי און חשיבֿות פֿון מענטשן...

*

דער באָגאָטאַנער פֿרימאָרגן איז נישט שטענדיק צוגעלאָזן און אָנגענעם. דעם גרעסטן טייל פֿון יאָר יאָגט אַ קעלט אין די ערשטע באַגינען־שעהען, און דער „געוואַגטער" בן־אָדם, וואָס פֿעדערט זיך און שטייט אויף ווען די הענער קרייען, כאַפּט אַרײַן אַ גוטן ציטער. דער אייבערשטער, וואָס מיט זײַן גרויס גענאָד איז ער יעדן טאָג מחדש מעשׂה בראשית, באַגליקט די אײַנוווינערס פֿון די טראָפּישע פּראָווינצן מיט אַ וואַרעמער זון, אָבער אין דער הויפּטשטאָט, וועלכע ליגט אויף בערג, וואַרעמט די זון מערסטנס ווי אַ שטיפֿמאַמע. פֿון דעסט וועגן, זײַנען פֿאַראַן אויסנאַמען ווען דער וועטער איז אָנגענעם און די זון אַ מילדע.

אָבער אַפֿילו ווען די זון באַווײַזט שוין אַרויסצוקומען פֿון איר באַהעל־טעניש, און ווײַזט איר פּנים פֿאַר די אײַנוווינערס פֿון די בערג, וועלכע לעכצן נאָך אַ גלעט פֿון אירע שטראַלן, פֿילט מען דאָס כאַראַקטעריסטישע ווינטל, וואָס מאַכט אַ תּל פֿונעם ביסל זונשײַן. גאָר אַנדערש איז דער קלימאַט בײַם ים־ברעג און אין די טיפֿע טאָלן, ווו מענטשן ווייסן נישט פֿון קיין בײַסיקער קעלט, נאָר פֿון אַ מעסיקן און אָנגענעמען וועטער מחיה נפֿשות; דאָקעגן דאָ, צופֿוסנס פֿונעם מאָנסעראַט־באַרג, רײַסט זיך דער שנײַדיקער ווינט צווישן די הײַזער ווי אַ רוח, ווי אַן אומגעווונטשענער אורח, וואָס האָט זיך אַליין אַרײַנגעכאַפּט און וויל נישט אַוועקגיין. און ס'איז נישטאָ קיין אופֿן פּטור צו ווערן פֿון דער פֿאַרשאָלטענער קרענק!

*

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, ווען די זון האָט זיך מקדים געווען און אויס־געלײַטערט דעם הימל פֿונעם שטאָטישן נעפּל, בין איך געגאַנגען אויף דער פּאָסט עפּעס צו דערליידיקן. אויף צוריקוועגס, גייענדיק אויף קאַררעראַ סעפּטימאַ אין דער ריכטונג פֿון מײַן ביוראָ, האָב איך באַמערקט בײַם אויס־בייג פֿון דער גאַס, וואָס ברייטערט זיך אויס אויף יענעם אָרט, די געשטעלן

פון שיכפּוצער; איך ווייס נישט פאַר וואָס, באַר איך האָב זיך אָפּגעשטעלט לעבן די דריי לײדיקע בענקלעך, וואָס האָבן געוואַרט אויף קאַנדידאַטן. איך שטרייך אונטער אַז „די בענקלעך האָבן געוואַרט", ווײַל די בעל־מלאָכהס אַליין האָבן נישט אויסגעוויזן צו זײַן זייער ווילִיק אָנצוהייבן זייער אַרבעט. איינער פון זיי, אַ בחורל אָנגעטאָן אין אַ היטל מיט אַ ברוינעם דאַשעק, האָט פּאַרט „באַווילִיקט" מיך אָנצונעמען פאַר אַ קליענט. און איך האָב אַוועקגעשטעלט דעם רעכטן פוס אויף זײַן הילצערן קעסטל.

בעת דער שיכפּוצער האָט באַדינט זײַן ערשטן פּרנסה־געבער פון טאָג, האָב איך געקוקט אויף דער אַלייע אין דרום־זײַט; מײַן בליק גייט פאַרביי דעם סאַנטאַנדער־פּלאַץ און פאַלט אויפן אָרט ווו ס'איז פריִער געווען דער זעקס־שטאָקיקער בנין פונעם אַלטן און פּרעסטיזשפולן האָטעל „גראַנאַדאַ". די שטאָט ענדערט איר פיזיאָנאָמיע, און די רעדער פונעם פּראָגרעס צע־טרעטן די איבערבלײַבענישן פונעם ווײַטן אַמאָל. מיט דער אײַנוואַלגערונג פונעם האָטעל „גראַנאַדאַ" איז אָפּגערוימט געוואָרן דער זכר פון אַ גלאָר־רײַכער היסטאָרישער תקופה; אין זײַנע לוקסוסדיקע סאַלאָנען, וועלכע זײַ־נען שוין איצט בלויז אַ טעמע פאַר דערינערונגען נאָך דעם ווי דער אַלטער בנין איז צענומען געוואָרן, האָבן באַוווסטע פּערזענלעכקייטן פון פאַרשיי־דענע לענדער אָפּגעהאַלטן אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענקונפטן, וועלכע האָבן געמאַכט געשיכטע. די נײַע דורות, וועלכע וועלן שוין נישט זען די היסטאָ־רישע געבײַדע, וועלן נישט וויסן די ראָל וואָס זי האָט אַמאָל געשפּילט אינעם פּאָליטישן לעבן פון קאָלאָמביע. דאָס פּלאַץ ווו דער האָטעל „גראַנאַדאַ" איז אַמאָל געשטאַנען, וועט פאַר זיי זײַן גלײַך מיט אַזוי פיל אַנדערע פּלעצער אין דער גרויסער צעוואַקסענער באָגאָטאַ.

*

פאַרזונקען אין די דאָזיקע מחשבות וועגן כסדרדיקן גאַנג פון דער צײַט, — אַזאַ פאַסקודנע טבע וואָס די צײַט האָט, צו לויפן און לויפן אָן איבעררײַס! — האָב איך פּלוצעם געווענדט מײַן בליק צום שיכפּוצער, וואָס האָט זיך געפּעדערט בײַם קעסטעלע, אָבער תיכף — אַזוי ווי מײַן אויג זאָל זיך געווען טועה זײַן — האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום מענטש, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר אויפן בענקל. לפנים איז ער געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך, אָבער דאָך האָט מיך עפּעס געצויגן צו אים

פונעם ערשט מאָמענט אָן. עפּעס אַן אַנדערשקייט האָט ער פאָרט געהאַט. איך האָב זיך דערוווּסט דעם נאָמען, געבוירן־שטאָט און עלטער פונעם מענטשן מיט די לאָטעריע־צעטעלעך (אויף זײַן באַשעפטיקונג האָב איך אים נישט באַדאַרפֿט פרעגן, ווײַל ער האָט געטראָגן די „סחורה" אין האַנט). ווען דער 62־יאָריקער פּעדראָ גאָנסאַלעז איז געבוירן געוואָרן אין טשאַקאַנטאַ, איז ער שוין פון זײַן ערשטן טאָג אויף גאָטס וועלט געווען געשטעמפּלט מיט אַן אומגליק־צייכן, וואָס וועט אים באַגלייטן ביזן סוף פון זײַן לעבן. ס'איז גע־שען, רחמנא לצלן, אַז די נאַטור האָט אים באַשאַפֿן מיט די פיס פאַרקערט, און דערפֿאַר גייט ער זײַן גאַנץ לעבן באָרוועס, ווײַל קיין שום שוסטער האָט נישט געקאָנט צופּאַסן קיין שיך פאַר זײַנע מגושמדיקע מאָנסטע־ריעזע פיס.

פּעדראָ גאָנסאַלעז האָט אַריבערגעטראָגן זײַן גורל מיט סטאָאישער גלײַכ־גילטיקייט, היות אַלע טויזנטער דורכגייערס, וועלכע האָבן אים יעדן טאָג אָנגעטראָפֿן אויף דער גאַס, האָבן נישט אַרויסגעוויזן צו זײַן בידנעם קלעג־לעכן גוף עפּעס אַנדערש ווי גלײַכגילטיקייט. פּשוט, האָט ער זיי אָפּגעע־צאָלט מיט דער זעלבער מטבע.

ס'איז געווען איבעריק צו פרעגן אים צי עס גייט אים גוט מיטן פאַר־קויף פון לאָטעריע־צעטעלעך. אַפילו אַ בלינדער האָט געקאָנט זען פון זײַן נעבעכדיקן הולך, אַז ער פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע פון זײַן „געשעפט". ער האָט געטראָגן אַן אַלטן צעפליקטן סוועטער אויף אַ טונקל צעכראַסטעט העמד, אַ פּאָר אויסגעריבענע הויזן וועלכע האָבן געהאַט מערער לאַטעס ווי אָריגינעלן שטאָף, אַ קויטיקן הוט, און — דאָס איז אַלץ! זײַנע טריבע אויגן האָבן נישט געהאַט דעם מינדסטן סימן פון לעבנספרייד, און די אָנגעוואַק־סענע באָרד אין פאַרלויף פון אַ סך טעג, האָט געזאָגט עדות אויף דעם קנאַפּן צימעס וואָס ער האָט זיך געמאַכט פון דער מיינונג, וואָס מענטשן וועלן האָבן וועגן אים.

דאַכט זיך אויס, פון דעם, וואָס כ'האָב ביז איצט געזאָגט, אַז דער מענטש איז נישט ווערט געווען קיין צעבראָכענעם דרײַער, און — דאָך. מײַן שאַרף און דערפאַרן אויג האָט באַמערקט אין אים עפּעס אַ ספּעציפֿישן חן. עס האָט מיך קודם־כל אימפּאָנירט דער פאַקט, וואָס דער דאָזיקער אָפּגעלאָזע־נער מענטש — מיט אַלע שטריכן פון אַן אַנאַלפאַבעט —, האָט געלייענט אַ

צייטונג: די היגע „על טיעמפא״. פלוצעם האָט זיין געזיכט באַקומען לעבן, אויפגעשיינט, און ער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער. וואָס איז געשען? ווייזט זיך אַרויס, אַז דורכקוקנדיק די נומערן פון דער לאָטעריע־ציִונג אינעם בלאַט, האָט ער באַמערקט, אַז דריי גרויסע געווינסן פון דריי פאַרשיידענע לאָטעריעס זיינען אַלע אַרויס מיט אַן אַכט.

עס ציט מיך צו פאַרבינדן אַ געשפּרעך מיט מיין צופעליקן „חבר״ אויפן בענקל פונעם שיכפּוצער, מיטן פאַרקויפער פון לאָטעריע־צעטעלעך, וועלכער האַלט אין איין האַנט דעם נומער „על טיעמפא״ און אין דער אַנדערער די „פאַפירענע סחורה״, וואָס זאָגט־צו אַלע גליקן פון דער וועלט פאַרן בלויזן פּרייז פון אַ צעטל. און דער זעלטענער מענטש לאָזט זיך נישט בעטן לאַנג צו פאַרפירן מיט מיר אַ געשפּרעך.

אַזוי האָב איך זיך דערוווסט אַ פּאָר איינצלהייטן וועגן אים; כ׳האָב נישט געוואָלט שטעלן קיין סך פראַגעס ווייל, נאָך אַלעמען, ווער בין איך און וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט מיר כדי צו נעמען אים אויף אַ פאַרהער? איך האָב בטבע פיינט אַריינצומישן זיך אַזוי יענעמס ביזנעס, און דער פאַקט וואָס אָט־דער אומגליקלעכער בן־אדם איז געווען אַ פאַרגעסענער פון גאָט און פון לייט, האָט מיך אַליין נישט געגעבן קיין רעכט בודק צו זיין אין זיינע פּריוואַטע אַנגעלעגנהייטן. איך האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין פון אים, אָבער ס׳איז מיר פלוצעם איינגעפאַלן אַ פאַרטל צו שליסן מיט אים קאָנטשאַפט, דורך אַ ריין־סוחרישן צוגאַנג; גאַנץ פשוט: כ׳האָב געקויפט ביי אים אַ צעטל פון דער לאָטעריע פון סאַנטאַנדער, און דאָס איבעריקע איז שוין צו־געגאַנגען ווי געשמירט. ער האָט שוין נישט אויסבאַהאַלטן פאַר מיר קיין איין סוד פון זיין אָרעם לעבן, דער לאָטעריע־הענדלער פּעדראָ גאָנסאַלעז. ווייל יעדעס מענטשלעכע לעבן האָט זיך זיינע סודות, וועלכע ס׳איז שווער צו דערגרונטעווען.

*

פּעדראָ גאָנסאַלעז האָט מיר דערציילט אַז ווען נישט אַ טראַגישער צו־פאַל, וואָלט ער קיין מאָל נישט געווען פאַרלאָזט זיין היימשטאָט טשאַקאַנטאַ. — איך האָב זייער ליב דאָס שטעטל ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן — האָט ער געזאָגט —, דאָרט האָט מיר קיין מאָל נישט געפעלט קיין פּרנסה, נישט גע־קוקט אויף מיין מצב פון אַ טיילווייזן אינוואַליד. איך האָב געהאַט אַ שיך־

געשעפֿט און גענאָסן פֿון אַ גוטן שם און אַנזען צווישן דער אײַנוווינערשאַפֿט; מען קאָן נישט זאָגן, אַז איך האָב געמאַכט גאָלדענע געשעפֿטן, אָבער כ'האָב געצויגן חיונה פֿון מײַן אַרבעט און געלעבט אָן דאגות. יעדן זונטיק פֿלעג איך בײַזײַן דאָס גאָטעסדינסט אין קלויסטער, און געפֿונען טרייסט און האָפֿענונג אין מײַן גלויבן. אַלע ווי איינער אין שטעטל האָבן מיך געהאַלטן בכבוד, מיך גערופֿן „דאָן פּעדראָ" אַזוי ווי דעם בראַזיליאַנער קעניג, הגם זיי האָבן מיטגעליטן מיט קענטיקער פֿילבאַרקייט דעם שווערן שיקזאַל פֿון אַ מענטש ווי איך, וואָס האָט געמאַכט אַ לעבן פֿון פֿאַרקויפֿן שיך, און אַליין זיי נישט געקענט נוצן איבער אַ נאַטור־קאַפּריז.

דער צעטעלעך־פֿאַרקויפֿער האָט מיר ווײַטער דערציילט אין וואָס ס'איז באַשטאַנען דער דראַמאַטישער צופֿאַל, וואָס האָט אים געצוווּנגען עוקר־צו־זײַן פֿון טשאַקאַנטאַ, און זיך באַזעצן אין דער גרויסער קאָלאָמביאַנער הויפּט־שטאָט. דער פּאָליטישער שטורעם און געווירבל, וועלכע האָבן געבושעוועט איבער אַ גרויסן טייל פֿון לאַנד און פֿאַרניכטעט גאַנצע פּראָווינצן, האָט חרוב געמאַכט זײַן שיך־געשעפֿט און ער האָט געמוזט אַנטלויפֿן (צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע אײַנוווינערס פֿונעם ראַיאָן), כדי צו ראַטעווען כאָטש דאָס לעבן. אַ שטיקל צײַט האָט ער געוואַנדערט איבער פֿאַרשיידענע שטעט און דערפֿער, און ענדלעך — שוין אויף דער שוועל פֿון די עלטערע יאָרן —, האָט ער געפֿונען אַ מקום מקלט אין באָגאָטאַ.

— אָבער איר, דאָן פּעדראָ, זעט נישט אויס צו זײַן קיין גאָר „וואַזשנער פּאָליטיקער"; אַדרבא, מיר שײַנט, אַז איר מישט זיך בכלל נישט אין אַזעלכע זאַכן — האָב איך אים געזאָגט.

— ריכטיק, — האָט ער מיר געענטפֿערט —, איך האָב קיין מאָל נישט אָנטיילגענומען אין קיין פּאָליטיק, און עס האָט מיך נישט אינטערעסירט. אָבער אַ טייל פֿון מײַן משפּחה האָט געהאַט אויף איר געוויסן דאָס דאָזיקע „פֿאַרברעכן", און דערפֿאַר בין איך אויך געשטעמפּלט געוואָרן אַלס „אומגעווונטשענער" איבער מײַן משפּחה־אָנגעהעריקייט; דערויף הייס איך גאָנסאַלעז, און איך קום אָפּ די שטראָף פֿאַר די חטאים פֿון אַלע קאָנסאַלעזעס...

— און איצט, זינט איר ווױנט אין באָגאָטאַ, פֿאַרדינט איר גענוג צום לעבן פֿונעם פֿאַרקויף פֿון לאָטעריע־צעטעלעך?

— אוי, מײַן ליבער פֿרײַנד — ענטפֿערט ער מיר —, הלוואי וואָלט איך

פאַרדינט... די צרה איז אָבער וואָס איך בין נישט קיין זעלבשטענדיקער סוחר, נאָר אַ קאָמיסיאָניסט, וואָס אַרבעט מיט פרעמדער סחורה, און איר קענט זיך שוין אַליין פאָרשטעלן וואָס איך פאַרדין דערביי...

אַזוי האָט ער צו מיר אַרויסגעשטאַמלט, אָבער אָן פאַרביטערונג; ער האָט שוין לאַנג שלום געמאַכט מיט זיין גורל. יעדן טאָג שפּרייזט ער איבער די גאַסן מיט די לאָטערייע־צעטעלעך אין האַנט, און בעט ביים אַלמעכטיקן אַז אַ מאָל זאָל איינער פון זיינע שטענדיקע קונים באַגליקט ווערן מיטן גרויסן געווינס, און דעמאָלט וועט ער אויך אפשר עפּעס געניסן; דאָס איז זיין איינציקע האָפענונג.

פעדראָ גאָנסאַלעז איז שוין היינט אַ זקן, אָבער מען זעט אים שטענדיק גיין זיין וועג איבער די גאַסן פון באָגאָטאַ, מיט זיין אָרעמען הולך, וואָס איז די אָפּשפּיגלונג פון זיין אינערלעכער גייסטיקער פשטות. ווער ווייסט, אפשר האָפט ער נאָך אַ מאָל צו זיין פון דאָס ניי אין זיין געבוירן־שטאָט טשאַקאַנטאַ, און זיך אויסלעבן דאָרט זיינע לעצטע יאָרן אויף גאָטס וועלט.



ספּאָרטלער פון קאַלי, אויף אַ מכביאַדע־אונטערנעמונג אין באָגאָטאַ

# אַ קאָלאָמביאַנער „באָנטשע שוויַנג"

ס׳איז געווען אַ נעפּלדיקער טאָג, גאָרנישט קיין חידוש פאַר באָגאָטאַ פון מיט קאַרגע פופציק יאָר צוריק, ווען די שטאָט־סטרוקטור מיט אירע וואָלקנקראַצערס האָבן נאָך נישט געענדערט איר קלימאַט צום בעסערן. אַ טונקל גרויער הימל, פייַכטע געפּלאַסטערטע גאַסן, אַ קאַרגע, פוילע און שעמעוודיקע זון. אין אָט דער אַטמאָספער האָבן זיך אַרומגעיאָגט די זיבן הונדערט טויזנט נפשות אין אַ געראַנגל אויף הימלעכער צו מאַכן דאָס לעבן, און האָבן אַפילו נישט באַוויזן אָנצוּוואַרמען זייער אייגן ציטערדיק לייַב.

אויף דער גאַס 13 איז געווען דער געדיכטער האַנדלס־צענטער אין שטאָט; ווי געווייַנטלעך, האָט זיך דאָרט געקאָכט מיט פאַרנומענע מענטשן געטריבן דורך די אומזעבאַרע מאָטאָרן פון די טאָג־טעגלעכע הצטרכותן. אַ שטראָם מיט מענטשן, יעדער איינער האָט געיאָגט נאָך זייַנס מיט אייַנ־געקאָרטשעטע אַקסלען, און מיט אַ פּנים אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ שאָטן פון פליכט: אין באַנק אַרייַן אויף צו הייבן אַ וועקסל, אָדער אויף צו בעטן אַ קרעדיט: אין געשעפט, אויף זיך צו באַזאָרגן מיט סחורה פאַר די קונים, אָדער זיך עפּעס אייַנצוהאַנדלען אויף יום־טוב. עס זייַנען שעהען פון אַר־בעט, און אין אַזאַ וועטער שפּאַצירט מען נישט סתם אַזוי, נאָר מען גייט „מאַכן אַ לעבן". וואָס איז מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק געווען אין באָגאָטאַ נישט פון די לייַכטע זאַכן. אין די אַרומיקע קאַפע־הייַזער זיצן מענטשן בייַ אַ גלעזל „טינטאָ" — ווי אין קאָלאָמביע הייסט אַ קליין טעפּעלע קאַווע — און מען רעדט אויך וועגן געשעפט. אַנדערע ריידן וועגן פּאָליטיק, מען רעדט מיט היץ, מען מאַכט מיט די הענט, אַ סימן — עס גייט זיי אין לעבן. דאָס זייַנען פּאָליטיקערס, מלוכה־באַאַמטע, פּאַרטיי־מענטשן. יעדעס טישל איז אַ באַזונדער וועלטל, מיט זייַנע מענטשן, מיט

זײַנע אינטערעסן. דאָס רוב טרעפֿט מען זיך דאָ יעדן טאָג, אין דער זעל־ביקער שעה, און מען רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן. די היזיקע, איבער הויפּט די שטאָטישע אײַנוווינערס פֿון מיטלקלאַס, האָט זיך יעדער אײנער „זײַן" קאַפֿע, ווו ער „טרעפֿט זיך מיט מענטשן". די אַריסטאָקראַטיע האָט אירע קלובן.

*

אין מיטן האַנדל־וואַנדל און דער באַטויבנדיקער קאַכעניש, ווי אַ קאָנ־טראַסט צו אָט דעם אַרומיקן הו־האַ, באַווײַזט זיך אַ הויכער מאַן, אַ זקן שוין, אָבער שלאַנק ווי אַ פּאַלמען־בוים, וואָס גייט צו מיט לאַנגזאַמע טריט צום ראָג פֿון די גאַסן 13 און 9, שפּאַרט זיך אָן אין אַ וואַנט און בלײַבט שטיין ווי פֿאַרגליווערט. ער קוקט איבערן קאָפּ פֿון די מענטשן, ערגעץ אין דער ווײַט. ער האָט צוגעצויגן מײַן אויפֿמערקזאַמקייט און איך באַטראַכט אים מיט גרויס אינטערעס. אַ גרויער קאָפּ און טיף צערונצלטער שטערן, ברייטע פּלייצעס און אויסגעהאַרעוועטע הענט. אַן אַרבעטער מוז עס זײַן, טראַכט איך. איך האָב ליב אַזוי זיך צוקוקן צו אומבאַקאַנטע מענטשן אין גאַס, און טרעפֿן ווער און וואָס זיי זײַנען. דער האָט מיך באַזונדערס פֿאַר־אינטערעסירט. אַ זקן מיט אַ גרויען קאָפּ, אָבער מיט אַ פֿעסטן יוגנטלעכן שטעל אין זײַן גאַנצער פֿיגור. איך בין צוגעגאַנגען נאָענטער צו אים. יאָ, איך האָב זיך נישט גענאַרט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט קינדיש פֿרעגנ־דיקע אויגן און מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. — בוענאָס טאַרדעס סעניאָר *, — האָט ער מיך דער ערשטער באַגריסט. זײַן קול האָט געפּלאָסן אַזוי בנעי־מותדיק דורך זײַנע געציילטע פּאָר ציין, ווי יתומים פֿון אַן אַמאָליקער משפּחה, ווי פּליטים פֿון אַ נישט־געוויינטלעכער שלאַכט. דאָס וואָס האָט מיך פֿאַראינטערעסירט אין דעם מענטשן, איז געווען פֿאַרבאָרגן אין זײַן וועזן, עפּעס אַ פֿונק האָב איך דערפֿילט אין אים, אַ שײַן וואָס גיט צו אַ באַזונדער חן אַ מענטשן, און איך האָב פֿאַרפֿירט מיט אים אַ שמועס.

ער האָט געהאַט אַ פּשוטן נאָמען, כאָסע פּאָסאַדאַ, אַזוי ווי אַ סך אַנ־דערע מיטן זעלביקן נאָמען. און ער דערציילט מיר וועגן דער „פּראָפֿע־סיאָנעלער" טייל פֿון זײַן לעבן. ער וווינט אין דער הויך־שטאָט, אונטערן

---

* אַ גוטן נאָך־מיטאָג, מײַן הער.

היילִיקטום פון לאַ פּעניאַ. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט גוּאַטאַ־וויטאַ, די שטאָט וואָס איז פֿאַרפֿליצט געוואָרן דורך די וואַסערן פון אַ דאַמבע. דאָס איז די זעלביקע שטאָט, וואָס איז באַזונגען געוואָרן דורכן גלענצנדיקן פּאָעט דאָמינגעס קאַמאַרגאָ, אַזוי ווײַט ווי אונטער די הימלען פון 18טן יאָרהונדערט. ער איז אַלט 70 יאָר. „איך האָב אָנגעהויבן פֿאַר־דינען אויף מײַן 'פּוטשעראָ' **, זאָגט ער, ווי אַ מוליער אין דער באָגאָטאַ פון די אַמאָליקע לײמענע געבײַדעס. צו 35 יאָר האָב איך געביטן דעם פֿאַך, און זיך גענומען צום 'גאַרטל' (און איך דערמאָן זיך, אַז די ערשטע יאָרן האָב איך געזען אין די קאָמערציעלע גאַסן פון שטאָט־מענטשן מיט גאַרט־לען אויף די פּלייצעס; דאָס איז געווען דער סימן און דאָס איינציקע אַר־בעטס־געצײַג פון די טרעגערס, וועלכע פלעגן מיט פּעק און פּעקלעך אַרומ־שפּאַנען איבער אַלע גאַסן).

מיט דער צײַט, דערציילט ער מיר ווײַטער, זײַנען מיר די פּעקלעך געוואָרן צו שווער. דעמאָלט האָב איך דעם גאַרטל געביטן אויף אַ האַנט־וועגעלע. אָט זעט, און ער ווײַזט מיר אויף אַ קליין וועגעלע, וואָס איז גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אין וואַנט, וועלכן איך האָב פֿריִער גאָרנישט געזען. דאָס וועגעלע, זאָגט ער, און ווײַזט ווידער אָן אויף דעם מיט ליבשאַפֿט, ווי ס'זאָל זיך האַנדלען פון אַ מענטשן, גיט מיר מײַן ברויט, פֿאַר דער אַלטער מאַמעלע און פֿאַר מיר. איר ווייסט? זי איז מיט אַ היפּש ביסל יאָרן ייִנגער פון מיר, האָט ער מיר שטיל אָנגעטרויט, ווי אַ סוד. — איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן בײַ די האַנדלס־פירמעס טאָלעדאָ, בײַ די פּאָמבאָס, בײַ די ברידער ראָדריגעס, בײַ דאָן לוִיס נאַריעגאָ, אַ פֿאַרפֿלאָנטער איך זיך אַפֿילו אין די נעמען. גוטע מענטשן, זייער גוטע מענטשן געווען. אין איין פירמע האָב איך געאַרבעט גאַנצע פינף יאָר. פֿאַר נאַכט באַהאַלט איך דאָס וועגעלע בײַ די ראָדריגעס...״

ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל גוטמוטיק, מיט מענטשלעכער וואַרעמקייט, אים אָנרעגן דאָס צו דערציילן. „בײַ אָט די פירמעס און אין אַנדערע געשעפטן, גיט צו כאָסע, האָט מען זיך מיט די יאָרן צוגעוווינט צו מיר, און געוואָלט אַז נישט קיין אַנדערער נאָר איך

---

** פּוטשעראָ: — אַ נאַציאָנאַלער מאַכל, סיגאַנים פון פּרנסה.

זאָל זײַן דער טרעגער. מען האָט מיך געוואָלט, ווײַל זיי האָבן געזאָגט, אַז איך בין אַן ערנסטער און ערלעכער מענטש. און בײַ אַ סך געלעגנהייטן האָט מען זיך אָפּגעהאַלטן מיטן אָפּשיקן די פּעק אויף אַ צווייטן טאָג, כּדי איך, און נישט קיין אַנדערער זאָל זיי אָפּטראָגן. איך בין זייער דאַנקבאַר פֿאַר דעם...

און כאָסע פּילט זיך שטאָלץ, און ער רעדט מיט פֿאַרגעניגן וועגן יענע גוטע צײַטן, און גוטע מענטשן, פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון זײַן לעבן. ער איז צופֿרידן וואָס קיינער קען אים גאָרנישט פֿאָרוואַרפֿן פֿאַרן האָבן געהאַנדלט שלעכט; קיינעם האָט ער קיין שלעכטס נישט געטאָן, אַלע האָבן אים גוט באַהאַנדלט, דער בלאַט פֿון זײַן אַרבעטס־געשיכטע האָט נישט קיין שום פֿלעק. אָט דאָס טאָקע שטראַלט אַרויס אַזוי שטאַרק פֿון זײַן פּערזענלעכקייט, ווי אַ ליכט וואָס שײַנט פֿון זײַן גאַנצן וועזן. און דאָס איז זײַן גרויסע טרייסט אויף דער עלטער. אַ געפֿיל פֿון ווערדע, וואָס האָט אים זיכער געהאָלפֿן פֿאַרטראָגן זײַן אָרעם לעבן מיט פֿרייד, וואָס אַנדערע קענען נישט באַנעמען, אָבער ער פּילט עס מיט זײַן גאַנצן וועזן.

*

אין דער צײַט וואָס ער האָט זיך געעלטערט איז די שטאָט געוואָרן יינגער און שווערער: ס'האָבן זיך באַוויזן נײַע טרעגערס, יונגען מיט ביינער און מיט אויטאָס; אָבער אָט די זאַכן האָבן נישט פֿאַרטונקלט דעם גוטן מזל פֿון כאָסע פּאַסאַדאָס, וואָס איז געווען פּינקטלעך און ערלעך אין זײַן אַרבעט. קיינער האָט אים נישט געוואָלט פֿאַרבײַטן אויף אַ צווייטן, און נישט געוואָלט אָנטרויען קיין אַנדערן אין די הענט, די עלעגאַנטע, דעליקאַטע און טײַערע פּעקלעך. ער האָט די פּעקלעך צעפּירט, ווי איינער וואָס זאָל האָבן באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר אָט דער עבֿודה. ער דערמאָנט עס מיט פֿאַרגעניגן און איז גליקלעך. אפֿשר וועט זײַן נישט איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז זײַן גלײַכע פֿיגור און יוגנטלעכער מוט, שעפּן זייער געהיימען כּוח טאָקע פֿון אָט דעם ריינעם מענטשלעכן געוויסן?

עס קומט מיר אויפֿן זכּרון אָט דער טרעגער, אַ פֿאַרשוווּנדענער טיפּ פֿון דער אַמאָליקער עקאָנאָמישער סטרוקטור, וואָס איז אַרײַן אין דער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור מיט דער באַרימטער דערציילונג פֿון י. ל. פּרץ

„באָנטשע שוויַיג“. פּרץ איז אויסן געווען מיט דער דערציילונג צו מונטערן דעם אַרבעטער ער זאָל פֿאָדערן פֿאַר זיך אַ בעסער לעבן. מיַין קאָלאָמביאַנער באָנטשע שוויַיג איז געווען פֿון דעם זעלבן טיַיג געקנאָטן. ער האָט צו קיינעם קיין טענות נישט געהאַט, און איז געווען צופֿרידן, וואָס מענטשן און וואָס גאָט האָבן אים געגעבן. ער איז געווען צופֿרידן מיט זיַין גורל. אַוודאי האָט ער נישט געהאַט קיין אַמביציעס, קיין פּרעטענזיעס, און האָט נישט געפֿילט קיין קינאה צו אַנדערע מענטשן פֿאַר זייער פֿאַרמעגן. וויַיל ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ גרעסערן און רייַנערן פֿאַרמעגן, ער איז געווען אַ „שמח בחלקו“. און די גמרא זאָגט דאָך, אַז רייַך איז דער, וואָס איז צופֿרידן מיט זיַין גורל. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זיַין ראָל אין דער געזעלשאַפֿט איז געווען זייער אַ באַשיידענע: אַרומיאָגן אַ גאַנצן טאָג כדי אָנצוקומען פֿאַר נאַכט צו זיך אין דער אָרעמער היים מיטן מאָגערן פֿאַרדינסט. אַנדערע פּראָטעסטירן, אָדער וויַיל זיי האָבן אַן אַנדער כאַראַקטער. אָדער אפשר — און פֿאַר וואָס נישט? — מער פֿאַרשטאַנד! אָבער כאָסע פּאַסאַדאָ טראָגט אין זיך אַ ליכט און קיינער קען עס נישט פֿאַרלעשן. די געזעלשאַפֿט איז אים שולדיק, ער איז איר גאָרנישט שולדיק קיינעם. ער האָט דערפֿילט זיַין אויפֿגאַבע און אַ זקן שוין, האָט ער זיך נישט געקענט צוריקציִען פֿון זיַין פּאָסטן. וויַיל פֿאַר אים זיַינען נישט געווען קיין פּענסיעס, אָדער אַ וועלכע אַנדערע פֿאַרגיטיקונגען אין לעבן. דער גורל האָט אים צוגעטיילט אַ רייַך און אַ בליִענדיק פֿאָטערלאַנד. אָבער ער האָט פֿון זיַינע רייַכקייטן נישט גענאָסן. אויף יענער וועלט וועט ער קומען מיט זיַין אינערלעך ליכט, וואָס וועט נישט ווערן אויסגעלאָשן. דאָס איז דאָס ליכט וואָס יענער בעסערער מענטש טראָגט אין זיך, און אָט דעם געטלעכן פֿיַיערל פֿון רייַנעם מענטשלעכן געוויסן, הייליק איך די דאָזיקע שורות.

# אין דראַנג נאָך קולטור

די לעצטע מאָנאַטן פֿון יאָר 1935 האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אַקטיווער קולטורעלער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט אין באָגאָטאָ. מיר האָבן דעמאָלט אויפֿגענומען דעם שרייבער י. ל. גרוזמאַן און זײַן פֿרוי, וועלכע זײַנען געקומען פֿון בוענאָס־אײַרעס, וווּ ער איז געווען רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פֿונעם ליטעראַרישן זשורנאַל „דער שפּיגל". י. ל. גרוזמאַן האָט געהאַלטן אַ צאָל רעפֿעראַטן, און די לאַנדסלײַט פֿון זײַן געבוירן־שטעטל, יעדינעץ אין בעסאַראַביע, האָבן באַזונדערס זיך אָפּגעגעבן מיטן קולטור־גאַסט, און ס'איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל. דאָס פּאָרפֿאָלק גרוזמאַן איז געוואָרן מיט אונדז שטאַרק באַפֿרײַנדט, און די דאָזיקע פֿרײַנדשאַפֿט האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן. דער ווײַטער מהלך פֿון באָגאָטאָ ביז בוענאָס־אײַרעס, האָט נישט געשטערט מיר זאָלן זיך ווערן זייער נאָענט. צום גרויסן באַדויערן זײַנען שוין ביידע נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע.

אין יענער צײַט איז אויך אַראָפּגעקומען צו אונדז אויף גאַסטראָלן, דער באַליבטער און זייער טאַלאַנטירטער אַקטיאָר זיגמונט טורקאָוו, פֿון פּוילן. דער ליבלינג פֿון אַלע ייִדישע טעאַטער־באַזוכערס אין פּוילן און אויסער אירע גרענעצן, ער איז בײַ יענער געלעגנהייט געקומען באַגלייט דורך דער שוישפּילערין אסתּר פּערעלמאַן, און דער קאָלאָמביאַנער ישוב האָט אויפֿגענומען די געסט „בתופּים ומחולות". איך, פֿון מײַן זײַט, האָב באַקומען די אויפֿגאַבע פֿון אַן „עמפּרעסאַר": צו באַקומען דעם מוניציפּאַלן טעאַטער פֿון באָגאָטאַ אויף דרײַ פֿאָרשטעלונגען. דער דערפֿאָלג פֿון טור־קאָווס אויפֿטריטן איז געווען אַ קאָלאָסאַלער, ממש אָן פּרעצעדענטן. איך געדענק נאָך אַפֿילו, אַז דער פֿײַנער בינע־קינסטלער איז אײַנגעשטאַנען אינעם לוקסוס האָטעל „רעגינאַ", וואָס איז אַוועק מיטן רויך אין די שטור־

מישע געשעענישן, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט די קאָלאָמביאַנער הויפּט־שטאָט דעם 9טן אַפּריל 1948.

און אַז מען רעדט שוין וועגן יידישער קולטור־טעטיקייט אין קאָלאָמביע, קאָן מען נישט פאַרפעלן צו דערמאָנען דעם יידישן צענטער, וואָס איז אין זיינע ערשטע יאָרן געווען אַ שמעלצטאָפּ פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס און שטרעמונגען, לויטן פּאָליטישן אָפּשטאַם פון די גרינדערס און ערשטע מיטגלידער פון דער אינסטיטוציע. דאָס האָט מען געקאָנט פילן אַמבעסטן אויף די זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל, צוליב די היציקע און שטורמישע דיסקוסיעס. פון דעסט וועגן, איז געווען צווישן יענע ראשונים אַ גאַנץ אַלגעמיינע געדאַנקען־אייניקייט; מיטן אויבנאָם פון אַ קליינער גרופּע פאַנאַטיקערס, וועלכע



אַן עקומענישער צוזאַמענקום פון יידישע און קאַטוילישע פאָרשטייער אין באָגאָטאַ. אין צענטער דער פאַרטרעטער פון פויפּס, רעכט פון אים הרב ד״ר העשל קלעפּפיש פון פּאַנאַמאַ, לינקס — ד״ר וואַרשאַווסקי פון וועלטקאָנגרעס. ערשטער רעכטס — הרב גאָלדשמיד פון באָגאָטאַ

האָבן געהאַלטן שטאָל און אײַזן פֿאַר זייער אידעאַל; זײַנען די איבעריקע געוואָרן מיושבדיקער, זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו די נײַע לעבנס־באַדינגונגען אויפֿן פֿרישן קאָלאָמביטאַנער באָדן, ווו זיי האָבן באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ נײַ לעבן. עס איז אָבער געווען עפּעס וואָס האָט געלויערט אויף אונדזער צענטער, און נאָך פֿינף יאָר אַקטיוויטעט — ווי אַ בייז אויג זאָל אים געווען פֿאַרשאָטן —, איז ער זיך צעפֿאַלן, און מיר זײַנען געבליבן אָן אַ פֿאַראייַן און אָן דער שיל, וואָס איז געווען אײַנגעאָרדנט אין זעלבן הויז. פֿון דעם חורבן האָט זיך בלויז געראַטעוועט דער ייִדישער בית־עלמין, ווו עס זײַנען שוין געווען עטלעכע קברים.

*

בײַ דער געלעגנהייט געפֿין איך פֿאַר מײַן חוב צו דערמאָנען דעם בכבודיקן תושב פֿון באָגאָטאַ, ר׳ נחום ריינעס, וועלכער האָט איבערגע־לאָזט אַ פֿאַרצווײַגטע און פּרעסטיזשפֿולע משפּחה. ער איז געווען איינער פֿון די עלטסטע מיטגלידער פֿון דער קהילה, ער האָט געטראָגן די אַחריות פֿאַרן „ביקור חולים״, די טראַדיציאָנעלע אינסטיטוציע, וואָס איז געווען באַאויפֿטראגט אונטערצוקומען מיט הילף די אָרעמע חולאים, און זיי דער־טיילן מעדיצינישע באַדינגונגען און רפֿואות. ר׳ נחום האָט געדונגען אַ דירה, צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדן, און דער עולם האָט פֿון דאָס בײַ געהאַט ווו צו דאַווענען און אײַנצואָרדענען געזעלשאַפֿטלעכע אַקטן. ר׳ מענדל ליליענטאַל האָט פֿרײַוויליק זיך פֿאַרנומען מיט אײַנקאַסירן דעם חודש־לעכן מיטגליד־אָפּצאָל. די קבלות אויף 50 סענט, וואָס ער פֿלעגט אויס־טיילן, זײַנען געווען ווי ציגל, אינעם בנין פֿון דעם קהלשן בנין און בית־הכנסת אין באָגאָטאַ. ליליענטאַל איז געווען איינער פֿון די געציילטע, וועל־כע האָבן אָנגעהאַלטן אויפֿן נײַעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, די עכטע אור־אַלטע ייִדישע טראַדיציע, נישט געמינערט אַ האָר, ווי אין דער אייראָפּעיִ־שער היים. מכן פֿלעגט מען אים זען ווי ער פֿלעגט גיין מקיים זײַן די מצווה פֿון צרכי־ציבור אויף „קאַרעראַ סעפּטימאַ״ מיט זײַן לאַנגער שוואַרצער באָרד; ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער אין אַ צעמענטענעם לאַבירינט, האָט ער אויסגעזען. זײַן געדאַנק איז אָבער שטענדיק געווען דורכגענומען מיט זײַן אַרבעט לטובת הכלל. ער איז אויך בײַ אונדז געווען דער ערשטער ייִדי־שער לערער, און האָט בכלל אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע געזעלשאַפֿטלעכע



באַסקעט־באָל־שפּילער פון דער יוגנט־פעדעראַציע בײַ דער אַשכנזישער קהילה

טעטיקייט. ר׳ מענדל ליליענטאַל איז געווען אַ טײַערער און באַליבטער עסקן, אַ נוח לבריות און אַ יודע ספר. זײַן אָנדענק ווערט אומעטום דערמאָנט מיט באַזונדער אָנערקענונג און יראת הכבוד.

*

דאָס מזל איז אָבער נישט צוגעשניטן פֿאַר אַלעמען לויט זײַן מאָס, און דאָס לעבן ווײַזט זיך נישט פֿאַר יעדן מיטן זעלבן פּנים. אין באַגאָטאַ איז אויפֿגעקומען אַ שיכט פֿון פֿאַרמעגלעכע גוטשטייענדיקע ייִדן, וועלכע האָבן געפֿילט די נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ פֿאַרבאַנד ספּעציעל פֿאַר זייער שטאַנד; זיי זײַנען געווען איבערצײַגט אַז אַזוינס מוז עקסיסטירן; אַז דאָס וועט צוגעבן פּרעסטיזש דעם ישוב. און אַזוי איז אַנטשטאַנען דער „לאָרדן־קלוב״, וואָס ווערט נאָך אָנגערופֿן מיט דעם נאָמען ביזן הײַנטיקן טאָג. דער דאָזיקער קלוב איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך פֿאַרן קרײַז פֿון ייִדישע נגידים, און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם לוקסוס פֿון די אײַנריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן, וואָס דער אַנשטאַלט האָט פֿאַרמאָגט. צווישן דעם אַריסטאָקראַטישן מעבל און רײַכער אויסשטאַטונג פֿונעם „לאָרדן־קלוב״, זײַנען אויך אַוועקגעשטעלט געוואָרן גרינע טישלעך פֿאַר דאָמינאָ און קאָרטן־שפּיל, צו דינסט די ליבהאָבערס פֿון די דאָזיקע פֿאַרווײַלונגען.

די „גרינע״ און עמך־ייִדן פֿון יענע יאָרן, האָבן זיך אָבער נישט געפֿילט אַזוי באַקוועם אינעם „לאָרדן־קלוב״; די סביבה איז נישט געווען היימיש פֿאַר זיי, און אַפֿילו נאָכן אָנזעטיקן זיך מיט דעם פּראַכט פֿון דער עשירות־דיקער אויסשטאַטונג, האָבן זיי זיך געפֿילט פֿרעמד צום לעבנס־שטייגער פֿון די נײַ־אויפֿגעקומענע שטאָט־באַלעבאַטים. מענטשן פֿון מיטלקלאַס און פֿון די אָרעמערע פֿאַלקסשיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין קאָלאָמביע, האָבן נישט פֿאַרגעסן דעם אַמאָליקן לעבנסאָרט אין דער אַלטער היים, ווו דער פּסוק „לא על הלחם לבדו יחיה האָדם״, איז געווען אַ לעבן־באַדערפֿעניש אין כאַראַקטער פֿון ייִדישן מענטשן, וואָס האָט בשום אופֿן זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו אַ סביבה פֿון צײַט־ און געלט־פֿאַרשווענ־דערישקייט בײַ די גרינע טישלעך. די דאָזיקע מענטשן האָבן געהאַט אַנ־דערע דאגות אויפֿן קאָפּ: ערשטנס, ווי אַזוי צו פֿאַרבעסערן זייער עקאָנאָ־מישע מערכה, ווײַל דער גרעסטער טייל פֿון זיי האָט געמאַכט אַ לעבן פֿון

פעדלערײַ, מעסטנדיק די גאַסן פון די נעבעכדיקע געגנטן מיטן פעקל אויף די פּלייצעס. און צוויטנס, „מען איז דאָך עפּעס ייִדן", און מען דאַרף אויך זאָרגן פאַר ייִדישקייט...

און דווקא אָט דער קרײַז פון באַשיידענע קאָלאָמביאַנער ייִדישע תּושבים, האָט געגרינדעט דעם קולטור־צענטער „י. ל. פּרץ", מיט וואָס די ייִדישע סביבה פון באָגאָטאַ איז דערהויבן געוואָרן אינטעלעקטועל און קולטורעל, און דער ישוב האָט באַקומען אַ ייִדישע... נשמה. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט פאַרשענערט און פאַרזיסט דאָס ייִדישע לעבן אין אונדזערע ביז דעמאָלט פרעמדע מקומות; וועלכע מיר האָבן געייִדישט און פאַרהיימישט.



אַ פּורים־שפּיל אין דער ייִדישער שול פון באָגאָטאַ

# די ברידער צעלניק

א פאמיליע־נאמען וואס דערמאנט דעם גוטן נאמען
פון דעם זשורנאל „מענארא״

צווישן די חשובסטע מיטגלידער פון אונדזער ישוב דארף מען בלי־ספק פאררעכענען דעם ה׳ אליעזר צעלניק. זיין נאמען איז באקאנט צווישן אונדז און אויך מחוץ קאלאמביע — א סימן, אז דער טרעגער פונעם נאמען פאר־מאגט גרויסע פארדינסטן. א פאקט איז, אז ווען נישט ער, וואלט דער זשור־נאל „מנורה״ קיין קיום נישט געהאט. דער זשורנאל איז געבוירן געווארן א דאנק דעם אינטעלעקטועלן אנשטרענג פון זיין עלטערן ברודער, יצחק צעלניק ע״ה, וועלכער איז, צו אונדזער אלעמענס ווייטיק, אוועקגעריסן גע־ווארן דורך אן אכזריותדיקער קראנקייט ווען מען האט קוים אנגעהויבן ארויסצוזען די גרויסע רעזולטאטן פון זיין זשורנאליסטישן און שרייבערישן בארוף. גאט צו דאנקען, איז שוין זיין ברודער אליעזר, וועלכער איז גאר יונגערהייט געקומען קיין באגאטא, געווען אריינגעטאן אין דער זשורנאליס־טישער ארבעט, און דאס האט אים דערמעגלעכט ווירדיק פארצוזעצן די דאזיקע שווערע און איידעלע אויפגאבע. ס׳איז פאר קיינעם נישט קיין סוד אז צו אט־דעם מין דאן־קיכאטישע אינדוסטריע — וועלכע דארף גאר קיין קוימענס און קיין קליינטן נישט האבן — נעמט זיך נישט אבי ווער, און אז נישט אלע וועלכע נעמען זיך יא דערצו האבן דעם נייטיקן אויסדויער און טאלאנט עס פארצוזעצן. זשורנאליזם איז פאר שטאלענע טעמפעראמענטן און כאראקטערן. טאקע דערפאר זעען מיר נאך אליעזרן בראש פון דער אויסגאבע 25 יאר נאך איר גרינדונג, וואס במשך 17 פון זיי האט ער נישט ארויסגעלאזט פון האנט די לייצעס. פונקט ווי דער בארימטער ביג־בען־זייגער אין לאנדאן, וואס שלאגט־אויס פינקטלעך אלע שעהען דורך יארן און יארצענדליקער, אזוי האט ער נישט איבערגעהיפערט קיין איין נומער

פונעם זשורנאַל. און מיר ווייסן דאָך, אַז „מנורה" איז נישט קיין בלעטל און נישט סתם קיין זשורנאַלעכל, נאָר דאָס איז אַן אמתע, בכבודיקע ייִדישע טריבונע אין שפּאַניש. אין איר ווײַזט זיך דער רעדאַקטאָר אַרויס ווי אַ קעמפּערישער זשורנאַליסט, וואָס פאַרטיידיקט די דערהויבנסטע געדאַנקען און איז אַלע מאָל גרייט זיך אײַנצושטעלן, אַפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען, פאַר די אידעאַלן וועלכע זײַנען אים טײַער. ווי אַן אמתן איש־מלחמה, אַ קריגסמאַן, זעען מיר אים אַרויסטרעטן קעגן אַלע גזירות און בייזוויליקע שריט וואָס ווערן אָנגענומען קעגן מדינת ישראל: ווי אַ נײַער, מוטיקער דוד, גייט ער אַרויס זיך ראַנגלען, באַוואָפנט מיט זײַן פעדער, קעגן דעם גרויס־האַלטערישן גלית. און מיטן זעלביקן אײַפער האָט ער אַלע מאָל פאַרטיידיקט און אַרויסגעבראַכט די אינטערעסן פון ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע. ס'איז איבעריק אונטערצושטרײַכן דעם היסטאָרישן באַטײַט פון אַזאַ זשורנאַל, ווײַל ס'איז קלאָר אַז אַן אויסגאַבע וואָס דערשײַנט אַזוי רעגולער און מיט אַזאַ וויכטיקן אינהאַלט ווערט ממילא אַ טייל פון דער געשיכטע וואָס שרײַבט זיך אויף אירע שפּאַלטן אין יעדן נײַעם נומער.

ווער עס באַקענט זיך גענוג מיט צעלניקן, דער וווּנדערט זיך נישט איבער זײַן פעסטער פּערזענלעכקייט און סטאָיִשן טעמפּעראַמענט. זײַן פיגור אַליין דערציילט שוין אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ קלאַסישן אינטעלעקט־פּעכטער, וואָס פאַרטרעט דעם פיזישן כוח מיט דער געלײַטערטער קראַפט פון זײַן גײַסט. דערצו פאַרמאָגט ער אַ פּאָר אומרויִקע, דורכדרינגענדיקע אויגן וואָס קוקן אַרײַן אין די טיפענישן פונעם מיטשמועסערס געדאַנק, אויגן וועגן וועלכע מען מעג זאָגן אַז זיי שײַנען מיט אַ געזונטער נערוועזיש־קייט. נערוון זײַנען אַ ירושה־זאַך וועגן וועלכער מיר וועלן זיך דאָ נישט מאריך זײַן. פאַר וועמען זיי זײַנען אַ שטער — פאַר צעלניקן זײַנען זיי אַ ברכה, ווײַל זיי שטויסן אים כסדר צו זײַן אַקטיוו און אויפטועריש אויפן אינטעלעקטועלן געביט. ער געהערט צו אַ פּאָליטישער שטרעמונג וואָס גייט־צו צום ציוניזם מיט אַ שאַרף־עקסטרעמען צוגאַנג. און מיט אים טרעפט נישט ווי מיט אַ סך אַנדערע, וואָס מיטן לויף פון דער צײַט ווערט זייער מיליטאַנטישקייט מילדער, אָפּגעלאָשן. גאָר אַנדערש איז בײַ צעלניקן: הײַנט פונקט ווי געכטן האַלט ער זיך פעסט בײַ זײַן רעוויזיאָניזם און ער גייט־נאָך נאָך די פּרינציפּן, געדאַנקען און אידעאָלאָגישע פּאָנען פון זײַן מנהיג וולאַ־

דימיר זשאַבאָטינסקי, מיטן אייגענעם ברען ווי ווען ער איז צו זיי צוגע־
שטאַנען אין זײַנע יונגע יאָרן. איבעריקנס, איז רעוויזיאָניזם פֿאַר אליעזר
צעלניק אַ הייליקע פֿאַמיליע־ירושה, ווײַל סײַ זײַן פֿאָטער ע״ה, סײַ אַלע זײַ־
נע ברידער, האָבן באַלאַנגט צום רעכטן לאַגער אין ציוניזם. און פּונקט ווי
אליעזר טרעט נישט אָפּ ווען דאָס לעבן באַעוולט אים, נאָך ווינציקער איז
ער גרייט צו פֿאַרבייגן זײַן אידעאַל. רעוויזיאָניזם איז זײַן תורה, די גײַס־



דער בית מדרש פֿון דער אַשכנזישער געמיינדע

טיקע שפּײַז וואָס אָן איר וואָלט זײַן לעבן קיין באַטײַט נישט געהאַט. די
וואָס קענען מיך פֿאַרשטייען באַלד אַז דאָס זינג איך נישט קיין לויבגעזאַנגען
צעלניקן, ווײַל אידעאָלאָגיש האָבן מיר קיין מאָל נישט געהאַט קיין בשות־
פֿותדיקע איבערצײַגונגען. פֿאַרקערט, אויף דעם געביט האָבן מיר זיך אַלע
מאָל געהאַלטן ווײַט איינער פֿונעם אַנדערן. צעלניק מוז אַוודאי זײַן אַ קנאַ־

פער אָנהענגער פון סאָציאַליזם, בשעת פאַר מיר איז סאָציאַליזם — סאָציאַ־ליזם „מיט אַ מענטשלעכן פנים!“ — ניט מיט קיין סאָוועטישן פּרצוף — די אידעאַלע רפואה פאַר דער מענטשהייטס פּראָבלעמען און צרות, אַ הייליקער אופן זיך פאַרצושטעלן דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן אויף דער וועלט. אַ חוץ אָבער די אידעאָלאָגישע גרענעצן, זײַנען צווישן אונדז קיין מחיצות, קיין אָפּטיילן נישט פאַראַן. פאַר מיר איז קלאָר וואָס פאַר אַ וויכטיקע ראָלע ער שפּילט אינעם לעבן פונעם קאָלאָמביאַנער ייִדישן ישוב. און איך ווייס אויך אַז ער שאַצט־אָפּ מײַנע אָנשטרענגונגען און מײַן ווילן ווי צום בעסטן צו באַדינען דעם ישוב. אַזוי אַרום אַז די נאָענטקייט איז צווישן אונדז גרע־סער ווי דער אונטערשייד. און איינס ווייסן מירביידע מיט דער פולסטער זיכערקייט: אַז אונדז בינדן אייביקע פעדעם פון פרײַנדשאַפט און קעגנזײַ־טיקער סימפּאַטיע, און אַז די גרעסטע טובה קומט אַרויס דערפון פאַר אונד־זער ישוב.

אַן ערן־קוואַטערשאַפט

פאַר אַ סך לייענערס וועט אַוודאי זײַן אינטערעסאַנט צו וויסן ווי אַזוי דער זשורנאַל „מנורה“ איז געבוירן געוואָרן. מעשה שהיה כך היה: אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיטן איצט פאַרשטאָר־בענעם יצחק צעלניק ע״ה. אויב דער זשורנאַל עקסיסטירט שוין 25 יאָר, איז עס טאַקע געווען מיט 25 יאָר צוריק. מיר ווייסן שוין וועלכע זײַנען גע־ווען אונדזערע אידעאָלאָגישע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן; דאָך, גענוי ווי אינעם פאַל פון אליעזר צעלניק, האָט דאָס נישט געמינערט אונדזער קעגנזײַטיקע פרײַנדשאַפט און דרך־ארץ. מיר האָבן זיך געגריסט און זיך געלאָזט גיין, פאַרשמועסטע, איבער דער זיבעטער „קאַררעראַ“, דרום־צו פון דער 22סטער גאַס. יצחק פאַרטרויט מיר, אַז ער האָט בדעה אַרויסצוגעבן קיין ישראל. דאָ קומט מיר אויפן געדאַנק אים צו סוגערירן, אַז לויט מיר נאָך איז דאָס פאַסיקע, אין דעם מאָמענט פון זײַן לעבן, צו באַשליסן פאַרבלײַבן אין לאַנד און אָנצוווענדן זײַן גרויסע זשורנאַליסטישע פעיִקייט און זײַן באַרוף פון אַ גײַסטיקן וועגווײַזער, צו דער אויפגאַבע פון גרינדן און רעדאַגירן אַ זשור־נאַל וואָס זאָל שטיין צו דינסט דעם ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע אויף אַלע געביטן, אָבער דער עיקר אויפן אידעאָלאָגישן פעלד. איך קלער אים אויף

אַז אַזוי אַרום וועט ער נישט נאָר אויספּילן אַ נייטיקע שליחות פֿאַר אונדז אַלעמען, נאָר אַז דאָס קען אויך עפּעס מיינען אין שייכות מיט פּרנסה, און מיט דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זײַן ציוניסטישן אידעאַל. איך ווייס גאַנץ קלאָר אַז איך האָלט אין אונטערטראָגן געדאַנקען אַ מענטשן וואָס איז אַ קעגנער אויפֿן אידעאָלאָגישן געביט, אָבער איך וויל דאָך פֿאָרט מיר זאָלן פֿאַרמאָגן אַזאַ פּובליקאַציע, און דאָס איז דאָך פֿאָרט אונדזער אַ טיפֿער באַגער. דערפֿאַר, טראַכט איך מיר, אויב יצחק איז מסוגל אונדז צו געבן אַזאַ מין זשורנאַל, דאַרף מען זײַן בכוח זיך צו שטעלן העכער פֿון אַלע חשבונות און אויסרעכענונגען. הכלל — מײַנע רייד זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין יצחק צעלניקס געמיט, און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „כדאי צו מאַכן דעם פּרווו". פֿון דעמאָלט אָן און ווײַטער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דעם דאָזיקן פּלאַן און אים פֿאַרווירקלעכט אין לעבן. אין גיכן נאָך דעם איז אין אַ גוטער שעה אויפֿגעקומען דער זשורנאַל „מנורה". הײַנט צו טאָג, ווען די אויסגאַבע ציילט שוין 25 יאָר, האַלט איך פֿאַר אַ זכות, וואָס איך בין אויף אַזאַ אומגעריכטן אופֿן געוווען אַ שותּף צו זײַן געבורט, און איך געניס פֿון מײַנע תּמיד שטײַגנדיקע נחת־אַקציעס אין דער דאָזיקער דערהויבענער אינטעלעקטועלער אונטערנעמונג. איך באַטאָן נאָך אַ מאָל אַז ,ווי אַ מענטש מיט אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישן געדאַנקען־גאַנג, האָב איך גלײַך פֿון אָנהייב געוווסט אַז אינעם זשורנאַל וואָס איך האָב צוגערעדט צו שאַפֿן דווקא אַ מענטשן פֿון עקסטרעמען רעכטס, וועלן מײַנע איבערצײַגונגען קיין פּלאַץ נישט געפֿינען. בפרט נאָך אין יענע צײַטן, ווען די קעגנערשאַפֿט צווישן ביידע לאַגערן איז געווען אַ שאַרפֿע און ס'וואָלט געווען נאַיוו צו טראַכטן אַז די רעכטע, וואָס מיר האָבן זיי באַצייכנט ווי רעאַקציאָנערן און שאָוויניסטן, וועלן אונדז צולאָזן צו זייער אָרגאַן. בכל־אופֿן, נישט אין דעם איז מיר געגאַנגען, נאָר די העכערע כוונה פֿון אַ קולטורעלער שאַפֿונג. פֿאַר מיר איז געווען אומגעהייער וויכטיק אַז אין אונדזער ישוב, אַ פֿאַריתומטע אויפֿן פּרעסע־געביט, זאָלן זיך באַווײַזן די דאָזיקע בלעטער, וועלכע האָבן מיט דער צײַט דורכגעפֿירט אַזאַ חשובע און ווירדיקע שליחות.

פֿון דעם וואָס כ'האָב פֿריִער דערציילט וועגן אליעזר צעלניקן, דעם פּיאָנער פֿון דער גרויסער אַרבעט פֿון זשורנאַל „מנורה", ווייסט שוין דער לייענער ווי אומבייגעוודיק ס'איז זײַן ליניע אויפֿן אידעאָלאָגישן פֿעלד. דאָס

איז אַ באמת גאַנצער מענטש, און מיט גאַנצקייט שטעלט ער זיך אַוועק אַנט־
קעגן יעדן אויסדרוק פון שנאה אָדער פון שנאת־חינם, פון אומזיסטער פײַנד־
שאַפט וואָס טרעפט, צום באַדויערן, יעדן איינעם. דערפאַר איז ער אָבער
אַ געטרײַער פרײַנד, אַן אָפן האַרץ פאַר די אַלע, וועלכע זײַנען דאָס ווערט.
מעגלעך אַז אָט די שטרענגקייט פון זײַן טעמפּעראַמענט ברענגט דערצו, אַז
געוויסע קרײַזן פון ישוב פאַרשטייען טייל מאָל נישט אליעזר צעלניקן. אָבער



אַ באַערונג לכבוד שלמה לאהוט בעת זײַן באַזוך לטובת דער מגבית־אַקציע. חיהלע
אווילֿיא, פרוי פון שגריר, נעמט אויף די געסט אין דער אַמבאַסאַדע

פרײַנד אליעזרס טבע איז שוין אַזאַ, אַז ער קומט נישט אָן צו חניפה און
ביליקע לויבווערטער כדי צוצוציִען מענטשן. בײַ אים גילט נישט קיין צוויי־
פּנימדיקייט. וואָס שײַך די אָפּשאַצונגען וועגן זײַן זשורנאַליסטישער און
קולטור־וועגווײַזערישער אַרבעט אינעם ישוב, זײַנען אַלע מסכים אַז זי
שטייט אויפן העכסטן ניוואָ. נישטאָ כמעט קיין ייִדישע היים אין קאָלאָמביע
ווו זײַן וואָרט זאָל נישט דערגיין. דאָך, קען מען נישט זאָגן אַז דער לוין

פֿון זײַן מי זאָל זײַן אַ גרויסער. ס'איז זיכער אַז דער שכר פֿאַר זײַן אָנ־שטרענגונג איז ווײַט נישט קיין יושרדיקער. אָבער ער באַקלאָגט זיך נישט. ער נעמט־אָן סטאָיִש די שווערקייטן פֿון זײַן שליחות. פֿאַר אים איז די בעסטע באַלוינונג אַז דער זשורנאַל זאָל נישט אויפֿהערן רעגולער צו דער־שײַנען; דאָס איז איינע פֿון די גרויסע מעלות וואָס אַלע אָנערקענען דער פּובליקאַציע, באַגלײַך מיט איר הויכער מדרגה, ווי אויך דעם פֿאַקט וואָס זי פֿאַרטיידיקט מוטיק איר אײַנשטעלונג אַנטקעגן כל המינים אָפֿענע און באַהאַלטענע קעגנערס. צעלניקס פֿעדער איז אָפֿט מאָל איראָניש און שאַרף ווי אַ חלף, און איך דערוועג זיך צו זאָגן, אַז ווינציק ייִדישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן פֿאַרמאָגן אַין אונדזערע צײַטן אַזאַ אומדערשראָקענע גרייט־קייט צו קעמפֿן פֿאַר זייערע איבערצײַגונגען. מיר אַלע באַוווּנדערן אים צוליב דעם און מיר אָנערקענען מיט דאַנקשאַפֿט זײַנע פֿאַרדינסטן.

טאָמער איז אים ווינציק די טרחה פֿון אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „מנורה", געפֿינט נאָך אליעזר צעלניק גענוג צײַט אָנצושרײַבן זײַנע אייגענע ביכער, וואָס דאָס איז שוין פֿאַרבונדן מיט מסירת־נפֿש, מיט אַן אויסערגעוויינטלע־כער איבערגעגעבנקייט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַן אַלגעמיינע געשיכטע פֿון ציוניזם. ווען כ'האָב אים געפֿרעגט ווי לאַנג ס'האָט בײַ אים גענומען צו־צוגרייטן דאָס בוך, האָט ער מיך איבעררעאַשט מיט זײַן ענטפֿער: נישט מער ווי דרײַ חדשים. דאָ האָבן מיר נאָך אַ באַווײַז פֿון זײַן דינאַמיזם און גײַס־טיקער דיסציפּלין, צוויי אייגנשאַפֿטן וואָס נישט סתם ווען ווערן זיי גע־שאָנקען. דערצו האָט ער מיר דערציילט אַז איין אינטעלעקטועלע שאַפֿונג איז אים נישט גענוג און אַז ער גיט זיך שוין אָפּ מיט אַ צווייט ווערק. און דאָס מיינט אַ מוראדיקע אָנשטרענגונג און אַ גרויסער אויפֿטו, ווײַל מען דאַרף געדענקען, אַז אינטעלעקטועלע מעצענאָטן זײַנען אַן עניַן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט און אַרויסגעבן אַ בוך קאָסט הײַנט אָפֿ אַ מטמון מיט געלט. אָבער טאָקע ווײַל זײַן טעמפּעראַמענט איז אַזאַ ווי מיר האָבן באַשריבן, מעגן מיר זיכער זײַן אַז פֿרײַנד אליעזר צעלניקס צווייטע גײַסטיקע שאַפֿונג וועט בקרוב זיך באַווײַזן אויפֿן ביכערמאַרק. און דאָס וועט געוויס זײַן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אים, אַ וואָגיק ווערק פֿון הויכן קולטור־אינטערעס.

## שמעון גובערק

### צעלניק דער פוטבאָליסט

אַז איך דערצייל שוין וועגן מײַן פרײַנד אליעזר צעלניק, דערמאָן איך זיך זכרונות פון מיט 35 יאָר צוריק און ער שטייט מיר פאַר די אויגן ווי איך האָב אים דעמאָלט געזען, שפּילנדיק התלהבותדיק, ענטוזיאַסטיש אין פוטבאָל, צוזאַמען מיט זײַן ברודער יעקב, ווי אַ מיטגליד פון דער ערשטער „בר־כוכבא"־מאַנשאַפט וואָס איך האָב געשאַפן אין 1937. דאָס איז געווען דער פּיאָנער פון יידישן ספּאָרט־לעבן אין אונדזער באָגאָטאַ. דעמאָלט זײַנען די ברידער צעלניק נאָך געווען צוויי שולייִנגלעך און מיר האָבן זיך נישט געקענט פאַרשטעלן וואָס עס דערוואַרט זיי אין דער צוקונפט. אויף אליעזר צעלניקס חלק איז אויסגעפאַלן, אין דער סימבאָלישער פוטבאָלשפּיל פון לעבן, צו געהערן צווישן דער קעמפערישער מחנה פון די אינטעלעקטועלע פאַרטיידיקערס פון דער יידישער זאַך, וועלכע פאַרשפּילט נישט און קענען נישט פאַרשפּילן קיין איין פאַרמעסט, נאָר זיי גייען אַלץ מחיל אל חיל, פון איין נצחון צום צווייטן.

### זײַנע עלטערן

די דערמאָנונג פון צעלניקס עלטערן פאַרנעמט אויך אַ קאַפּיטל אין אונדזער זכרון: יוסף־הענעך צעלניק און זײַן ליבע פרוי. ר׳ יוסף איז גאָר פרי אַוועק פון דער וועלט. דאָס אייגענע זײַן לעבנס־באַגלייטערין. אַ גאַנץ לעבן האָט ער שווער געהאָרעוועט אויסצוהאַלטן די משפחה און האָט קיין מאָל נישט אויפגעגעבן, נישט אין געדאַנק, נישט אין זײַנע מעשים, דעם אידעאַל פון רעוויזיאָניסטישן ציוניזם. זשאַבאָטינסקי איז געווען זײַן נביא און ער האָט אים פאַרגעטערט, אויף וויפל אַזאַ באמת פרומער ייִד קען עמעצן פאַרגעטערן מחוץ דעם גאָט פון ישראל, ווענען ער האָט אַלע זײַנע טעג געטראָגן טיף אין האַרצן. ער האָט דעם זוימען פון זײַנע אידייען פאַרזייט אין אַלע זײַנע קינדער, און זיי האָבן די דאָזיקע ירושה פאַרהייליקט. דער בכור, עזריאל, האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן ביכער־געשעפט, געוואָרן אַ מוכר־ספרים. זײַן ערשטער אידעאַל איז געווען צו פאַרשפּרייטן נאָר אָריגינעל־ייִדישע ווערק און זייערע איבערזעצונגען אויף שפּאַניש. אין טשאַפּיאָנעראָ זעצט ער פאָר מיט געטרײַשאַפט די דאָזיקע אויפגאַבע.

אליעזר צעלניק איז ממשיך, פּונקט ווי אין זײַנע יונגע יאָרן, מיט די וויכטיקע אינטעלעקטועלע אויפֿטוען וואָס ער האָט אונטערגענומען. ער האַלט ערשט אין מיטן וועג און שפּאַנט זיכער, פֿול מיט גלויבן און מיט ענערגיע. גאָט צו דאַנקען. און הלוואי ווײַטער.




ספּאָרטלער פֿון דער מכביאַדע, וואָס קומט פֿאָר יעדעס יאָר אין אַן אַנדער שטאָט פֿון לאַנד. ס׳וועט בקרוב פֿאָרקומען די 12טע מכביאַדע

# ישראל פלינט

ער איז געבוירן געוואָרן אין פּיאָסעטשנאָ, אַ שטעטעלע נאָענט צו וואַרשע. ר׳ ישראל פלינט איז אַ ייִד וואָס האַלט־אָן אַן אויסגעצייכנטן יוגנט־לעבן אויסזען, ווי ער וואָלט אויסגעפונען דעם סוד, ווי אַזוי קיין מאָל נישט פאַרעלטערט צו ווערן. ער איז אַ שלאַנקער און זײַן קאָפּ צירט זיך נאָך אינגעם פולן באַפּוץ פון די האָר. אַ ברייטער שטערן, קלוגע און גוטמוטיקע אויגן — אַלץ אין אים דערציילט וועגן אַ מענטשן וואָס וויס ווי אָפּצוהיטן דעם אוצר פון זײַן געזונט און וואָס מאַכט דעם רושם, אַז ער האָט נאָך גאָר לאַנגע יאָרן צום לעבן.

מיט ר׳ ישראלן זײַנען מיר שוין פערציק יאָר תושבים אונטער די הימלען פון באָגאָטאָ, ליבלעכע הימלען, סך־הכל נישט אַזעלכע בלויע און אויך נישט גאָר גרויע, נאָר הימלען וואָס וועקן צו האָפענונג, ווי אַרום מען זאָל אויף זיי נישט קוקן. ער איז אַ געניטער סוחר און אינדוסטריאַל, וואָס האָט דעם טאַלאַנט צו טאָן זײַן אַרבעט בשלימות, מיט שכל־הישר. ער האָט נישט ליב מען זאָל אים רעכענען צווישן די אָנפירנדיקע עסקנים. ער האָט די גרעסטע הנאה ווען ער איז זיכער אין דער גוטער אויפפירונג פון ייִדישן כלל, און עס טוט אים בפירוש וויי ווען דאָס איז נישט אַזוי. אויספירן די פערזענלעכע און נאַציאָנאַלע פליכטן איז בײַ אים אַ מין רעליגיע. אין דעם זינען, איז זײַן לעבן אַ מוסטער. צו זײַנע אַנדערע גוטע מעלות דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז ער איז אַ געשווירענער אָפּנעמער פון אַלע סחורות וואָס האָבן צו טאָן מיט גײַסטיקער און קולטורעלער שעפערישקייט: ביכער, זשורנאַלן, צײַטונגען אאַז״וו.

געווען אַ צײַט ווען פרײַנד פלינט איז געווען דער פאָרזיצער פון אַ קאָמיטעט פאַר מדינת ישראל. ער האָט די אויפגאַבע דורכגעפירט אויף אַ

מוסטערדיקן, אָרנטלעכן אופֿן. עטלעכע מאָל האָבן מיר געהאַט דאָס פֿאַר־געניגן זיך צו פֿאַרזאַמלען בײַ אים אין שטוב. דאָרטן האָבן מיר פֿאַרבראַכט געמיטלעך, אומפֿאַרגעסלעכע שעהען, טוענדיק פֿאַר אונדזערע טײַערסטע אידעאַלן. אַנדערע זיצונגען האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אין אַנדערע ערטער, אָבער אַלע מאָל האָבן זיי אונדז איבערגעלאָזט אַ פֿאַרגעניגנדיקן געשמאַק.



אויף אַ קולטור־מסיבה לכבוד דעם ד״ר באַרילקאָ צום דערשײַנען פֿון זײַן בוך.
אויפֿן בילד, הָעכטס: — ראַבינער פֿרידהענדלער, שמעון גובערעק, ד״ר מילהעלם,
ד״ר רעיניס

און דאָס אַ דאַנק פֿרײַנד ישׂראלס פּערזענלעכקייט און אויך אַ דאַנק דער פֿײַנקייט און צויבער פֿון זײַן לעבנס־באַגלייטערין, פֿרידאַ ליליענטאַל־פּלינט. זי איז אַלע מאָל געווען זײַן בעטרײַע אַרויסהעלפֿערין און האָט אים כּסדר געמוטיקט מיט איר האַרציקייט און אידעלער באַנעמונג.

מיר געדענקען ישׂראלן נאָך ווי אַ בחור. זײַן איצטיקן עקאָנאָמישן מצב האָט ער דערגרייכט נישט סתּם אַזוי. ער איז דאָך עפּעס אײַנער פֿון יענעם

דור אימיגראַנטן וואָס מיר האָבן געשילדערט אין אונדזערע ביכער, וואָס עס האָט זיי געקאָסט שוויס און טרערן איבערצוקומען אַלע שטרויכלונגען און זיך אַרויפאַרבעטן אויף אַ סטאַבילער מאַטעריעלער פּאָזיציע. אויף אַט דעם אָנגעשטרענגטן וועג האָט פרײַנד פּלינט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ גוטער פינאַנסיסט, וועלכער רעכנט־אויס זײַנע בודזשעטן פּאַמעלעך אָבער זיכער. ער איז געגאַנגען מיט זיכערן טראָט און באַוויזן זײַן טאַלאַנט. כאָטש ער האָט אַ גאַנץ לעבן זיך אָפּגעגעבן בעיקר מיט מסחר, האָט ער שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ מעסיקייט, אַ באַזאָכטן ישוב־הדעת וואָס איז זעלטן צו טרעפן אין אַ באַרוף, וואָס ציט אַרײַן אַ סך מענטשן מער ווי ס׳וואָלט געוועזן געווונטשן. קאָמערץ איז ווי אַ ווילד פערד: מען דאַרף קענען האַלטן פעסט די לייצעס, אַז נישט — איז געפערלעך. פּלינט איז אָבער פון די וואָס האַנדלען אין לעבן לויטן פּראַקטישן שכל: אַ מענטשן קען נישט צו פיל אַרומנעמען. „תפסת מרובה — לא תפסת״; טײַטש: דו מיינסט, אַז דו האָסט אַ סך אַרײַנגעכאַפּט, און דער אמת איז, אַז דו האָסט גאָרנישט. און פרײַנד ישראל איז אויסגערעכנט, פּראַקטיש, נישט פון די צעהיצטע.

צוזאַמען מיט עטלעכע אויסגעצייכנטע שותּפים האָט ער אַנומלט אויפגעשטעלט אַ וועבערײַ, און פון דאָרטן האָט ער זיך נישט געוואָלט רירן. ער ווייסט, אַז דאָס אייגענע לעבן דאַרף מען שוינען און אַז פיל סכנות לויערן ווען מען נעמט גיין אויף פאַרדרייטע וועגן. ער איז טיף איבערצײַגט אַז דאָס לעבן איז נישט קיין געלויף, און אַז ס׳האָט נישט קיין זינען זיך צו וועלן איינע די אַנדערע אַריבעריאָגן ווען סך־הכל פירט דער וועג אונדז אַלעמען צום זעלביקן אויסלאָז.

אַזוי ווי כ׳האָב ליב צו מאָל זיך אַרײַנצולאָזן אין טראַכטענישן, קלער איך אַצינד וועגן עפּעס וואָס האָט אַלע מאָל מיר אויסגעזען טשיקאַווע: עס טרעפט אַז דווקא די מענטשן, וועלכע מײַדן אויס דעם געדאַנק וועגן טויט, שטאַרבן אומגעריכט און פאַר דער צײַט, און קאַפּויער: די וואָס געדענקען, אַז דער סוף קען זיי אין יעדער מינוט דערגרייכן, לעבן אַרײַן ביז אין הויכן עלטער.

ישראל פּלינטס גוטסקייט און ברייטהאַרציקייט זײַנען אַ שם־דבר, אַ זאַך וואָס איז דאָ אַלעמען באַוווּסט. אין זײַן ביוראָ נעמט ער אויף יעדערן, נישט ווי אַן עסקן וואָס האָט אין זינען דעם בײַטראַג, נאָר ווי אַ האַרציקער

פֿרײַנד. פֿאַר אַלעמען איז בײַ אים דאָ אַ שטול צום זיצן, אַ שמעקעדיק קאַ־וועלע און דער עיקר — אַ גוט וואָרט וואָס באַלעבט און דערמוטיקט און העלפֿט קוקן אָפּטימיסטיש אויפֿן גאַנצן אַרום.

פֿלינט איז אַ פֿיגור וואָס באַצירט אונדזער ישוב; אַ מענטש מיט אַ חוש פֿאַר קולטור, פֿאַר בילדונג און פֿאַר פֿאָרשונג. זײַן רײַכע ביבליאָטעק איז אַן אָאַזיס פֿון חכמה; ער געהערט צו דער דערהויבענער ברידערשאַפֿט פֿון די פֿרײַנד און ליבהאָבערס פֿון בוך; צו די יעניקע וואָס ווייסן אָפּצושאַצן די מאָטיוון וואָס שטויסן מענטשן, און מיר צווישן זיי, צום דאָן קיכאָטישן ענין פֿון אַרויסגעבן ביכער.



אַ יום־טוב פֿון פּורים אין דער ייִדישער שול

# סאַמועל מעלער — אַ פֿרײַנד אין קראָקאָס

ווען איך ברענג אויפֿן זכרון אַזעלכע אייגנאַרטיקע געשטאַלטן ווי פֿרײַנד סאַמועל מעלער, ווער איך דורכגענומען מיט געמישטע געפֿילן: פֿון איין זײַט אַ טיפֿע און אויפֿריכטיקע צופֿרידנקייט, און פֿון דער אַנדערער זײַט ווידערווילן און פֿאַרביטערונג. די פֿאַרביטערונג איז אַ פּועל־יוצא פֿון צוזען ווי די מענטשהייט איז ווי אַ ברויזנדיקער און צעשטורעמטער ים וווּ עס קאָנען זיך געפֿינען די סאַמע קעגנזעצלעכסטע כאַראַקטערן, און צום גרויסן באַדויערן מוזן מיר מודה ומתוודה זײַן, אַז די גוטע צווישן זיי זײַנען ווײַט נישט קיין מערהייט. מײַן צופֿרידנקייט נעמט זיך דערפֿון וואָס ס׳איז דאָך מעגלעך צו פֿאַרצייכענען אויף אונדזער לעבנסוועג אַ ריי אײדעלע פּערזענ־לעכקייטן, און לסוף קומט מײַן ווידערווילן ווי אַ רעאַקציע צום גאַנצן פּסולת וואָס מיר טרעפֿן־אָן, טאָג־אײַן, טאָג־אויס, אויף אונדזער וועג; ס׳איז איבע־ריק צוצוגעבן אַז בלויז מיט אונדזער אָפּווײַכונג איז די פּראָבלעם ווײַט נישט געלייזט — איין שוואַלב מאַכט נישט קיין זומער. דאַקעגן ווען עס זאָל זיך געפֿינען אין אַ גרעסערער מאָס דער געזונטער און אָפּפערוויליקער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָלט די וועלט נישט אויסגעזען אַזוי צעטומלט, דער־שיטערט, פֿול מיט אומגלויבן און פֿאַרצווייפֿלונג. ווען מיר וואָלטן דאָס אַלץ געקאָנט איבערקומען, וואָלט נישט עקסיסטירט דאָס וואָס אונדזערע ספֿרים באַצייכענען אַלס „עמק הבכא״, נאָר מיר וואָלטן געלעבט אין אַן אמתן גן־עדן.

די דאָזיקע באַהויפּטונגען זײַנען מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, בעת איך האָב זיך געגרייט צו שילדערן די גײַסטרײַכע פּערזענלעכקייט פֿון פּ׳ סאַמועל מעלער, וועלכער האָט אויסגעקליבן די שטאָט קראָקאָס פֿאַר זײַן געזעל־שאַפֿטלעכער און אַלגעמיינער טעטיקייט.

ער איז אַ געבוירענער אין יעדינעץ (בעסאַראַביע), אַ געגנט וואָס איז געווען אונטער צאַרישער הערשאַפֿט פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה; דער־נאָך איז זי אַריבער צו רומעניע, און היינט־צו־טאָג איז זי אין די הענט פֿון די יורשים פֿון צאַריזם. פֿאַרן דריטן חורבן האָבן דאָרט צוזאַמענגעלעבט אַ מיליאָן ייִדן, וועלכע האָבן געפֿירט אַ געזונט עקאָנאָמיש לעבן און געהאַט פּרנסה פֿון פֿאַרשיידענע מלאכות. דאָס לעבן איז אָנגעגאַנגען ווי אין אַן



אַ יום הזכרון נאָך די געפֿאַלענע ישראל־העלדן אין דער ספרדישער שול. אויף דער בימה דער פּריזידענט פֿון דער אַשכנזישער קהילה

אידיליע — אַלץ איז געווען דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפֿט בין אָדם לחברו. מען איז געווען גליקלעך צו פֿאַרמאָגן אַן אייגן שטיקל ערד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די נייטיקע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן פֿאַר דער הויז־באַלעבאַטישקייט. געוויס האָט אויך נישט געפֿעלט קיין פֿרישינקע מילך, גלייך פֿון דער קו; וואָס אַלץ האָבן אונדזערע מאַמעס און באָבעס נישט גע־וווסט צוצוגרייטן מיט דער פֿריש־געמאָלקענער מילך? מעדני מלך וואָס זייער

טעם ליגט נאָך אין מויל ביז הײַנטיקן טאָג, און דאָס אַלץ אָן שום קאַמפּ־ליצירטע משונהדיקע רעצעפּטן. פון יענע צײַטן ביז איצט איז אָן אונטער־שייד ווי פון טאָג צו נאַכט.

עס איז אויך איבעריק צו באַמערקן אַז יענע ביבלישע פרויען — אונד־זערע מאַמעס, באָבעס און עלטערבאָבעס —, האָבן בכלל נישט געוווּסט וועגן די הײַנטצײַטיקע שיינהייט־סאַלאָנען, ווו די פרוי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין גולם, ווען נישט אין אַ פאַרזעעניש וואָס רופט־אַרויס אַ שוידער, נאָך דעם ווי די שמינק־מאַסקע אויף איר פּנים ווערט צעפּלאַסן. פון דעסט וועגן, איז די קאָסמעטיק־אינדוסטריע איינע פון די דערפאָלגרײַכסטע אויף דער וועלט הײַנט־צו־טאָג, הגם ס'איז אַ גרויסע פראַגע צי זי איז טאַקע אַזוי ניצלעך און נויטווענדיק... די נאַטירלעכע שיינקייט פון די אַמאָליקע פרויען, וואָס איז געקומען בדרך הטבע, איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש! דאָס זעל־ביקע וואָס שײַך זייער קליידונג, זויבער און צניעותדיק, אָן די פּילע פּוצע־רײַען פון דער איצטיקער פרויען־מאָדע מיט אירע שרײַענדיקע פאַרבן און וואַריאַציעס: אַ נײַע „דיקטאַטור" אָדער געשעפט פון אַבאַשטימטן קרײַז...

עס בלײַבן שוין נישט מער אַזעלכע אידילישע ייִדישע היימען ווי אין אַמאָליקע צײַטן, אין אייראָפּע, ווו אַלצדינג האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם אייגענעם הויזגעזינד. די פרוי איז געווען דאַן אַן אמתע בת־מלכּה וואָס האָט אָבער נישט מינדערגעשעצט די פאַרשיידענע שטוב־אַרבעטן, נאָר זיך אָפּגעגעבן פערזענלעך מיט דער באַלעבאַטישקייט, איבער הויפּט מיט דער קיך, ווו זי פלעגט באַווײַזן אמתע וווּנדער אויפן דאָזיקן געביט. דאָס זײַנען געווען גאָר אַנדערע צײַטן — מען האָט געפירט אַ רויִק און באַשיידן לעבן, אָן דער פאַרשווענדערישקייט און בהלה וואָס כאַראַקטערי־זירט אונדזער תקופה. יענע עפּאָכע איז שוין ווײַט פון אונדז, צום באַ־דויערן...

*

טאַקע פון יענער טראַדיציאָנעלער סביבה, מיט איר שיינעם לעבנ־שטייגער, איז געקומען אויף לאַטײַן־אַמעריקאַנער באָדן אַ יונגער אימי־גראַנט. פילוויניקער אין 30ער יאָר האָט ער שוין געוווינט אין דער קאָ־לאָמביאַנער שטאָט פּאַלמירע, אָבער נאָך אין זעלבן יאָר האָט ער באַשלאָסן

אַריבערצופֿאָרן קיין װענעסועלאַ, און אין דער הױפּטשטאָט קאַראַקאַס האָב איך געהאַט די זכיה צו באַקענען זיך מיט אים.

איך געדענק נאָך ביז הײַנט מיט װיפֿל װאַרעמקייט און פֿרײַנדשאַפֿט ער האָט מיך אױפֿגענומען דאָס ערשטע מאָל װאָס מיר האָבן זיך באַגעגנט אין קאַראַקאַס; ער איז דאַן געװען אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַן אַריס־טאָקראַטישע געשטאַלט, ציכטיק געקליידט, און זײַנע בלאָנדע האָר שטענדיק גוט פֿאַרקעמט, װי בײַ אַן ענגלישן „דאַנדי", אָבער זײַנע העלע אויגן האָבן געשײַנט מיט גוטסקייט און סימפּאַטיע. ער איז אײגנטימער פֿון אַ גרויסער שניטקראָם װוּ איר קאָנט געפֿינען דעם גרעסטן אויסוואַל פֿון ענגלישן שטאָף פֿאַר מענער־קאָנפֿעקציע. זײַן פֿירמע איז באַוווּסט אין אַלע סוחרישע קרײַזן, צווישן דעם גוטשטייענדיקן ייִדישן עלעמענט אין קאַראַקאַס און אין דער געזעלשאַפֿט בכלל. דער נאָמען סאַמועל מעלער איז גוט באַקאַנט אויך איי־סער די גרענעצן פֿון װענעסועלאַ, און געניסט פֿון אַן ערלעך־פֿאַרדינטן אָפּשײַ איבערן גאַנצן קאָנטינענט.

אין פֿאַרלויף פֿון מײַן װײַלן אין װענעסועלאַ בײַ יענער ערשטער געלעגנהייט. עס האָט מיך דעמאָלט געבראַכט אַהינצו דער פֿאָרלאַג צו עקספּאָרטירן אונדזערע טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען פֿון קאָלאָמביע צום שכנ־נותדיקן לאַנד. שפּעטער, אין מײַנע אָפּטערע רײַזעס קיין װענעסועלאַ מיטן זעלביקן צוועק, פֿלעג איך קודם־כל אָפּשטאָטן אַ באַזוך בײַם פֿרײַנד מעלער, האָבן מיט אים אַ געמיטלעכן שמועס, און דערנאָך אַרויסגיין צוזאַמען טרינ־קען אַ שוואַרצע קאַווע אינעם דערנעבנדיקן קאַפֿע־הויז בשכנות מיט זײַן געשעפֿט.

אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ דויערהאַפֿטיקע פֿרײַנדשאַפֿט, װאָס למען האמת ווייס איך נישט ווי אַזוי זי האָט זיך אָנגעהויבן, ווײַל מיר האָבן קיין מאָל נישט געוווּסט איינער פֿונעם אַנדערן; דער בלינדער גורל האָט אונדז צו־נויפֿגעפֿירט: מײַן ווייניקייט, מיט אים — דעם גרויסן אינדוסטריאַל און אימפּאָרטירער, וועלכער קומט אין קאָנטאַקט מיט די גרעסטע פֿינאַנציסטן אין װענעסועלאַ און קעניגט צווישן זיי. פֿון איין זײַט דער אָנערקענטער מנהיג פֿונעם קאַראַקאַסער ייִדישן ישוב, און פֿון דער צווייטער זײַט אני הקטן — דער פֿאַרליבטער אין אַלץ װאָס ייִדיש איז, דער אינדוסטריאַל אין אַ קלענערן פֿאַרנעם.

איך האָב אָנגעטראָפן אַזאַ אויפריכטיקע און וואַרעמע באַציִונג בײַם פרײַנד מעלער אין קאַראַקאַס, אויף וואָס איך האָב זיך אין גאַנצן נישט געריכט... פלאי פלאים! טאַקע געווען ווער עס האָט דערפילט די שליחות פון אַ מליץ יושר פאַר מײַנעטוועגן; צו ערשט דער טײַערער און אומפאַרגעסלעכער פרײַנד ד״ר אַהרון בענטשעטריט, וועלכער האָט געוויס איבערגעגעבן דעם פאַרדינסטפולן עסקן אין קאַראַקאַס וועגן מײַן באַשיידענער טעטיקייט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער אין באָגאָטאַ. דאָס האָט זיכער געווירקט אַז דער קבלת־פּנים אין דער רוישנדיקער קאַראַקאַס זאָל זײַן אַזאַ גאַסטפרײַנדלעכער; אין אַזעלכע פאַלן ווייסט מען אָפּצושאַצן די ווערט פון אַ האַרציק וואָרט מצד אַ געטרײַען חבר, וועלכער שאַצט איבער טייל מאָל אונדזערע ריכטיקע אײגנשאַפטן. אַזעלכע זשעסטן רופן אַרויס אַ בפירושע סאַטיספאַקציע ווען די סביבה אַרום אונדז איז מערסטנס אַ פאַרשלאָסענע און עגאָיִסטישע.

*

איך האָב די געהויבנסטע מיינונג וועגן דעם ייִדישן ישוב אין קאַראַקאַס. דאָס איז אַ בכבודיקע, אײַנגעפונדעוועטע קהילה, מיט אַ סך ווילע, אײדעלע און האַרציקע מענטשן וועלכע גרופירן זיך אַרום אַן ערשטראַנגיקן געזעלשאַפטלעכן מנהיג, וועמענס גוטער נאָמען איז דערגאַנגען צו די העכסטע שפּיצן; סאַמועל מעלער איז אַ וואָגיקע, אײַנפלוסרײַכע פיגור אינעם קאַראַקאַסער קהלישן לעבן. ער שפּיגלט־אָפּ דעם גײַסט פונעם גאַנצן ישוב, וועמענס ווירדיקער ראש־הקהל ער איז זיבנט יאָרן.

פרײַנד מעלער דאַרף אַלט זײַן הײַנט־צו־טאָג קרוב צו זיבעציק, עד מאה ועשרים; זײַן לעבנסוועג איז שטענדיק געווען אַ מוסטערהאַפטער, פול מיט מסירת נפש פאַר געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, און אויפן זעלבן דרך גייט ער כסדר אָן איבעררײַס; פאָלגלעך איז דאָ צו דערוואַרטן נאָך זייער אַ סך פון זײַנע זעלטענע פעִיקייטן און אידעאַליזם. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן נסיון פון גורל, מחמת דעם פאַרלוסט פון זײַן טײַערער פרוי, די אומפאַרגעסלעכע סאָניאַ ע״ה. איר פריצײַטיקע פטירה האָט איבערגעלאָזט אַ טיפע וווּנד אין זײַן האַרצן, גלײַך ווי די גרויסע שיף אויפן שטורמישן ים זאָל האָבן געשלאָגן געוואָרן דורך אַ העפּטיקער זאַווערוכע. ער איז ווײַטער דער זעלבער טיכטיקער סאַמועל מעלער

— דער אינדוסטריאַל און עסקן בצרכי ציבור —, אָבער ס׳איז נישט פֿאַראַן קיין ספק אַז עפּעס אין אים האָט זיך אָפּגעריסן. זײַן שווער, ר׳ ברוך שאַמיס, איז אויך נפטר געוואָרן מיט אַ קורצער צײַט צוריק.

*

אונדזער שרײַבסטיל באַשטייט אין קורצע שילדערונגען, אין וועלכע מיר באַמיִען זיך איבערצוגעבן ווי ווײַט מעגלעך אונדזערע מיינונגען און געדאַנקען, און פֿאַרצושטעלן מענטשן וועלכע האָבן פֿאַרדינט און פֿאַרדינען אונדזער פּיעטעט און אָנערקענונג. אָט־די באַשיידענע שורות זײַנען געשריבן מיט אַ געפֿיל פֿון דאַנקשאַפֿט און האַרציקער חברשאַפֿט פֿאַרן פֿרײַנד סאַמועל מעלער. זײַן אידעלע פּערזענלעכקייט און מוסטערהאַפֿטער לעבנס־וועג, באַוועגן אונדז אָנצוגיין ווײַטער מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און מוטיקן גאַנג, דעם קאַמף פֿאַר אַ בעסערער וועלט און שענערן יידישן לעבן.



פּורים אין אונדזער שול

# די ברידער לערנער פון קאַראַקאַס

איך זעץ זיך איצט אַוועק מיט מײַן חבר — די שרײַבמאַשינקע, — און כאָטש איך ווייס אַז דאָרט אין בוענאָס־אײַרעס זיצט נישט דער זעצער מיט קיין פאַרלייגטע הענט, און זיכער חלומט ער נישט, אַז דער באַגאַטאַנער מחבר האָט נאָך אַלץ אין זינען „אַרײַנצוכאַפּן", דאָך קען איך בײַ זיך נישט פועלן מוותר צו זײַן אויף צוויי חשובע פיגורן פון יידישן קאַראַקאַס. איך מיין דאָ די ברידער לערנער: חיים־יצחק ז"ל, און, אים צו לענגערע יאָר, יוסף.

איך האָב חיים־איציק לערנערן פערזענלעך נישט געקאַנט, ווײַל אין יענע יאָרן, ווען ער איז געווען אַזוי טעטיק און אויפטועריש אין קאַראַקאַס, האָב איך גאָר באַטראַכטן דעם באַגאַטאַנער באַדן. ממילא וועט מײַן דערמאַנען אים שטיין אַ מהלך ווײַט פון דעם אופן, ווי ער האָט זיך באמת פאַרדינט דערמאַנט צו ווערן. אָבער כאָטש איך קען מײַנע באַגרענעצונגען, מיין איך פאָרט, אַז מיר וועט זיך אײַנגעבן אים ווירדיק אײַנצושליסן אין די בלעטער פון מײַן בוך, ווו דער זכר זײַנער וועט פאַרבלײַבן ביז אַ באַרופענער היסטאָריקער — וועלכער וועט בלי־ספק אַ מאָל קומען — וועט געבן דאָס ריכטיקע בילד פונעם פּיאָנער פון ווענעזועלער יידישן ישוב און ערשטן פרעזידענט פון דער קהילה אין קאַראַקאַס.

דער יידישער ישוב פון ווענעזועלאַ, בראש מיט דער הויפּט־קהילה אין קאַראַקאַס, האָט זיך קונה־שם געווען אין דער גאַנצער יידישער וועלט מיט זײַן מוסטערדיקער אָרגאַניזאַציע און מיט זײַנע הויכע מעשים־טובים. נישט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוברענגען מײַן באַגײַסטערונג און דרך־ארץ פאַר דעם דאָזיקן ישוב. און עס טראַכט זיך, אַז אַ יידישער ציבור, וואָס האָט געקענט דערגרייכן אַזאַ מדרגה, האָט מסתמא געמוזט

האָבן פּערפֿעקטע אַרכיטעקטן, וועלכע האָבן מיט גרויס מײַסטערשאַפֿט גע־לייגט די פֿונדאַמענטן פֿון זײַן אָרגאַניזאַציע.

ר׳ חיים־יצחק איז געווען נאָר איינער צווישן דער גרויסער מאַסע ייִדישע אימיגראַנטן, געקומענע פֿון טראַדיציאָנעלע ייִדישע היימען, וואָס האָבן זייער גײַסטיקע יניקה געשעפּט נישט פֿון קיין אוניווערסיטעטן, נאָר פֿון פּשוטע חדרים, און געצײלטע יחידי־סגולה אַזש פֿון ישיבות. חיים־איציק איז געווען איינער פֿון זיי, אָבער צוזאַמען מיט זײַן אָרעמען באַגאַזש האָט ער מיטגעבראַכט קיין אַמעריקע דאָס אומגעהײַערע עשירות פֿון זײַן רעליגיעזער גײַסטיקער וועלט. ער איז געווען אַ בן־תורה, אַ למדן אין פּולן זינען פֿון וואָרט, און אַ נוח־לבריות דערצו. די ערשטע אימיגראַנטן אין קאַראַקאַס זײַנען, ווײַזט־אויס, געווען מבינים אויפֿן גלאַנץ פֿון זײַן אינע־ווייניקסטן ליכט, און זיי האָבן אים אויסגעצייכנט מיטן כבוד־טיטל ווי זייער ערשטן פּרעזידענט. זײַן פּאָרטרעט שטייט טאַקע בראש פֿון דער ריי געוועזענע אָנפֿירערס פֿון דער צענטראַלער אינסטיטוציע פֿון ייִדישן קאַ־ראַקאַס.

דער אַכזריותדיקער גורל האָט גוזר געווען, אַז אַזאַ טײַער לעבן זאָל פּריצײַטיק פֿאַרשניטן און אָוועקגעריסן ווערן — אַ מוראדיקע אבדה פֿאַרן ישוב און נאָך מער פֿאַר זײַנע אייגענע, אַ פֿרוי און צוויי טעכטער, וועלכע האָבן אים שוין נישט געטראָפֿן בײַם לעבן ווען זיי זײַנען אָריבערגעקומען פֿון דער אַלטער היים קיין אַמעריקע. אַגב, ר׳ חיים־איציק אַליין האָט פֿאַר־געפֿילט אַז דער מלאך־המוות וועט אים אָניאָגן נאָך איידער ער וועט זוכה זײַן נאָך אַ מאָל זיך צו זען מיט זײַנע ליבע און טײַערע. ער האָט זיך מיט דעם־אַ פֿינצטערן פֿאַרגעפֿיל געטיילט, בײַ אַ קאַפֿע־טישל, מיט זײַן פֿרײַנד מאַקס פֿריילין. לײַדער האָט זײַן אינסטינקט אים נישט פֿאַרפֿירט.

זײַן ליכטיקער אָנדענק לעבט ביז הײַנט צו טאָג אין דער אַלמנה און אין די צוויי געראָטענע טעכטער, די איצטיקע פֿרוי, פֿרוי דים און פֿרוי אַקערמאַן. זײַן ברודער, ר׳ יוסף לערנער, טראָגט אויך אין זיך דעם אייביקן טרויער נאָכן גרויסן נפֿטר, ער לעבט אָבער אויך מיט דעם אייגענעם אומרו און אינטערעס פֿאַרן ציבורדיקן לעבן, אין וועלכן ער באַטייליקט זיך אויף אַן אייגנאַרטיקן, טעמפּעראַמענטפֿולן אופֿן.

אַז אַ ייִד פֿון קליינעם אָרעמען בעסאַראַבער שטעטל נאָוויסעלעץ, איצט

אַ װענעסועלער תושב, לאָזט זיך קאָסטן אַ גרויסן פאַרמעגן אויף אַװעקצושטעלן אין ירושלים אַ דענקמאָל לזכר דעם גרויסן אַמעריקאַ־נער באַפרײַער און קאַראַקאַסער בן־עיר, סימאָן באָליװאַר, און פאַרט צו דער מאָנומענט־אַפּדעקונג צוזאַמען מיט אַ מלוכה־מיניסטער און אַנדערע הויכגעשטעלטע פיגורן — איז דאָס פאַר זיך אַליין אַ סימן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן עסקן נישט פון געװײנטלעכן שניט. װער עס באַקענט זיך מיט אַנדערע מאָמענטן פון ר׳ יוסף לערנערס (װעגן אים זײַנען דאָך די רייד) עפנטלעכע טעטיקייט, דער בשטעטיקט, אַז עס האַנדלט זיך װעגן אַ מענטשן מיט אַ ריזיקן אימפולס צו טאָן, װאָס האָט ליב זיך אונטערצו־נעמען גרויספאַרנעמיקע אויפגאַבעס, און איז דערבײַ אפשר נישט גענוג מקפיד אויסצוקומען בשלום מיט די מיינונגען פון די אַלע אַנדערע תושבים פון ישוב.

דעם נאָמען יוסף לערנער האָב איך געהערט זײַענדיק אין קאַראַקאַס אין די פופציקער יאָרן. כ׳האָב געװוּסט, אַז דער דאָזיקער בעסאַראַבער ייִד האָט זיך דאָרט אויפגעבויט אַ סאָלידע עקאָנאָמישע פּאָזיציע און אַז ער איז דווקא פון די יעניקע, װעלכע קלײַבן זיך יאָ פונאַנדער אין די שװאַרצע פינטעלעך. אָבער פערזענלעך האָב איך זיך מיט אים נישט באַקענט. ערשט איצט, אין די לעצטע צײַטן, איז פאַר מיר קלאָר געװאָרן ר׳ יוספס פער־זענלעכקייט, צוזאַמען מיט זײַן געזעלשאַפטלעכן געראַנגל, װעלכער האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ באַזונדערן אינטערעס. דאָס אַלץ צו פאַרשטיין, דאַרף מען זיך אַ ביסל באַקענען מיט דער געשיכטע פון ייִדישן ישוב אין װענעסועלאַ אין די לעצטע צװאַנציק יאָר.

פון אַלע צײַטן האָט דער זעלטענער ייִדישער ישוב אין קאַראַקאַס געהאַט אַ טבע אויסצוקלײַבן פאַר זייער גײַסטיקן לעבן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע. געלט איז בײַ ייִדן נישט געװען קיין מניעה. מען האָט גע־ברענגט אַ געװיסן יונגן רב, אויך פון בעסאַראַביע, מיטן נאָמען שאַפּיראָ. און אַזױ װי אַ רב דאַרף דאָך עפּעס טאָן, האָט ער זיך אַרומגעריגלט מיט אַ גרופּע ייִדן אין װעמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ר׳ װעלװל זיגעלבוים, און מען האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אויפצושטעלן אַ נײַעם מקום־קדוש. אמת, דאָס איז נישט געװען אין פולן הסכם מיט דער קהילה, אָבער ייִדן עקשנים, אַז זיי פאַרליבן זיך אין אַ אידיי, איז שוין נישט פאַראַן דער כוח

וואָס זאָל זיי אָפּשטעלן, בפֿרט נאָך אין קאַראַקאַס. די שול איז אויפֿגעבויט געוואָרן און מע האָט זי געקרוינט מיט אַ מאָדנעם נאָמען — די ראַבינאַט־שול. ווי נאָר מען האָט די נײַע שול אויפֿגעבויט אין סאַן בערנאַרדינאָ, איז אַנטשטאַנען אַ מחלוקת אין די רייען פֿון ישוב. פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען זײַנען מיר נישט בכוח דאָ אויסצוברײַען, אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז די הויפּט־באַלעבאַטים זײַנען געוואָרן גוואַלדיקע קעגנערס דעם רב שאַפּיראָ, אויף אַזוי ווײַט, אַ די קהילה האָט געפּועלט, דעקנדיק די אַנטשעדיקונג, אַז דער דערמאָנטער רב זאָל זיך דערווײַטערן פֿון זײַן אַמט און פֿון דער שטאָט. די ראַבינאַט־שול האָט אָבער ווײַטער עקסיסטירט, כאָטש אָן אַ רב; שפּעטער האָט זי צוגענומען נײַע כלי־קודש בראש מיט הרב ציוויאַק; דורך דער צײַט אויך באַוויזן אַנצוקלײַבן אַ היפּשן דעפֿיציט... עס האָט שוין כמעט געהאַלטן דערבײַ, מען זאָל דעם מקום־קודש, וואָס טראָגט דעם חשובן נאָמען „ראַבינאַט“, אַרויסשטעלן אויף ליציטאַציע...

ר' יוסף לערנער, וואָס האָט באַצאָלט דעם דעפֿיציט פֿון אַ מיליאָן באָליוואַרן (אַ —.250 טויזנט דאָלאַר), האָט אַזוי אַרום אויסגעמיטן אַ חילול־הקודש. דאָס האָט אָבער נישט דערליידיקט דעם סכסוך, ווײַל די שול איז אַריבער אויף זײַן נאָמען און דער קידער־ווידער מיט דער קהילה ציט זיך ווײַטער. ער שטעלט דער קהילה פֿאָדערונגען וועלכע זי קען נישט נאָכקומען. מאָטיוון, סיבות? מיט דעם האָבן מיר נישט צו טאָן, אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז אין קאַראַקאַס עקסיסטירן זײַט אַ פּאָר יאָר צוויי קהילות, און דאָס איז זיכער נישט קיין געזונטע דערשײַנונג. כאָטש די ערשטע קהילה, די „אוניאָן“, גרופּירט אַרום זיך די ווײַט־גרעסטע מיטגלידערשאַפֿט און האַלט אָן דעם קאָנטראָל איבער דער מוסטערדיקער שולסיסטעם, וואָס ווערט באַזוכט דורך אַלע 100 פּראָצענט ייִדישע קינדער פֿונעם ישוב, דאָך האָט די צווייטע אינסטיטוציע אויך אירע מיטגלידער, און ר' יוסף לערנער האָט, מיט זײַן כאַראַקטעריסטישער ענערגיע, אויסגעפֿירט זי זאָל פֿאַרמאָגן נישט נאָר אַ שול, נאָר אַפֿילו אַ בית־החיים.

איין גליק כאָטש, וואָס דאָס ייִדישע קאַראַקאַס קען זיך אויף אַלעמען דערלויבן און ווערט דערפֿון שטאַרק נישט לײַדן; דאָך איז עס אַ ריס אין ישוב, און אַלץ וואָס איז צעריסנקייט ברענגט נישט קיין נוצן, נאָר שאָדן.

אונדז דיקטירט דאָס געוויסן און דער פשוטער שכל־הישר, אַז בײַ ייִדן דאַרף און מוז עקסיסטירן גאַנצקייט, דאָס וואָס איז באמת געזונט.

דער אויפּטו מיטן באַליוואַר־מאָנומענט, וועגן וועלכן ר׳ יוסף האָט מיר פערזענלעך דערציילט, בשעת מיר האָבן זיך געטראָפן אין מיאַמי מיט צוויי יאָר צוריק, איז אַ זשעסט וואָס לערנער האָט אַליין אַרויסגעוויזן, אָבער אַזאַ ענין קלינגט זייער פֿײַן אַפֿ אין זײַן לאַנד און די דיווידענדן געהערן דעם גאַנצן ישוב. אַזעלכע זשעסטן הייבן דעם פּרעסטיזש פֿון יעדן ישוב. מיר וווינען אויף נײַער ערד, ווײַל די אַלטע איז פֿאַרברענט געוואָרן אונטער אונדזערע טריט. שוין פֿופֿציק יאָר ווי ייִדן וווינען אויף לאַטײַן־אַמעריקאַנער באָדן, אין לענדער וווּ מיר זײַנען אָנגעקומען ווי אָרעמע אימיגראַנטן, ווי געסט, און מען האָט פֿאַר אונדז אויפֿגעעפֿנט ברייט אַלע טירן. מיר גענ־ניסטן דאָ פֿון גלײַכע פּריווילעגיעס ווי דער געבוירענער. בעסער קען שוין גאָר נישט זײַן. אונדזערע קינדער און אייניקלעך פֿילן זיך דאָ גלײַכבאַרעכטיקט אין שולן און אין אוניווערסיטעטן; אויך אין גאַס גייען זיי מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ און קיינער דערוועגט זיך נישט אָנצורירן זייער ייִדישקייט. דערפֿאַר איז ריכטיק און געווונטשן, אַז ייִדן זאָלן אַרויסווײַזן זייער אָנערקענונג פֿאַרן לאַנד, דורך אַזעלכע דערהויבענע זשעסטן ווי דער, וואָס ר׳ יוסף לערנער האָט אויף אייגענעם באַראָט אונטערגענומען.

אין אַזעלכע ייִדן נייטיקט זיך יעדער ישוב, אָבער פּונקט אַזוי ווי אין אויסנעמלעכע יחידים, אַזוי נייטיקט זיך יעדער ייִדישער ציבור אין אחדות, אין אייניקייט, אין שלום.

אל תפרוש מן הציבור — האָבן אונדזערע אַלטע חכמים געוואָרנט — דאָס הייסט: טייל זיך נישט אָפּ פֿונעם כלל. צווישן אַשכנזישע ברידער מוז נאָך זײַן אָרט פֿאַר איין אייניציקער, געזונטער קהילה. די צײַט וועט זיכער איבערצײַגן אין דעם אויך אַזאַ איבערגעגעבענעם, עקשנותדיקן טוער ווי ר׳ יוסף לערנער. ער וועט זיכער אַ ביסל ווייכער ווערן און פֿאַרענדיקן דעם ענין מיט די צוויי קהילות אין קאַראַקאַס. יעדע פּשרה איז וויל און גוט, כדי צו דערגרייכן אַזאַ הייליקן צוועק. דאַן וועלן מיר זוכה זײַן צו זען ווי זיי ווערן צוריק איינס: די מוסטערדיקע ייִדישע קהילה־אָרגאַניזאַציע פֿון קאַראַקאַס און איינער פֿון אירע פֿעיִקסטע, טײַערסטע עסקנים, ר׳ יוסף לערנער.

פֿאַר מיר איז קאַראַקאַס אַ מין צווייטע היים. איך, האָב נאָך אַ סך וואָס צו זאָגן וועגן דעם שיינעם ישוב, וועגן זײַנע פּיאָנערן און זײַנע היַנטיקע אַקטיווע טוערס, און באַזונדערס וועגן מײַנע זשעלעכאָווער לאַנדסלײַט, וועגן דעם שלום עליכם־צענטער, און וועגן נאָך אַ סך גוטע זאַכן און גוטע מענטשן, וועלכע איך האָב דאָרט דערקענט. אָבער ווי עס זאָגט אַן אַלט ייִדיש שפּריכווערטל: „מען דאַרף נישט אַרײַנלייגן דעם גאַנצן קעז אין איין קניש". דער יוצר הרעטרײַבט מיך, וואָס גיכער אַרויסצופֿירן מײַן צווייט בוך אויף דער ליכטיקער שײַן, און איך האָף אַז די השגחה וועט מיר נאָך געבן כּוח און יאָרן אָנצושרײַבן אַ דריט בוך. מיט מײַנע גוטע פֿרײַנד בין איך זיכער: זיי וועלן מיך באַגלייטן מיט זייער בעסטן ווילן.



די נײַע לוקסוס שיל אין דער רײַכער שטאָט־געגנט „על טשיקאָ"
אויף דער 94סטער גאַס

# מאַקס פריילך – בויער פון ווענעסועלער ישוב און פון דער ייִדישער קולטור

ייִדן וועלכע לייענען אַ ייִדישע צײַטונג ווייסן ווויל ווי ווײַט און הויך עס האָט זיך דערהויבן דער ייִדישער ישוב אין ווענעסועלאַ, זינט ער איז אויפגעקומען אויף גאָטס זוועלט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. אַ סך אינטערעסאַנטע אַספּעקטן פּאַרמאָגט דער דאָזיקער ישוב, סײַ אין זײַן קעגנוואָרט, סײַ אין זײַן אייגנאַרטיקער אַנטוויקלונג. איך וועל אָבער דאָ נאָר דערמאָנען איין אויפטו, דווקא פון די לעצטע יאָרן, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָרטיקע אונטערנעמערישע און דינאַמישע ייִדן.

איך מיין דעם שלום עליכם־קולטור־צענטער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אָט דעם לויפנדיקן און פאַרלויפנדיקן יאָרצענדליק פון די זיבעציקער יאָרן. אין אָנהייב, אין אונדזערע בראשית־יאָרן אויף אַמעריקאַנער ערד, איז גאָר נישט געווען קיין חידוש, וואָס די נײַע אימיגראַנטן האָבן אויפגעבויט ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס, געטריבענע דורכן דראַנג פאַרצוזעצן די מיטגעבראַכטע קולטור־ירושה פון דער אַלטער היים. יונג אין יאָרן און במילא אויך אין ענערגיע, האָט מען עס געקענט אויספירן. אָבער דער ש״ע־קולטור־צענטער איז שוין נישט געשאַפן געוואָרן דורך קיין יונגוואַרג, נאָר טאַקע פון די אימיגראַנטן־פּיאָנערן, וועלכע געפינען זיך שוין אַ פופציק יאָר אין לאַנד.

נישט נאָר האָבן די דאָזיקע „יונגוואַרג" אויף דעם אופן אָנגעטאָן אַ טײַער שנירל פּערל אויפן האַלדז פון ייִדישן ישוב אין קאַראַקאַס, נאָר זיי האָבן קורץ נאָך דעם געמאַכט אַ ווײַטערן שריט: די האָבן באַשלאָסן, אַז עס פּאַסט נישט פאַרן נאָמען פון אומשטערבלעכן הומאָריסט, און אויך נישט

פֿאַרן כבוד פֿון גוטשטייענדיקן וועגעסועלער ייִדנטום, אַז אַזאַ אינסטיטוציע זאָל גאָר ווינען אויף „קאַמערינע", ווי עס זאָגן די פֿאָלקס־ייִדן פֿון בעסאַ־ביע. און — אומר ועושה — זיי האָבן באַוויזן אויפֿצושטעלן פֿאַרן צענ־טער אַ וואַרעמע היים, אַ רחבותדיק איגן הויז אין דער פֿײַנער ייִדישער געגנט פֿון סאַן בערנאַרדינאָ — דאָס קאַראַקאַסער תל־אָביב. איצט פֿראַוועט מען דאָרט יעדן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס אַן עונג־שבת, מען גיט זיך אָפּ מיט פֿאַרשיידענע קולטור־אַקטן; ווען עס קומען געסט פֿון אויסלאַנד איז פֿאַ־ראַן אַ וואַרעם ווינקל זיי אויפֿצונעמען, און צו געניסן פֿון זייער גײַסטיקן באַגאַזש; זונטיק אין דער פֿרי באַזעצן ייִדן די טישלעך און מען שמועסט, מע לייענט אַ צײַטונג. דאָס איז ממש אַן אוצר פֿאַרן ישוב און אַ פֿרייד פֿאַר מענטשן.

דערמאָנען אָט דעם ליכטיקן אויפֿטו פֿון אונדזערע וועגעסועלער אַחינו בני־ישראל, מיינט דערמאָנען, און טאַקע מיטן גרעסטן דרך־ארץ, דעם לאַנג־יאָריקן בויער פֿון יענעם ישוב וואָס איז דווקא אויף די עלטערע יאָרן גע־וואָרן די נשמה און דער מאָטאָר פֿון דער דאָזיקער איניציאַטיוו, און האָט דעם געדאַנק וועגן ש״ע־קולטור־צענטער אויסגעפֿירט הלכה למעשה. מאַקס פֿריילין איז דער ייִד — אַ נאָמען וואָס איז באַקאַנט ווײַט איבער די גרע־נעצן פֿון וועגעסועלאַ ווי אַ פּיאָנער פֿון ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט, חינוך און קולטור. לעת זיקנה, פֿיזיש שוין זייער אָפּגעשוואַכט, האָט ער אין זיך געפֿונען די גײַטיקע גבורה אויפֿצורודערן די סביבה פֿון פּאַסיווקייט און גלײַכגילט, און ער האָט געגעבן אַן אומפֿאַרגעסלעכן בײַשפּיל פֿון איבער־געבנקייט אין עסקנות, שאַפֿנדיק איינער אַליין, דורך אומדערמידלעכער אָנשטרענגונג, דעם גרעסטן טייל פֿון די זעקס הונדערט טויזנט באָליוואַרן וואָס דער בנין האָט אָפּגעקאָסט.

אָוודאי האָט דאָס ייִדישע לעבן אין וועגעסועלאַ אויך אַנדערע אויפֿטוען, פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿאָרמעסטן, און פֿאַרדינסטפֿולע פֿיגורן, וואָס טראָגן צו זייער חשובע מיטווירקונג און מיטשטײַער צום ציבורדיקן לעבן. אָבער אַז מען רעדט וועגן דער אַרבעט פֿון ש״ע־קולטור־צענטער, צי בכלל וועגן דעם ייִדישן קולטור־לעבן אין לאַנד, וואָלט געווען אַ בפֿירושע עוולה צו פֿאַר־שווײַגן דעם נאָמען און די פֿאַרדינסטן פֿון דעם כלל־טוער, וועמען מען

האָט צו פאַרדאַנקען וואָס די ייִדישע קולטור האָט איצט אין קאַראַקאַס אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ. דורך מאַקס פריילִיכן האָט דער ישוב צוגע־קראָגן אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר ווײַטערדיקע טעטיקייטן, און די אַרבעט פון אַנדערע עסקנים, פון ייִנגערע, וועלכע נעמען־איבער די רעזולטאַטן פונעם אויפטו פון די פאַרגייערס, איז היפש פאַרגרינגערט געוואָרן. דאָס איז מאַקס פריילִיכס זכות, און דאָס טאָר מען נישט דורכלאָזן און נישט פאַרזען, ווײַל אין אַ גערעכטער באַציִונג צו יעדן באַטייליקטן אין עפנטלעכן לעבן ליגט דער סוד פון אַ חשיבותדיקער באַציִונג, מצד דעם עולם, צום ציבורדיקן לעבן גופא.



דער אינעווייניקסטער אויסזען פון דער ספרדישער שיל

# קאַלינאַ — אַ שטילער העלד

די ווײַטערדיקע שורות קומט מיר אויס צו שרײַבן אַ דערשיטערטער פון זוייטיק און צער איבער אַ גאַנצער ריי אומגעריכטע אומגליקן, וועלכע האָבן געטראָפן עטלעכע טײַערע מיטגלידער פון אונדזער ישוב. מיט קוים געציילטע שעהען צוריק האָבן מיר באַגלייט און געזעגנט אויפן בית־עולם אַ מענטשן, וואָס האָט זיך צווישן אונדז אַרויסגעהויבן מיט גרויסע מעלות; אַ ייִדן וואָס איז געווען דער שענסטער בײַשפּיל פון איידלקייט און גוטס־קייט. די באַדינגונגען אין וועלכע ער איז אַוועק פון דער וועלט האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ פּײַנלעך געפיל, פּונקט ווי אויך איך וואָלט שולדיק געווען אין דער אַבסורדאַלער טראַגעדיע, וועגן וועלכער מען האָט מיר טעלעפאָניש מיטגעטיילט מאָנטיק דעם 8טן מאַרץ 1976: מיט אַ מעת־עלת פריִער, זונטיק אין אָוונט, איז אַ מאָטאָציקלעט איבערגעפאָרן אויפן קאַראַ־קאָס־בולוואַר אונדזער ליבן לודוויג קאַלינאַ און האָט אויף אַזאַ נאַרישן, אומגעלומפּערטן אופן, איבערגעהאַקט אַזאַ נוצלעך לעבן, אין עלטער פון קוים 57 יאָר.

פאַר וואָס האָט זײַן טויט אַזוי אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן ישוב, אָן אויסנעם? דער ענטפער איז קלאָר: דאָס איז געווען אַ מענטש וועמען אַלע האָבן געקענט און אָנערקענט ווי די גוטסקייט און די ערלעכקייט אַליין. דער קאָלעקטיווער דרך־ארץ און באַציִונג צו דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט איז געווען אַ מין אײַנשטימיקע, ספּאָנטאַנע דערשײַנונג, העכער פון יעדן צווייפל אָדער קווענקעלינש.

לאָמיר אַ ביסל דערציילן וועגן לודוויג קאַלינאַן. ער איז געווען אַ טשעכישער ייִד. ווען די נאַציס האָבן אַרײַנגעמאַרשירט אין זײַן לאַנד איז ער אַלט געווען עטלעכע און צוואַנציק יאָר. תיכף איז ער צוגעשטאַנען צו

די גרופּעס העלדישע קעמפּערס, וואָס האָבן גענומען פּאַרטיידיקן דאָס פּאָ־טערלאַנד און זיך געוואָרפן אין פייער און בראַנד פון מלחמה אָפּצושטעלן דעם אַריינדרינג פון די היטלעריסטישע האָרדעס. ער האָט זיך געפונען צווישן די ערשטע באַטייליקטע אין פּאַרטיזאַנער־קאַמף און האָט אָן קיין שום וואַקלעניש פיל מאָל איינגעשטעלט זיין יונג לעבן. ער האָט מוטיק גע־שפּאַנט אין די ערשטע רייען צווישן די העלדן וועלכע האָבן ליבערשט גע־וואָלט מקריב זיין זייער לעבן איידער צו פאַרלירן די פרייהייט.

אַזוי אַרום האָט דער גורל ביטער געענדערט אַ לעבן וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן מיט גאָר אַנדערע פּערספּעקטיוון, אין אַ לאַנד וואָס האָט געאָטעמט מיט הומאַניזם און פּאָעזיע, אינעם פּאָטערלאַנד פון מאַסאַריק, בענעש און קאַפקאַ. פּלוצלינג, ווי אין אַ קאָשמאַר, איז איבערגעבראַכט אַלץ צעשטערט געוואָרן. די שטיוול פון דער נאַצישער בעסטיע האָבן בלוטיק צעטראָטן די ליכטיקע צוקונפט פון אַ לאַנד וואָס האָט זיך שנעל אַנטוויקלט אויף אַלע געביטן; דער טייוולאָנישער האַקנקרייץ האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון פּראָגרעס און פון פרייהייט. אָבער קאַלינאַ, דער טשעך און דער ייִד, האָט נישט דערלאָזט אַז די קאַטאַסטראָפע זאָל אים איינברעכן; אין מיטן דער וועלט־שריפה האָט ער געפונען דעם נייטיקן מוט צו קעמפן און צו טאָן, סיי לטובת זיינע מיטבירגער, סיי פאַר דער רעטונג פון זיינע פאָלקס־ברידער. זיין העלדישקייט איז עפנטלעך אָנערקענט און אַרויסגעהויבן גע־וואָרן דורך אָפיציעלע אויסצייכענונגען. צווישן זיינע אויפטוען ווילט זיך דערמאָנען דאָס ראַטעווען ייִדישע קינדער, וועלכע זיינען אַ דאַנק אים צו־געקומען, דורך געהיימע און סכנותדיקע וועגן, צו אַ זיכערער היים אין ארץ־ישראל. הונדערטער קינדער האָבן אַ דאַנק אים אויסגעמיטן אַ זיכערן טויט. און ווען דער נאַצישער שטורעם איבער אייראָפּע האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער זיך פאָרט נישט געפילט מער אין דער היים, אין טשעכאָסלאָוואַקיע. די לופט איז שוין נישט געווען די זעלביקע ווי אין זיינע קינדער־יאָרן און יוגנט. ער האָט טאַקע געהאַט איבערגעלעבט דעם חורבן, אָבער ס'האָט אים דאָרטן געשטיקט. דעריבער האָט ער זיך באַוויזן, אַרום 46סטן אָדער 47סטן יאָר, דאָ אין באָגאָטאַ, ווי אַן אַנאָנימער אימיגראַנט, אַ מלחמה־פּליט.

שפּאַנט אַזוי אַ מלחמה־העלד, מיט רויִקע טריט, איבער די גאַסן פון באָגאָטאַ. ער באַהערשט נאָך נישט די שפּאַנישע שפּראַך, אָבער דאָס איז נאָך

פֿאַר קיין שום אימיגראַנט נישט געווען קיין אמתע שטערונג. עפּעס זאָגט דאָך די וועלט אַ ווערטל, אַז די קלאָרסטע שפּראַך רעדן צווישן זיך מענטשן, ווען זיי ווילן זיך פֿאַרשטיין. און כאָטש אַ פֿרעמדער, האָט דאָ קאַלינאַ קרובים און אַ ייִדישע סביבה מיט וועלכער ער קען זיך גרינג און היימיש אײַנפּאַר־שטײַן. אַוודאי איז נישט גרינג צו געפֿינען אַ באַשעפֿטיקונג, און נאָך שווע־



דער אינעווייניקסטער אויסזען פֿון דער אַשכנזישער שיל.

רער און פֿאַמעלעכער קומט אָן דאָס אײַנגלידערן זיך אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט. אָבער פּונקט ווי די ערשטע פּיאָנערן־אימיגראַנטן האָבן זיך אויס־געטראָטן אַ וועג דורך שווערער מי און האָרעוואַניע, בײַ פּעדלערײַ און קליינ־האַנדל, ביז זיי האָבן זיך אַרויפֿגעאַרבעט און זײַנען געוואָרן סוחרים, אינ־דוסטריאַלן און בוי־אונטערנעמערס, אַזוי האָט אויך קאַלינאַ ביסלעכווײַז זיך געפֿונען אַן אָרט אינעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון זײַן נײַ פֿאָטערלאַנד. צום

גליק איז קאַלאָמביע אַ געבעטנטשט לאַנד, מיט אַ ברייטהאַרציקער, אָפע־נער סביבה. דאָ מוטיקט מען און מען שטאַרקט כסדר יעדן איינעם וואָס וויל נאָר אַרבעטן.

ס׳איז געקומען אַ טאָג, און די קהילה פון באָגאָטאַ האָט אים באַשעפ־טיקט ווי איר פאַרוואַלטער. דער אַמט באַזאָרגט אים נישט נאָר מיט אַ טייל־ווײַזער פּרנסה, נאָר ער גיט אים אויך די געלעגנהייט צו שליסן קאָנטשאַפטן און דאָס וויכטיקסטע: ער קען דאָרט אַרויסווײַזן זײַן איבערגעבנקייט, זײַן פעיִקייט און אַלע זײַנע מעלות. ביסלעכווײַז ווערט ער פאַרוואַנדלט אין אַן אומפאַרבײַטלעכער פיגור, אַ זײַל פון דער אינסטיטוציע. זײַן נאָמען וואַקסט אין איר און איר פּרעסטיזש הייבט זיך אַ דאַנק אים. ער האָט אַן אויפהער געזאָרגט פאַר די נויטן פון דער קהילה, און כסדר געאַרבעט אויסצובעסערן און צו פאַרברייטערן איר טעטיקייט. דורך זײַן איניציאַטיוו איז דאָ אײַנגע־פירט געוואָרן אַ כשרע קיך, וואָס האָט שטאַרק אויסגעפעלט סײַ צו באַדינען דעם היגן פרומען סעקטאָר, סײַ אויפצונעמען לײַטישע געסט פון אויסלאַנד. אַליין אַ פרומער, האָט קאַלינאַ גלײַך דערזען און אויסגעפילט דעם דאָזיקן בלויז. נישט נאָר מיט חומרדיקע, מאַטעריעלע באַדערפענישן האָט ער זיך פאַרנומען: זײַן גאָטספאַרטיקער דראַנג האָט אים אויך געטריבן צו ווערן אַן אָנפירנדיקער עסקן אינעם בית־הכנסת. ווען נאָר ס׳האָט געטראָפן אַ צרה עמעצן פון זײַן עדה, איז קאַלינאַ געווען דער, וועלכער האָט זיך געאײַלט שטילערהייט אַנטקעגנצוקומען מיט דער נייטיקער הילף.

*

איצט, אַז קאַלינאַ איז שוין מער נישטאָ צווישן אונדז, ווײַל אַן אומ־גלײַבלעכער נאָר דאָך אמתער אַקצידענט האָט אים אַוועקגעריסן, קענען מיר ערשט אין דער פולער מאָס באַנעמען ווי גרויס ס׳איז געווען זײַן אי־בערגעבנקייט פאַרן ישוב און ווי שטאַרק ער וועט אונדז אויספעלן. שוין אָפּגערעדט די געסט פון אונדזער ישוב, וואָס ער האָט זיי שטענדיק געהאַט אין זינען און זיי אַרויסגעוויזן די העכסטע מאָס גאַסטפרײַנדלעכקייט. ס׳איז זיכער אַז זײַן ווייטיקלעכער פאַרלוסט וועט וואָס ווײַטער זיך שפּירן אַלץ שאַרפער. אַזוי איז שוין די מענטשלעכע טבע: אַזוי לאַנג ווי אַ געוויסע פערזענלעכקייט געפינט זיך צווישן אונדז, שאַצן מיר נישט אָפּ פולשטענ־

דיק אירע מעלות און פֿאַרדינסטן, און ס׳פֿעלן אַפֿילו נישט אַזעלכע, וואָס זאָלן אויף איר פּרווון וואַרפֿן אַ שאָטן. נאָכן טויט אָבער כאַפּט מען זיך ערשט וואָס פֿאַר אַ ווערט מען האָט פֿאַרלוירן, און דעמאָלט דערזעט מען דעם בלויז, מען פֿילט דעם צער און מען באַוויינט דעם בראָך.

קאַלינאַ האָט קיין קינדער נישט איבערגעלאָזט. עס לעבן אים איבער זיי־נע גוטע מעשים. ער האָט אויך נישט איבערגעלאָזט קיין גרויסע מאַטעריעלע רײַכטימער. נאָר ער איז נישט אַוועק פֿון דער וועלט קיין אָרעמאַן. פֿאַרקערט: ער איז פּאַקטיש געווען רײַכער ווי אַ סך גבירים, ווײַל פֿון אים איז געבליבן אַ גוט געדעכעניש, אַ גוטער שם צווישן מענטשן. דער דאָזיקער הספּד מײַ־נער איז נאָר אַן אויסדרוק פֿון דעם, וואָס אַלע טראַכטן און וועלן טראַכטן וועגן אים, סײַ איצט, אין דער ביטערער שעה פֿון זײַן אַוועקגיין, סײַ שפּע־טער. זייער שווער וועט זײַן אים פּאַסיק צו פֿאַרטרעטן. שלום לעפֿרו, און זאָל זײַן גוטער בײַשפּיל באַלײַכטן אונדזער ווײַטערדיקן וועג אין ייִדישן לעבן.

# סאַלאָמאָן גאָלדשטיין

קיין באָגאָטאַ איז ער אָנגעקומען בערך אין 1937. ער איז געקומען אַהער צו זיין פאָטער, וועלכער האָט זיך דאָ געהאַט באַזעצט מיט עטלעכע יאָר פריער, אין איינעם מיט אַ פאַרצווייגטער טראַדיציאָנעלער פאַמיליע. זיין יוגנטלעכע שלאַנקע פיגור פלעגט אייך תיכף אַרייַנברענגען אין אַן אויפ־געהייטערטער שטימונג, און ווי נאָר איר האָט מיט אים פאַרבונדן דעם ערשטן שמועס, האָט פאַר אייך געדאַרפט קלאָר ווערן אַז איר האָט פאַר זיך אַ בן־תורה. זיין יוגנטלעכקייט איז נישט געווען קיין מניעה פאַר די טיפע קענטעניש, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אויף אַלע געביטן פון תנ״כישער און תלמודישער ליטעראַטור; אונדזער ישוב איז מזכה געוואָרן אַ דאַנק אים, מיט אַן אוימגעהייער וויכטיקן עלעמענט פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג און פּרעסטיזש.

סאַלאָמאָן גאָלדשטיין איז געבוירן געוואָרן אין אַ פּויליש שטעטל נעבן וואַרשע: שיעניצע. מיט אַ יאָר שפּעטער איז זיין משפחה אַריבער וווינען קיין וואַרשע, ווו ער איז דערצויגן געוואָרן. אין סאַמע פריִען עלטער האָט ער שוין אַרויסגעוויזן זיינע נייגונגען צו תורה־לימודים, און זיינע עלטערן האָבן דעם דאָזיקן דראַנג באַפעסטיקט און אים געשיקט אין איינעם פון די וואַר־שעווער חדרים, פון וואַנען ער איז שפּעטער אַריבער לערנען אין דער באַ־רימטער ישיבה אין בריסק, ווו ס׳איז געווען ראש ישיבה דער דעמאָלט זייער באַרימטער רב גליקסאָן — אַן איידעם פונעם גאון הדור, הרב חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל.

גאַנצע אַכט יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין דער ישיבה, ביז צו די 18 יאָר; אינעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט האָט ער פאַרטיפט זיינע ברייט־פאַרנע־מיקע לימודים אין אַלע אָפּצווייגן פון דער טיפער תורה־וויסנשאַפט: תנ״ך,

תלמוד, פוסקים, מפרשים, אאַז״וו. מחמת סיבות וואָס ליגן נישט אין מענטשנס הענט האָט ער זײַן שטודיום נישט פֿאַרענדיקט, און נישט באַקומען סמיכה אויף רבנות. אָבער נישט דער דיפּלאָם איז אין דעם פּרט דער עיקר; ווען ער שווימט־אַוועק אין זײַנע דברי תורה, איז ווי אין פּרק שטייט: „כמעיין המתגבר״... זײַן זכרון איז אַ פֿענאָמענאַלער, און זײַן בקיאות און באַהאַוונט־



דער אינעווייניקסטער אויסזען פֿון דער שיל אין „על טשיקאָ״

קייט אין די שוואַרצע פֿינטעלעך איז בפירוש אַ זעלטענע ברכה פֿון גאָט. בײַם הײַנטיקן טאָג איז ער שוין אַ בן־ששים, ביז הונדערט און צוואַנציק, אָבער זײַן גלענצדיקער זכרון און זײַן אומאויסשעפּלעכע אינטעלעקטועלע קראַפֿט איז עלול צו פֿאַרפֿירן אײַך בנוגע זײַן עלטער. אויף אים איז באמת גילטיק דער פֿערז פֿון דיכטער: „יונג איז יעדער ווער עס וויל נאָר״...

*

אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט סאָלאָמאָן גאָלדשטיין געהאַט אויסצו־שטיין „אי קאָלטס אי וואָרעמס", ווי מען זאָגט בײַ אונדז. הײַנט־צו־טאָג איז זײַן מצב שוין אַ פּרײַערער; לכל הדעות מיט אַ באַשיידענער פּרנסה איז ער באַזאָרגט, נישט ווי אין די גרינגע יאָרן, ווען עס האָט געעגבערט די דאגה פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. ווי נישט איז האָט ער קיין גשמיותדיקן קאַפּיטאַל נישט אָנגעזאַמלט, נאָר בלויז אַ רײַכן גײַסטיקן אוצר וואָס איז פאַר אים בילכער ווי יעטוועדע מאַטעריעלע רײַכטימער.

ס׳איז אָבער אַ פאַקט אַז זײַן גאַנץ לעבן האָט ער אָוועקגעגעבן אויף צו באַרײַכערן און פאַרפולקאָמען זײַנע תורה־ידיעות, פאַרגעסנדיק אָפּט מאָל דעם אײַזערנעם כלל „אם אין קמח אין תורה". עס מערקט זיך אָבער גלײַכ־צײַטיק אַן אַנדערע דערשײַנונג, וואָס אויב זי איז אַפילו נישט באַרעכטיקט, איז זי אָבער אַ הימלשרײַענדיקע ווירקלעכקייט. דהײַנו, דער געלערנטער, הויכגעבילדעטער מענטש איז מערסטנס נישט קיין בר־הצלחה אין מאַטע־ריעלן הינזיכט. דאַקעגן דער רויער, קולטורלאָזער סוחר איז אַ געראָטענער קאַפּיטאַליסט, וואָס ווייסט נישט פון קיין זאָרג מכוח אויסקומעניש. אַ טייל זאָגן אַז דאָס איז אַ פּעול־יוצא פון געוואָגטקייט; אַנדערע, אַז ס׳איז אַ מזל־זאַך, אָבער קיין איינער פון די דאָזיקע אַרגומענטן איז נישט דער ריכטיקער, לויט מײַן באַשיידענער מיינונג... יעדן טרעפט דער גורל ווי עס איז אים באַשערט. איינער ווערט געבוירן צו זײַן אַ געשעפטסמאַן, אַ צווייטער — אַ פּראָפעסאָר צי אַ דאָקטער; יעדער קאָן ווערן אַ מײַסטער אויף זײַן געביט.

וואָס שײַך דער באַציִונג און כבוד וואָס מען איז געוווינט מערסטנס צוצוטיילן דעם אַזוי־גערופענעם „גביר", און די גאַנצע פּראָבלעם אַרום דעם באַגריף „געלט", זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע שטעלונגען: דער איטאַליענישער שרײַבער דזשיאָוואַני פּאַפּיני, למשל, האָט געהאַלטן אַז געלט איז די ערג־סטע קללה וואָס מען דאַרף אַנטלויפן דערפון ווי דער טײַוול פון ווײַרויך. געמעסיקטע מענטשן זײַנען אָבער בײַ דער מיינונג, אַז געלט איז אויף אַזוי פיל חשוב וויפל ס׳איז נייטיק פאַר עלעמענטאַרע מענטשלעכע געברויכן. דאַקעגן איז צום שעדלעכסטן פאַרן צלם אלקים די בלינדע פאַרגעטערונג פון געלט און גשמיות בכלל — דער כאַראַקטער־שטריך פון קמצנות און גע־מיינער נשמהלאָזיקייט.

בכל אופן, באַטראַכטנדיק פון דער נאָענט סאָלאָמאָן גאָלדשטיינס פער־

זענלעכקייט, זײַנע אידעלע שטריכן און גײַסטרײַכע מאָראַלישע ווערטן, קומט מען נאָך אַ מאָל צום אויספֿיר, אַז ס'איז נישט מעגלעך די וועלט זאָל זײַן כולו זכאי אָדער כולו חייב; עס מוזן זײַן געמישטע עלעמענטן. דאָס זעלבע איז אויך גילטיק בנוגע גשמיות און רוחניות: עס וואָלט בשום אופֿן נישט געטויגט אַ וועלט פֿון בלויז מאַטעריאַליסטן, ספּעקולאַנטן און מיליאָ־



אַ באַנקעט לטובת דער באָנדס־אַקציע. בײַם פּרעזידיום־טיש גענעראַל יאריב, שגריר שלמה אוויליא, הרב שאראבאני, ראַבינער פֿרידלענדער פֿון בני־ברית. עס באַגריסט דער ראש־הקהל פֿון באָגאָטאַ

נערן, גלײַך ווי מען וואָלט נישט געקאָנט אויסקומען בלויז מיט אידעאַליסטן, בעלי־חלומות און פּאָעטן. אָבער עס איז באמת אַ וויטיק אין האַרצן, אַז דער גביר אַדיר זאָל זיך שטענדיק אַרויסהייבן מיט זײַנע מיליאָנען און פֿאַר־נעמען דעם אויבנאָן, בעת דער אינטעלעקטואַל — וועלכער איז, ווײַזט־אויס, צוליב דעם פּשוטן און באַשיידענעם לעבן וואָס ער איז געוווינט צו פֿירן —, כסדר אַ „נחבא אל הכלים", בלײַבט ער אין אַ זײַט, אַ פֿאַרגעסענער, אָפֿט מאָל אַ באַליידיקטע ר און געקריוודעטער.

סאַלאָמאָן גאָלדשטיין באַצויבערט אַלעמען מיט זײַנע אינהאַלטסרײַכע

שמועסן איבער פאַרשיידנאַרטיקע טעמעס; ווילט איר דברי תורה איז דברי תורה; ווילט איר אַלגעמיינע וועלט־פּראָבלעמען וועט איר אויך נישט בלײַבן אַנטוישט. מיט אַזאַ זעלטענעם גײַסטמענטש איז דאָ וואָס צו שטאָלצירן! ס׳איז בלויז אַ שאָד וואָס אין הײַנטיקע צײַטן וויסט מען צו מאָל נישט אָפּ־צושאַצן דעם עכטן לערנער און קענער. גאָר אַנדערש ווי בײַ די פריִער־דיקע דורות...

דעמאָלט האָט דער פאַרמעגלעכער געמעגט האָבן קורחס פאַרמעגנס, איז אויב ר׳האָט גלײַכצײַטיק ניט פאַרמאָגט די געהעריקע גײַסטיקע מעלות, איבער הויפּט אַ ריינע פאַרגאַנגענהייט און אַ פאַסיקע אינטעלעקטועלע הדרגה מדסגה, האָט ער קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרנעמען קיין אָנפירנדיקע געזעלשאַפט־לעכע פּאָזיציעס. הײַנט־צו־טאָג האָט דאָס רעדל אַ ביסל זיך איבערגעדרייט, אָבער פון דעסט וועגן זאָגן געוויסע סאָציאָלאָגן, אַז דער מענטש איז אַרײַנ־געטראָטן אין אַ שווערערן עטאַפּ פון זײַן עקסיסטענץ, און די שוועריקייטן וועלן כסדר אַלץ גרעסערע און ס׳איז גאָרנישט גרינג זיי בײַצוקומען. מען זאָגט, אַז עס גייט־אָן דווקא איצט דער סאַמע פאַרביסנסטער קאַמף פונעם מענטש פאַר זײַן לעבן אויף דער ערד, און קיין מאָל נאָך אַזוי ווי איצט איז נישט געווען צוגעפּאַסט דער אויסדרוק פונעם ענגלישן מאַטעריאַליסטישן דענקער טאָמאַס האָבס, וועלכער האָט געפּסקנט אַז „דער מענטש איז אַ וואָלף פאַרן מענטש". זאָלן מיר שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז מיר געפינען זיך אין אַ תקופה פון וועלף?

אָבער בנוגע דעם פרײַנד סאָלאָמאָן גאָלדשטיין איז דער דין אין גאַנצן אַ פאַרקערטער: אין די סאַמע שטורמישע מהומה־צײַטן, ווען יעדער האָט קודם־כל זיך אין זינען, גייט ער זיך בנעימות מיט אַ רויִקן געמיט זײַן לעבנס־וועג, נישט לאָזנדיק זיך אַנרעגן דורך די לאַקנדיקע עולם־הזהדיקע פאַר־גענינגנס, וועלכע פאַרכאַפּן אַזוי פיל מענטשן און רויִנירן זייער עקסיס־טענץ. נישטאָ פאַר אים קיין גרעסער פאַרגעניגן ווי מעיין זײַן אין אַ ספר, בלעטערן אַ צײַטונג אָדער אַ באַלערנדיק בוך.

לײדער וועלן מיר יעדעס מאָל אַלץ אָרעמער וואָס שײך אַזעלכע נאָבעלע און ליבלעכע געשטאַלטן. סאָלאָמאָן גאָלדשטיין איז איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער אויף דעם געביט: פאַר אים אונדזער אַכטונג, אונדזער פאַר־ערונג און יראת הכבוד.

# כאַצקעלע גראָסנאַלד

די נאַטור האָט גוט געזאָרגט פאַר אָט דעם מענטשן, און אים געשענקט אַ ברייטן גײַסט און אַ גרויסע קולטור מיט אויסעראָרדנטלעכע ליטעראַרישע פעיִקייטן. און גלײַכצײַטיק האָט די זעלבע נאַטור באַשלאָסן, נישט באַראָטנ־זיך מיט גראַסגאַלדן, אים צו דערטיילן אַ נידעריקן וווּקס, און זי האָט אים געמאַכט דאַר ווי אַ ציין־שטעכער. דער שטערן אַ בלייכער, די אויגן העל־גרויע, מאַטע, פאַרטראַכטע, און אין כאַראַקטער איז ער געווען אַ מענטש אַן אומצופרידענער מיט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אַרום זיך. ער האָט גע־עפנט אַ קראָם אויף דער 19טער גאַס, גלײַך ווי די נײַע אימיגראַנטן האָבן זיך באַזעצט אין אָט דער וויכטיקער באַגאַטאַער געגנט. יעדן פרימאָרגן פלעגט מען הערן זײַן טראַט איבער די דאָזיקע מקומות; מען פלעגט אים זען מיטן מאַנטל אויפן אַקסל און מיט אַראָפּהענגענדיקע הענט, ווי אים וואָלט געשטערט זיי צו האַלטן אויף זייער פּלאַץ. אָדער ווי ער וואָלט עס בכיוון אַזוי געטאָן, ווײַל אַ שרײַבער, אַ פּאָעט, דאַרף זיך דאָך מיט עפּעס אונטערשיידן פון אַלע אַנדערע. אויף אָט דעם קליינעם פּרט האָט זיך קיי־נער קיין מאָל נישט פאַרטראַכט. און אָט דעם סוד, צוזאַמען מיט די אַנדערע סודות, האָט כאַצקעלע מיטגענומען אין זײַן פּריצײַטיקן קבר.

אין יענער צײַט, איז די הערשנדיקע שטימונג צווישן די נײַע אימי־גראַנטן געווען פול מיט אומרו און בענקשאַפט. אַ געמיט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די „גרינע״ יאָרן. דעמאָלט האָט כאַצקעלע, ווען מיר האָבן דאָס צום ווינציקסטנס דערוואַרט, זיך דערנענטערט צו אונדזע־רע מענטשן און ער האָט זיך אײַנגעגלידערט אין אונדזער קולטור־גרופּע. אַזוי אַרום, אַז ווען ס'איז אָנגעקומען דער יִדישער זשורנאַל פון האַוואַנאַ, קובאַ, איז דאָרט געווען זײַנס אַ קרעפּטיקע דערציילונג, צוזאַמען מיט ברײַנסקיס און יעקב שפּאַנקעס דערציילונגען. כאַצקעלעס דערציילונג האָט

פֿאַר אונדז געהאַט אַנטפּלעקט אַ רייפֿן שרייבער און אינטעלעקטואַל. בעת אונדזערע קולטור־אַקטן פֿלעגט ער אַרויף אויף דער טריבונע, קליין און דאַר ווי ער איז געווען, און אין אַ געשליפֿענער און קולטיווירטער שפּראַך האָט ער אונדז געצוווּנגען אים אויסצוהערן מיט טיפֿן אינטערעס. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אין אים איז געווען אַן אמתער קולטור־ווערט.

ביי זיך אין קראַם פֿלעגט מען אים אַלע מאָל זען מיט אַ בוך אין האַנט. ער האָט פֿאַרקויפֿט פּרויען־מאַנטלען און טעקסטיל־שטאָפֿן, און איבער אַלץ האָט זיך אַרויסגעזען דאָס אָפֿענע בוך אין זיין האַנט. ווי דאָס וואָלט געווען זיין איינגעטלעכע מיסיע. ער האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין ווי קען זיך אַ מענטש שיידן אויף אַ רגע פֿון בוך, ווייל דאָס איז ביי אים געווען אַ טראַדיציע. וויפֿל מאָל האָט ער געבענקט נאָך זיין שטעטל אָסטראָווצע און נאָך אַלע פּוילישע שטעטלעך, וווּ דער ספֿר איז געווען אַן אבֿן טובֿ אין אַ סך ייִדישע הייזער. און ווי שטאַרק פֿלעגט ער באַדויערן וואָס דאָס אַלץ האָבן געהאַט פֿאַרגעסן יענע, וועלכע זיינען געקומען אין אָט די נייע לענדער, וועלכע האָבן בלויז גערעדט וועגן זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער באַלדיקער מאַטעריעלער עקסיסטענץ.

מען פֿלעגט אָפֿט חוזק מאַכן פֿון אים אָבער ער האָט דאָס נישט געוווּסט, אָדער „זיך געמאַכט נישט וויסנדיק״; ער איז שטענדיק געבליבן דער זעלבער. קען זיין אַז דאָס איז געווען אַזוי, ווייל דאָס ליגט שוין אין דער מענטשלעכער נאַטור, אַז דערויף האָט געווירקט זיין קליינער, אויסגעדאַרטער גוף, זיין געוווינהייט אַרויפֿצוּוואַרפֿן דעם מאַנטל אויפֿן אַקסל, עטוואָס אַן איינגעבויגענער, מיט אַ בלאַס פּנים און מיט טונקל־גרויע און פֿאַרטראַכטע אויגן.

אָן צווייפֿל אַז כאַצקעלע האָט זיך גוט געגעבן חשבון, אַז אין דער נייער אַמעריקאַנער היים זיינען מיר געהאַט פֿאַרזונקען אין אַ סבֿיבֿה פֿון גראָבן מאַטעריאַליזם, וואָס איז אים געווען נישט צום האַרצן. נישט צופֿעליק, איז כאַצקעלעס טשעקן־ביכל אים נאָכגעגאַנגען און איז אויך פֿאַרבליבן „איינגעדאַרט״. אַז זיינע חבֿרים האָבן עס אים באַמערקט פֿלעגט ער זיי אַ וואָרף טאָן דאָס וואָרט: „שוים!״... דאָס הייסט, גאָרנישט מיט גאָרנישט, הבֿל הבֿלים. דאָס דאָזיקע וואָרט איז געוואָרן זייער גאַנגבאַר צווישן אונדז, ווען מען האָט ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן געוואָלט אַרויסברענגען

וועגן אַ געוויסער זאַך, אַז עס איז נישט ווערט געווען אונדזער זאָרג. אָבער כאַצקעלע איז געשטאָרבן און מיט אים איז אָפּגעשטאָרבן דאָס וואָרט „שוים״, ווײַל עס איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון אונדזער וואָקאַבולאַר. נאָר כאַצקעלע איז געבליבן. געבליבן איז וואָס ער האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט, און זײַן פֿאַר־זענלעכקייט איז מיט אונדז.

כאַצקעלע איז נישט געווען אַזוי „אײַנגעלייגט״ ווי איך שילדער אים. ער האָט אין זיך געהאַט אויפֿרײַסשטאָף, און דער אויסברוך איז געשען אויף אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון ייִדישן צענטער. דער קאַמף איז פֿאָר־געקומען אָן פֿײַלן און אָן קוילן. גענוצט האָט מען אַזאַ קאַנאָן וואָס איז געפֿערלעכער ווי אַלע אַנדערע כלי משחית: דאָס וואָרט. און פֿעלדמאַרשאַל איז געווען דער קליינער כאַצקעלע. מ׳האָט געזען ווי ער וואַקסט אויס, ווי ער ווערט גרעסער. אייניקע האָבן געזאָגט: „גענוג, כאַצקעלע גענוג!״ און אַנדערע האָבן געשריגן: „אַראָפּ!״ אָבער כאַצקעלע האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט אויף דער טריבונע. און מיט אַ פֿעסטער און קלאָרער שטימע האָט ער זיי אַ זאָג געטאָן וואָס זיי זײַנען, — און איך בין נישט בעסער, האָט ער צו־געגעבן, ווי שוים אויף די כוואַליעס פֿון לעבן. ס׳איז געווען גלײַך ווי אַ לאַנג אײַנגעהאַלטענער שטראָם וואָלט זיך געהאַט אַרויסגעריסן און טראָפּנס שוויס זײַנען אים געלאָפֿן איבערן שטערן. ווען ער איז אַראָפּ פֿון דער טריבונע, האָבן זיך געהערט אַפּלויזן און אויך פֿײַפֿערײַען. אָבער ער האָט געוווּנען אַ גרויסע שלאַכט...

*

ס׳איז דאָ אַ שפּריכוואָרטל: אַן מזל זאָל מען בעסער נישט געבוירן ווערן. און כאַצקעלע האָט נישט געהאַט קיין מזל. אַ באַוויבטער, איז איינס פֿון זײַנע צוויי קינדער געבוירן געוואָרן מיט אַ מום, צום אומגליק פֿון די גראַסגאַלדס. געציילטע יאָרן איז עס געווען אויף דער וועלט, אַכט צי צען, און ס׳איז אַוועק אויף אייביק. אויפֿן קאַלטן שטיין פֿון זײַן זונס מצבה האָט ער אויסגעקריצט אַ ליד, וואָס איז אַ וויגעשריי אויף זײַן גורל.

געקומען איז אַ טאָג ווען ער גופֿא האָט זיך געמוזט פֿאַרנעמען אויף דעם דאָזיקן וועג. ער איז נישט אַלט געווען קיין פֿופֿציק יאָר, ווען דער לעבנס־געוויטער האָט אים אומגעוואָרפֿן, נאָך אַ בליץ־שנעלער אַטאַקע אויפֿן האַרצן, אויף דעם איידעלן אינסטרומענט, וואָס האָט זיך אָממערסטנס אַנ־

געזען אין זײַן לעבן און אין זײַן כאַראַקטער. אַ קלײן האָט זיך אײַנגעשניטן אין אונדזערע רײען, װען מיר זײַנען נאָך געװען אַ קלײנע גרופּע. און מיר האָבן געזען, אַז צװישן אונדז איז נישט געװען װער עס זאָל אים פאַרבײַטן, װער עס זאָל פאַרטרעטן זײַן לעבנס־אַרט, זײַן אײנציקאַרטיקע פּערזענ־לעכקײט. דאָס אָנװערן אַן אינטעלעקטואַל בײַ יענע אומשטענדן האָט אונדז זײער שװער געטראָפן, מיר האָבן אַ לאַנגע צײַט זיך געפילט װי פאַריתומט.

הײַנט, װען מיר טראַכטן װעגן זײַן געשטאַלט, לעבן אין אונדז אויף זיסע און טרויעריקע זכרונות. אָבער דאָס יאָ, פאַראַן אַ טרײסט: זײַן זון, ד״ר מאַקס גראָסגאָלד, איז אַ פאַרנעמפּולער יוריסט און אינטעלעקטואַל, װאָס פאַרטרעט זײַן פאָטער, און צו װעמען מיר האָבן אַ געפיל פון שעצונג און ליבשאַפט. זאָלן די דאָזיקע װערטער אַרויסרופן אין אים די זעלבע געפילן מיט װעלכע מיר זאָגן זײ און זאָלן זײ דינען װי אַן עדות, אַז דאָס פאַר־בײַגײענדיקע לעבן פון אַ װערטפולן מענטשן װערט נישט פאַרגעסן, און בלײַבט אײַנגעקריצט אין זכרון פון די קומענדיקע דורות.

# דער זועלטענער ייִד פון לאַשיץ, ר׳ יעקב ראָזענבאַנד

דער מענטש וועמען די דאָזיקע שורות זײַנען געווידמעט, האָט נישט געהאַט קיין שם אין דער ייִדישער וועלט; ער האָט נישט באַקומען קיין אָנזען ווי אַ מחבר פון ביכער, און אַפילו נישט ווי אַ צײַטונגס־מענטש. און דאָס נישט דערפאַר וואָס ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין שעפערישן גײַסט און האָט נישט געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן דער וועלט, נאָר מחמת אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך פון זײַן פערזענלעכקייט, וואָס איז צו געפינען נישט נאָר בײַ אים. פאַראַן אַ סך אַזעלכע, וועלכע פילן זיך אינערלעך געצווימט, באַשיידן, און וואַגן נישט צו עפענען דאָס מויל, אָדער נעמען אַ פעדער אין האַנט; כאָטש זייער גײַסט איז פול מיט אומרו און מיט געדאַנקען, וועלכע וואָלטן ראוי געווען אַרויסגעבראַכט צו ווערן אויפן פּאַפּיר, און קומען צו דער עפנטלעכקייט. זיי האַלטן, אַז דער מענטש נעמט אויף זיך אַ גאָר גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווען ער קומט מיט זײַן וואָרט צו דער וועלט.

ער פלעגט זאָגן אַז „גאָטס וואָרט איז הייליק, און נישט יעדער איינער איז זוכה עפּעס מחדש צו זײַן", ווײַל ער איז געווען איבערצײַגט אין דער ריכטיקייט פון דער פאָלקסטימלעכער לעגענדע וועלכע ש. י. עגנון ברענגט אין זײַנער אַ דערציילונג, אַז דער רבונו של עולם גיט דעם שרײַבער אַ געוויסע צאָל ווערטער ער זאָל זיי אויסנוצן אויפן בעסטן אופן, און היות די צאָל איז נישט קיין גרויסע, דאַרף דער שרײַבער זײַן זייער שפּאָרזאַם און פאָרזיכטיק מיט די ווערטער, וואָס זײַנען אים צוגעטיילט געוואָרן. דאַקעגן האָט ער גראָד ליב געהאַט אַרויסצוברענגען זײַן מחשבה־רײַכקייט אין פּריוואַטע בריוו, און די מענטשן וועלכע פלעגן זיי באַקומען האָבן זיך געשפּיגלט אין די דאָזיקע בריוו ווי אין אַן איידלשטיין; ר׳ יעקב ראָזענבאַנד,

איז געווען אַ בעל־שכל און תלמיד־חכם, וואָס איז אויך נישט געווען פרעמד אין דער מאָדערנער ליטעראַטור און אין די פּראָבלעמען פון דער צײַט.

דער דאָזיקער גוטמוטיקער און גוטהאַרציקער ייִד, האָט נישט בלויז קיין מאָל נישט אָנגעשריבן קיין שורה אין אַ צײַטשריפט אָדער צײַטונג, נאָר אויך קיין מאָל נישט אָנטיילגענומען אין אַ פאַרוואַלטונג פון אַ וועלכע נישט איז אינסטיטוציע. פון דעסט וועגן דאַרף מען באַטאָנען, אַז ער האָט



אַ קולטור־מסיבה אין הויז פון בני־ברית, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ד"ר באַרילקאָס אַ בוך

שטענדיק ברייטהאַרציק געשטיצט און געהאַט אָנערקענונג־ווערטער פאַר די עסקנים, וועלכע האָבן געטאָן געוויסנהאַפטיק זייער אַרבעט; ווײַל עס זײַנען אויך פאַראַן אַזעלכע, וועלכע טוען אַליין גאָרנישט, אָבער זיי ווייסן צו געפינען פעלערן בײַ אַנדערע, וועלכע טוען יאָ עפּעס.

ער האָט נישט געזוכט קיין כבוד, זיך נישט געשטופּט אין די פאָ־דערשטע רייען, און ס'איז אים געווען נישט צום האַרצן דאָס קהלן זיך,

דאָס רעשן און ציִען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט· עניוות איז אַ שיינע ייִדישע מידה, און ר׳ יעקב איז געווען אַ מוסטער פון באַשיידנקייט. ער האָט זיך נישט געיאָגט נאָך כבוד, איז אים כבוד נאָכגעלאָפן; מענטשן האָבן אים טיף געשעצט און געליבט.

יעקב ראָזענבאַנד איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן ווען ער האָט זיך באַזעצט אין קאָלאָמביע, און ער האָט וואַרשײַנלעך געזוכט אינעם נײַעם לאַנד אַן אָפּרו־פּלאַץ אויף די עלטערע יאָרן. לײַדער איז אים נישט באַשערט געווען צו דערגרייכן אַריכת ימים אין זײַן נײַער היים.

פֿאַר אַזאַ שלווהדיק־שטילן גײַסט ווי יעקב ראָזענבאַנדס, איז דער טומל און גערויש פון דער הויפּטשטאָט געווען בפירוש אַן אָפּקומעניש. כדי צו באַפרײַען זיך פונעם הו־האַ, פונעם דאָזיקן קאָכקעסל, האָט ער אין אַ שיינעם טאָג פאַרלאָזט באָגאָטאַ, און זיך באַזעצט אין פּאַמפּלאָנאַ, פינף הונדערט קילאָמעטער אין דער צפון־ריכטונג, נאָענט צו דער גרענעץ מיט ווענעסועלאַ. אין דער דאָזיקער שטילער און געלאַסענער שטאָט, אַזוי ווי זײַן געמיט, האָט ער געפונען דאָס געווונטשענע ווינאָרט פאַר זיך און זײַן פרוי, רחל.

*

שוין צוויי יאָרצענדליק ווי ר׳ יעקב ראָזענבאַנד איז נפטר געוואָרן; מיר דערמאָנען אים אָבער שטענדיק מיט יראת־הכבוד, און פילן זיך שולדיק וואָס אונדזער פאַרערונג איז געקומען צום אויסדרוק בלויז אויף אַ קאַלטער מצבה אויפן בית־עלמין פון באָסאַ. איך וויל כאָטש טיילווײַז פאַרריכטן די דאָזיקע עוולה און אַרויסברענגען אין אָט־די שורות די גע־פילן פונעם גאַנצן קאָלאָמביאַנער ייִדנטום, וואָס האָט אים געקענט און געשעצט.

פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען דער אָפּשטויסנ־דיקער ריח פון נאַציזם האָט שוין געשוועבט אין דער פוילישער לופט, האָט דער פוילישער המון געזוכט נושא־חן צו זײַן בײַ די היטלער־מערדערס לאַנג־דיק אין גאַנג אַן אַנטיסעמיטישע וואַקכאַנאַליע, וואָס איז נישט ווייטיק גע־ווען צו גיין לערנען אויף יענער זײַט גרענעץ בײַ די דײַטשן; די פאַלאַקן אַליין האָבן געקענט גאַנץ גוט די מלאכה. די דאָזיקע ייִדן־פײַנטלעכע שטי־מונג האָט באַוויגן ראָזענבאַנדן — אַן אָפּשטאַמיקער פון לאָשיץ, נישט

ווײַט פון װאַרשע — צו פאַרלאָזן זײַן געבוירנלאַנד און זיך אַרויסלאָזן צו זוכן אַ מקום מנוחה אויף יענער זײַט ים.

אין 1936 איז ער אָנגעקומען קיין באָגאָטאַ, און מיר האָבן געוווּסט, אַז אין דער אַלטער היים איז ער געווען אַן אָנגעזעענער ציוניסט, און גע־זעלשאַפטלעכע עסקנים האָבן זיך צו אים דערנענטערט און געזוכט מקרב צו זײַן.

מיר האָבן אין שטאָט געהאַט אַ שווערע דערפאַרונג, פון אַזעלכע זעקס יאָר, אויפן געביט פון אומסטאַבילן שולוועזן; קיין איינער פון די לערן־אַנשטאַלטן וועלכע זײַנען די ערשטע צײַט געגרינדעט געוואָרן אויף קאָ־לאָמביאַנער ערד, האָט ביז דעמאָלט נישט געהאַט קיין אַריכות ימים ושנים; אַזוי אַז דער ערשטער דור פון אונדזערע קינדער אין שול־עלטער, האָט נישט געהאַט אַזאַ גרינגן צוטריט צו דער ייִדישער דערציִונג ווי הײַנט־צו־טאָג. דערפאַר איז דער אָנקום פון אַ פעיִקן און געלערנטן מענטשן ווי יעקב ראָזענבאַנד, אויפגענומען געוואָרן מיט באַנײַטע האָפענונגען צו ענ־דערן דעם מצב פונעם ייִדישן דערציִונג־וועזן אין קאָלאָמביע צום גוטן. דער נײַער תושב פון באָגאָטאַ האָט אָבער אַנדערש געטראַכט; ער האָט נישט געוואָלט פאַרזעצן זײַן לערער־פּראָפעסיע, וועלכע ער האָט פּראַקטיצירט אַ סך יאָרן אין פּוילן, און באַשלאָסן זיך צו זוכן אַן אַנדער פּרנסה. די אויסוויקלונג פון די היסטאָרישע געשעענישן צווישןביידע וועלט־מלחמות, איבערהויפּט וואָס נוגע דעם ייִדישן פאָלק, האָט וואָרשײַנלעך געמאַכט אויף אים אַ שווערן רושם און אים אַנטמוטיקט און אַנטוישט.

פון דעסט וועגן, האָט ער אויך אינעם ווײַטן פּאַמפּלאָנאַ נישט געקאָנט פירן קיין פולשטענדיק צוריקגעצויגן לעבן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט. דער נישט־ייִדישער ישוב אין יענער שטאָט האָט תיכּף דערקענט אין אים אַ זעלטענעם גײַסט־מענטש, און אים מקרב געווען צו די געזעלשאַפטלעכע קרײַזן. גאָר שנעל האָט ער זיך דערוואָרבן אַ גרופּע פרײַנד, וועלכע האָבן אים געאַכטעט צוליב זײַנע מידות טובות און באַהאַוונטקייט אין ייִדישן וויסן, און ס'איז געשען אַזוי, אַז דאָס לערערישע בלוט וואָס האָט געפלאָסן אין זײַנע אָדערן, און וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו צוימען בעת ער האָט געוווינט אין באָגאָטאַ, האָט אויפגעטויכט מיט זײַן גאַנצער קראַפט אין פּאַמפּלאָנאַ: זיינע תלמידים זײַנען אָבער נישט געווען קיין ייִדישע קינדער,

נאָר דווקא נישט־יִדישע דערוואַקסענע: אַ גרופּע קאַטוילישע גײַסטלעכע, וועלכע האָבן געוואָלט זוערן היימיש מיט דער העברעיִשער שפּראַך און מיטן ספר הספרים אין אָריגינאַל. אין יענער צײַט איז דאָס געווען אַ פּיאָנע־רישער שריט אויפן געביט פון די יִדיש־קריסטלעכע פרײַנדשאַפט־באַציִונגען...

*

יעקב ראָזענבאַנד און זײַן פרוי זײַנען געווען די איינציקע יִדן אין פּאַמפּלאָנאַ, אָבער דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז זיי זײַנען געבליבן פול־שטענדיק אָפּגעריסן פון דער יִדישער סביבה; די פאַרבינדונג פונעם פאַר־פאָלק מיטן יִדישן לעבן אין קאָלאָמביע און אין דער ברייטער וועלט, האָט אָנגעהאַלטן דורך בריוו, צײַטונגען, זשורנאַלן און ביכער, וועלכע פלעגן אָנקומען צו זיי פון אַ סך לענדער. און אין די אָוונטן, נאָך דער טעגלע־כער אַרבעט, פלעגט דער לייענער און לערנער ר׳ יעקב זיך פאַרטיפן אין אַ יִדיש בוך אָדער ספר, מיט וואָס ער האָט געשפּײַזט זײַן אומרוִיקן יִדישן גײַסט און דערנערט זײַן רוחניותדיק לעבן אין דער אָפּגעזונדערטקייט פון דער פּראָווינץ־שטאָט.

פון צײַט־צו־צײַט פלעגט ער זיך באַוויַזן אין באָגאָטאַ, כדי אײַנצו־האַנדלען סחורה פאַר זײַן קלייט אין יענער שטאָט. די „ביזנעס" זײַנען גע־ווען פאַר אים ווי אַ צוגאָב־זאַך צו דער עיקרדיקער כוונה זיך צו זען מיט יִדן, באַזוכן גוטע פרײַנד, און זיך אָפּרוען אין אַ יִדישער סביבה.

צו דער געלעגנהייט פון זײַנע גאַסטשאַפטן אין דער הויפּטשטאָט, פלעגן פאַרקומען צוזאַמענקונפטן אין פאַרשיידענע הײַזער, און עס פלעגט זײַן יום־טוב אין שטעטל. אין מסיבה אַזאַ איז מיר געבליבן באַזונדערס אײַנגע־קריצט אין זכרון. בײַ די ליטעראַרישע אָוונטן אין הויז פון שלמה ברייִנ־סקי, פלעגן זיך צוזאַמענקלײַבן די שענסטע משפחות פון ישוב, און בײַ אַ גלאָז טיי מיט אַ באַשיידענעם צובײַסן פלעגט מען שמועסן וועגן ליטעראַ־טור, אויסהערן אַ רעפעראַט, אַ פאָרלעזונג, אָדער שמועסן מעניני־ביומא, וועגן אַלגעמיינע אָדער אָרטיקע יִדישע פּראָבלעמען. נאָך דעם טאַלענטירטן גאַסטגעבער — בריינסקי איז געווען אַ גאָטגעבענטשטער מיטשמועסער — איז יעקב ראָזענבאַרד געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן. זיי בײדע האָבן „געפּראַוועט טיש", און אויך די „חסידים" זײַנען

געווען נישט אַבי־וועך און פלעגן אָפּט נעמען דאָס וואָרט. צווישן די אַזעל־כע חשובע יידן ווי ד״ר מיגעל אַדלער, הערש שיינבערג, אַלפאָנסאָ אַדלער, לעאָן און ראַפאל דאָבריזינסקי, שמואל טוכבערעכער, קאָפּל שאנטאל, בער־נאַרדאָ דרעזנער, כאַקאָבאָ בורשטיין, דער שרײַבער גוטמאַן ביידערמאַן, משה שנײַדערמאַן, שלום פלינקער און שכנא ראָטשטיין, אַלע מיט זייערע פרויען, און איך בתוכם מיט מײַן אשת חייל.




אַ קאַטעדראַל אין די אינגעווייידן פון די זאַלץ־גרובן, 40 קילאָמעטער פון באָגאָטאָ. די פּראָדוקציע פון די זאַלץ־מינעס דעקט דעם אינערלעכן פאַרברויך און אַ טייל ווערט עקספּאָרטירט

בײַ ברײַנסקין זײַנען מיר אַלע געזעסן צונויפגעדריקט אינעם ענגן אויפ־נעם־זאַל, אָבער קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער אומבאַ־קוועמלעכקייט. שלמה ברײַנסקי פלעגט געווײנטלעך עפענען דעם אַקט, אָדער פלעגט פאָרלייענען זײַנע אַ נײַע דערציילונג, וואָס איז שטענדיק געווען אַן אינטערעסאַנטע פּילפּאַרביקע שילדערונג פונעם אַמאָליקן יידישן

שטייגער אין דער אַלטער היים, אָדער פֿונעם אימיגראַנטן־לעבן אויף דער קאָלאָמביאַנער ערד. אַ געוויסן אָוונט האָט שכנא ראָטשטיין באַגײַסטערט די אוידיטאָריע מיט זײַן פֿאָרלייענונג פֿון אַ קאַפּיטל „טביה דער מילכי־קער", מיט אַזאַ איינציקאַרטיקער אויסשפּראַך און חן, אַז ער וואָלט עס געוועז געקאָנט איבערחזרן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, און די צוהערערס וואָלטן עס אויסגעהערט מיט פֿאַרגעניגן.

יעקב ראָזענבאַנד איז געוועז בײַ אונדז דער אָנערקענטער ליטעראַטור־קריטיקער, און זײַנע שאַרפֿזיניקע קאָמענטאַרן וועגן שלום עליכמס פֿער־סאָנאַזשן, זײַנען ווירקלעך געוועזן זייער באַלערנדיק, און צום סוף פֿלעגט ברייגסקי, וועלכער איז אויך געוועזן אַ באַגאַבטער רעציטאַטאָר, פֿאָרלייענען עפּעס פֿון דער ייִדישער דיכטונג; דאָס רוב פֿון איציק מאַנגער, פֿאַפֿיערני־קאָוו, ליעסין, נאָמבערג און אַנדערע. דאָס פֿלעגט אַרײַנברענגען דעם עולם אין אַ גמר יום־טובדיקער שטימונג, און ווען עס פֿלעגט צום סוף קומען צום געזאַנג האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט דעם האַרציקן ייִדישן ניגון, און עס האָט אונדז פֿאַרטראָגן אין די עולמות העליונים אונדזער שירה בציבור. דאָס איז געוועזן דער גרעסטער נחת־רוח פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז און באַזונדער פֿאַר ראָזענבאַנדן, וועלכער האָט נישט געקאָנט געניסן פֿון אַזעל־כע פֿאַרגעניגנס אינעם ווײַטן, איזאָלירטן און ייִדנריינעם פּאַמפּלאָנאַ.

ס'איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז צווישן אים און שלמה ברייגסקין איז געוועזן אַ גאָר נאָענטע פֿרײַנדשאַפֿט, און אַ קעגנזײַטיקער פֿאַרערונגס־געפֿיל. דער ראָמאַניסט און דערציילער האָט געזען אינעם העברעיִש־לערער אַ מענטש מיט אַלזײַטיק ייִדיש וויסן; ראָזענבאַנד, פֿון זײַן זײַט, האָט באַ־וווּנדערט ברייגסקיס ליטעראַרישן טאַלאַנט, וואָס איז געקומען צום אויס־דרוק אין די קורצע און לענגערע פּראָזע־שאַפֿונגען אויף טעמעס פֿונעם ייִדישן לעבן אין אייראָפּע און אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. צו דעם, נאַטירלעך, האָט צוגעהאָלפֿן דער סובטעלער און דינער שיכט פֿון דער באָגאָטאַנער ייִדישער קולטור־סביבה; ס'איז נישט דאָס זעלבע אָנצוקניפּן קולטור־באַציִונגען אין אַ געדיכטן ייִדישן צענטער ווי מעקסיקע, בוענאָס־אײַרעס אָדער טשילע (שוין אָפּגערעדט פֿון ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע ייִדישע ישובים אין נאָרד־אַמעריקע), ווי אין אַ קליינעם ענגן קרײַז פֿון

אינטעלעקטואַלן און פען־מענטשן. דעריבער איז די פרײַנדשאַפט צווישן בריינסקי און ראָזענבאַנדן געווען אַ טרײַע, פעסטע און אויפריכטיקע.

ליידער זײַנען שוין ביידע אויפן עולם האמת, און אין אונדזער סביבה מערקט זיך אַ בלויז, וואָס מיר וואַרטן ער זאָל אויסגעפילט ווערן. היינט־צו־טאָג, צום גרויסן באַדויערן, איז צוגעקומען בלויז אַ נײַער שיכט פון גוט „אַרויפגעאַרבעטע" ייִדן, וואָס לעבן טאַקע זייער שיין און געניסן פון גרויסן לוקסוס, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי אָן גײַסטיקן אומרו און אָן אַ געפיל פאַר אַזעלכע „פוסטע" זאַכן. מיר האָבן חלילה גאָרנישט צו אַזעלכע מענטשן; אַ סך פון זיי זײַנען ברייטהאַרציקע מנדבים פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן און פאַר מדינת ישראל; אָבער ווען צום גשמיות קומט צו אַ טראָפּעלע רוחניות, וואָלטן זיי געפילט מער טעם אין לעבן, און דאָס וואָלט אויך גײַסטיק דערהויבן דעם גאַנצן ייִדישן ישוב.

*

אין יענער צײַט — בערך אין די פערציקער יאָרן און שפּעטער — האָבן זיך אָנגעהויבן שנעל צו אַנטוויקלען די ייִדישע אינדוסטריעס — שטריקערײַ, טעקסטיל וכדומה — פאַבריקאַנטן זײַנען געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, און זייערע רעפּרעזענטאַנטן פלעגן אַרומפאָרן איבערן גאַנצן לאַנד זוכנדיק אָפּזאַצמערק פאַר זייערע פּראָדוקטן. און ס'איז געווען אַ „חוק ולא יעבור" אַז ווער ס'איז דורכגעפאָרן פּאַמפּלאַנא, האָט באַדאַרפט אָפּשטאַטן אַ וויזיט בײַ יעקב ראָזענבאַנד און כאַפּן מיט אים אַ שמועס. אַ פאַקט איז, אַז דער אומדערפאַרענער רײַזנדער, פאַר ווענען די פּראָווינץ און אירע מענטשן זײַנען געווען פרעמד, האָט געקאָנט פיל לײַכטער אויספירן זײַן שליחות מיט דער וועגווײַזערישער הילף פון דעם גאַסטפרײַנדלעכן ר' יעקב; דער דאָזיקער גוטהאַרציקער ייִד האָט אויף אַלע אופנים געזוכט ווי ווײַט מעגלעך צו זײַן באַהילפיק זײַנע פרײַנד. זײַן היים איז געווען אַן אַדרעס פאַר יעדן ייִדן, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט אינעם ווײַטן פּאַמפּלאָנאַ, און ביידע אין איינעם פלעגן אָן שום צערעמאָניעס זיך איבערכאַפּן צום גאָענטסטן קאַפע־הויז, און זיך צוזעצן טרינקען אַ שעלעכל קאָלאָמביאַנער שוואַרצע קאַווע, וואָס האָט אַ שם אין דער וועלט. בעתן געמיטלעכן שמועס פלעגט ראָזענבאַנד באַקענען זײַן גאַסט מיט אַלע ניי־

טיקע פּרטים ווו און ווי צו האַנדלען כדי ער זאָל קאָנען דורכפֿירן דער־פֿאָלגרייך זײַן געשעפֿטלעכע מיסיע, און דער סוחר אָדער אינדוסטריאַל וואָס האָט געשלאָסן אַ גוטן האַנדלס־אָפּמאַך אין יענער שטאָט, האָט עס זיכער געהאַט צו פֿאַרדאַנקען אין אַ גרויסער מאָס ר׳ יעקבס פּראַקטישע אָנווײַזונגען.

*

איך אַליין בין געווען איינער פֿון יענע וואַנדערנדיקע סוחרים, און האָב געשלאָסן אַן ענגע פֿרײַנדשאַפֿט מיט אים ביזן הײַנטיקן טאָג. אַ היפּש ביסל יאָרן נאָך זײַן פּטירה, רופֿט אַרויס בײַ מיר זײַן אידעלע פּערזענלעכ־קייט אַ טיפֿן פֿאַרערונגס־געפֿיל. נאָך איידער איך בין געוואָרן מיט אים באַפֿרײַנדעט, האָב איך גוט געדענקט דעם אָפּקלאַנג וואָס זײַן אָנקום אין לאַנד האָט בײַ אונדז אַרויסגערופֿן. איך האָב זיך געהאַט אָנגעהערט וועגן זײַנע מעלות און מידות טובות, אויך געוווּסט אַז ער איז אַ פֿיגור וואָס קאָן באַשײַנען אונדזער ישוב. די נעענטערע באַקאַנטשאַפֿט מיט אים האָט עס באַשטעטיקט, איך פֿלעג אים באַזוכן ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען דורכ־צופֿאָרן פּאַמפּלאָנאַ, און די קעגנזײַטיקע סימפּאַטיע האָט אָנגעהאַלטן נישט געמינערט ביז זײַן פֿריצײַטיקן אַוועקגיין פֿון דער וועלט.

איך האָב באַטראַכט פֿאַר אַ פּערזענלעכן זכות צו זײַן פֿאַררעכנט צווישן ראָזענבאַנדס מקורבים, און האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן צו זײַן אַ גאַסט בײַ אים ווען מײַנע אַרבעט־פֿליכטן האָבן מיר געבראַכט אין זײַן שטאָט; איך וועל נישט איבערטרײַבן אויב כ׳וועל זאָגן, אַז נאָך פֿאַרן אָנקומען, אויפֿן וועג פֿון קוקוטאַ קיין פּאַמפּלאָנאַ, האָט מײַן האַרץ שוין אָנגעקוואָלן פֿון דער בקרובֿדיקער באַגעגעניש מיטן טײַערן ייִדן פֿון לאָשיץ, וועלכער האָט מיט דער צײַט אַזוי זיך אײַנגעבאַקן מיר אין האַרצן, אַז זײַן אומגע־ריכטער טויט האָט מיר געטראָפֿן אַזוי שווער ווי אַ משפּחה־אומגליק.

ר׳ יעקב ראָזענבאַנד — ווי כ׳האָב שוין פֿריִער דערמאָנט —, איז נישט געווען געניגט צו דער קונסט פֿון שרײַבן; כאָטש ער איז געווען אַ וווּנדער־באַרער דערציילער און מיטשמועסער. מען האָט געקאָנט זיצן שעהען און אים אויסהערן. און אַגבֿ, די מענטשהייט צייכנט זיך נישט אויס נאָר מיט אירע שרײַבערס. געווען געוויסע מענטשן, וואָס האָבן אַ סך געגעבן דער

וועלט, און זײַנען נישט געווען קיין שרײַבערס. אַוודאי איז ריכטיק, אַז די קונסט פון שרײַבן גיט־צו אַנזען דעם דאָזיקן וואָס באַהערשט זי, אָבער דאָס איז בשום אופן נישט קיין אַטעסטאַט אויף זײַן גײַסטרײַכקייט אָדער גוט־האַרציקייט; דער פשוטסטער בשר ודם, דער שטילסטער און באַשיידנסטער, קאָן באַזיצן אומגעהײַער אידעלע סענטימענטן און אַפילו הויכע גײַסט־ווערטן. ס׳איז בלויז אַ פראַגע ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן זיי, און ווער עס פאַר־שטייט דאָס נישט דער לעבט אין טעות — אין גײַסטיקער בלינדקייט.

יעקב ראָזענבאַנד איז געווען באַשאַנקען מיט אַ זעלטענעם טאַלאַנט און געווען היימיש אין דער יידישער און אַלגעמײַנער קולטור, און באַ־זונדערס טאַקע אין דער תלמודישער ליטעראַטור. פון דעסט וועגן האָט ער דערמיט זיך נישט איבערגענומען, האָט זיך געהאַלטן באַשיידן, און שוין אָפּגערעדט אַז ער האָט זײַן למדנות נישט געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ קרדום לחפר בה, אין אַ מיטל אויף זיך צו פאַרשאַפן מאַטעריעלע נוצן. בלויז אין זײַנע בריוו צו פרײַנד, האָט ער געשפּרודלט מיט חכמה, לומדות, און אָפּט מאָל מיט דיכטערישער אינספּיראַציע און אָריגינעלע געדאַנקען.

בײַ אַ סך געלעגנהייטן האָב איך געפּרווט ווירקן אויף אים ער זאָל עפּעס אָנשרײַבן; באַזונדערס וועגן יידישער ליטעראַטור און יידישער מחשבה, וועגן וועלכער ער האָט אַזוי שיין גערעדט, און שטענדיק האָב איך באַקו־מען דעם ענטפער: „מען דאַרף זײַן פאַרזיכטיק; מען טאָר נישט מיסברויכן מיט גאָטס וואָרט“... צוויי לידער האָט ער יאָ אָנגעשריבן און מיט אַ שע־מעוודיקן שמייכל, ווי אַ שולדיקער, מיר זיי געגעבן. דאָס זײַנען געווען צוויי רייפע פּאָעטישע שאַפונגען, וועלכע איך האָב געוואָלט אַוועקשיקן אין אַ צענטראַלער ליטעראַרישער טריבונע. האָט ער נישט געלאָזן. האָב איך עס אָפּגעדרוקט אינעם זשורנאַל וואָס די זעלעכאָווער לאַנדסלײַט האָבן אַרויסגעגעבן אין שיקאַגאָ, און לעצטנס אין פּאַנאַמאַ. ר׳ יעקב איז באַ־גריסט געוואָרן אָבער דאָס האָט אים נישט באַגײַסטערט, און אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט ער מער קיין שום ווערק נישט פאַרעפנטלעכט, אָבער ער האָט אָנגעהאַלטן אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ סך וויכטיקע פּער־זענלעכקייטן פון דער יידישער וועלט.

*

אין יענע יאָרן האָט זיך אַרויסגעהויבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור דער שרײַבער און דיכטער יעקב זיפֿער. ר׳ יעקב האָט מיר איין מאָל דער־ציילט אַז ער שטייט מיט זיפֿערן אין אַן אָפּטער שריפֿטלעכער פֿאַרבינדונג. נאַטירלעך, אַז דאָס האָט אַרויסגערופֿן בײַ מיר אַ געוויסן נײַגיר, און כ׳האָב געוואָלט אַז ראָזענבאַנד זאָל מיר איבערגעבן מער פּרטים וועגן זייער שריפֿט־לעכן דיאַלאָג. האָט ער מיר געגעבן צו לייענען זיפֿערס אַ בריוו פֿון מאָנ־טרעאָל, קאַנאַדע, וועלכער איז אָגב צו אים צוגעשטאַנען מיט דער זעלבער טענה, וואָס איך; דהײַנו, הלמאי ער שרײַבט נישט. זײַנע צוויי לידער זאָגן עדות אַז ער באַהערשט אויסגעצייכנט די פּאָעטישע קונסט, אַז ער פֿאַר־מאָגט בילד און ריטם, און זאָל ער פֿאָרזעצן צו שרײַבן לידער אָדער פּראָזע.

זיפֿער איז געווען ראָזענבאַנדס אַ לאַנדסמאַן און יוגנט־חבר. ער האָט אים געקענט פֿון קינדוויי־אָן, זיי האָבן צוזאַמען געלערנט, און נאָך אין די קינדער־יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פֿעיִקייטן און טאַלאַנט צום שרײַבן. זײַנע לערערס האָבן געלייגט אויף אים גרויסע האָפֿענונגען, אָבער זיי זײַנען אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן נישט געקומען צום אויסדרוק.

ווער האָט געזאָלט וויסן אַז אָט־דער יונגערמאַן, וועלכער האָט אַזעלכע פֿעיִקייטן אַרויסגעוויזן אין זײַן געבוירן־שטאָט אין פּוילן, וועט אין דער נײַער הײם אויף דרום־ אַמעריקאַנער באָדן זיך אָפּזונדערן אין אַ ווײַטער פּראָווינץ־שטאָט ווי פּאַמפּלאָנאַ, דערווײַטערט פֿון ייִדן, און זיך אָפּזאָגן צו טיילן מיטן ברייטן ייִדישן ציבורדירײַכקייט פֿון זײַן קערנדיקער גײַסטי־קער וועלט!

אין אַ שיינעם טאָג האָט ער זיך פּלוצעם באַוויזן אין באָגאָטאַ. ער האָט גע־האָט געלייענט אין דער שטאָטישער פּרעסע, אַז עס דאַרף אָנקומען אין לאַנד דער באַוווסטער העברעיִשער דיכטער און נאָוועליסט, נתן ביסטריצקי, דער מחבר פֿון „ימים ולילות״. פֿאַר גרויס ענטוזיאַזם האָט ער געמאַכט אַן אויסנעם אין זײַן לעבנס־שטייגער, און איבערלאָזנדיק זײַן קראָם אין פּאַמפּלאָנאַ איז ער געקומען בײַזײַן די אויפֿטריטן און באַערונגען פֿונעם קאָלאָמביאַנער ייִדנטום מײַסטער פֿון דער העברעיִשער דיכ־טונג. ער האָט געפֿילט אַ טיפֿע אינערלעכע באַפֿרידיקונג און ס׳איז בײַ אים געווען אַ גרויסע איבערלעבונג צו זײַן אין דער מחיצה פֿון אַזאַ וואָרט־קינסטלער, און עס דאַרף פֿעסטגעשטעלט ווערן בײַ דער געלעגנהייט, אַז

נתן ביסטריצקיס באַזוך אין קולטור־שליחות, האָט געמאַכט אַן אומפאַרגעס־לעכן רושם אויפן ישוב אין קאָלאָמביע.

בעת זײַן גאַסטשאַפט אין באָגאָטאַ, האָט ביסטריצקי געשמועסט מיט אונדזער היגן דערציילער, שלמה ברײַנסקי, וועגן איבערזעצן אויף שפּאַניש אַ קאַפּיטל פון זײַן גרויסן ראָמאַן „ימים ולילות". ברײנסקי איז געווען גרייט איבערצוזעצן פון העברעיִש אויף יידיש, אָבער פון העברעיִש אויף שפּאַניש האָט ער זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען. וואָס זאָל מען טאָן? אין דעם האָט ברײַנסקי זיך דערמאָנט אינעם איבערזעצער פון זײַן בוך דערציילונ־גען „מענטשן אין שפּאַן", דעם קאָלאָמביאַנער דיכטער און קענער פון יידישן לעבן, לויס ווידאַלעס, וועלכער האָט באַקאַנט געמאַכט שלמה ברײַנסקיס נאָמען אין דער שפּאַניש־רײדנדיקער וועלט איבערגיסנדיק זײַנע דערציי־לונגען אין דער לאַנדשפּראַך מיטן נאָמען „כענטעס ען לאַ נאַריאַ", און אים געבעטן צו דערפילן ביסטריצקיס ווונטש. ווידאַלעס האָט זיך אַ ביסל דער־שראָקן פאַר אַזאַ אַרבעט, און געפּרוווט אָפּזאָגן טענהנדיק אַז זײַנע העב־רעיִש־קענטעניש זײַנען צו שוואַכע, ווײַל דאָס וואָס ער האָט געלערנט אין אוניווערסיטעט מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, האָט ער שוין כמעט פאַרגעסן. ברײנסקי האָט אים אָבער באַוויזן איבערצורײדן, פאַרלייגנדיק צו מאַכן די אַרבעט בשותּפות, און אַזוי האָט די קאָלאָמביאַנער נישט־יידישע קולטור־וועלט זיך באַקענט מיט אַ צירונג־ווערק פון דער העברעיִשער ליטעראַטור. ביסטריצקי אַליין איז געווען שטאַרק צופרידן פון דער איבערזעצונג, און באַטאָנט ווי דערפרייענדיק ס'איז פאַר אים געווען מיטצונעמען ווי אַ מתּנה און אַן אָנדענק פון קאָלאָמביע, דאָס קאַפּיטל פון זײַן קרוינווערק איבער־געזעצט אויף סערוואַנטעסעס שפּראַך.

ווידאַלעס, פון זײַן זײַט, האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון דער בצימצומדיקייט פונעם העברעיִשן לשון, לגבי דער שפּראַכלעכער בייגעוו־דיקייט און רעטאָרישע אומוועגן און פליטערלעך פון שפּאַניש, און ער האָט אויסגערופן אַ באַגײַסטערטער: „דאָס איז די אמתע שפּראַך פון פּאָ־עזיע!"

*

דאָס לעצטע מאָל וואָס ר' יעקב ראָזענבאַנד איז געקומען קיין באָגאָטאַ, האָט ער אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין דער קליינער טעקסטיל־פאַבריק וואָס

איך האָב געהאַט אין יענער צײַט, אויפֿן פּערטן שטאָק פֿון אַ בנין אויף „קאַררעראַ אָקטאַוואַ" און די 20סטע גאַס.

ער איז אַרויפֿגעקומען אַ פֿאַרשוויצטער און שווער געאָטעמט; איך האָב זיך דערפֿרייט מיט זײַן אָנקום און אים געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער איז אַזוי פֿאַרמאַטערט. האָט ער געלאַכט און נישט געמאַכט קיין ווען דערפֿון: „מן הסתם בין איך אַ ביסל צוגעקילט", האָט ער געענטפֿערט. דאָס איז געווען אַ וואָך פֿאַר פּסח; ערב שבת הגדול איז ער פּלוצעם אַנידערגעפֿאַלן אויף דער 22סטער גאַס. מען האָט אים תיכף אָפּגעפֿירט צו זײַן טאָכטער שולמית אַהיים און אַרויסגערופֿן אַ דאָקטער, וועלכער האָט געשטעלט דעם דיאַגנאָז: אַ האַרץ־אַטאַקע. אויף אונדז, זײַנע נאָענטסטע פֿרײַנד, האָט געמאַכט אַ שווערן אײַנדרוק די דאָזיקע געשעעניש אָבער מילא — פֿון אַ האַרץ־אַטאַקע ווערט מען דאָך מערסטנס געזונט. וויפֿל מענטשן לײַדן האַרץ־אַטאַקעס, און זיי דערהאָלן זיך און פֿירן ווײַטער אַ נאָרמאַל לעבן?

אָבער ווען מיר האָבן געהאָפֿט צו זען ר׳ יעקבֿן אַ געזונטן צוריק אין אונדזער קרײַז פֿון זײַנע פֿרײַנד און משפּחה, האָט דער אַכזריותדיקער גורל אַנדערש באַשטימט, און פּונקט נאָך ליכט־בענטשן האָט דער טײַערער ייִד ר׳ יעקב ראָזענבאַנד אויסגעהויכט זײַן לויטערע נשמה, שטילערהייט, אַזוי ווי ער האָט זיך געפֿירט זײַן גאַנץ לעבן, ווי מקיים צו זײַן דעם פּרינציפּ „סייג לחכמה שתיקה", אַ צוים פֿאַר חכמה איז שווײַגן.

יענער טרויעריקער זונטיק איז אויפֿגעקומען שטאַרק פֿאַרוואָלקנט; עס האָט געשלאָגן אַ דריבנער רעגן. ס׳האָט אויסגעזען ווי דער הימל זאָל מיטוויינען מיט אונדז, און מיטפֿילן אונדזערע צעבראָכענע באַטריבטע הערצער, בעת דער לוויה צום בית־עלמין פֿון באָסאַ. צוריק אין אונדזערע היימען, נאָכן אָפּגעבן ר׳ יעקבֿן דעם לעצטן כבוד, האָט אַלעמען געעגבערט דער זעלבער מאַקאַברישער־בייזער געדאַנק; ר׳ יעקב ראָזענבאַנד האָט אַזוי לאַנג זיך אָפּגעזונדערט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן, אַזוי לאַנג געזוכט צו זײַן אַליין מיט זיך, ביז ער האָט עס ענדלעך דערגרייכט. ער האָט נמצח געווען דעם גורל...

# ווערטפולע לעבנס

מײַן האַרציקער פרײַנד, אַלבערטאָ פערעלמאַן, האָט אָנגעהויבן זײַן וואַנדערוועג פון זײַן געבוירן־שטעטל האַטין, אין בעסאַראַביע, ביז צום אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אָנהײב דעם דריטן יאָרצענדליק פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. אין 1926, אומגעפער, האָט ער זיך געפונען אין פּערו; אין צוויי יאָר האָט אים צוגעשפּילט דאָס גליק, ער האָט געמאַכט אַ ביסל געלט, און האָט באַשלאָסן — ווי פיל אַנדערע —, זיך אומצוקערן אַהיים. געשען איז אָבער, אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געפונען אַ חרובע און צעווייטיקטע וועלט, צעשטערט און אויפגעטרייסלט דורך אַלערליי סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און ראַסן־פורעניותן, און האָט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געזוכט דעם וועג צו פרידלעכע און זיכערע מקומות. ער האָט דאַן נאָך געהאַט בײַ זיך „די לעצטע קויל״ אויסצושיסן: דעם רײַזע־בילעט אויף צוריקוועגס, און ער האָט פאַר דעם צוועק אויסגעקליבן קאָלאָמביע.

דער גורל האָט אים דערפירט קיין פּאַמפּלאָנאַ, אין 1928. ער האָט די ערשטע צײַט, אין די אײנזאַמע טעג און נעכט אויף דער פרעמדער ערד, נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זײַן היימשטאָט, וווּ ער האָט איבערגעלאָזן זײַנע עלטערן, ברידער, שוועסטער, פרײַנד און נאָך אַ סך נאָענטע און טײַערע מענטשן, וועלכע פאַרבינדן מיט אינטימע פעדעם אַ מענטשן צו זײַן געבורטשטאָט. אינעם נײַעם לאַנד האָט ער די ערשטע צײַט געפילט בלויז די שטאַרקע ווינטן פון די בערג, די פרעמדקייט פון די לאַנדשאַפטן און פון זייערע אײַנוווינערס, און אַזוי האָט ער זיך גענומען צו פעדלערײַ, מיטן פעקל אויף די פּלייצעס, פאַרקויפנדיק די סחורות אויף אויסצוצאָלן צווישן דער פּאַמפּלאָנער אָרעמשאַפט.

דער מענטש האָט זיך אַרויסגעוויזן פעיִק בײַצוקומען און צו לײַדן

די שווערסטע שטרויכלונגען אין לעבן; די דאָזיקע פֿעיִקייט קומט נאָך אַרויס בולטער בײַם ייִדן, וועלכער איז אויסגעוואָרצלט פֿון זײַן געבוירנשטאָט און איז איבערגעפֿלאַנצט געוואָרן אויף אַ נײַ און פֿרעמד אָרט. דער "מוז" און די "נויט" זײַנען גוטע לערערס. אין די דאָזיקע שווערע אומשטענדן, האָט ער זיך אַרײַנגעפּאַסט אינעם נײַעם לעבנס־שטייגער מיט אַ מערקווירדיקער ענערגיע. אַזוי, מיט ווערטער, זאָגט זיך עס זייער לײַכט, אָבער גאָר עפּעס אַנדערש איז דורכצומאַכן אויף אייגענער הויט די פּלאָגענישן פֿון אַ נײַעם אימיגראַנט. ס'איז ווידער נישט דאָס זעלבע זיך צו באַזעצן אין באָגאָטאַ, באַראַנקיליאַ, מעדעלין אָדער קאַלי, און אויסצוקלײַבן ווי אַ וווינאָרט דאָס בערגיקע און קאַלטע פּאַמפּלאָנאַ. אַלבערטאָ פּערלמאַן האָט אָבער אַרײַנגענומען אין זײַן לעבן אָט־די דערפֿאַרונג, און דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעצויגן מיט זײַן פֿרוי, שׂרה, אינעם וואַרעמען קוקוטאַ.

זיי זײַנען שוין דאָרט נישט געווען אַליין, נאָר געהאַט אַרום זיך אַ קרײַז פֿון משפּחה און פֿרײַנד: זײַן ייִנגערער ברודער איסאַק; ליזאַ, זײַן פֿרויס שׂרהס שוועסטער, מיט איר מאַן סימאָן שולמאַן, און סימאָן דאַרנגאַלץ. די דאָזיקע גרופּע האָט אויפֿגעשטעלט אַן אימיגראַנטן־דינאַסטיע אויף דער שוועל פֿון די דרײַסיקער יאָרן, אין דער גרענעץ־שטאָט קוקוטאַ. דער קרײַז האָט זיך דערנאָך אויסגעברייטערט מיטן אָנקום פֿון עליִאַס רויטמאַן, בנימין גיטעלמאַן, מאָריסיאָ מײַרענפֿעלד און סאַלאָמאָן מעסינג. זיי האָבן געוווינט און געאַרבעט צוזאַמען, זיך געפֿירט ווי לייבלעכע ברידער און געטיילט בשותּפֿותדיק זייער גורל. די משפּחה דאַרנגאַלץ האָט באַקומען אַ שם מיט איר גאַסטפֿרײַנטלעכקייט, און אַ סך רײַזנדיקע אַגענטן זײַנען האַרציק אויפֿגענומען געוואָרן אינעם ייִדישן ישוב אין קוקוטאַ.

דאָן אַלבערטאָ איז געווען אַ טרוימער, מיט אַ סך אומרו און נײַגיר אין בלוט. ער האָט נישט געקאָנט אײַנזיצן אויף אַן אָרט. אַלץ האָט ער געדאַרפֿט וויסן און דורכויס האָט ער געוואָלט זײַן. אַרומפֿאָרן איז געווען זײַן לײַדנשאַפֿט, און ער האָט אָפֿט געביטן זײַן וווינפּלאַץ. עס האָט אים געצויגן צו אַלע שטעט אין קאָלאָמביע און ווענעסועלאַ, אָבער פֿון דעסט וועגן האָט ער אין 1938 זיך אַריבערגעצויגן קיין באָגאָטאַ, וואָס האָט אים שוין געפּאַסט אויף שטענדיק. די פּרעכטיקע קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט איז געוואָרן זײַן ענדגילטיקע סטאַנציע.

דאָן אַלבערטאַ איז געווען אַן עלעגאַנטער מאַן, געגאַנגען שטענדיק אויסגעפּוצט אַזוי ווי יעדער טאָג זאָל זײַן בײַ אים אַ יום־טוב. ער האָט גע־דונגען אַ דעפּאַרטאַמענט אויף „קאַררעראַ סעפּטימאַ" און די 21סטע גאַס, אַ צענטער־פּלאַץ וואָס איז גאַרנישט געווען געווײנטלעך פֿאַר אונדזערע ייִדן, האָט זיך גענומען צו אימפּאָרט־מסחר, און זײַן פּרעסטיזש איז געוואַקסן ווי אויף הייזון. ער איז געווען בפירוש דאָס וואָס מען רופֿט „אַ מזלדיקער מענטש". צו וואָס ער האָט זיך גענומען האָט ער מצליח געווען. פֿאַראַן צוויי איגנשאַפֿטן וועלכע באַגלייטן דעם מענטשן זײַן גאַנץ לעבן: גוטס און שלעכטס. אַלבערטאַ פּערעלמאַן האָט שטענדיק גענאָסן די מעלות פֿונעם ערשטן פֿון די דערמאָנטע גורמים; און אַזוי גייט ער ווײַטער, און דאָס האָט אים דערוואָרבן אַלעמענס סימפּאַטיע און אָנערקענונג.

קנאַפּע 35 יאָר נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין באָגאָטאַ, איז נישט געמינערט געוואָרן אַ האָר פֿון זײַן אָנזען און פּרעסטיזש. ער איז ווײַטער די זעלבע עלעגאַנטע געשטאַלט, אויסערלעך און מאָראַליש אומ־באַפֿלעקט, און איצט מיט אַ גוטן „אַקטיוו" (ווי מען זאָגט אינעם פֿינאַנ־ציעלן זשאַרגאָן) אין מאַטעריעלן זין, און נישט קיין קלענערן „אַקטיוו" פֿון מענטשלעכע מידות טובות און וויכטיקע לייסטונגען פֿאַר זײַנע מיט־מענטשן, מיט וואָס ווינציק קאָנען זיך גרויסן. בײַ אַלבערטאַ פּערעלמאַן איז דער קרן פֿון מעשׂים טובים אין זײַן געזעלשאַפֿטלעך־מאָראַלישער קאָנטע, גרעסער ווי זײַן מאַטעריעלער פֿאַרמעגן הײַנט־צו־טאָג, ווען ער שפּאַנט אַריבער דעם אַכטן יאָרצענדליק פֿון זײַן פּרוכטבאַר לעבן.

פּערעלמאַן איז אַ דינאַמישער און אַרבעטזאַמער מענטש, מיט אַ פּראַק־טישן צוגאַנג, וועלכער האָט קיין מאָל נישט געהאַלטן פֿון די אָרגאַניזאַציעס ווו מען דיסקוטירט אַ סך, און דאָס רוב דערגייט מען צו גאָרנישט. דאָס פֿאַראורזאַכט אים לאַנגווײַליקייט און מידקייט, אָבער ער אַליין מיט דער הילף פֿון נאָך צוויי טיכטיקע מענטשן, איז פֿעיִק אויפֿצוטאָן מערער ווי עטלעכע פֿאַרוואַלטונגען צוזאַמען. ס'איז אַ פֿאַקט, אַז דער דאָזיקער איידע־לער מענטש טראָגט אין זיך אַ טיפֿע אומרו פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע הצטר־כותן, און ווען ער נעמט איבער עפּעס אַ שליחות דערפֿירט ער זי מיט דערפֿאָלג ביזן סוף. ווען זײַן נאָמען שטייט בראש פֿון אַ ציבורדיקער אַר־בעט, איז עס אַ גאַראַנטיע פֿאַר איר דערפֿאָלג.

ער האָלט אויך נישט שטאַרק פֿון קיין פּאַרטייען; פֿון דעסט וועגן קאָן ער מיט פֿולן יושר באַצייכנט ווערן אַלס דער פּראָטאָטיפּ פֿונעם פֿאָלקס־מענטש, וואָס האָט אים אין אַ געוויסער מאָס געגעבן דאָס רעכט צו קריטיקירן די וועלכע האָבן עס פֿאַרדינט. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין מאָל איז זײַן קריטיק נישט געווען געצילט קעגן די וואָס האָבן עס נישט פֿאַרדינט, נאָר קעגן די יעניקע תּושבים אונדזערע, וועלכע האָבן גרויסע מעגלעכקייטן, נאָר אַ גאַנץ קנאַפּן ווילן צו דערפֿילן מיט זייערע מענטשלעכע און ייִדישע פֿליכטן, לגבי דער געמיינדע. און זײַנס אַ וואָרט איז הייליק. ווען אַ צווייטער זאָל זיי פֿאָרוואַרפֿן זייער גלײַכגילטיקייט צו די קהלשע הצטרכותן, וואָלטן זיי אים געהערט ווי המן דעם גראַגער, און מסתּמא אויך ברוגז געוואָרן, אָבער מיט דאָן אַלבערטאָ איז עס אַנדערש; זיי הערן אויס און שווײַגן, און ווען ער האָט באַנײַט זײַן רעזידענץ אויף „קאַרעראַ סעפּטימאַ" און די 80סטע גאַס, האָט מען געקאָנט טרעפֿן דאָרט די זעלבע שטאָטבאַלעבאַטים, ווי אין די טעג ווען ער פֿלעגט אויפֿנעמען געסט. אַ סימן, אַז עס האָט זיי נישט פֿאַרדראָסן, און גאַנץ מעגלעך אַז זײַן פּרוי שׂדה — וואָס איז נישט וויניקער ברייטהאַרציק ווי איר מאַן —, האָט געהאָלפֿן פֿאַרגלעטן אַ סך פֿון די דאָזיקע אומאַנגענעמלעכקייטן.

אין דער צײַט ווען אַלבערטאָ פֿערעלמאַן האָט זיך באַזעצט אין קוקוטאַ, האָט דער קרן פֿון אונדזער קאָלאָמביאַנער ישוב ערשט אָנגעהויבן צו שפּראָצן, און ס'איז געווען אַ היפּשע צאָל פּראָבלעמען צו לייזן. קיין וואָך איז נישט אַריבער אַז דאָן אַלבערטאָ, און זײַן ייִנגערער ברודער איסאַק, זאָלן נישט האָבן קיין „געסט" בײַ זיך אין דער היים. דאָס זײַנען געווען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט בדעה צו פּרוּוון זייער מזל אויף יענער זײַט גרענעץ, אין ווענעסועלאַ. און אַזוי ווי די פֿערעלמאַנס האָבן געהאַט אין זיך אַן אײַנגעבוירענע אײַגנשאַפֿט צו העלפֿן זייערע מיטמענטשן און טאָן ווי ווײַט מעגלעך אַ טובֿה, האָט יעדער געפֿונען בײַ זיי דעם נייטיקן אָנשפּאַר. כּדאַי דאָ צו באַטאָנען אַז די ערשט־אָנגעקומענע בעסאַראַבער ייִדן, וועלכע האָבן זיך פּלוצעם דערזען אויף אַ פֿולשטענדיק פֿרעמדן באָדן פֿאַר זיי, האָבן זיך גיך אײַנגעגלידערט אין דער נײַער סבֿיבֿה און האָבן זייער פֿײַן זיך אײַנגעאָרדנט. די פֿערעלמאַנס האָבן זיי אַרויסגעהאָלפֿן מיט אַן עצה טובֿה, מיט אַ גאַראַנטיע און מיט אַן אָריענטאַציע.

שמעון גובערעק

עס איז שוין אַ יאָר ווי דער קאָלאָמביאַנער ישוב האָט פאַרלוירן דעם האַרציקן ייִדן, דאָן אַלבערטאָ פּערלמאַן.

כבוד זײַן אָנדענק!

דאָן אַלבערטאָ פּערעלמאַן, צוזאַמען מיט זײַן זון ד״ר סאַלאָ פּערעלמאַן, האָבן אין משך פון יאָרן אויפגעשטעלט אַן אינדוסטריעלע אימפּעריע: „נײַ־לאַפּיל״, וואָס באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטערס, מיט אַ חודש־לעכן אומזאַץ פון מיליאָנען קאָלאָמביאַנער פּעזעס. וואָס שײַך דאָן איסאַק פּערעלמאַן, האָט ער די קאָנצעסיע אין קאָלאָמביע פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער אונטערנעמונג „וואַן רעאַלטע״, וואָס איז אַ צווייטער אינדוסטריעלער קעניגרײַך מיט 500 אַרבעטערס און אַ שטאַב פאַרוואַלטערס און אַד־מיניסטראַטאָרס. אָט די דאָזיקע מענטשלעכע סענסיביליטעט, צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַחריות, וואָס האָט געבראַכט גרויסע נוצן דעם ישוב און דעם לאַנד, רופן מיר אַן „ווערטפולע לעבנס״.

# אַברהם גאָלאָמב, דער גײַסטיקער מנהיג און אינטעגראַלער ייִד

די ייִדישע וועלט פײַערט דאָס יאָר דעם 85סטן געבוירן־טאָג, עד מאה ועשרים, פון אַ גרויסער ייִדישער פערזענלעכקייט, אַ יחיד במינו, וואָס האָט דער ערשטער, און כמעט ווי דער איינציקער, אויפגעהויבן די פאָן, און באַגרינדעט די טעאָריע פון אַן אינטעגראַלער ייִדישקייט, און ער איז געבליבן טרײַ און קעמפט פאַר זײַן אידעאַל אַלע יאָרן פון זײַן שעפערישן לעבן, און מיט אַלע מיטלען פון אַ תלמיד־חכם און טאַלאַנטירטן שרײַבער.

אַן אינטעגראַלע ייִדישקייט מיינט אַזאַ נאַציאָנאַלע קולטור, וואָס זאָל אײַנשליסן אין זיך אַלע גײַסטיקע ווערטן, וועלכע דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשאַפן אין אַלע צײַטן און אויף אַלע שפּראַכן, אין זײַן לאַנגער פיל־טויזנט־יאָריקער וואַנדערונג צווישן פעלקער און קאָנטינענטן. ער נעגירט נישט קיין איין אות פון דער תורה, און אויך נישט קיין איין ווערק פון דער וועלט־לעכער ליטעראַטור, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן אויף ייִדיש און העב־רעיִש, אַזוי גוט אין פעריאָד פון זײַן היסטאָרישער זעלבשטענדיקייט ווי אויך אין דער צײַט פון זײַן צוויי־טויזנט־יאָריקן גלות.

אין זײַן בוך, „אויף די וועגן פון קיום" זאָגט גאָלאָמב: „פונקט אַזוי ווי די אַמאָליקע דורות האָבן פאַרהייליקט די ליטעראַרישע שאַפונגען, וואָס האָבן אין זייער צײַט אויסגעדריקט די ייִדישע פאַרזיכיקייט, אַזוי דאַרף די ייִדישע רעליגיע אויך הײַנט אַרײַננעמען אין סכום הייליקייטן פון פאָלק די ליטעראַרישע און אַנדערע גײַסט־שאַפונגען פון די לעצטע דורות" (ז' 42). די שאַפונגען פון ביבלישן פעריאָד, ווי דער תנ"ך, און פון די שפּעטערדיקע צײַטן, די גמרא, האָבן געשטרעבט צו זיכערן דאָס זעלבשטענדיקע „פאַר־

זיך" לעבן פֿון פֿאָלק, עס זאָל זיך נישט אויסמישן מיט די אָרומיקע פֿעלקער, און זיי זײַנען דעריבער פֿאַרהייליקט געוואָרן ווי אַ „תּורה", וואָס דאַרף מדריך־זײַן דאָס פֿאָלק, ווי אַזוי ממשיך צו זײַן דאָס נאַציאָנאַלע ייִדישע לעבן. אויך די וועלטלעכע ייִדישקייט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַלן גײַסט, שטרעבט צו דעם זעלבן ציל, און שאַפֿט אַ קולטור־אַטמאָספֿער אין וועלכער דאָס פֿאָלק זאָל זיך קאָנען אויסלעבן אין גײַסט פֿון זײַן נאַציאָנאַלער טראַדיציע און ממשיך־זײַן זײַן היסטאָרישן קיום.

קאָנסעקווענט מיט דעם געדאַנק, איז אַברהם גאָלאָמב, אויך אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער קעמפֿער פֿאַר ייִדיש. ער איז נישט קיין „ייִדישיסט" און נישט קיין „גלותיסט", ווי אייניקע פֿאַנאַטיקער ווילן אים פֿאַרשרײַען. פֿאַרקערט, ער איז אַ גרויסער קענער און ליבהאָבער פֿון עברית, ווי אַן עילוי פֿון דער ראַמײַלעס־ישיבֿה אין ווילנע. ער איז אויך דורכויס דערפֿאַר, אַז העברעיִש זאָל זײַן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון דער מדינה, וואָס וועט ענגער פֿאַרבינדן דאָס פֿאָלק מיט זײַנע גײַסטיקע אור־קוואַלן, און פֿאַרווירקלעכן אין לעבן אַ וויכטיקן אַספּעקט פֿון זײַן „אינטעגראַלער ייִדישקייט", וואָס מיינט די גײַסטיקע שאַפֿונג פֿון פֿאָלק דורך אַלע דורות און צײַטן.

ער איז אָבער אַנטשלאָסן קעגן דער נעגאַציע פֿון דער ייִדישער שפּראַך, אויף וועלכער עס זײַנען אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע טויזנט יאָר געשאַפֿן געוואָרן גרויסע ייִדישע ווערטן אויף אַלע געביטן פֿון מחשבֿה און קונסט. פֿאַר אים איז ייִדיש אַ צווייטע נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון פֿאָלק און ער פֿאָדערט פֿאַר איר די רעכט, וואָס איר קומט אַזוי אין דעם דערציִונגס־וועזן פֿון דער מדינה ווי אויך אין לעבן פֿון די תּפֿוצות. און אין דעם האָט ער די סימפּאַטיע און מיטגעפֿיל פֿון ברייטע שיכטן פֿון פֿאָלק, וואָס קוקן צו מיט טיפֿער זאָרג ווי די אַסימילאַציע רײַסט פֿון פֿאָלק לעבעדיקע שטיקער, ווי עס שטאַרבט אָפּ, און ווערט אויך מיט גוואַלד אויסגעריסן, די ייִדישע שפּראַך פֿון די ייִדישע שולן און פֿול מויל פֿון ייִדישע קינדער, און אויף איר אָרט קומט נישט אַרײַן קיין עברית, נאָר דאָס פֿרעמדע לאַנד־לשון.

קיין שום רעכט־דענקענדיקער ייִד פֿאַרטיידיקט נישט הײַנט דעם גלות. מיר האָבן אַ רײַכע היסטאָרישע דערפֿאַרונג אויף דעם געביט, וואָס ציט זיך פֿון המן הרשע ביז היטלער און סטאַלין ימח שמום, פֿון דער „שוואַרצער מאה" ביז דער רויטער סערפּ־און־האַמער פֿאָן. מיר פֿאַרטיידיקן נאָר די

יִדישע קולטור, וואָס איז אַנטשטאַנען אין גלות, זי איז אַן אויטענטישער פּראָדוקט פון יִדישן גײַסט, וואָס האָט געשאַפן אַן אייגענע שפּראַך און אַן אייגענע קולטור, כדי זיך צו באַשיצן קעגן די אַרומיקע אַסימילאַציע אײַנפלוסן. די בעגאַציע פון גלות טאָר זיך דעריבער נישט אויסלאָזן מיט קיין נעגאַציע פון די גײַסטיקע ווערטן, וועלכע זײַנען אין גלות געשאַפן געוואָרן. די וואָס פאַרלייקענען דעם נאַציאָנאַלן און קולטורעלן ווערט פון דער יִדישער שאַפונג אין גלות, פעלשן די יִדישע געשיכטע, און צוגלײַך ווי די אַנטיסעמיטן פאַרלייקענען זיי דעם אײַנגעבוירענעם שעפערישן גײַסט פון פאָלק, וואָס האָט זינט דעם ביבלישן פּעריאָד, ווי זיי זאָגן, פאַרלאָרן זײַן כוח יצירה און איז געוואָרן ווי אַ „פאַרטריקנטער דאָרן"...

מיט טיפער זאָרג רעדט גאָלאָמב וועגן דעם אונטערגאַנג פון די יִדישע ישובים אין מערב־איראָפּע. זיי זײַנען געווען פרימער און רעליגיעז אָפּגעהיטענער ווי ס'איז געווען דער וועלטלעכער סעקטאָר אין פּוילן, וואָס האָט געהאָט זײַן אייגענעם שטייגער, זײַן שפּראַך און קולטור. דאַקעגן, די מערב־איראָפּעיִשע יִדן זײַנען געווען קולטורעל און שטײַגעריש דײַטשן, פראַנצויזן, איטאַליענער — נאָר פון משהס גלויבן. זײַנען פאַראַן דײַטשן פּראָטעסטאַנטן און קאַטאָליקן, זײַנען אויך דאָ דײַטשן פון משה גלויבן. „פון יִדישקייט ווי אַ באַזונדערע מענטשלעכע קולטור, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט, און זייער אונטערגאַנג איז געווען געחתמעט", נאָך איידער דער נאַציזם איז געקומען צו זײַן פינצטערער ממשלה.

נצח ישראל, לערנט גאָלאָמב, דאַרף געשמידט ווערן טאָג־טעגלעך, אַזוי אין דער מדינה ווי אין די תפוצות, וועלכע דאַרפן זיך דערגאַנצן קעגנזײַטיק ווי איין פאָלק. „מיר זײַנען זוכה געווען צו בויען דאָס נײַע ירושלים נאָר דערפאַר ווײַל מיר האָבן געבויט 'ירושלימס' אין אַלע גלותן", דאָס האָט אויפגעהאַלטן דעם יִדישן גײַסט פון פאָלק, וואָס האָט געבראַכט צו דער אויפלעבונג פון דער יִדישער מדינה.

אַברהם קאָלאָמב האָט אָנגעהויבן זײַן עפנטלעכע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט ווי אַ יִדישער לערער. נאָך דער ישיבה האָט ער פאַרענדיקט רוסישע לערער־קורסן אין גראָדנע און געהערט לעקציעס אין דער קיִעווער אוניווערסיטעט. געווען לערער אין פּעטערבורג, כאַרקאָוו און קיִעוו. האָט מיט באַזונדער ליבשאַפט זיך אָפּגעגעבן מיט נאַטורוויסנשאַפט און איז געווען

## שמעון גובערעק

לערער אין אַן אַגראַנאָמישער שול אין ישראל, און נאָך דעם דירעקטאָר פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. אין יענער צייט האָט ער פאַרעפנט־לעכט אייניקע לערנביכער און האָט געשריבן אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס. האָט נאָך דעם, עמיגרירט קיין מעקסיקע און געווען דירעקטאָר פון אַ גרוי־סער יידישער שול, ווו ער האָט געלערנט עברית מיט דער אַשכּנזישער הברה, וואָס העלפט צו „אינטעגרירן"ביידע שפּראַכן און פאַרלייכטערן די פאַרביג־דונג פון דער מדינה מיט די תפוצות. ער האָט געשאַפן אַ קולט פאַר יידיש און יידישקייט, און מעקסיקע איז איינע פון די ווייניקע שטעט אויפן קאָנ־טינענט, ווו די יוגנט רעדט און פאַרשטייט יידיש. ער איז אַ מענטש וואָס האָט דעם מוט צו גיין קעגן שטראָם און אין די צענדליקער ווערק וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט, האָט ער זיך דערהויבן פון אַ מדרגה פון אַ פאָלקס־לערער און לערער פון לערערס, צו אַ לערער פון פאָלק, צו אַ גייסטיקן מנהיג, וואָס האָט קעגנערס, אָבער אויך טויזנטער פריינד פאַרערערס און לייענערס בכל תפוצות ישראל.

# דער קאַמף פאַר צווייִשפּראַכיקייט

אין אונדזער תקופה לעבן מיר צווישן צוויי שפּראַכן, דאָס הייסט, צווישן צוויי קולטורן: די ייִדישע און די העברעיִשע, וועלכע זײַנען — טראָץ זייער נאָענטקייט פון גײַסטיק־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט צוויי וועלטן פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, מיט אַן אייגענער ליטעראַטור און פילאָסאָפיע, וועלכע דערגאַנצן זיך אָבער קעגנזײַטיק, ווי אײן קולטור אויף צוויי שפּראַכן.

פאַראַן אַ סך וועלכע זײַנען גרייט מקריב צו זײַן אָן שום טענות ומענות די רײַכע קלאַסישע ייִדיש־קולטור, וואָס האָט אין משך פון יאָרהונדערטער געגעבן פּרעסטיזש און אָנזען דעם ייִדישן פאָלק אויף דער וועלט. אַנדערע, להיפּוך, נעמען זיך אָן פאַר דער ייִדיש־קולטור, מיט דער איבערצײַגונג, אַז העברעיִש וועט אַפילו אין הונדערט יאָר אַרום זיך נישט קאָנען אויסגלײַכן מיט ייִדיש, וואָס שײַך איר רײַכער ליטעראַרישער פּראָדוקציע, און וועט קיין מאָל נישט אַרויסגעבן אַזעלכע פען־מײַסטערס ווי מענדעלע, שלום עליכם, זינגער, ווײַסענבערג, און אַזוי פיל אַנדערע קינסטלערס, וועלכע ס'איז שווער צו געפינען אַפילו אין דער ליטעראַרישער שאַצקאַמער פון די גרעסטע וועלט־ציוויליזאַציעס. אַ פּרץ, מאַנגער און שלום אַש ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג...

טאַקע ריכטיק, אַז עברית איז די אָפיציעלע שפּראַך פון מדינת ישראל און אַז די ביבל איז דער קוואַל, וואָס שפּײַזט אונדזער גײַסטיקע יצירה. ווער וועט עס פאַרלייקענען? איז דען אָבער פאַראַן אַ סתירה צווישן ייִדיש און העברעיִש, אויף אַזוי ווײַט אַז מען זאָל דאַרפן אויסוואָרצלען דאָס מאַמע־לשון פונעם פאָלק, וואָס האָט עס געשאַפן און באַנוצט אין פאַרלויף פון העכער טויזנט יאָר? בשום אופן נישט! עס איז אַ באַוווּסטער פאַקט, אַז אַלע פעלקער האָבן זייער מײַסטער־שפּראַך, וואָס קאָן יאָ אָדער נישט זײַן די

אומגאַנג־שפּראַך אין אַ באַשטימטן מאָמענט; ס׳איז אָפּהענגיק פונעם לאַנד ווו מען געפינט זיך. אָבער די מוטער־שפּראַך פון אַ מענטשן, זאָל דאָס זײַן רוסיש, ענגליש, פראַנצייזיש אָדער שפּאַניש, מוז פאַר קיין פאַל נישט זײַן די איינציקע שפּראַך וואָס ער זאָל מעגן באַנוצן. דאָס מערקט זיך ספּעציעל אינערהאַלב אַ סך נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע זײַנען זיך נוהג אויפֿצוהאַלטן און אָפּצוהיטן זייערע טראַדיציעס, קליידונג, שטייגער, לשון און



געזעלשאַפטלעכער בנין פון דער ספרדישער געמיינדע

קולטור. דערמיט ווערט אָנגעהאַלטן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט פון פאָלק, און עס באַקומט זיך אַ פילפאַרביקער מאָזאַיִק פון זיטן, לשונות און עטנישע אייגנשאַפטן פון אייניקע „אַלטע" פעלקער, וועלכע האָבן געשאַפן „נײַע" שפּראַכן, וועלכע וואָרצלען אָבער אין די אור־קוואַלן פון זייער קלאַסישער יצירה.

דאָס איז גילטיק על אַחת כמה וכמה אויפן ייִדישן פאָלק, וואָס האָט

אַרומגעוואַנדערט איבער אַלע לענדער פֿון דער וועלט, און איינגעזאַפּט אין זיך אַ ריזיקן באַגאַזש מיט קולטור־ווערטן צונויפֿגעזאַמלטע אויף זײַן ווייַ און וואַנדער־וועג במשך פֿון דורות. דעריבער דאַרפֿן מיר אויפֿהיטן אונדזער צווייִשפּראַכיקייט; פּאַרטיידיקן ייִדיש מיינט נישט צו זײַן קעגן העברעיִש, און דער וואָס נעמט זיך אָן פֿאַר עברית דאַרף נישט ווערן קיין שונא פֿון ייִדיש.

דער פֿרײַנד מאַקסימאָ פֿריילּיך פֿון קאַראַקאַס, ווענעסועלאַ, האָט געוויס געהאַט אויסצושטיין אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן איבער דעם דאָזיקן צוועק־לאָזן שטרײַט, וואָס איז אין תּוך נישט מער ווי אַן איבערפֿלעכלעכע אומ־פֿאַרשטענדעניש. אין דער העברעיִשער שול פֿון קאַראַקאַס, וועלכע ער האָט געהאָלפֿן גרינדן, האָט ער צוגעזען דעם פֿאַרשלעפּטן און אומזיניקן ריב הלשונות צווישן ייִדיש און העברעיִש. דער גרעסטער טייל האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף, לאַגישערווײַז, געבן דעם אויבנאָן דער אוראַלטער ביבלישער שפּראַך; אָבער גלײַכצײַטיק האָט זיך געשאַפֿן בײַ איניקע דער געדאַנק, אַז מען דאַרף אין גאַנצן באַזײַטיקן דאָס מאַמע־לשון, אַזוי ווי עס זאָל קיין מאָל נישט האָבן עקסיסטירט אויף דער וועלט. און פֿריילּיך איז געווען דער, וואָס האָט אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון דער ייִדיש־קולטור, און זי געהאַלטן הויך במשך פֿון לאַנגע יאָרן אָן איבעררײַס. ס׳איז איבעריק און זינלאָז צו פֿרעגן צי ער האַנדלט גוט צי שלעכט, אויפֿן דאָזיקן געביט; זאָלן ענטפֿערן דערויף די מײַסטערווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און מחשבה. טאַקע פֿאַראַן שפּראַכן וועלכע גייען אונטער און פֿאַרשווינדן, אָבער אַ שפּראַך וואָס בליט און גייט־אויף אין פּערו, אין פֿראַנצע און אין עסיי, אין נײַע און וואַגיקע ווערק און גרויסע טאַלאַנטן, קאָן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ טויטע. אַזאַ שפּראַך לעבט און שפּרודלט מיט לעבנסלוסט, און קיינער קאָן נישט אַרויס־טראָגן אויף איר קיין טויטאורטייל.

מאַקס פֿריילּיך האָט זיכער געהאַט אין זינען די אויבנדערמאָנטע אַרגו־מענטן, ווען ער האָט אונטערגענומען און אויסגעהאַלטן געפֿירט זײַן קאַמף פֿאַר רעספּעקט צו דער ייִדישער שפּראַך, און זי זאָל נישט פֿאַרנאַכלעסיקט ווערן אין דער לערן־פּראָגראַם פֿון דער „הערצל־ביאַליק"־שול אין קאַראַ־קאַס. דער דאָזיקער אַנשטאַלט פֿאַרמאָגט בײַם הײַנטיקן טאָג 2.500 תּלמידים און אַ גרויסן לערער־פּערסאָנאַל, צווישן וועלכן ס׳איז דאָ אויך אַ לערערין

פון ייִדיש. ס'איז טאַקע אַ טראָפּן אין ים פאַר אַזאַ גרויסער שול, אָבער ווען נישט די עקשנות פונעם פרײַנד פרייליך, וואָלט אָפּילו דאָס אויך נישט געווען.

*

דער דאָזיקער דינאַמישער עסקן איז זייער אַ פאַרנומענער מענטש, כאָטש ער איז נישט פאַרבונדן מיט קיין געשמיותדיקע פּריוואַטע געשעפטן. ער פאַרנעמט זיך שוין נישט מיט קיין האַנדל און אינדוסטריע, אָבער דער טאָג איז פאַר אים סײַ ווי צו קורץ; ער שרײַבט, לייענט ביכער און צײַטונגען, ענטפערט אויף בריוו, און עס בלײַבט אים נאָך צײַט אויף צו פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט לטובת הכלל. דערפאַר האָט ער נישט אָנגעזאַמלט קיין גרויסע עולם־הזהדיקע רײַכטימער. אַדרבא, דאָס געלט ווערט בײַ אים צערונען צווישן די פינגער, אין דער טאָגטעגלעכער זאָרג פאַר די ציבורדיקן הצטרכותן.

און אַז מען איז אַן עדות פון זײַן אומדערמידלעכער און אַחריותפולער אַרבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף מאַטעריעלער באַלוינונג, קאָן מען נישט אַנדערש ווי זיך סאָלידאַריזירן מיט אַ מענטשן, וועלכער פירט אַ קאַמף לשמה.

*

בעת זײַן רײַזע קיין ישראל מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט מאַקס פרייליך, געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט די אַרויסגעבערס פון אַ וויכטיקער פעריאָדישער אויסגאַבע אויף ייִדיש אין תל־אביב, און איצט לייענען מיר דאָרט יעדע צוויי וואָכן זײַנע סאָלידע מיטאַרבעטונגען, וועלכע באַציִען זיך איבער הויפּט צו פאַקטן און געשעענישן אין זײַן ווענעסאָלאַנער ישוב. ער איז אַ פײַנער און טיפזיניקער באַאָבאַכטער און אינפאָרמאַטאָר, און ס'וועט נישט זײַן איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז זײַנע אַרטיקלען קאָנען זײַן אַן ערשט־ראַנגיקער מאַטעריאַל פאַרן צוקונפטיקן היסטאָריקער פונעם ווענעסועלער ייִדנטום. זײַנע מוסר־ווערטער און שטראָפרייד זײַנען אָפט מאָל האַרבע און בײַסיקע, און ער קווענקלט זיך נישט בײַם רופן צו אָרדענונג און באַזאַכטקייט וועמען ער געפינט פאַר נייטיק.

מען דאַרף דאָס נישט נעמען פאַר אומגוט; דאָס וואָרט און מיינונג

פונעם שרײַבער האָבן שטענדיק געהאַט אַן אײַנפלוס אינעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון די פעלקער. בײַ אונדז, יידן, איז אַוודאי און אַוודאי געווען דער שרײַבער דער טאָנגעבער פונעם כלל, איבער הויפּט וואָס שײַך סאָציאַלע פירונגען. איינס דאַרף מען אָבער צוגעבן: ווער עס איז איין מאָל געווען דער צילפּונקט פון פריילּיכס זשורנאַליסטישע פּײַלן, און איז דערנאָך צוריק אַרויף אויפן דרך הישר און זיך דערהויבן מיט אײדעלע ייִדישע מעשים, ווערט דורך אים ענטוזיאַסטיש און אויפריכטיק אָנערקענט און אַרויסגעשטעלט ווי אַ בײַשפּיל.

דאָס איז אַ שטריך וואָס כאַראַקטעריזירט אים ווי אַ געוויסנהאַפטן געזעלשאַפטלעכן עסקן און וועגווײַזער, מיט דער מיינונג פון וועלכן מען דאַרף זיך רעכענען, ווײַל ער האָט נישט קיין פערזענלעכע פניות, נאָר איז אויסן די טובה פון ישוב, און די אינטערעסן פון פאָלק און פון דער מדינה.

# פרויען, פּיאָנערינס פון ישוב

סוף דרײַסיקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט, האָט אונדזער קליינע עדה, וואָס האָט זיך געהאַלטן ערשט אין אויספּיקן אין דער הויפּטשטאָט פון קאָ־לאָמביע, פאַרמאָגט אַ צענדליק פרויען, וועלכע האָבן געירשנט די גוטע מידות פון אונדזערע היימישע „נשים צדקניות", וואָס האָבן באַשײַנט דאָס יידישע לעבן אין דער אַלטער היים, און זייערע געשטאַלטן זײַנען געווען אײַנגעהילט אין אַן אָרעאָל פון קדושה; יענע פרויען, וואָס האָבן זיך גע־ווידמעט מיט לײַב און לעבן לטובת הכלל, און זיי האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט מוטערלעכער ליבשאַפט און רעליגיעזן עגסטאַז.

די דערמאָנטע גרופּע ווילטעטיקע פרויען, זײַנען געווען די אמתע פּיאָנערינס פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין באָגאָטאַ, און זיי האָבן אָנ־געזעגט צו דעם אויך זייערע מענער, וועלכע זײַנען געווען פאַרנומען מיט דאַגות־פּרנסה, און מיט די זאָרגן פון אײַנפונדעווען זיך אין דער נײַער היים. דאָס איז נישט געווען פון די לײַכטע זאַכן. ס'איז אָנגעקומען זייער שווער.

די דאָזיקע גרופּע איז באַשטאַנען פון די פרויען: דאָראַ בינפאַרב, בלומע בורקאַ, אסתר גוט, תהילה גוט, — די פרוי פון מאָריס גוט, די פרוי פון שיע גוט, פרוי פון ראובן פאָסין, די פרוי פון מאָריס מיימאָני, און פּאַולינאַ מיטשאָניק. איר פאָטער האָט זי נישט גערופן „פּאַולינאַ", ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די נײַ־אײַנגעוואַנדערטע צו ענדערן זייע־רע יידישע נעמען אויף שפּאַניש; נאָר ער האָט זי גערופן אַזוי ווי אין דער אַלטער היים: אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, פּאַיעטשקע.

מיר, די אַלטע תושבים פון דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט, באָגאָטאַ, האָבן געהאַט דאָס גליק זיך צו באַקענען פון דער נאָענט מיט דער דאָזי־

קער מערקווירדיקער פּרוי; אַגב, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז איר נאָמען איז זייער שנעל באַרימט געוואָרן אין אַלע גרעסערע און קלענערע ישובים פֿון גאַנצן לאַנד. זי האָט אַנטיילגענומען כמעט ווי אין אַלע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס און האָט אונדז אַרויסגעהאָלפֿן אין אַלע אַקציעס, מיט ראָט און מיט טאָט. פֿון זינט אונדזער עקסיסטענץ האָט באַקומען אַ פּרצוף פֿון אַן אָרגאַניזירטער עדה, האָט פּאַיעטשקע פֿאַרנומען דעם אויבנאָן אין די ערשטע רייען, און מיר האָבן זיך צוגעהערט צו איר וואָרט און באַוווּנדערט איר אַקטיוויטעט.

*

ווען אַ מענטש ווערט באַשאַנקען מיטן געטלעכן פֿונק פֿון האַרציקער וואַרעמקייט צו מענטשן, ווערט ער אויך סימפּאַטיש און ליב בײַ אַלע אַנדערע. אונדזערע חכמים האָבן הויך געשאַצט אַ „נוח לבריות״ — אַ מענטש וואָס איז גוט צו מענטשן, וואָס האָט אַ געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער. זיי האָבן עס באַטראַכט ווי איינע פֿון די שענסטע מענטשלעכע מידות. אַז מענטש באַנוגנט זיך נישט מיטן לעבן אויסשליסלעך פֿאַר זיך און פֿאַר דער אייגענער משפּחה, ער גייט אַרויס פֿון די ענגע ד' אמות פֿון די היימישע פֿיר ווענט און פֿאַרנעמט זיך אויף אַ ברייטן שליאַך פֿון לעבן מיט מענטשן און פֿאַר מענטשן. און ווער עס פֿאַרמאָגט אַזאַ העכערן דראַנג פֿון מענטשלעכקייט געניסט פֿון קאָנטאַקט מיט מענטשן, און עס געניסן פֿון אים אויך אַלע אַנדערע. ער פֿילט זיך נוצלעך פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, און די געזעלשאַפֿט צאָלט אים מיט סימפּאַטיע און אָנערקענונג.

*

אַזאַ איז געווען אונדזער פּאַיעטשקע, און אַזוי האָבן מיר זי מיט ליבשאַפֿט גערופֿן. זי האָט מיט לײַב און לעבן זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט לטובת הכלל. האָט געזאָרגט פֿאַר די נײַ־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, האָט אַרויסגעהאָלפֿן נויטבאַדערפֿטיקע, און איז געווען אַן אַקטיווע קולטור־טוערין. ווען מיר האָבן אונטערגענומען צו בויען די ערשטע שול פֿאַר דער קליינער צאָל קינדער, וואָס אונדזער ישוב האָט דעמאָלט פֿאַרמאָגט, איז פּאַיעטשקע געווען מיט אונדז; ווען מיר האָבן זיך באַשעפֿטיקט אין אָרגאַניזירן קולטור־אַקטן, האָט זי פֿאַרנומען דעם אויבנאָן. עס איז איר ווייניק אָנגעגאַנגען

די מורמלערײַען און „עצות" אַז זי וואָלט זיך נישט באַדאַרפט „חברן" מיט די „לינקע", ווי מען האָט אין יענער צײַט גערופן די אַלע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ייִדישער קולטור־טעטיקייט. זי איז שטענדיק געווען מיט די וואָס טוען עפּעס פאַרן ייִדישן כּלל, און האָט זיך דערווײַטערט פון די וואָס ריידן אַ סך און טוען גאָרנישט. און פּאַיעטשקע איז געווען איינע פון די רײַכסטע פּרויען אין אונדזער קליינעם ישוב, אָבער אויסגעלעבט האָט זי זיך דווקא אין דער סביבה פון עמך. זי האָט געהערט צום קלאַס פון די „מיליאָנערן", ווי מען האָט זיי גערופן; איך האָב זייערע מיליאָנען נישט געציילט, אָבער דאָס זײַנען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך פּײַן אַרויפגעאַרבעט, וואָס האָבן געלעבט אין די אַריסטאָקראַטישע גאַסן פון שטאָט, און האָבן זיך נישט געחברט „אַבי־מיט־וועמען". פּאַיעטשקע אָבער האָט געפונען איר פּלאַץ דאָרטן ווו עס שפּרודלט מיט לעבן, און האָט זיך געפילט בעסער ווי דאָרט, ווו אַל'ץ דרייט זיך אַרום געלט.

*

דאָס רײַכע און באַקוועמע לעבן האָט נישט אין גאַנצן אויסגעפילט אירע אַספּיראַציעס, איר גײַסטיקן אומרו. איר ווילן צו דינען אירע מיטמענטשן, און זי האָט זיך געפילט אין אונדזער געזעלשאַפט און אין די ייִדישע אינסטיטוציעס „ווי אַ פיש אין וואַסער". זי האָט זיך אויסגעלעבט גײַסטיק, און האָט געבראַכט צום אויסדרוק אירע בעסטע געפילן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן זי גוואַלדיק געשעצט, און זי האָט גענאָסן פון דער וואַרעמקייט און ליבשאַפט מיט וועלכער מיר האָבן זי אַרומגערינגלט. פּאַיעטשקע איז געווען דער אַלגעמיינער ליבלינג אין אונדזער משפּחה אין די ערשטע פּיאָנערן יאָרן.

גאַנץ אָפט פלעגן אין איר רײַכן פּאַלאַצעט, וואָס איז געשטאַנען אויף דער 34סטער גאַס, אין שכנות מיט די רײַכע הײַזער פון דעם אַריסטאָקראַטישן „נאַציאָנאַל פּאַרק", פאַרקומען אויפנאַמעס פאַר חשובע געסט פון ישוב, אָדער פאַר אָן אָנגעזעענעם שרײַבער וואָס פלעגט באַזוכן באָגאָטאַ. אויף די דאָזיקע אויפנאַמעס זײַנען אָנוועזנד געווען מענטשן פון אַלע סאָציאַלע שיכטן פון אונדזער ישוב, אַרײַנגערעכנט די יעניקע עמך־ייִדן אויף וועלכע די רײַכע לײַט האָבן געקוקט פון אויבן־אַראָפּ. עס האָט אויסגעזען,

אַז פּאַיעטשקע וויל געבן אַ ביישפּיל ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפֿפֿירן מיט מענטשן.

זי איז געווען די גרינדערין פֿון דער „עזרה", די אינסטיטוציע וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צוצוטיילן הילף פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע; צדקה האָט תמיד פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין יידישן לעבן אין דער אַלטער היים. צום באַדויערן איז די דאָזיקע הייליקע אַרבעט ביי אונדז אין ישוב, ביז דעמאָלט געווען שטאַרק פֿאַרנאַכלעסיקט.

זי איז אויך געווען די ערשטע פֿאָרזיצערין פֿון דער היגער אָפּטיילונג פֿון דער אַלוועלטלעכע יידישער פֿרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ", ווו זי האָט געשיינט אַ גוטוויליקע, און פֿול מיט ווערדע און אַ פֿריילעכע. זיכער זיינען אין אַנדערע מקומות אויך פֿאַראַן מענטשן פֿון זעלבן שניט, אָבער, ביי אונדז איז זי געווען אַ וווּנדערבאַרער אויסנאַם, וואָס האָט געגעבן אַ ביי־שפּיל פֿאַר אַ סך אַנדערע פֿרויען פֿון איר קלאַס.

דער דאָזיקער געטלעכער פּונקט מיט וועלכן אייניקע מענטשן זיינען באַשאָנקען, פֿירט זיי אַרויס פֿון דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט, פֿון סנאָ־ביזם, פֿון אינטערעס פֿאַר פּוסטע פֿאַרוויילונגען, און עפֿנט פֿאַרן מענטשן ברייטע האָריזאָנטן צו אַ רייכערן, מער נוצלעכן און אינטערעסאַנטן לעבן. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין פּאַיעטשקען, האָט מיך אינספּירירט צו שרייבן וועגן דער וווּנדערבאַרער פֿרוי, וועלכע מיר האָבן מיט ליבשאַפֿט גערופֿן מיט דעם נאָמען, וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן געגעבן זייער געראָ־טענער טאָכטער — פּאַיעטשקע. און אויב די דאָזיקע קליינע באַשרייבונג וועט אינספּירירן וועלכע נישט איז פֿרוי, אָדער מאַן, נאָכצוטאָן פּאַיעטש־קעס ביישפּיל, וועט דער שרייבער פֿון די שורות זיך פֿילן איבערגליקלעך. ווייל דאָס איז געווען זיין אמתע כוונה: געבן אַ גוטן און רעאַלן ביישפּיל, וואָס זאָל דערוועקן גוטע געפֿילן ביי מענטשן. אונדזערע יידישע ישובים אויף דער ווייטער אַמעריקאַנער ערד, דאַרפֿן האָבן וואָס מער אַזעלכע פּאַיעטשקעס.

# אַ ייִדישער נאַסער

אַ סך וועלן זיך חידושן איבערן נאָמען פונעם ייִדן וועגן וועמען איך וויל דאָ האָבן דעם פאַרגעניגן צו שרײַבן: כאַסע (יוסף) נאַסער. פאַראַן אָבער אַזאַ ייִד, און גוט וואָס ער איז פאַראַן. ער איז אַקטיוו אין אונדזערע רייען, באַזונדערס אין דער ספרדישער קהילה: אַ פאַרעקשנטער גלייבער און אַ גע־געטרײַער טוער. ס׳איז נישט אונדזער אויפגאַבע דאָ צו נעמען פאָרשן דעם אָפּשטאַם פון זײַן פאַמיליע־נאָמען. ס׳וועט גענוג זײַן צו זאָגן אַז ער איז געבוירן געוואָרן נישט ווײַט פון דער וויג פון יענעם נאַסער, דעם וויסטן אַנטיסעמיט. וואָס טויג אונדז אָבער דערמאָנען יענעם צום גליק שוין פאַר־שוווּנדענעם פאַרשוין, ווען מיר קענען זיך פאַרנעמען מיט זײַן ליבן און טײַערן האָמאָנים.

עטלעכע יאָר האָב איך געקענט פון דער ווײַטנס דעם נאָמען כאַסע נאַסער און אויך געהערט פון אים די בעסטע מיינונגען. מיט אַ קנאַפּע פינף יאָר צוריק האָב איך געהאַט מיט אים אַ לענגערן שמועס, און גלײַך פאַר־כישופט געוואָרן פון זײַן טיפער מענטשלעכקייט און ס׳איז בײַ מיר געבליבן ווי אַ חוב צו באַשרײַבן זײַן מערקווערדיקע פערזענלעכקייט אין מײַן נײַעם בוך וואָס איך וועל — אויב דאָס מזל שפּילט מיר צו — אַרויסגעבן. דאָס גיב איך צו, ווײַל אין מײַנע יאָרן, צו די 73, טאָר מען נישט זײַן זיכער מיט קיין פּלענער אויף דער צוקונפט.

כאַסע נאַסער איז אַ סיריש־ליבאַנעזער ייִד. פאַרשטענדלעך, אַז קיין ייִדיש קען ער נישט; דאָס מיינט אָבער נישט, אַז אים זײַנען פרעמד אַנדערע לשונות. אַראַביש, צום בײַשפּיל, איז זײַן מוטערשפּראַך. ער באַהערשט אויך ענגליש, פאַרנצייזיש און מיר ווייסן נישט וואָס נאָך. ער פאַרנעמט אַן אייגנ־אַרטיקע פּאָזיציע און פאַרמאָגט אַ גרויסן פּרעסטיזש. פאַר אים אָבער איז

דאָס בעסטע זיך צו פירן מיט פשטות, איינפאַך, אָן פּאָזעס. ער שאַצט אָפּ דעם תוך פון מענטשן און וויל אַז מיט דער זעלביקער מאָס זאָל מען אויך אים מעסטן. געלט איז בײַ אים נישט קיין שליסל צו חשיבות, און ער מיינט דאָס מיט אַן אמת, כאָטש אים פעלט דווקא נישט קיין געלט. פאַר־קערט: אין דער וועלט פון מסחר און אינדוסטריע איז ער אַן אדיר, אָבער אין זײַן וועלט־באַנעם קען די עקאָנאָמישע פּאָזיציע נישט באַרעכטיקן קיין אונטערשייד צווישן מענטשן.

זעלטן ווער עס קען זיך פאַרמעסטן מיט נאַסערן אין אונטערנעמערישן גײַסט. זײַן בליק און זײַן פאַרשטאַנד פאַר געשעפטן זײַנען אומגעהײַער. זײַן איניציאַטיוו־פעיִקייט איז אַזאַ, אַז מענטשן קענען זיך פון דעם נישט אָפּ־וווּנדערן. ווען אימפּאָרט איז אין קאָלאָמביע געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, איז ער געווען צווישן די פּאָרויסגייערס אויף דעם געביט. ווען אָט די בראַנזשע איז געפאַלן, האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין אינדוסטריע, ווי אַ גרויסער פיש וואָס שווימט פרײַ אין אַלע וואַסערן. און נאָך סאַראַ שווימען! נאָר איין זאַך: אַחוץ די דירעקטע שותפים אין זײַנע אונטערנעמונגען, קען מען אַלע זײַנע מענטשן: באַאַמטע, טעכניקערס און אַרבעטערס, רעכענען ווי אומדירעקטע שותפים, ווײַל זײַן זאָרג ווי אַ באַלעבאָס איז אַז אַלע זאָלן געניסן פונעם גוטן גאַנג פון זײַנע עסקים, און זיי אַלע צאָלן אים צוריק מיט אַרבעטזאַמ־קייט, מיט אַ גרעסערער פּראָדוקציע און טאַקע מיט דאַנקשאַפט.

כאָטש ער האַלט קוים בײַ דער העלפט פון זײַן זעקסטן יאָרצענדליק, זײַנען זײַנע האָר שוין זילבערדיק; דאָס מאַכט נאָך בולטער דעם גוטן אײַנ־דרוק פון זײַן גרויסן קאָפּ, וווּ עס אַרבעט אַוודאי אַ מעכטיקער מוח. אַ מיטל־וווּקסיקער, רופט זײַן שטעל אַרויס דרך־ארץ. ער פאַרמאָגט אַן אויסזען פון אַ מיזרחדיקן טיפּ און אויך אַ מיזרחדיקן טעמפּעראַמענט. ער האָט זיך דער־וואָרבן אַ פּאָזיציע אין דעם געבענטשטן לאַנד קאָלאָמביע, וווּ עס זײַנען אין די לעצטע 40 יאָר אויסגעוואַקסן אַ סך שטאַרקע אינדוסטריעס און וויכ־טיקע באַנק־אַנשטאַלטן, ווײַל דיווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג איז דאָ געווען אַ ראַשיקע, אַן אויסערגעוויינטלעכע. און בײַ זיי אַלע איז כאָסע נאַסער באַ־גלייבט, בײַ אַלעמען געניסט ער פון קרעדיט, וואָס ער דאַרף זיך נאָך דעם נישט יאָגן, נאָר פאַרקערט: אַלע וויכטיקסטע פינאַנץ־צענטערס פון לאַנד ווי פון אויסלאַנד שטאָלצירן מיט זייער פאַרבינדונג מיט אים. דאָס איז אים

נישט אָנגעקומען פון זיך אַליין. ער האָט פאַר דעם באַצאָלט מיט זײַן אָנ־שטרענגונג, אַרבעטזאַמקייט און איבער הויפּט מיט זײַן אָרנטלעכקייט. זײַנס אַ צוזאָג איז דער זיכערסטער דאָקומענט. מיט פופציק צי הונדערט יאָר צוריק האָט מען דאָ אין לאַנד געהאַנדלט נאָר אויפן וואָרט. די וועלט אָבער האָט זיך געביטן און אויך די מנהגים, די פירעכצער, און הײַנט פירט מען מסחר בלויז מיט די ווי געהעריק לעגאַליזירטע פּאַפּירן. און פרײַנד כאָסע שרײַבט טאָקע אונטער זײַנע וועקסלען, אָבער בײַ אים איז דאָס וואָרט פאַר־בליבן ווי די באַגלייבטסטע חתימה.

ביז אַהער האָבן מיר אַלץ גערעדט וועגן כאָסע נאָסערס דרויסנדיקע שטריכן און טעטיקייטן. לאָמיר זיך אַ ביסל פאַרטיפן אינעם גײַסטיקן, אי־נעוויניקסט־מענטשלעכן אַספּעקט, ווײַל בײדע זײַנען צוזאַמען שאַפן די האַרמאָניע, דעם גלײַכגעוויכט פון זײַן גוט צוזאַמענגעשטעלטער פּערזענ־לעכקייט.

דער מענטש וואָס לאָזט נישט אַרויס די פעדער פון האַנט און האַלט אין איין באַרעכענען פאַרדרייטע חשבונות, לאַנגע ווי דער גלות, איז דער זעלביקער מענטש וועמען זײַנע גלויבנס־ברידער באַטראַכטן ווי אַ העכערע, אידעעל נאַטור. זײַן האַנט און זײַן האַרץ זײַנען אַלע מאָל אָפן פאַר יעדן איינעם וואָס קומט אָן צו אים. זייער זעלטן איז ער זאָל עמעצן באַשווערן אָדער אָפּזאָגן אַ בקשה. און כאָטש דאָס נעמט־צו צײַט פון זײַנע באַשעפ־טיקונגען, האַלט ער פאַר אַ מאָראַלישן חוב זיך צו באַטייליקן ווי אַ מיט־גליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ספרדישער קהילה.

אַ צווייטער מענטשלעכער הויפּטשטריך איז זײַן איבערגעגעבנקייט צו זײַן היים; טאָג־טעגלעך רײַסט ער זיך אָפּ, סײַ פון די זאָרגן פאַרן ציבור, סײַ פון די געשעפטלעכע פּראָבלעמען פאַר וועלכע דער מעת־לעת איז אַלע מאָל זשעדנע, און ער לויפט אַהיים, צו געניסן פון אַ ביסל משפּחה־לעבן. ער שלאָפט ווינציק. אין באַגאָטאַ קען מען באַקומען די צײַטונג אין דער היים אַפילו פאַר טאָג. און ווען ס׳הייבט קוים אָן צו טאָגן זיצט שוין טאָקע פרײַנד נאָסער איבער די גרויסע טאָגצײַטונגען און פאָלגט נאָך יעדן קער און ווענד אין דער וועלט פון פּאָליטיק און פינאַנצן. ער מוז וויסן די סאַמע נײַסטע רעגולאַציעס פון דער רעגירונג און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן עקאָנאָ־מישן לעבן. ער איז אַן אויסגעצייכנטער לייענער און אינטערפּרעטירער פון

די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציעס: אַלץ אינטערעסירט אים, אַלץ דערבליקט ער, אַלץ אַנאַליזירט ער. אַזאַ קאָנצענטרירונג, אַזאַ ענערגיע, פֿאַרשטאַנד און אַרבעטס־פֿעיִקייט וואָלטן געקענט אויפֿטאָן וווּנדער פֿאַרן לאַנד ווען מען שטעלט זיי אַוועק, צום בײַשפּיל, אין שפּיץ פֿון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע. ס׳איז אָבער זיכער אַז כאָסע נאַסער וועט נישט פֿאַרנעמען אַזאַ אַמט און אויך קיין שום אַנדערן נישט. ער איז אַ געשעפֿטסמאַן וואָס וויל מיט עפּעס אַנדערש זיך נישט בינדן און האָט אַפֿילו נישט בדעה קיין אַנדערע מעגלעכקייטן. בײַ מיר איז כאָסע נאַסער טעטיקייט אַן אויסדרוק פֿון פֿרײַוויליקן סאָציאַליזם, ווײַל זי באַווײַזט ווי מען קען שאַפֿן פֿאָרשריט און וווילזײַן פֿאַר אַלעמען נישט אונטערדריקנדיק קיינעם. מעגן אַנדערע עס אָנרופֿן קאַפּיטאַליזם אָדער אָנקלעפּן אַן אַנדער קוויטל — פֿאַר מיר איז דאָס דער נוסח וואָס קען צום בעסטן אַנטוויקלען די אייניקייט, דעם פֿרידן און גליק צווישן מענטשן. דאָס איז אַן אַנדער מין אונטערנעמונג ווי מיט פֿופֿציק יאָר צוריק; בײַ נאַסערן איז נישט קיין ציל אַרויסצוציִען די העכסטע מעגלעכע פּראָפֿיטן אין איין יאָר; ער איז גרייט צוצוואַרטן נאָך אַ פּאָר יאָר און אַבי נישט אַרײַנצופֿאַלן אין קיין מענטשלעכקייט־דעפֿיציט. איך בין זיכער אַז זײַן אָריגינעלער צוגאַנג וועט אינספּירירן די אַנטוויקלונג פֿון אינדוסטריאַליזאַציע, אויף יעדן פֿאַל, אין דער מערבדיקער וועלט.

כ׳ווייס נישט צי ס׳איז מיר געראָטן צו געבן אַזאַ בילד ווי איך האָב געוואָלט, פֿון איינעם פֿון די פֿײַנסטע מענטשן וואָס מיר איז באַשערט געווען צו באַקענען און נאָך דעם צו ווערן זײַן פֿרײַנד. נישט סתּם אין דער וועלט האָב איך אים דאָ באַשריבן, נאָר ווײַל איך זע אין אים אַ מוסטער, אַ פֿיגור וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ טרייסט און אַ דערמוטיקונג אין די שווערע און שטורמישע צײַטן וואָס אונדז קומט־אויס צו לעבן.

# די משפּחה ווינער

איך האָב זיך באַקענט צום ערשטן מאָל מיט דער משפּחה ווינער בערך מיט אַ פערציק יאָר צוריק, אין דער שטאָט פּערייראַ — 350 קילאָמעטער פון באָגאָטאַ —, אַן אָרט מיט אַ געמיטלעך־וואַרעמען קלימאַט אַ גאַנץ יאָר, וואָס איז אַ צענטער פון קאַווע־פּראָדוקציע. די שטאָט איז אַרומגערינגלט דורך נידעריקע וועלדער פון קאַווע־ביימער, וועלכע זײַנען דער הויפּטקוואַל פון הכנסות אין אויסלענדישער וואַלוטע פאַר קאָלאָמביע. אָט־דער פּראָדוקט דערמעגלעכט צו דעקן דעם באַטרעף פון אַלע אימפּאָרטירטע סחורות, וועלכע די לאַנד־אינדוסטריע איז נישט בכוח צו אַפּראָוויזירן. אמת, קאָלאָמביע פּראָדוצירט אַ חוץ קאַווע אויך גאָלד, פּלאַטין, שמאַראַגדן, באַנאַנעס און אַנדערע אַרטיקלען פון וועלכע דאָס לאַנד באַקומט אַ טייל פון די אויסלענדישע דעוויזן; אָבער דאָס איז אַ ברוכטייל אין פאַרגלײַך מיט די אײַנקונפטן, וואָס נעמען זיך פונעם קאַווע־עקספּאָרט.

איינער פון די וויכטיקסטע ראַיאָנען פון קאַווע־פּראָדוקציע אין קאָלאָמביע, איז די פּראָווינץ ריסאַראַלדאַ, פון וועלכער פּערעיראַ איז די הויפּטשטאָט. דאָס איז איינע פון די נײַע פּראָווינצן, וועלכע זײַנען אַנשטאַנען נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּראָווינץ קאַלדאַס; ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז קאַלדאַס געווען איין גרויסע פּראָווינץ און די שטאָט פּערייראַ האָט געהערט צו איר. ס'האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ שטורמישע באַוועגונג פאַר דער „זעלבשטענדיקייט" פון ריסאָראַלדאַ, און אַלס פּועל־יוצא פונעם דאָזיקן „קאַמפּיין" פון די אָרטיקע פּאָליטישע פירערס, איז ריסאַראַלדאַ דערקלערט געוואָרן אַלס אַ באַזונדערע פּראָווינץ. דאָס האָט צוגעגעבן מוט די פאַרשטייערס פון אַ צווייטער געגנט פון קאַלדאַס — קינדיאָ —, אונטערצונעמען אַן ענלעכע אַקציע פאַר „אומאָפּהענגיקייט", און אויך זיי האָט מען

נאָכגעגעבן. דער רעזולטאַט פֿונעם דאָזיקן לאָקאַליסטישן משא ומתן איז געווען וואָס פֿון אין פּראָווינץ זײַנען געוואָרן דרײַ: קאַלדאַס, מיט דער הויפּט־שטאָט מאַניסאַלעס; ריסאראַלדאַ, וואָס האָט איר פּאָליטישן צענטער אין פּע־ריירא, און קינדיאַ, מיט ארמעניאַ ווי אַ הויפּטשטאָט.

אין האַרץ פֿון דער נײַער פּראָווינץ ריסאראַלדאַ, דאָס הייסט, אין פּע־ריירא, אַרומגערינגלט דורך געדיכטע וועלדער פֿאַרפּלאָנצט מיט קאַווע־ביימער, מיט אַן אויסנאַמלעכן קלימאַט פֿון אייביקן פֿרילינג און זעלטן גינס־טיקע אַרבעט־באַדינגונגען, האָבן זיך באַזעצט די ברידער שמואל און אַהרן ווינער צוזאַמען מיט זייערע משפּחות, געקומענע פֿון דער ווײַטער אָסטראָוו־צע (פּוילן). זיי האָבן אויפֿגעשטעלט אין פּעריירא די ערשטע טריקאָטאַזש־פֿאַבריק, אין דער צײַט ווען דער דאָזיקער אָפּצווײַג פֿון דער אינדוסטריע איז נאָך געווען אין פֿריִען אַנטוויקלונג־פּראָצעס איבערן גאַנצן לאַנד, און אויסגעאַרבעט די ערשטע דאַמען־ און מענער־סוועטערס. פֿון דעסט וועגן, נישט געקוקט אויף די אויסערגעוויינטלעכע גוטע אַרבעט־באַדינגונגען און פּראָגרעס־אויסזיכטן אין פּעריירא, זײַנען די ברידער ווינער און זייערע בני־בית נישט פֿאַרבליבן דאָרט לאַנג, און אין 1944 האָבן זיי זיך אײַנ־געגלידערט אין די רייען פֿון די ייִדישע תושבים אין באָגאָטאַ. די צוויי משפּחות זײַנען געווען טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע, קיין מאָל נישט געפֿעלט אין שיל, און אַ דאַנק זייערע מידות טובות זײַנען זיי גאָר שנעל געוואָרן באַליבט און אָנערקענט בײַ דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין דער גרויסער שטאָט. זיי האָבן די ערשטע יאָרן געפֿירט אַ שווערן געראַנגל פֿאַר עקאָנאָ־מישער און גײַסטיקער עקסיסטענץ — ווי מענטשן און ווי ייִדן —, און מען דאַרף אין אַכט נעמען, אַז דאָס צווייטע איז נישט שטענדיק לײַכט ווען מען דאַרף זאָרגן פֿאַר דער טעגלעכער פּרנסה.

ר׳ שמואל איז נישט פֿאַרבליבן לאַנג בײַ דער שטריקערײַ־בראַנדזשע; ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַנדערע געשעפֿטן. דאַקעגן ר׳ אַהרן, אַ פֿאָטער פֿון דרײַ קינדער, האָט „אויסגעהאַלטן ייִדישקייט" בײַ דער טריקאָטאַזש־אינדוסטריע. אמת, זײַנע צוויי עלטערע זין האָבן אים באַשטײַנדיק צוגע־האָלפֿן אין דער אַרבעט; משה און נתן האָבן פֿאַרלאָזט די שולבענק פֿאַר־האַלטנישמעסיק יונג, און זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער אינדוסטריע צוזאַמען

מיט זייער פּאַטער, בעת אַבּרהמל (דער יינגסטער), האָט פאַרענדיקט דאָס לערנען.

דער קאַמף פונעם דריילינג — דער פּאַטער און די צוויי זין — אויפן עקאָנאָמישן שלאַכטפעלד איז ווייט נישט געווען קיין גרינגער; אָבער ביס־לעכווייז, אַ דאַנק דער שטאַנדהאַפטיקייט, אויסדויער און באַזונדערע פעי־קייטן פון די ווינערס, האָבן זיי זיך אַרויפגעאַרבעט אויפן מאַטעריעלן געביט און זיך געשאַפן זייער אַ פיינע פּאָזיציע. דאָס יידישע באַגאַזשאַ האָט געזען אין דער משפּחה ווינער ערלעכע, האַרעפּאַשנע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט אין זינען בלויז זייערע אייגענע אינטערעסן, נאָר ווי נאָר זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, האָבן זיי אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט, סיי צו יחידים אין שווערע מאָמענטן, און סיי פאַר קהלשע און וווילטעטיקע צוועקן, זיינען זיי געווען אַ ביישפּיל פון יידישער ברייטהאַרציקייט.

די אונטערנעמונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קליינעם טריקאָ־טאַזש־מאַשינדל אין פערייראַ, האָט זיך ברייט צעוואַקסן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינדוסטריעלער אימפּעריע, אונטער דער געניטער ליי‎טונג פון ר' משה ווינער, וועלכער איז אַליין אַ פאַכמאַן אויפן געביט פון שיין־קליידונג. אָבער דאָס איז נישט זיין איינציקע באַשעפטיקונג; ער האָט אויך ליב אָנטיילצונעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און איז אַן איבערגעגע־בענער קעמפער פאַר די קהלשע אינטערעסן אינעם יידישן ציבורדיקן לעבן. ווען ער שטויסט זיך אָן אויף עפּעס אַן עוולה אין דער געזעלשאַפט, טרעט ער אַרויס מיט זיין היציקן טעמפּעראַמענט און פאָדערט „עס זאָל זיין גע־רעכטיקייט״; און אַ פאַקט איז, אַז מען רעכנט זיך מיט אים. ר' משה האָט אויך אַ חוש פאַר די מאָדערנע באַוועגונגען פון סאָציאַלן יושר, און ווי אַ ליבעראַלער מענטש און טרייער ייד, האָט ער אַן אָפן אויג און האַרץ פאַר אַלץ וואָס איז אויסן דעם פּראָגרעס פון לאַנד און דעם וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג. ער ווערט דעריבער געשעצט נישט נאָר אין די יידישע קרייזן, נאָר איז אויך גוט באַקאַנט און באַליבט צווישן די נישט־יידישע שכנים און רעגירונגס־ספערן, וואָס גיט צו כבוד דעם יידישן ישוב אין לאַנד.

משהלע ווינער איז היינט־צו־טאָג אין די פופציקער־יאָרן, און ער פירט אָן מיט אַ געניטער האַנט די אונטערנעמונג, וואָס זיין פאָטער האָט אויפ־

געשטעלט. ער איז באַהאַוונט אין די נײַסטע דערפֿינדונגען אין דער שטרי־קערײַ־טעכניק און ווענדט זיי אָן אין זײַן אינדוסטריע. יעדן טאָג דערשײַנען אויף דעם געביט נײַע טעכנישע וויסנשאַפֿטלעכע סיסטעמען, און מען דאַרף זײַן אין קורס פֿון די אַלע דערפֿינדונגען, כדי נישט צו בלײַבן הינטערשטע־ליק. און ר׳ משה ווינערס פֿאַבריק איז אויסגעשטאַט מיט אַלע מאָדערנסטע אײַנריכטונגען, וואָס קאָן דינען ווי אַ מוסטער פֿאַר דער קאָלאָמביאַנער אינדוסטריע.

אַזעלכע געשעפֿטסלײַט און אינדוסטריאַלן ווי די ווינערס, זײַנען די טרײַבקראַפֿט פֿון דער נײַער קאָלאָמביאַנער עקאָנאָמיק, וואָס דערפֿילט אַ לעבנסוויכטיקע סאָציאַלע מיסיע: אין אַ צײַט פֿון כסדרדיקן דעמאָגראַפֿישן ווּוקס, שאַפֿן זיי פּרנסה־קוואַלן פֿאַר די גרויסע מענטשן־מחנות, וועלכע קו־מען־צו טאָגטעגלעך צו אונדזער באַפֿעלקערונג. אינדוסטריאַלן מיט אַזאַ אונטערנעמונגס־גײַסט און איניציאַטיוו, זײַנען אַ כבוד פֿאַרן ישוב און אַ גליק פֿאַרן לאַנד, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן שטאַרק פּראָגרעסירט אויף אַלע געביטן, און פֿון טאָג־צו־טאָג מערן זיך די אונטערנעמונגען, וואָס שאַפֿן פּרנסה־קוואַלן פֿאַר טויזנטער פֿאַמיליעס און הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג.

אַברהמעלע ווינער, דער ייִנגסטער פֿון דער משפּחה, האָט זיך גראַדויִרט ווי אַ טעקסטיל־טעכניקער, און איז באַשעפֿטיקט אין דער פֿאַמיליע־אונטער־נעמונג ווי דער טעכנישער אָנפֿירער. זײַן ברודער, משה, פֿאַרנעמט זיך מיטן אַדמיניסטראַטיוו־קאָמערציעלן טייל פֿון דער אַרבעט. אָבער גלײַכצײַטיק געפֿינט ער אויך גענוג צײַט און גוטן ווילן אָנטיילצונעמען אין דער געזעל־שאַפֿטלעכער באַוועגונג; זײַן עכט ייִדיש האַרץ איז שטענדיק אָפֿן פֿאַר קהילה־הצטרכותן, און ווער עס ווענדט זיך נאָר צו אים ווערט אויפֿגענומען בסבר פּנים יפֿות, מיט טראַדיציאָנעלער ייִדישער ליבנסווירדיקייט און נגי־דישער ברייטהאַרציקייט.

ווער ס׳פֿאַרמאָגט אויך אַן אײַנגעבוירענע נייגונג צו טובת הכלל — אַ חוץ דער באַזונדערער פֿעיִקייט צו מסחר —, איז נתן ווינער (אָדער נעל־סאָן, ווי מען רופֿט אים). ער איז אַ מענטש מיט טאַלאַנט, און צו וואָס ער נעמט זיך האָט ער הצלחה, און די ווינער־פֿאַבריק האָט אים אַ סך צו פֿאַר־דאַנקען. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר־שטריך פֿון זײַן פּערזענלעכקייט;

ער צייכנט זיך אויס איבער הויפּט ווי אַ נוח לבריות, ווי אַ מענטש וואָס האָט ליב מענטשן, און מענטשן האָבן אים ליב. ער איז גליקלעך ווען ער קאָן עמעצן זײַן נוצלעך, און ווער שמועסט נאָך אין אַ נויטפאַל — דעמאָלט דערפילט ער זיין ייִדיש־מענטשלעכן חוב ווי אַ הייליקע שליחות.

נעלסאָן ווינער האָט נישט מיטגעבראַכט קיין מאַטעריעלע ירושה פון זײַן געבוירנשטאָט אַסטראָווצע; ער האָט בלויז געירשנט פון זײַן פאָטער, ר׳ אַהרן ווינער, די טראַדיציאָנעלע ייִדישע מידות טובות, און איז איבער־געגעבן בלב ונפש דער קהילה־טעטיקייט, איצט ווי אַן אָפיציעלער פאַר־שטייער פונעם באַגאָטאַנער ייִדנטום פאַר דער מאַכט. מיר זײַנען זיכער, אַז אונדזער ציבור וועט זייער פיל נוצן האָבן פון זײַן אַקטיוויטעט בראש פונעם היגן ייִדישן ישוב, ווײַל ער טראָגט אין זיך די ירושה פון דורות גוטע און ערלעכע ייִדן.

דאָס בילד פון דער ווינער־פאַמיליע וואָלט נישט געווען גאַנץ, ווען מיר זאָלן פאַרפעלן צו דערמאָנען די צוויי שוועסטערס, וועלכע האָבן דאָ חתונה געהאַט מיט בכבודיקע יונגעלײַט, און אויפגעשטעלט צוויי פײַנע ייִדישע הייזער. לויס פינקעלשטיין און דוד דרעשער זײַנען די שוואָגערס פון די ברידער ווינער; קינדער פון עכט־ייִדישע טראַדיציאָנעלע היימען, וועלכע ווערן הויך געשעצט אין אונדזערע קרײַזן.

נישט לאַנג צוריק האָט דער אַכזריותדיקער טויט אַוועקגעריסן פון אונדז דעם טײַערן ר׳ אַהרן ווינער ז״ל. ווער געדענקט נישט זײַן ליבלעכ־קייט און צוגעלאָזנקייט צו ייִדן און מענטשן בכלל? ווער געדענקט נישט די טיפע לעבנס־חכמה, וואָס דער דאָזיקער אַסטראָווצער ייִד האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון בית־מדרש און פון זײַן קליינשטעטל, און ער האָט זי אויפגע־היט ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן. ווו נאָר ער האָט געטראָפן אַ ייִדן — אין שיל, אין פאַבריק צי אויף דער גאַס —, האָט אויפגעלויכטן אין אים דער ייִדישער פּנים פון תורה און חכמה, און ער פלעגט אַרײַנפלעכטן אין זײַנע רייד אַ מאמר חז״ל, חסידישע מעשיות און ייִדישע וויצן. עס איז בפי־רוש געווען אַ נחת־רוח צו זיצן אין זײַן געזעלשאַפט און אויסהערן אַ ייִדן אַ למדן און דערפאַרענעם סוחר. די אויסדערוויילטע, וועלכע האָבן הנאה געהאַט דערפון, קאָנען נישט פאַרגעסן ר׳ אַהרעלע ווינערס געמיטלעכע שמועסן; באמת אַ שאָד וואָס עס איז אים קיין מאָל נישט געקומען אויפן

געדאַנק אַרויסצוברענגען עפּעס פֿון זײַן רײַכן פֿאָלקס־אוצר אין שריפֿט. עס וואָלט דאָרט געווען וואָס צו לייענען און וואָס צו לערנען.

ער האָט אויך געהאַט אַ באַזונדערע פּיעטעט צו דער ייִדישער ליטע־ראַטור. אין משך פֿון יאָרן האָט ער צונויפֿגעזאַמלט אַ פּרעכטיקע ביבליאָ־טעק מיט די בעסטע ווערק פֿון דער ייִדישער און אַלגעמיינער וואָרט־קונסט. דער דאָזיקער אוצר איז נאָך זײַן טויט אַריבער צו זײַנע קינדער, וועלכע זײַנען ווירדיקע יורשים פֿונעם טאַטנס ספֿרים — ווי ער פֿלעגט באַצייכענען זײַנע ביכער.

וועלכע זײַנען געווען די קוואַלן פֿון וועלכע ר׳ אַהרן ווינער האָט גע־שעפּט זײַן גײַסטיקן באַגאַזש, וואָס ער האָט אַריבערגעפֿירט אויפֿן נײַעם קאָלאָמביאַנער באָדן? כּדאַי צו באַמערקן, אַז אין דער אמתן איז ער געווען אַ געבוירענער אין פּשיסכע, אין מנשה אונגערס באַרימטער שטאָט, אָבער דער גורל האָט אים פֿאַרבונדן מיט אָסטראָווצע, ווײַל אין יענער שטאָט האָט ער חתונה געהאַט. ער האָט געצויגן זײַן יחוס־פּאַדעם פֿון דער באַ־רימטער גזע פֿון ר׳ שׂמחה בונם פֿון פּשיסכע ,וואָס מיינט צו זאָגן פֿון דור־דורות רבנים. אָבער צווישן די מחנות אימיגראַנטן האָט מען זיך נישט אָפּ־געשטעלט אויף אַזעלכע „פּשוטע״ זאַכן; אין אַמעריקע, אינעם „ביזנעס״־קאָנטינענט, איז נישטאָ קיין צײַט צו אַזעלכע „בטלנישע שטיק״ ווי פּשיסכע, שׂמחה בונם, רבנישע גזע. דאָס איז גוט געווען פֿאַר די „באַנק־קוועטשערס״ פֿון יענער זײַט ים. אָבער אין אונדזערע נײַע היימען האָבן מיר געשאַפֿן גאַנץ אַנדערע יחוסן: דאָס טשעקן־ביכל און די באַנק־קאָנטע — אָט־דאָס איז אונדזער הײַנטיקער יחוס, צום גרויסן באַדויערן.

צום סאַמע ערשטן מאָל איז ר׳ אַהרן ווינער אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע אין 1926, און זיך באַזעצט אין דער פּאָרטשטאָט סאַנטאַ מאַרטאַ. ער איז דאָרט פֿאַרבליבן דרײַ יאָר צײַט און זיך אומגעקערט אַהיים קיין אָסטראָווו־צע, וווּ עס האָבן געוווינט זײַן פֿרוי און קינדער. ר׳ אַהרעלע, ווי אַ סך ייִדן אין יענער תּקופֿה, האָט זיך נאָך געשפּײַזט מיט דער פֿאַלשער אילוזיע, אַז פּוילן קאָן נאָך זײַן אַ היימלאַנד פֿאַר די ייִדישע מאַסן. אָבער אין 1930 האָט ער פֿון דאָס נײַ איבערגעפּאַקט די וואַליזעס און שוין פֿאַרלאָזט מדינת פּוילן אויף שטענדיק און ענדגילטיק זיך באַזעצט אין קאָלאָמביע, אין דער פּראָ־ווינץ־שטאָט פּערייראַ. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט ער אַריבערגעבראַכט

זײַן הויזגעזינד, און געלאָזט אין גאַנג די ערשטע טריקאָטאַזש־מאַשין. דאָס אַרײַנלאָזן זיך אין דער דאָזיקער אינדוסטריע־בראַנזשע, וואָס איז אין יענער צײַט געווען אין די ווינקעלעך, איז געווען בישט אַנדערש ווי אַ מנחם מענדל אַוואַנטורע, ווײַל ר׳ אַהרן האָט קיין מאָל קיין שײַכות נישט געהאַט מיט אָט־דער טעטיקייט, און במילא האָט ער אונטערגענומען די אַרבעט נישט קענענדיק דעם פאַך, און נישט וויסנדיק צי עס זײַנען פאַראַן גינסטיקע מעג־לעכקייטן אָפּצוזעצן די סחורה.

אָבער מיר ווייסן דאָך, אַז גאָט איז אַ פאָטער, און דאָס געשעפט האָט זיך אײַנגעגעבן; ווי אַזוי? פעריירא איז גראָד אַ שטאָט מיט אַ נישט איבעריק וואַרעמען קלימאַט, און פאַרקילונגען זײַנען אַן אָפטע דערשײַנונג צווישן דער אײַנוווינערשאַפט. נו, האָט מען צעכאַפּט די נײַע סוועטערס ווי מצה־וואַסער...

אין יאָר 1944 איז די משפחה ווינער, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, אַריבערגעפאָרן אין דער הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, און צוזאַמען מיט זײַנע שוין דערוואַקסענע זין, האָט ר׳ אַהרן ווינער פון דאָס נײַ אויפגעשטעלט זײַן טעקסטיל־פאַבריק. אין דער רוישיקער קאָלאָמביאַנער מעטראָפּאָליע האָט די משפחה ווינער זיך פאַרגרעסערט. און דאָרט איז אויך ר׳ אַהרעלע ז״ל, מיט צוויי יאָר צוריק, אַוועקגענומען געוואָרן פון אונדז. די אבידה איז אַ שווערע, און מיר דערמאָנען זײַן טײַערן אָנדענק מיט ליבשאַפט און יראת הכבוד.

# צו אַלע מעלות דאַרף מען נאָך האָבן אַ ביסעלע מזל...

בערך מיט קאַרגע פערציק יאָר צוריק זײַנען אָנגעקומען צו אונדז קיין קאָלאָמביע ד״ר מישאַ אַדלער און זײַן פרוי, וועלכע האָבן ביז דאַן געוווינט אין דער פּערואַנער הויפּטשטאָט, לימאַ. די געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ שטיקל סענסאַציע אין אונדזער ישוב, איבערהויפּט אין די בעסאַראַבער קרײַזן ,און גאָר באַזונדער בײַ די נאָוויסעליצער לאַנדסלײַט; מישאַ איז געווען הערש אַדלערס זון, און זײַן פרוי — מאָריס מילשטיינס טאָכטער, וואָס מיינט צו זאָגן לײַבלעכע קינדער פון צוויי חשובע יידישע תושבים פון נאָוויסעליץ.

מישאַ אַדלער, וועלכער האָט נאָך געהאַט אָנגעהויבן לערנען אין זײַן שטעטל, איז געקומען קיין באָגאָטאַ מיט אַ דאָקטאָר־טיטל אין אַנטראָפּאָלאָגיע פון דער „סאַן מאַרקאָס״־אוניווערסיטעט אין לימאַ. אין אונדזער ישוב האָט זיך תיכף פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ד״ר אַדלער איז זייער באַהאַוונט אין דער יידישער און אַלגעמיינער קולטור, און דאָס גאַנצע יידישע באָגאָטאַ האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט די געסט. אין דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט האָט שוין געוווינט פון פריער מישאַס אַ יינגערער ברודער, אַלפאָנסאָ אַדלער, מיט וועמען מיר זײַנען געווען באַפרײַנדט; דעריבער האָב איך געהאַט דעם זכות, צוזאַמען מיט אַנדערע באַקענטע פון דער משפחה, צו זײַן פון די ערשטע וועלכע האָבן מקבל־פּנים געווען די אַדלערס אין זייער נײַער היים אין באָגאָטאַ.

דער ערשטער אײַנדרוק וואָס ד״ר אַדלער האָט אויף מיר געמאַכט איז פון אַ פּאָלקסטימלעכן און האַרציקן יידישן אינטעלעקטואַל. גלײַך פון די

ערשטע פאַר ווערטער, וואָס מיר האָבן אויסגערעדט צווישן זיך, האָב איך דערקענט זײַן ווילגעלערנטקייט אויפֿן ייִדישן און אוניווערסאַלן געביט, און אַז ער איז גלײַכצײַטיק אַ נוח לבריות, אין שענסטן זין פֿון וואָרט. היות איך האָב שוין דעמאָלט זיך פֿאַרנומען מיט געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט — בפֿרט אויפֿן דערציִונגס־געביט —, האָב איך געהאַט די ספּעציעלע „פּרי־ווילעגיע" צו ווערן גלײַך מישאַ אַדלערס אַ נאָענטער פֿרײַנד, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ גרויסן אינטערעס פֿאַר ייִדישע דערציִונג און פֿאַר דער־ציִונג בכלל.

אין 1936 האָבן מיר שוין געהאַט געפּרוּווט אויפֿשטעלן אַ ייִדיש שול־וועזן אין קאָלאָמביע, אָבער צו אונדזער גרויסן באַדויערן האָבן די אָנש־טאַלטן נישט געהאַט קיין קיום. אָבער ווען ד"ר אַדלער האָט אונדז מיט־געטיילט, אַז ער און זײַן פֿרוי זײַנען גרייט אַרײַנצוגיין אין אַ ייִדישער שול, האָבן מיר באַשלאָסן צו פּרובירן פֿון דאָס נײַ צו באַגײַען אונדזער שול־טעטיקייט. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ קאָמיטעט פֿון געציילטע איבער־געגעבענע עסקנים, צווישן זיי פֿרוי פֿרידאַ זעלצער ע"ה, יהודה היינפֿלינג און ק. זעלצער, און ס'איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין אַ מזלדיקער שעה דער געדאַנק אַז דאָס קליינוואַרג, אונדזערע תינוקות של בית רבן, זאָלן ווידער האָבן ווו צו לערנען. אַ שאָד נאָר וואָס דער ווילן אויפֿצוהאַלטן אַ ייִדישע שול איז נישט געווען געוועגדט נאָר אין אונדז, נאָר אין די עלטערן וועלכע האָבן באַדאַרפֿט שיקן די קינדער אין שול; עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אַ סך עלטערן האָבן מורא געהאַט, אַז דורך דעם וואָס זייערע קינ־דער וועלן באַזוכן אַ ייִדישן לערן־אַנשטאַלט, וועלן זיי בלײַבן הינטערשטעל־ליק אינעם אַלגעמיינעם לערנען, און דערפֿאַר האָבן מיר קיין מאָל נישט געקאָנט ווערבירן קיין צופֿרידנשטעלנדיקע צאָל קינדער פֿאַר אונדזער שול.

דאָס פֿאַרפֿאַלק אַדלער האָט זיך אויסגעצייכנט אויפֿן געביט פֿון פּע־דאַגאָגיק און די קינדער האָבן געהאַט אַ גרויסע פּעולה. די קינדער זײַנען גערן געגאַנגען אין שול, מיר זײַנען געווען צופֿרידן, די עלטערן אויך, און דאָך האָט שטענדיק אויסגעפּעלט געלט אויף צו דעקן דעם בודזשעט. כאָטש מיר האָבן זיך געפּירט זייער באַשיידן, און באַגרענעצט אונדזערע הוצאות אויף וויפֿל עס האָט זיך געלאָזט. די געפֿאַר עס זאָל „בלײַבן אַ לאָך" אין בודזשעט, איז שטענדיק געהאַנגען ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד איבער די קעפּ

פֿון די פּאַרוואַלטונג־מיטגלידער, און מען האָט געזוכט ביַיצוקומען די שווע־ריקייטן אויף אַלע אופֿנים. דער ישוב אין יענער צייַט איז נאָך געווען אָרעם, און מיר פֿלעגן דורכפֿירן פֿאַרשיידענע אונטערנעמונגען און פֿאַרוויַילונגען אויף צו שאַפֿן פֿאָנדן, און אַז מען האָט זיך נישט געקענט דערלויבן איַינ־צואָרדענען אַ פֿיַינעם „בופֿעט" מיט כל־טוב — וואָס איז געווען דער הויפּט־קוואַל פֿון הכנסה —, האָט מען געבעטן באַשטיַיערונגען ביַי די ייִדן אין דער פֿאָרעם פֿון פּראָדוקטן; איינער האָט מיטגעשטיַיערט מיט אַן עוף, אַן אַנדערער מיט אַ טאָרט און אַ דריטער מיט אַ פֿלעשל וויסקי, און אַזוי האָט מען געפּרוּווט זיך אַן עצה געבן און אָפּשטויסן דעם מלאך־המוות, וועלכער האָט כסדר געלויערט אויף אונדזער אַנשטאַלט.

איך געדענק די אויספֿלוגן, וועלכע די אַדלערס פֿלעגן אָרגאַניזירן מיט די קינדערלעך צו די זאַלצגרובנס, אין וועלכע איך פֿלעג כמעט שטענדיק זיך באַטייליקן. מישאַ אַדלער האָט דווקא געוואָלט איך זאָל רעדן צו זייַנע תלמידים מעשה לערער; האָב איך עס געטאָן, כאָטש נישט לויט אַלע נייטי־קע פּעדאַגאָגישע כללים. איך דאַרף איַיך מגלה זיַין אַ סוד, און בעט איַיך איר זאָלט קיינעם נישט דערציילן, אַז איך האָב נישט באַוויזן זיך צו גראַ־דויִרן אויף דער זשעלעכאָווער „אוניווערסיטעט", ווײַל ס'איז אַזעלכעס דאָרט אין גאַנצן נישט געווען, און פֿאָלגלעך, בין איך נישט געווען קיין מומחה אין ענינים פֿון פּעדאַגאָגיק, אָבער פֿון דעסט וועגן האָב איך (נישט גראָד אַ ייִד אַ למדן) זיך פֿאָרט געגעבן אַן עצה... סיַי די לערערס און סיַי די שול־עסקנים זיַינען געווען באַוווּסטזיניק אויף זייער ייִדיש־נאַציאָנאַלער שליחות, און האָבן זי דערפֿילט מיט געוויסן און אַחריות. אָבער דער שטן האָט געשוועבט איבערן דערציִונגס־געצעלט; עס זיַינען אונטערגעקומען גרוי־סע פֿינאַנציעלע שוועריקייטן, וועלכע מיר זיַינען שוין נישט געווען בכוח גובר צו זיַין, און נאָך אַ פּאָר יאָר פֿון אָנגעשטרענגטער טעטיקייט האָט זיך די שול ווידער געשלאָסן.

דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פֿאַר אונדז אַלעמען און באַזונדערס טאַקע פֿאַר מישאַ אַדלער. ביַי אים איז עס געווען אַן ענין פֿון פּרנסה און אויך פֿון באַרוף. ער האָט ליב געהאַט די אַרבעט, און אין דער געזעלשאַפֿט פֿון קינדער האָט ער זיך געפֿילט גליקלעך. ער איז געווען אַ פּעדאַגאָג אין דער נאַטור, און ווען די שול האָט זיך פֿאַרמאַכט, איז אין יענע פּיאָנערן־

יאָרן פון ישוב געווען שווער זיך צו עפּעס דערשלאָגן. ער האָט זיך גע־וואָרפן אויף פאַרשיידענע פּראָנטן, געפּרוווט מאַכן געשעפטן אַזוי ווי פיל אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַפט צו „מאַכן אַמעריקע" אין מסחר, אָבער אים איז עס נישט געלונגען.

די סיבה דערפון איז געווען, וואָס ער האָט נישט געוווסט פון קיין סוחרישע שפּיצלעך, געווען אַ מענטש מיט גײַסטיקע אומרוען, וואָלט גע־קאָנט זײַן אַן אויסגעצייכנטער פּראָפעסיאָנאַל, געווען אַ גוטער לערער, אָבער אין מסחר איז ער געווען „אַ מלמד". און אין יענער צײַט איז נישט נאָר דער ייִדישער ישוב געווען אָרעם, נאָר די גאַנצע הײַנטיקע גרויסשטאָט איז נאָך אין יענער צײַט געווען פּראָווינציעל, און ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין באַשעפטיקונג בײַ זײַן באַרוף. האָט ער זיך געהאַלטן בײַם מסחר, געהאַט עפּעס אַ קליטל און ווען איך פלעג אים באַזוכן, פלעג איך אים שטענדיק טרעפן פאַרזונקען אין זײַנע ביכער; ער האָט גאָר אין גאַנצן נישט אויסגעקוקט אויף קיין קונים, אַזוי ווי דער גרעסטער טייל סוחרים. גראָד פאַרקערט: ווען ס'איז אַרײַנגעקומען אַ קונה, האָט ער אים אָנגעקוקט מיט תרעומות, וואָס מען האָט אים געשטערט אין דער מיט, אַרויסגעריסן פון זײַן רוחניות־וועלט...

אַ צוזאַמענטרעף מיט אים איז פאַר אונדז ביידן געווען אַ גרויסער פאַרגעניגן, ווײַל איך פלעג נישט קומען צו אים ריידן וועגן ביזנעס, נאָר וועגן קולטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ד"ר אַדלער האָט מיר אָנ־פאַרטרויט זײַנע פּלענער און געדאַנקען אויפן קולטור־געביט, און בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט מיר אַ זאָג געטאָן צווישן אַנדערס: גובערעק, איך טראַכט אַרויסצוגעבן אַ ייִדישן זשורנאַל אויף שפּאַניש, נישט נאָר פאַר קאָ־לאָמביע נאָר פאַרן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און דערפאַר האָב איך בדעה אים אָנצורופן טאַקע „על קאָנטינענטע". ד"ר אַדלערס איניציאַטיוו איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, אָבער פאַרן פּרײַז פון זײַן גאַנץ פאַרמעגן, און אַפילו אַזוי זײַנען דערשינען בלויז עטלעכע נומערן, ווײַל די אויסגאַבע האָט נישט געקאָנט אַליין זיך אויסהאַלטן, און די פולע הוצאות זײַנען אַרויס פון זײַן אייגענער קעשענע. אמת אַז פון ליטעראַריש־פּובליציסטישן שטאַנד־פּונקט איז דער זשורנאַל געווען פּרעכטיק אַרויסגעגעבן און געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ; דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער האָט אויסגענוצט אַלע זײַנע

אינטעלעקטועלע כוחות, און אויך די פֿינאַנציעלע — וועלכע האָבן גאָר גיך זיך אויסגעשעפּט און די אויסגאַבע איז אונטערגעגאַנגען. ד״ר אַדלער איז געווען אַ פֿײַנער רעדאַקטאָר, אַ גוטער שרײַבער, אָבער אַ קנאַפּער סוחר, און אויף אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל דאַרף מען אויך האָבן אַ סוחרישן חוש...

ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און אין יאָר 1944 איז אויף ד״ר אַדלערס איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן אַן אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט, צו וועלכן איך בין אויך צוגעשטאַנען; מיר האָבן דעמאָלט אַנט־וויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט, און ד״ר אַדלער איז געווען צופֿרידן פֿונעם אָפּקלאַנג און דערפֿאָלג, וואָס זײַן אידעע האָט געהאַט אין די ייִדישע און נישט־ייִדישע קרײַזן אין קאָלאָמביע. אַליין האָט ער געהערט אידעאָ־לאָגיש צו די לינקע פּועלי־ציון, אָבער אין אונדזערע רייען האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַן עקסטרעם־לינקן. אין יענער צײַט איז „לינקיזם״ געווען אַ נישט־סימפּאַטיש קוויטל אינערהאַלב אונדזער ישוב, און דער עיקר בײַ די אַרויפֿגעאַרבעטע ייִדן, דאָס איז געווען די סיבה וואָס זײַנע אַמאָליקע פֿרײַנד און לאַנדסלײַט, וועלכע האָבן זיך געחברט מיט אים און זײַן משפּחה די ערשטע יאָרן נאָך זײַן באַזעצן זיך אין באָגאָטאַ, האָבן זיך פֿון אים דער־ווײַטערט.

די בעסאַראַבער לאַנדסלײַט זײַנען טאַקע באַוווּסט מיט זייער אחדות צווישן זיך, ווי מיטגלידער פֿון איין האַרמאָנישער משפּחה, אָבער אין דעם פֿאַל האָבן זיי געזאָגט, „לאָ״ מיט אַן אַלף; וואָס איר ווילט, נאָר קיין לינקע נישט, מעג עס זײַן ר׳ הערש אַדלערס זון, דער סטודענט און דאָקטאָר... די מקורבים און באַקענטע פֿונעם אידעאַליסט און טרוימער, מישאַ אַדלער, זײַ־נען שוין מער נישט געווען די פּאַרמעגלעכע ייִדן פֿון זײַנע בני־עיר, נאָר בלויז דער בצימצומדיקער קרײַז פֿון קולטור־מענטשן, אויך נישט קיין גרויסע גבירים. זײַן אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט אָדער „קאָמיטעט לטובת דער רויטער אַרמיי״, ווי ער האָט זיך גערופֿן, איז אויך ענדלעך צעפֿאַלן געוואָרן, און וואָס ווײַטער איז אַלץ שווערער געוואָרן פֿאַר אַדלערן דאָס לעבן אין דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט.

זײַן שווער, באָריס מילשטיין, האָט אים „געגעבן אַ פּלייצע״: אים גע־עפֿנט אַ האָלץ־סקלאַד אין דער פּראָווינץ־שטאָט מאַניסאַלעס, אַ געשעפֿט וואָס בײַ אַן אַנדערן וואָלט עס זיך געווען ברייט צעוואַקסן און אַנטוויקלט;

אָבער דר״ אַדלערן איז נישט געלעגן אין קאָפּ צו פּראָפּיטירן פון זײַן אונ־טערנעמונג. אָנשטאָט צו באַמיִען זיך צו פאַרבעסערן זײַן עקאָנאָמישע מערכה, האָט ער געזאָרגט פאַר דער באַרײַכערונג פון זײַן גײַסטיקער שאַצקאַמער — זײַן קולטור־פאַרמעגן... אין מײַנע אָפטע רײַזעס איבער דער קאָלאָמ־ביאַנער פּראָווינץ איז מיר אויסגעקומען אים צו באַזוכן אין מאַניסאַלעס; נאָר שטענדיק ווען כ׳בין אַרײַנגעקומען אין זײַן האַלץ־סקלאַד, און געמיינט אַז איך וועל אים טרעפן אַרומדרייען זיך אין געווירבל פון האַלץ, ברעטער און קלײַענטן, פלעג איך אים טרעפן דווקא בײַ זײַן שרײַבטיש לייענענדיק אַ בוך. און וואָס שײַך די קונים, האָט זיך אויסגעלאָזט די זעלביקע מעשה וואָס אין באָגאָטאַ: אַנשטאָט אויפצונעמען זיי מיט אַ שמייכל — לויט די אָנגענומענע מסחר־געזעצן —, האָט ער זיך באַצויגן צו זיי ברוגזלעך און געזוכט וואָס גיכער זיי אָפּצופּטרן.

היקצור, אויך אין מאַניסאַלעס האָט עס „נישט געפּידלט״; מישאַ אַד־לער, זײַן פרוי און די קינדער, וועלכע זײַנען אין דער צײַט אונטערגעקומען, האָבן צונויפגעקליבן די בעבעכעס און פאַרלאָזט קאָלאָמביע אויפן וועג קיין טשילע. אינעם דאָזיקן לאַנד האָבן זיי ווידער געפונען זייער היימישע קולטור־סביבה און זיך באַשעפטיקט פון דאָס נײַ בײַ שול־אַרבעט. אין טשילע איז ד״ר אַדלער געקומען אין קאָנטאַקט נישט בלויז מיט יידישע שרײַבערס, נאָר מיט די ברייטע קרײַזן נישט־יידישע אינטעלעקטואַלן און ליטעראַטן בראש מיט פּאַבלאָ נערודאַ; די יידישע און אַלגעמיינע קולטור־אַקטיוויטעט זײַנען געגאַנגען בײַ אים געקניפּט און געבונדן, און פון די בריוו וואָס פלעגן פון צײַט־צו־צײַט אָנקומען, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן, אַז גליקלעכערווײַז האָט די לאַגע זײַנע סוף־כל־סוף זיך געענדערט צום גוטן, און עס האָט אונדז זייער געפריידט. די אַדלערס האָבן געוווינט אין טשילע עטלעכע יאָר ביז עס זײַנען אונטערגעקומען פרישע שוועריקייטן, און זיי האָבן גענומען פון דאָס נײַ דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט — דאָס מאָל קיין קאַראַקאַס, ווע־נעסועלאַ, וווּ זיי האָבן געהאַט קרובים. ס׳איז פאַר יעדן באַקאַנט, אַז אין קאַראַקאַס שפּרודלט מיט יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און ס׳איז פאַראַן אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויף פאַרשיידענע יידיש־געזעלשאַפטלעכע גע־ביטן. דער יידישער ישוב דאָרט האָט דערגרייכט צו אַ פײַנעם מאַטעריעלן מצב, און דעם ד״ר אַדלער איז, ווי עס שײַנט, די סביבה געווען נישט צום

האַרצן, און אפשר האָט אויך געווירקט דער דיפּלאָם פֿונעם „סאַן מאַרקאָס"־אוניווערסיטעט, וואָס האָט געליגט אויף אים אַ שפּאַנישן חותם. מיט איין וואָרט: ער האָט געאָטעמט מיט אוניווערסאַליזם, און האָט זיך אַ ביסל דער־ווײַטערט פֿון ייִדישן לעבן.

איך האָב איין מאָל דערהאַלטן פֿון אים אַ בריוו פֿון קאַראַקאַס, בײַ־געלייגט מיט צײַטונג־אויסשניטן, אין וועלכע ס'האָט זיך גערעדט וועגן שיינע קולטור־פּלענער, וועגן זײַנע קאָנטאַקטן מיט שרײַבערס און וויסנ־שאַפֿטלערס פֿון ווענעסועלאַ, אָבער צום באַדויערן נישט וועגן קיין קאָנ־קרעטע אויפֿטוען און דערגרייכונגען.

ד"ר אַדלער איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך מעלות; אַ גוח לבריות ווי איך האָב געזאָגט, אַן אַקאַדעמיקער, מיט ייִדישן וויסן, מיט אַ דאָקטאָר־טיטל, און ווען צו דעם זאָל נאָך זײַן אַ ביסעלע מזל, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען...

בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָב איך אים צו וויסן געגעבן, אַז בקרוב וועל איך אַרויסגעבן אַ בוך, און געבעטן ער זאָל מיר צושיקן אייניקע פּרטים וועגן זײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן אין דער אַלטער היים, ווײַל די איבעריקע ביאָגראַפֿישע דאַטן זײַנען מיר שוין געווען באַקאַנט. אַ פּאָר דאַטן האָט ער מיר צוגעשיקט וועגן אַ גליקלעכער קינדהייט און אַ געראָטן קינד, וואָס האָט אַ סך צוגעזאָגט, אָבער אין לעבן איז נישט אַלץ דערפֿילט געוואָרן. מה אנו ומה חיינו? דאָס זינדיקע מענטשלעכע לעבן איז געגליכן צו אַ פֿאַרוויקלטן קנויל וואָס וויקלט זיך אויף לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, ביז עס קומט צום סוף, און עקט זיך. עס וואָלט אויך געווען פּאַסיק צו דערמאָנען שלום עליכמס גלײַכוווערטל, אַז אַ מענטש איז געגליכן צו אַ סטאָליער: ביידע לעבן זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי שטאַרבן...

וואָס זאָלן מיר דאָ מעריך זײַן? דער ליבער לייענער וועט געוויס שוין אַליין פֿאַרשטיין וואָס עס איז געווען דער סוף. לאָמיר דערבײַ אָנמערקן, אַז בעת ד"ר אַדלער האָט נאָך געווױנט אין באָגאָטאַ, און איז אין גאַנצן אַלט געווען עטלעכע און פֿערציק יאָר, האָט ער געליטן אַ האַרץ־אַטאַקע פֿון וועלכער ער איז ביסלעכווײַז צו זיך געקומען, אָבער די שלאַפֿקייט איז אים שוין, וואָרשײַנלעך, פֿאַרבליבן אויף שטענדיק, און דער צווייטער האַרצ־

שלאָג (אין עלטער פון אַ פּאָר און זעכציק יאָר אין קאַראַקאַס), איז שוין געווען אַ פּאַטאַלער. זײַן פאַרמאַטערט האַרץ פונעם שווערן לעבן־געראַנגל, האָט אים געזאָגט „עד כאָן".

אויפן ייִדישן בית־עלמין אין דער ווענעסאָלאַנער הויפּטשטאָט, צווישן הונדערטער מצבות מיט אָפּגעבליאַקעוועטע פּ"נ'ן, געפינט זיך אײנע אויף וועלכער ס'איז אויסגעקריצט דער נאָמען פון אַ ייִדישן געלערנטן, אַן אידעאַליסט פון דער אַלטער גוואַרדיע, פון אַ דור ייִדיש־שפּאַנישע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן פיל כבוד פאַרשאַפט אונדזער ישוב: ד"ר מישאַ אַדלער ז"ל.

# זשאַק גלאַטמאַן, איינער פון די חשובע פּיאָנערן אין ישוב

די ווײַטערדיקע ווערל איך מיט פאַרערונג דעדיקירן דעם אָנדענק פון אַן אַלטן תושב פונעם ייִדישן באָגאָטאַ, וועלכער האָט נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען און זייער אַ פײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציע אויפן קאָלאָמביאַנער באָדן, און דאָס אַלץ אַ דאַנק זײַנע אויסערגעוויינט־לעכע אונטערנעמונג־פעיִקייטן, זײַן אַרבעטזאַמקייט און התמדה. און זשאַק גלאַטמאַן האָט זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז מיט זײַן טעטיקייט און אײַנ־פלוס אויפן קאָמערציעלן געביט, נאָר איבער הויפּט מיט זײַנע ייִדישע מידות טובות אין גײַסט פון אונדזער אוראַלטן טראַדיציאָנעלן שטייגער.

ווען גלאַטמאַן אזי נאָך ווי אַ יונגערמאַן אָנגעקומען פון בעסאַראַביע קיין קאָלאָמביע, איז זײַן ערשטע סטאַנציע געווען די שטאָט מעדעלין, ווו ער האָט זיך באַזעצט מיט זײַנע עלטערן און משפּחה. די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ אַנטיאָקיִאַ האָט שוין דעמאָלט — אין די אָנהייב דרײַסיקער יאָרן —, פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון העכער הונדערט טויזנט נפשות, און אויך אַ קליינעם ייִדישן ישוב אין זײַן ערשטלינג־פּראָצעס פון אַנטוויקלונג. ער איז אָבער לאַנג נישט פאַרבליבן אין מעדעלין; ער האָט מוותר געווען דעם מילדן אייביק־פרילינגדיקן קלימאַט פון יענער געגנט, און אויסגעקליבן ווי אַ וווינאָרט אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען באַראַנקאַ בערמעכאָ, ווו די זון ברענט כסדר ווי אַ גיהנום. איין גרויסע מעלה האָט דאָס דאָזיקע פּלאַץ: עס טריפט פון די אינגעווייִדן פון זײַן באָדן פּעטראָל — „שוואַרץ גאָלד”. דע־ריבער איז פאַראַן דאָרט אַ באַטײַטנדיק גרויסע אַרבעטער־מאַסע וואָס איז באַשעפטיקט בײַ די נאַפט־גרובנס, און צו איר איז דער ייִדישער אימיגראַנט אַרויס מיטן „פּעקל” סחורה.

נאָך עטלעכע יאָר אַפּזײַן אין באַראַנקאַ בערמעכאַ, ווו ער האָט קיין גרויסע גליקן בײַ פּעדלערײַ נישט געמאַכט, איז גלאַטמאַן אַריבער קיין באָגאָטאַ, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דער פּיאָנערין פון ישוב, די אַלמנה דאָראַ פינפאַרב. צו יענער צײַט האָט ער געעפנט זײַן ערשטן געשעפט פון מוזיק-פּלאַטן, אַ בראַנזשע וואָס איז דעמאָלט געווען נאָך זייער ווייניק אַנטוויקלט, און אין וועלכער ייִדישע אונטערנעמערס זײַנען נאָך נישט געווען פאַרטראַטן, און דאָס געשעפט האָט זיך דווקא זייער גוט אײַנגעגעבן. גלאַטמאַן האָט אָנגעהויבן צו שטײַגן אויפן עקאָנאָמישן לייטער און אין אַ גאַנץ קורצער צײַט געוואָרן אַ גרויסער אונטערנעמער אין דער בראַנדזשע. די אונטערנעמונג האָט באַקומען פליגל און זיך בצרייט צעוואָקסן, מיט אָפּטיילונגען איבער פאַרשיידענע געגנטן און אויך מיט גע־שעפטן אין קרובישע בראַנדזשעס.

און איצט, אַז מיר זײַנען שוין פּאַרטיק געוואָרן מיטן קמח (אפשר וועלן מיר נאָך עפּעס צוגעבן שפּעטער), וועלן מיר זיך אָפּשטעלן באַריכות — ווי ער האָט עס כשר פאַרדינגט — אויף די גײַסטיקע, טיף־מענטשלעכע שטריכן פון זשאַק גלאַטמאַן; אייגנטלעך איז דאָך בײַ אונדז ייִדן, דער פאַקטאָר פון רוחניות זייער אַ וויכטיקער ענין, און דער בײַטראַג פון יחיד פאַרן ייִדישן כלל איז דאָך אַוודאי וויכטיק; און מיר שאַצן אַ מענטשן נישט נאָר לויט זײַן רײַכטום, נאָר אויך אויף וויפל די געזעלשאַפט האָט פון אים גענאָסן.

זשאַק גלאַטמאַן איז שטענדיק געווען אַרײַנגעטאָן און פאַרזונקען אין דער וועלט פון ביזנעס, און דאָך האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאַרן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען אַ מיטגליד אין אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס פון באָגאָטאַ; אמת, ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין נייגונג צו עסקנות, אָבער ער האָט געשטיצט מיט אַן אָפענער האַנט און עכטער ייִדישער ברייטהאַרציקייט אַלע ייִדישע אַנשטאַלטן פון ישוב, וועלכע האָבן אין אים געהאַט אַ שטענדיקן פּראָטעקטאָר.

אויב מען זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז זײַן טאָגטעגלעכע אַרבעט האָט זיך אויסגעוויקלט אין אַ פרעמדער סביבה, ווײַט פון די ייִדישע קרײַזן און פון ייִדישקייט בכלל, איז בפירוש געווען צו באַוואונדערן זײַן באַהאַוונטקייט אין ייִדישע ענינים. אויף אַ ייִדישער שמחה, אָדער גאָר אויף אַ געזעלשאַפט־לעכן צוזאַמענטרעף, האָט מען געקאָנט הערן פון אים נישט בלויז קלוגע

און שאַרפֿזיניקע מיינונגען איבער אַלערליי ייִדישע ענינים, אַזוי אין פֿראַגן פֿון אָרטיקן ייִדישן לעבן ווי אויך אין פּראָבלעמען פֿון אַלגעמיינעם ייִדישן אינטערעס. און ער האָט ליב געהאַט זײַנע מיינונגען צו באַקרעפֿטיקן מיט מאמרי חז״ל און מיט פּסוקים פֿון די כתבי הקודש. אין אַזעלכע מאָמענטן פֿלעגט מען פֿאַרגעסן אַז גלאַטמאַן איז דערווײַטערט פֿון ייִדישן ציבור, און מען פֿלעגט אים באַטראַכטן ווי אַן אייגענעם, היימישן און באַליבטן מיט־גליד.

מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן תושב פֿונעם ייִדישן באָגאָטאַ בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, אין זײַן הויפּטביוראָ; מערסטנס אין די אינטערעסן פֿון אונדזער קהילה, און אָפֿט מאָל אין דער באַגלייטונג פֿון רב אָדער פֿון אַ שליח. און הגם ער איז כסדר געווען פֿאַרנומען מיט נישט־ייִדישע געשעפֿטסלײַט, אין געוויסע פֿאַלן אויך מיט אונטערנעמערס פֿון אויסלאַנד, האָט ער מיך שטענדיק אויפֿגענומען מיט זײַן נאַטירלעכער העפֿלעכקייט; ער פֿלעגט איבערלאָזן אין אַ זײַט די ביזנעס און אויסהערן מיט אויפֿמערקזאַמקייט די סיבה פֿון אונדזער באַזוך.

אין די פֿילצאָליקע פֿאַלן וואָס כ׳האָב באַזוכט גלאַטמאַנען צוליב פֿאַר־שיידענע קהלשע הצטרכותן, בין איך קיין מאָל נישט אַנטוישט געוואָרן אין מײַן שליחות. הגם זשאַק גלאַטמאַן איז אַליין נישט געווען טעטיק, און פֿער־זענלעך זיך נישט געמישט אין געזעלשאַפֿטלעכע ענינים, האָט ער שטענדיק זיך באַצויגן מיט פֿאַרשטענדעניש צו די אַלגעמיינע באַדערפֿענישן פֿון ייִדישן ישוב, און אַנטקעגנגעקומען מיט אַ ברייטער און אָפֿענער האַנט אין אײַנ־קלאַנג מיט דער שענסטער ייִדישער טראַדיציע. אָט־די אידעלע מידה זײַנע איז געווען כדי זײַן נאָמען זאָל אַרויסלײַכטן פֿון די בלעטלעך פֿון אַ ייִדיש בוך.

יאָרן זײַנען אַריבער, און גלאַטמאַנס נאָמען איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער אין די היגע קאָמערציעלע קרײַזן; זײַן אונטערנעמונג איז זיך צעוואַקסן ביז צו אַ גרויסע עקאָנאָמישע פּאָטענץ, און דאָס קאָלאָמביאַנער ייִדנטום האָט זיך געגרייסט מיטן באַליבטן פֿאָלקס־מענטשן, וואָס האָט פֿאַרשאַפֿט כבוד דעם גאַנצן ישוב. עס איז געווען פֿון אים נאָך אַ סך צו דערוואַרטן, און ער וואָלט געוויס די דערוואַרטונגען נישט אַנטוישט, ווען דער גורל זאָל אים שענקען אַריכת ימים. אין פֿרײַען עלטער פֿון 52 יאָר איז ער אומגעריכט אַוועק פֿון דער וועלט; אַ ריזיקע מחנה ייִדן און קריסטן

האָט אים באַגלייט צו זײַן אייביקער רו, און אָנגעפּילט דאָס בית־החיים ביז צו די ברעגן.

כאָטש עס איז שוין אַריבער אַ היפּש ביסל יאָרן זינט ער איז פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן, טרויערט נאָך דאָס האַרץ איבער דער שווערער אבידה.

זײַנע צווײ זין, סאַולאָ און כאַימע, האָבן געירשנט די גרויסע קאָמער־ציעלע אונטערנעמונג וואָס זייער פֿאָטער האָט אויפגעשטעלט, און נאָך זײַן פּטירה ווייטער געפירט און אויסגעברייטערט דעם פאַרנעם פון די געשעפטן. ס׳איז אָבער אויך כדאי צו באַטאָנען, אַז אינאיינעם מיט דעם גשמיות־דיקן טייל פון דער ירושה, האָבן זשאַק גלאַטמאַנס קינדער אויך איבערגענומען די גוטע ייִדיש־מענטשלעכע מידות וואָס זייער פֿאָטער האָט אין זיי אײַנגעפּלאַנצט; און דאָס איז אייגנטלעך דאָס וויכטיקסטע בײַ מענטשן, און בײַ גוטשטייענדיקע בפרט. די דאָזיקע אידעלע שטריכן בײַ די ברידער גלאַטמאַן, רופן אַרויס בײַ אונדז אין שטאָט פאַרערונג און אויפריכטיקע אָנערקענונג.

דאָס ערשטע וואָס כ׳האָב געטאָן אין שטאָט איז געווען — גיין באַגעגענען די דאָרטיקע ייִדן. ה׳ אַלבערטאָ פּערעלמאַן איז שוין דעמאָלט געווען אַוועק, מיט ווײַב און קינדער, קיין באָגאָטאַ. נאָכן אָפּזיצן זיבן יאָר אין קוקוטאַ און פּאַמפּלאָנאַ האָט ער באַשלאָסן צו זוכן נײַע האָריזאָנטן אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, און באָגאָטאַ האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ווען כ׳האָב יאָ געהאַט דאָס מזל צו טרעפן איז זײַן ייִנגערן ברודער, יצחק פּערעלמאַן, דעמאָלט אַ סוחר, דער באַלעבאָס פון אַ מאַגאַזין, און הײַנט אַ גרויסער אינדוסטריאַל אין דער הויפּטשטאָט. אַנדערש ווי זײַן ברודער אַלבערטאָ, האָט יצחק זיך געהאַלטן מן הצד פון קהילה־עסקנות, כאָטש די געוויינטלעכע קהילה־פליכטן האָט ער פּינקטלעך און זאָרגעוודיק אויסגעפילט. ווען אויף אונדזער ייִדישער גאַס האָט זיך געקאָכט מיט דער מחלוקת צווישן „יחסנים" און „שלעפּערס", „לינקע" און „רעכטע", האָט פ׳ יצחק מער ווי איין מאָל זיך אַרויסגעזאָגט לטובת די גערעכטע, ווײַל ער איז קיין מאָל נישט געווען צווישן די עגאָיִסטן וואָס רעכענען יעדע זאַך אויס לויט דעם געלט מיט וועלכן זי איז פאַרבונדן. דאָס אייגענע צו זאָגן וועגן פ׳ אַלבערטאָ. בײדע האָבן זײ אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן דרך־ארץ צו די מענטשן אין אונדזער ישוב, וואָס האָבן זיך אײַנגעשטעלט פאַר הע־

כערע גײַסטיקע צילן און געקעמפט פֿאַר ייִדישער קולטור. ס׳האָט זיי קיין מאָל נישט געאַרט אויב מען האָט אויף זיי קרום אַ קוק געטאָן אָדער די רייען פֿון די נײַע, אויפֿגעקומענע יחסנים און שמענדריקעס. פּ׳ יצחק איז שוין פֿאַרבליבן אַזאַ ביזן הײַנטיקן טאָג. זײַן זון, ד״ר וויקטאָר פּערעלמאַן, אַן אָנגעזעענער אַקאַדעמיקער אויפֿן געביט פֿון עקאָנאָמיע, זעצט פֿאָר מיטן טאַטנס דרך פֿון ערנסטקייט, גראָדליניקייט און גײַסטיקער אָרנטלעכקייט.

# אַ ייִד פֿון בעסאַראַביע

פּשוטע און האַרציקע פֿאָלקסייִדן האָט אונדז געגעבן די בעסאַראַבער ערד. אַן ערד אַ רײַכע, אַ פּרוכטיקע, אַן ארץ זבת חלב ודבש. און עפּעס פֿון דעם האָבן אויך געגאָסן די דאָרטיקע ייִדן. פּוילן האָט אונדז געגעבן מענטשן פֿון גײַסט, און אין פּוילישן גלות האָבן ייִדן געליטן פֿיל מער ווי אין אַ סך אַנדערע לענדער פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען און פֿון אויסגאַנגסלאָזער אָרעמקייט. אויך אין בעסאַראַביע איז דער ייִד געווען אַ בירגער פֿון אַ צווייטער מדרגה, אָבער ער האָט געהאַט אַ בעסערע באַציִונג פֿון דער אָרומיקער באַפֿעלקע־רונג, און האָט נישט געליטן פֿון אַזאַ דערדריקנדיקער עקאָנאָמישער נויט. האָט אונדזער בעסאַראַבער שבט געגעבן מענטשן פֿיזיש און גײַסטיק גע־זונטע, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער פּשטות און פֿאָלקסטימלעכן חן, און וואָס דערמאָנען אָפֿט מיט נאָסטאַלגיע זייער אַלטע היים.

עס האָבן אָבער נישט געפֿעלט קיין סיבות, וואָס האָבן געטריבן דעם ייִדן צו זוכן פֿאַר זיך נײַע האָריזאָנטן. קיינער עמיגרירט נישט אויס ווילטאָג, און דער עמיגראַציע־שטראָם פֿון דער אַלטער אייראָפּע, וואָס האָט זיך אָנ־געהויבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געבראַכט קיין קאָ־לאָמביע ייִדן פֿון נאָוואָסעליץ, יעדינעץ, ליבקאַן, כאָטין, און אַנדערע שטעט און שטעטלעך פֿון בעסאַראַביע. כאָטין האָט אין איר בלִיִונגס־ פּעריאָד געציילט 15 טויזנט ייִדישע נפשות, און האָט געלעבט אַ פּולבלוטיק ייִדיש לעבן אויף אַלע געביטן. פֿון דער שטאָט איז עס געקומען מאַקס (מאיר) זײַדמאַן, אַ יונג בחורל מיט פֿאַרטרוימטע ייִדישע אויגן, וואָס איז פֿאַרפֿאָרן צו זײַנעם אַ שוואָגער אין קאַלי, און מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט אים דער גורל געבראַכט קיין באָגאָטאַ, דאָ האָט ער חתונה געהאַט, און איז שוין געבליבן אַ תושב אין אונדזער ישוב.

און ווי עס זאָגט אַן אַלט ייִדיש שפּריכוואָרט: שמו הולך לו לפניו — זײַן נאָמען איז אים פֿאָרויסגעגאַנגען; עס איז גלײַך באַקאַנט געוואָרן אין אונדזערע קרײַזן, אַז ס׳איז צוגעקומען אַן „אידעלער יונגערמאַן״. און ווירק־לעך האָט דער יונגער מאַקס זײַדמאַן געמאַכט זייער אַ גוטן אײַנדרוק, ער האָט גוט געדענקט וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר, איז געווען גאָר היימיש אין די שוואַרצע פּינטעלעך, האָט גלײַך באַשטעלט אַ ייִדישע צײַ־טונג, און האָט ליב געהאַט צו לייענען אַ ייִדיש בוך. מיט פּרנסה איז נישט געווען לײַכט אין די ערשטע יאָרן, און ווי אַלע, האָט ער דורכגעמאַכט אַ גאַנץ שווערן פּראָצעס פֿון זיך „אויסגרינען״, אָבער ער האָט זיך געשאַפֿן אַ גוטן נאָמען.

מענטשן האָבן געזוכט זײַן געזעלשאַפֿט, און ס׳איז געווען אַ פֿאַרגעניגן מיט אים צו שמועסן, אָבער „זיך שטופּן אין קהל״ האָט ער נישט ליב גע־האַט. ער איז שטענדיק געווען אין קרײַז פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים, אַ מיטגליד און אַ שטיצער פֿון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס אָבער קיין מנהיג, ווי ער פֿלעגט זאָגן, האָט ער נישט בדעה צו זײַן. ער „זוכט נישט קיין כבוד״. אָבער אין יאָר 1946, ווען מײַן געמיינדע האָט מיך צום ערשטן מאָל באַערט מיטן טיטל ראש הקהל און מיך אויסגעוויילט ווי אַ פּרעזידענט פֿון דער קהילה, בין איך צוגעשטאַנען צו מאַקסן און אים אַרײַנגעצויגן אין מײַן פֿאַרוואַלטונג, און ער איז געוואָרן דער קאַסיר פֿון דער קהילה, און איך האָב געהאַט אין אים נישט נאָר אַ טרײַען און איבערגעגעבענעם טוער, וואָס האָט דערפֿילט זײַן שליחות באמונה, ווי אַן עבודת הקודש, נאָר איך האָב אויך געוווּנען אין מאַקסן אַ פּערזענלעכן פֿרײַנד.

מיט דרײַסיק יאָר צוריק איז געווען לעבעדיק אויף דער ייִדישער גאַס אין באָגאָטאַ. עס זײַנען געווען טעטיק אין שטאָט, און געקעמפֿט פֿאַר אַן אײַנפֿלוס אין דער קהילה, אַלע ציוניסטישע ריכטונגען. עס האָט אויך נישט געפֿעלט דער בונד, און פֿאַרטרעטערס פֿון פֿאַרשיידענע אַנדערע אידעאָ־לאָגיעס און גרופּירונגען. עס איז נישט געווען קיין קאַמף פֿאַר „בענקלעך״ און פֿאַר פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר אַ קאַמף — לשמה. אַ מחלוקת לשם שמים. יעדער איינער האָט געמיינט, אַז דער גאַנצער אמת איז בײַ אים. באַ־זונדערס קעמפֿעריש זײַנען געווען די רעוויזיאָניסטן בראש מיט דער משפּחה צעלניק.

איך, ווי אַ פּרעזידענט, האָב זיך באַמיט אָנצוהאַלטן, ווי ווײַט מעגלעך, אַ נייטראַלע פּאָזיציע, און נישט ווערן קיין צד אין קאַמף. קיין רעוויזיאָניסט בין איך נישט געווען, און איך האָב עס נישט אויסבאַהאַלטן; אָבער ווען אונדזער ישוב האָט באַזוכט אַ רעוויזיאָניסטישער שליח פון ישראל, דער קאַפּיטאַן קליסט, אַ פלאַם־פײַערדיקער רעדנער, וואָס האָט ממש באַצויבערט דעם עולם, האָב איך, ווי אַ ראש־הקהל, אים געמאַכט אַ גרויסאַרטיקע אויפנאַמע, און צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג אים אָפּגעגעבן דעם ערשטן ברוך הבא אין סאַלאָן פון דער קהילה, צו וועלכער עס זײַנען פאַרבעטן געוואָרן די חשובסטע תושבים פון ישוב און עס זײַנען בײַגעווען אַלע זײַנע אידעען־חברים. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע און פײַערלעכע. עס האָט זיך געשאַפן אַ וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס האָט גײַסטיק דערהויבן דעם ישוב. און אַזוי האָבן מיר אויפגענומען אַלע שליחים און קולטור־געסט בעת מײַן קאַדענץ; ווער ס'איז נאָר געקומען מיט אַ געזעלשאַפטלעכער מיסיע קיין באָגאָטאַ, האָט דאָס ערשטע גלעזל טיי און וואַרעמען ברוך־הבא באַקומען אין לאָקאַל פון דער קהילה.

דער אידעאָלאָגישער קאַמף, און באַזונדערס מיט די רעוויזיאָניסטן איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. יעדער פּאַרטיי האָט עקשנותדיק זיך געהאַלטן בײַ אירע פּרינציפּן, און מיט אַ דרײַסיק יאָר צוריק זײַנען די מענטשן געווען יינגער און די טעמפּעראַמענטן הייסער, און אין איין שיינעם טאָג האָט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי באַשטימט, אַז זײַדמאַן — וועלכער האָט אָנגעהערט צו דער גרופּירונג — זאָל פאַרלאָזן די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה. עס איז געווען קרוב צו נײַע וואַלן, און עס זײַנען אונטערגעקומען וויכטיקע צאָלונגען, און די טשעקן האָט געדאַרפט אונטערשרײַבן דער פּרעזידענט מיטן קאַסיר; אָבער דער קאַסיר האָט אויסגעפירט דעם באַשלוס פון זײַן פּאַרטיי און האָט זיך נישט באַוויזן...

איך בין געווען פאַרצווייפלט. איך האָב געוואַרט אַ טאָג און צוויי, און ענדלעך האָב איך באַשלאָסן אַפּעלירן צו זײַדמאַנען. ער האָט מיך אויסגעהערט און נאָך אַ ווײַלע נאָכטראַכטן געזאָגט: — די טשעקן וועל איך אונטערשרײַבן, און איך טו עס צוליב דער אינסטיטוציע און צוליב אײַך, די קהילה טאָר נישט בלײַבן הינטערשטעליק און די מענטשן דאַרף מען אויסצאָלן, כדי צו פאַרמײַדן אומאַנגענעמע קאָנסעקווענצן.. וואָס שײַך דער

פּאַרטיי נעם איך די אַחריות אויף זיך, די פּאַרטיי קאָן מיך נישט צווינגען איך זאָל נישט דערפילן מײַן מיסיע צו וועלכער אַ שטאָט האָט מיך אויס־געוויילט...

מאַקס זײַדמאַן האָט גענומען אויף זיך די פּאַראַנטוואָרטלעכקייט, און האָט אויסגעפּילט דעם דיקטאַט פון זײַן געוויסן. ווי אַ קאַסיר האָט ער אַ מאָראַלישע פליכט, און טאָר דער אינסטיטוציע קיין שוועריקייטן נישט מאַכן. מיט דער פּאַרטיי איז עס אַן ענין פון דיסציפּלין, און די אינטערעסן פון דער קהילה שטייען, אין אַ געוויסן מאָמענט, העכער ווי די אינטע־רעסן פון דער אָדער יענער פּאָליטישער ריכטונג. אַזוי האָט עס פאַרשטאַנען מאַקס זײַדמאַן, האָט ער גענומען אויף זיך די אַחריות, אַ ייד פון בעסאַראַ־ביע האָט „ברייטע פּלייצעס", און ער האָט די טשעקן אונטערגעשריבן.

און מער האָט ער נישט געוואָלט אַנטיילנעמען אין די פאַרוואַלטונגען פון דער קהילה. ווען מען פלעגט אים פאַר די וואַלן קומען פאָרשלאָגן צו פיגורירן אויף אַ ליסטע, האָט ער געהאַט איין ענטפער: — איך וויל זיך נישט קהלן, איך זוך נישט קיין כיבודים... ער האַלט זיך מן הצד פון כלל־טוערײַ, אָבער ער איז שטענדיק אַרומגערינגלט מיט מענטשן, וואָס האָבן ליב צו טרינקען „אַ קאַווועלע" מיט זײַדמאַנען און פאַרברענגען אין זײַן גע־זעלשאַפט. און כאָטש ער איז נישט געווען קיין גביר, איז קיינער נישט אַוועק פון זײַדמאַנען מיט קיין ליידיקע הענט, און ער איז שטענדיק געווען אויפן צעטל פון אַלע קרנס און אָרטיקע יידישע אינסטיטוציעס.

אויף די עלטערע יאָרן האָט מאַקס זײַדמאַן דערגרייכט אַ סאָלידע עקאָ־נאָמישע פּאָזיציע, וועלכע ער האָט עס כשר פאַרדינט. אין אַ שמועס בײַ אַ טעפּעלע קאַווע האָט ער נישט לאַנג זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן און מיר דערציילט וועגן דעם שווערן גערանגל, וואָס ער האָט די ערשטע יאָרן דורכ־געמאַכט פאַר דער עקאָנאָמישער עקסיסטענץ. דער ברייטער עולם האָט עס גאָרנישט געוווּסט, ווייל מאַקס זײַדמאַן האָט געוווּסט צו האַלטן ריין און געשעצט זײַן נאָמען אין דער קאָמערץ און אין דער געזעלשאַפט. און די עטלעכע גוטע פרײַנד וועלכע האָבן יאָ געוווּסט, האָבן ווייניק געהאָלפן... אָבער ער האָט צו קיינעם נישט קיין טענות, בפרט אַז ער דערציילט עס שוין אין נחת, און איז נאָך ביז הײַנט אַ קאַסיר פון דער קהילה.

## שמעון גובערעק

ס׳איז מיר נישט לײַכט אָנגעקומען אײַנצורעדן מאַקס זײַדמאַנען, ער זאָל מיך באַגלייטן דעם פעריאָד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה. און איך בין זיכער, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין נישט דאַרפן רעגונסירן; איך האָב נאָך חלוקי־דעות מיטן רעוויזיאָניזם, אָבער דאָס שטערט נישט מיר זאָלן פירן אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט לטובת דער מדינה און דעם אָרטיקן ייִדישן לעבן.



דער בית מדרש פון דער ספרדישער קהילה

# דאָן איסאַק ווײַנשטײן

איינע פון יענע סיטואַציעס, וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן צום ווײַ־ניקסטנס באַקוועם בײַם צונויפזאַמלען די מעמואַרן פאַר מײַנע געשריבענע זכרונות, איז געווען די מעגלעכע פאַרגעסונג אָדער אויסלאָזונג פון נעמען פון ייִדן, וועלכע האָבן זיך פאַרדינט אַן אָרט אין אָט־די בלעטער. און קוים איז אַזעלכעס געשען, איז עס קיין מאָל נישט פאַרגעקומען במזיד פון מײַן זײַט, נאָר ווי אַ פועל־יוצא פון די דאָזיקע שוואַכקייטן פון זכרון, וואָס לאָזן זיך אַוודאי מוחל זײַן בײַ די וועלכע האָבן, ווי איך, אַרײַנגעלעבט אַ סך יאָרן און איבערגעלעבט אַ גרויסע צאָל געשעענישן.

איינער פון אָט די מענטשן איז געווען אַן אימיגראַנט, וועלכער איז געקומען אין לאַנד אַרײַן צוריק מיט אַ שיין ביסל יאָרן. דאָן איסאַק ווײַנ־שטיין, וועמענס ברודער, מאיר ע״ה, האָט פאַרמאָגט די זעלביקע נאָבעלע שטריכן און מעלות. ער איז אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע ווי איינער פון די לעי־בן־געבליבענע פון דער וועלט־מלחמה פון 1939—1945. ער איז איינער פון די מענטשן, וועגן וועלכע עס קאָן געזאָגט ווערן — אַז —אין אַלעמדינג איז ער גוט צוזאַמענגעשטעלט. אַזוי אין זײַן עלעגאַנטן הילוך, אויסערלעכן אויסזען און געזעלשאַפטלעכער אויפפירונג. ס׳איז נישט נייטיק אַרײַנצו־קוקן אין זײַנע אויגן מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז כי צו פאַרשטיין, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ קאָרעקטן מענטש. אַן אָפּשטאַמיקער פון בעסאַראַביע, קומט ער אַרויס פון יענע אוראַלטע, טראַדיציאָנעלע ייִדישע משפחות. איך האָב געהאַט דאָס גליק אים צו קענען ווען איך בין געגאַנגען איבער דער ייִדישער האַנדלס־גאַס אין באָגאָטאַ, אויספילנדיק אַ געזעלשאַפטלעכע שלי־חות, וואָס איז מיר געווען נישט אַזוי שטאַרק צום האַרצן. אָבער דאָס יאָ, נאָך דעם ווי איך האָב באַזוכט דעם מענטשן וועמען איך דערמאָן הײַנט,

## שמעון גובערעק

איז מײַן געמיט געשטאַרקט און געמוטיקט געוואָרן, אַ דאַנק דער אַזוי פֿרײַנדלעכער און אויפֿריכטיקער פֿאָרעם ווי ער האָט באַהאַנדלט זײַנע באַקאַנטע און צופֿעליקע געסט. מיט איסאַק ווײַנשטיינען איז געשען ווי מיט אַן אַלטן פֿרײַנד, וועלכן מען זוכט אָפּ כּדי צו קרעפֿטיקן דעם געמיט און זיך דערמוטיקן בעת עס קומען אונטער אין לעבן פֿאַרשיידענע פּראָבלעמען און זאָרגן. יעדעס מאָל וואָס מיר האָבן אים אָנגעבאָטן צו פֿאַרנעמען אַן אַמט אין אַ פֿאַרוואַלטונג האָט ער שטענדיק געהאַט דעם זעלביקן נעגאַטיוון ענטפֿער: „איך בין נישט געבוירן געוואָרן דערצו...״ פֿאַר אַ סך פֿון אונדז האָט דאָס אויסגעזען אומבאַגרײַפֿלעך. פֿאַר וואָס, אייגנטלעך, איז אין פֿאַל פֿון אָט דעם ברייטהאַרציקן מענטש, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט די מעלות צו פֿאַרנעמען יענעם אַמט, נישט געווען קיין נייגונג, אָדער קיין גלויבן, אין זיך אַליין כּדי אים אָנצונעמען.

און ווײַל עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ מוסטערהאַפֿטן ייִד, אַן אינטעליגענטן און האַרציקן מענטשן, האָט דאָס רעכענען מיט אים בײַם פֿאַרוואַלטונגס־טיש נישט געקענט זײַן עפּעס אַנדערש ווי אַ גרויס פֿאַרגעניגן. אָט אַזוי זײַנען שוין די אומפֿאַרשטענדלעכע כאַראַקטער־שטריכן פֿון דער מענטשלעכער נאַטור, און נישט מיר זײַנען באַרופֿן אויפֿצוקלערן איר גורל. אין פֿאַרלויף פֿון די 30 יאָר וואָס איסאַק ווײַנשטיין איז אַ מיטגליד אין אונדזער קהילה, האָבן מיר צו אים אַן אויפֿריכטיקן דרך־ארץ פֿאַר דעם ריינעם לעבן זײַנעם, און פֿאַר דער מעסיקייט און ישוב־הדעת אין אַלע זײַנע פּריוואַטע און געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען. אַז מען דערמאַנט זײַן נאָמען איז עס נאָר כּדי אים צו ווײַזן ווי אַ מוסטער. אָט נעמט, למשל, אַזאַ פֿאַל צווישן זײַנע אין אַלגעמיין גענומען גוט אײַנגעאָרדנטע לאַנדסלײַט: ווען צוליב די באַדערפֿענישן פֿון דער קהילה מוז געהעכערט ווערן דער מיטגלידס־אָפּצאָל, אָדער ווען עס ווערט דורכגעפֿירט אַ זאַמלונג, הייבן אָן אייניקע צו מאַכן פֿאַרגלײַכן, אומגעוויינטלעכע חשבונות, און פּרוּוון עפּעס אָפּדינגען. אַזאַ אויפֿפֿירונג איז קיין מאָל נישט צו זען בײַ דאָן איסאַקן. זײַן דרך־ארץ און גלויבן אין די עסקנים איז ווערט אַרויסגעהויבן צו ווערן. ער דענקט, אַז וואָס זיי זאָלן נישט טאָן טוען זיי דאָס דערפֿאַר, ווײַל דאָס שטימט מיט די באַדערפֿענישן פֿון דער אינסטיטוציע און ער איז איינער פֿון די ערשטע אויף צו געבן אַ בײַשפּיל.

איסאַק ווײַנשטיין האָט געשטעלט זײַנע ערשטע טריט אויף דער קאָ־מערציעלער זיבעטער גאַס מיט אַ קליינעם געוועלב פֿאַר פּרויען־וועש. דער־נאָך, אַז ער האָט אָנגעזאַמלט די ערשטע אָפּשפּאָרונגען האָט ער זיך אײַנ־געהאַנדלט אַ קליינע נחלה, וווּ ער האָט אויפֿגעשטעלט אַ הויז, נאָך דעם אַ צווייטס. דאָס איז נאָר געווען די התחלה פֿון אַ סעריע. שוין אַ צײַט ווי ער האָט אָפּגעלאָזט דעם מסחר. בײַ גליקלעכע אומשטענדן האָט ער חתונה געמאַכט זײַן איינציקע טאָכטער מיט אַן אַרכיטעקט פֿון באַראַנקיליאַ, דעם ד״ר לערנער. צוזאַמען מיט אָט דעם איידעם האָט ער אויסגעפֿירט אַ בוי־פּלאַן אין גאָר גרויסן פֿאַרנעם. און מיטן וווקס פֿון דער פֿירמע און גרע־סערע פֿינאַנציעלע מעגלעכקייטן, איז אויך גרעסער און ברייטהאַרציקער געוואָרן דער בײַטראָג פֿון איסאַק ווײַנשטיינען פֿאַר די געזעלשאַפֿטלעכע הצטרכותן פֿון ישוב. בײַ אים איז מער האַרץ ווי חשבון. דאָס געלט האָט אים אויף קיין האָר נישט פֿאַרשאַדט. ער איז ווײַטער אַלץ דער זעלביקער, און זײַן האַרץ פֿאַרמאָגט די זעלביקע נאָבלקייט ווי אַלע מאָל. זײַן טעכ־טערל, ריינעקאַ, די פֿרוי פֿון אַרכיטעקט לערנער, האָט מיטגעבראַכט אויף דער וועלט יענעם שטריך וועגן וועלכן מיר זאָגן, אַז אונדז איז נישט קלאָר פֿאַר וואָס ער האָט זיך נישט אַנטוויקלט בײַ איר פֿאָטער: דאָס דינען אַק־טיוו און פּערזענלעך דער געזעלשאַפֿט. פֿאַרן ישוב איז זי אַן איבערגעגע־בענע און טרײַע טוערין. מען זעט זי שטענדיק אַן אַקטיווע און אַ צופֿרי־דענע צו אַרבעטן לטובֿת די וויכטיקסטע קולטור־אונטערנעמונגען פֿון דער קהילה אין באָגאָטאַ, אין דער העברעיִשער „קאָלאָמבאָ־שול״, אין דער „וויצאָ״ א״אַ. נישטאָ אַזאַ קולטור־אַרבעט, וואָס זאָל אין איר נישט האָבן איר אָנט־שלאָסענעם און אַקטיוון אָנטייל. אַזוי אַרום איז די טעטיקייט אויפֿן פֿעלד פֿון דער קהילה־אָנפֿירונג געוואָרן אַן אומדערוואַרטעטע און בסימדיקע מתנה פֿאַר דאָן איסאַקן דורך זײַן איינציקער טאָכטער, און נאָבעלער יורשטע. אויב דער פֿאָטער האָט איבער אַ וועלכער עס איז סיבה נישט געקענט אַר־בעטן אויף אָט דעם דאָזיקן געביט, האָט די השגחה אים באַלוינט כפֿל כפֿלים. איך לאָז איבער די דאָזיקע עדות־זאָגונג וועגן איסאַק ווײַנשטיינען מיט גרויס צופֿרידנקייט און דאַנקשאַפֿט צו זײַן פּערזאָן, ווײַל ער איז איינער פֿון די וווּנדערבאַרסטע ייִדן, וואָס דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל קענען אין באָגאָטאַ.

# כאַסע מערמעלשטיין

אָפט מאָל טרעפט, אַז אַ שרײַבער, נאָך אײדער ער וואַרפט אַן דעם מינדסטן שטריך מיט זײַן פעדער, אַרבעט ער שוין אויס אין דער מחשבה דאָס בוך, וואָס ער טראַכט אַרויסצולאָזן אויף דער ליכטיקער שײַן. דאָס איז אַזאַ אופן פון אויסטראָגן, אַ פּראָצעס נאָך וועלכן עס קומט דער יסורימדיקער געבורט. דערנאָך קומט דאָס איבערגעבן דאָס ווערק צום עטאַפּ פון דרוק און קאָרעקטור. צום סוף קומט דאָס, וואָס בײַ אייניקע לייענערס רופט עס אַרויס באַוווּנדערונג, בײַ אַ קלענערער צאָל מענטשן אַ נעגאַטיווע קריטיק, און בײַ אַנדערע אַ קאָנסטרוקטיווע קריטישע אָפּשאַצונג. אין הסכם מיט מײַנע פּערזענלעכע אײַנדרוקן פון די מיטגלידער פון מײַן יידישער קהילה אין קאָלאָמביע, שעפּ איך פון פאַרויס די הנאה פונעם דערבליקן, בעת עס לויפן פאַרבײַ אויף דער קאַרוזעל פון מײַן דמיון, באַשטימטע היימישע פיגורן. צווישן זיי האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אַ טראַכט צו טאָן וועגן יענעם אײדעלן אימיגראַנט, וועמען דער גורל האָט געבראַכט צו דעם גאַסטפרײַנדלעכן לאַטײַן־אַמעריקאַנער באָדן, בכדי ער זאָל זיך אײַנגלידערן אין אונדזער קהילה. געשען איז דאָס נאָכן איבערלעבן די לעצטע און אַכזריותדיקסטע מלחמה, וואָס די מענטשהייט האָט געליטן, בשעת היטלער, ימח שמו, האָט באַטראָטן דעם איראָפּעיִשן באָדן. ס'האַנדלט זיך אין כאַסע (יוסף) מערמעלשטיין.

אַן אָפּשטאַמיקער פון דער פּוילישער שטאָט כרוביעשאָוו, וואָס געפינט זיך בײַ דער באַג־ליניע, וועלכע פירט צו דער פּוילישער אוקראַיִנע, לעבן וולאָדימיר־וואָלינסק, ווײַזט אַרויס דער דאָזיקער מענטשן מיטן בלייכן פּנים און ברייטן שטערן, מיט קלאָרע און פינקלענדיקע אויגן, אַז ער איז אַ שונא פון דער פּעטלײַביקייט. פון זײַן קולטיווירטער שפּראַך לאָזט זיך פון

זײַנע ערשטע װערטער דרינגען, אַז מען האָט פֿאַר זיך אַן אויסגעפּרוּװטן און דערפֿאַרענעם מענטשן. מיר האָבן דאָס געפֿיל, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פּערזאָן, װאָס האַנדלט אין הסכּם מיט זײַן מאָראַליש געװיסן און ייִדיש־נאַציאָנאַלע איבערצײַגונגען. יעדער איינער װאָס דאַרף אָנקומען צו אים, באַקומט קיין מאָל נישט קיין אָפּזאָג, און דעם אויסדרוק „ניין!", באַנוצט ער נאָר דעמאָלט, װען מען באָט אים אָן אַ פֿאַראַנטװאָרטלעכן אַמט אין דער קהילה. דאָ באַװײַזט זיך יאָ דער אָפּזאָג. פֿאַרװאָס? דאָס איז אַן אַרויסגעװאָרפֿענע שאלה. דער ענטפֿער איז אַלע מאָל דער זעלביקער: איך זוך נישט קיין כּבֿוד...

אָבער װי אַ פּשוטער מיטגליד פֿון דער קהילה שטייט ער אויף זייער אַ הויכער מדרגה. אונדז, די אַזוי גערופֿענע מנהיגים, טרעפֿט צו מאָל, אַז װען מיר װאַרפֿן אַן אויג אויף אַ מיטגליד פֿון דער קהילה, װאָס איז לויט אונדזער אײַנזען ראָוי צו פֿאַרנעמען אַן אָרט אין דער פֿאַרװאַלטונג, װילן מיר פֿאַר יעדן פּרײַז ער זאָל פֿאַרנעמען אַ װעלכן נישט איז אַמט, װײַל פֿון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע ייִדן דערװאַרט מען נישט נאָר דעם עקאָנאָמישן צושטײַער, נאָר אויך די אינטעלעקטועלע און גײַסטיקע מיטבאַטייליקונג זײַערע. דאָך האַלט זיך דאָן כּאַסע מערמעלשטיין בײַ זײַנס און ער קומט־נאָך אויסשליסלעך זײַנע מאַטעריעלע התחייבֿותן פֿאַר דער געזעלשאַפֿט. מען װעט קיין מאָל נישט הערן פֿון אים קיין תּרעומות קעגן עמעצן װען מען פֿאַרלאַנגט פֿון אים אַ בײַטראָג. די סימפּאַטיע װעלכע ער װײַזט אַרויס צו די עסקנים איז אַזאַ אַבסאָלוטע און פֿעסטע, אַז עס איז גאָר אונטער זײַן כּבֿוד צו בעטן אַ הנאה, אָדער אַפֿילו צו געבן װעגן דעם אַן אָנצוהערעניש, זאָל דאָס זײַן אַפֿילו אין שפּאַס.

װי איך האָב דאָס דערמאָנט צום אָנהייב, איז ער געקומען קיין קאָלאָמביע נאָך דער װעלט־קאַטאַסטראָפֿע. תּחילת האָט ער זייער ביטער זיך גע־ראַנגלט. זײַנע ערשטע אָפּשפּאָרונגען האָט ער אינװעסטירט אין אַ קלענער נחלה, אויף װעלכער ער האָט שפּעטער אויפֿגעבויט אַ באַשיידן הויז. מענטשן װאָס האָבן דערקענט זײַן אײדעלן און ערלעכן כאַראַקטער פֿלעגן זיך װענדן צו אים נאָך אַן עצה און זוכן זײַן פֿרײַנדשאַפֿט. דער בײַשפּיל פֿון זײַן ערלעך לעבן און שׂכל הישר, װי עס איז זיך פֿאַרצושטעלן, האָט אַרויסגערופֿן צו אים סימפּאַטיע און צוטרוי.

שמעון גובערק

אַז מיר דערציילן וועגן מערמעלשטיינס עקאָנאָמישער אַקטואַציע און וועגן זײַן בריטהאַרציקייט, טוען מיר דאָס באַוועגט דורך דער חשיבות, וואָס דער געלט־פאַקטאָר האָט פאַר יעדער געמיינדע, וועלכע דאַרף זאָרגן פאַר די קהלשע הצטרכותן וואָס וואַקסן אָן אויפהער.

אָבער וואָס מיר ווילן אָפּשאַצן אין דער פּערזענלעכקייט פון הער מער־מעלשטיין איז די זעלטענע פעיִקייט זײַנע צו דערפירן צו אַ גוטן ברעג אַלע זײַנע אונטערנעמונגען. דערצו דאַרפן צוגעגעבן ווערן די נוצן וואָס קומען אַרויס פאַר דער קהילה פונעם שיינעם בײַשפּיל וועלכן ער גיט אַנ־דערע מיטגלידער. עס געשעט צו מאָל, אַז איניקע פון זיי פאַרמאָגן קלע־נערע עקאָנאָמישע מיטלען, טראָגן זיי צו מער פון זייער גײַסטיקן פאַרמעגן. דאָס האַרץ זייערס איז ברייטער און די הענט זײַנען בײַ זיי אָפענער. אָבער ווי נאָר זיי זאַמלען אָן גרויסע עשירותן הייבן אָן איניקע צו געבן אַ גאַנץ אַנדערן בײַשפּיל, אַ גאַנץ נעגאַטיוון פאַר דער געזעלשאַפט. דער כוח פון דעם געלט שפּרייט אויס פאַר זייערע אויגן אַ פינצטערן וואָלקן, זיי פאַר־לירן די שליטה אויף זייער פאַרמעגן, אין קעגנזאַץ צו דער בריטהאַרציקייט פון די פריִערדיקע יאָרן. צום גליק, קענען מיר נישט פאַראַלגעמיינערן אין אַזעלכע פאַלן. און אָט האָבן מיר פאַר זיך, ווי די היגע זאָגן, „אַ קנעפּל אויף אַ מוסטער", ווי דאָס איז דער פאַל אויף וועלכן מיר האָבן אָנגעוויזן מיט דער גרעסטער באַפרידיקונג, פון דאָן כאָסע מערמעלשטיין. ער איז אַ מוסטער פון אַ מענטשן, וואָס קאָן דינען מיט זײַנען מעשים ווי אַ בײַשפּיל פאַר אַלע מיטגלידער פון ישוב און אין וועלכן די אָנפירערס פון דער גע־מיינדע קענען געפינען אַן אָנרעגונג און דערמוטיקונג אויסצופירן זייערע ערנסטע, און טייל מאָל קאָמפּליצירטע פליכטן.

פאַר דעם דאָזיקן סאָרט מענטשן, ווי עס איז דאָן כאָסע מערמעלשטיין, האָבן מיר געוואָלט עפענען די זײַטן פון אונדזער בוך, ווײַל מיר זײַנען איבערצײַגט, אַז מיר מאַכן נישט קיין טעות בײַם אַוועקשטעלן זייערע נע־מען ווי אַ סימבאָל פון שטאָלץ און סאַטיספאַקציע פאַר די אַלע, וואָס פורמען אויס די יִדישע נשמה אין דער קאָלאָמביאַנער מדינה.

# ד״ר בערנאַרדאָ שאַפּיראָ, סעקרעטאַר פון דער קהילה

מיר ווייסן נישט פאַר וואָס, און מיר האָבן זיך נישט גענומען די טרחה צו דערגיין איבער וועלכער סיבה עס געשעט, אַז ווען נאָר מען באַנוצט דאָס וואָרט „גורל״, גיט מען עס תיכף אַ פּעסימיסטישן און פאַטאַליסטישן פּירוש. אַזוי צי אַזוי, פאַקטן זײַנען פאַקטן. וועלכע אינטערפּרעטאַציע מען זאָל נאָר נישט געבן דעם דאָזיקן וואָרט, וויל איך באַווײַזן אויף ווי ווײַט איך בין דווקא געוואָרן באַגינסטיקט דורך דעם גורל. איך קען זיך בשום אופן נישט קלאָגן אויף אים. אַזוי איז איבער הויפּט דעמאָלט ווען אין מײַן זכרון לויפן דורך פאַקטן, אימאַזשן און אײַנדרוקן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו וועבן כדי אָוועקצושטעלן קאָלאָמביע אין גורל פון מײַן וועב־שטול און אויף דעם האָב איך זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן.

אין מײַנע זכרונות טויכט אויף גאָר באַזונדערס מאַקס שאַפּיראָ ע״ה. עס האָט זיך געהאַנדלט נישט מער און נישט ווייניקער ווי אין איינעם פון אונדזערע פּיאָנערן. ווי אַ סך פון זיי, האָט ער דורכגעשפּרײַזט די באָגאָ־טאַנער גאַסן, און די פּאַרוואָרפנסטע געגנטן פון דער שטאָט מיטן פּאַק סחורה אויפן אַקסל. שפּעטער האָט ער געוואָלט צוריקגיין צום בעקער־פאַך, בײַ וועלכן ער האָט געאַרבעט אין וואַרשע. דערצו האָט ער אָרגאַניזירט, אין זײַן היים, אין דער געגנט לאָס קרוסעס, אַ רעסטאָראַן. דער רעסטאָראַן, האָט צווישן אַנדערע געהאַט אויך דעם ציל צו העלפן די „גרינע״ (די אי־מיגראַנטן, וואָס זײַנען ערשט געקומען אין לאַנד אַרײַן). ער האָט פאַרבונדן זײַן פּרנסה מיט אַן „אידעאַל״. זײַן אינטערעס איז געווען, אַז יענע „גרינע״ זאָלן האָבן אַ טיש און אַ דאַך, וואָס זאָל טיילווײַז מילדערן זייער בענקשאַפט

נאָך מענטשלעכער וואַרעמקייט און נאָך אַ יידישער היים, וועלכע ער האָט אויך געדאַרפט. מאַקס שאַפּיראָ האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן צו זײַן צווישן זײַנע מענטשן, זיך אויסלעבן און מיטלעבן מיט זיי, און ער האָט באַהאַנדלט זײַנע קליענטן ווי אייגענע קינדער...

אָבער... גייט און שטעלט זיך פאָר, אַז איינער פון יענע „גרינע", וועלכע האָבן גענאָסן פון ה' מאַקסעס פרײַנדלעכער שטוב, זאָל באַשערט זײַן, איבער אַ ספּעציעלן גורל, צו שרײַבן אויף דער עלטער אין זײַנע מעמוארן וועגן דאָן מאַקסעס זון, דעם מעדיצין־דאָקטער בערנאַרדאָ שאַפּיראָ. מיר דאַכט זיך, אַז מיר ביידע, דער לייענער און איך, וועלן מסכים זײַן, אַז אַזאַ פּריווילעגיע מוז זײַן ענג פאַרבונדן מיטן גוטן מלאך פונעם גורל.

דער ה' מאַקס האָט געהערט צו מײַן דור. ער איז געווען אַ ביסל עלטער פון מיר. עס האָבן קיין מאָל נישט געפעלט קיין גענוגנדיקע מאָטיוון, אַז עס זאָלן אונדז פאַרבינדן געמיינזאַמע אינטערעסן. אָבער מיט זײַן זון, מיט בערנאַרדן, דעם דאָקטער? ווי אַזוי? אויף וועלכן אופן? מיר וועלן שוין זען ווי אַזוי עס האָבן זיך יאָ פאַרלייגט די יסודות פון אַ פאַרבינדונג מיטן יונגן ד"ר שאַפּיראָ, דעם יורש פון גוטן ה' מאַקס.

מיט זעקס יאָר צוריק איז בײַ מיר אין הויז געווען פאַרזאַמלט אַ גרופּע קאַנדידאַטן, כדי מיט זיי אויסצואַרבעטן אַ רשימה צו די נאָענטסטע וואַלן פון יידישן צענטער. עס איז געווען אַ מאָמענט פון צעטומלונג. אויפן צווייטן טאָג, 3 אַ זייגער נאָך מיטיק, האָט געדאַרפט אויסגיין דער רעגלאַמענטאַרער טערמין אײַנצושרײַבן די רשימה פאַר די וואַלן פון נאָענטסטן זונטיק. די ליסטע דאַרף באַשטיין פון עלף מענטשן און אונדז האָט אויסגעפעלט איינער. 11 אַ זייגער בײַ נאַכט האָבן מיר געפילט ווי אונדזערע קעפּ וואָלטן געווען פאַרטשאַדעט פון שעהען לאַנג זוכן אַ קאַנדידאַט, אָנרופן פיל צענדליקער נעמען, אוי... נישט געפינען דעם געבענטשטן מענטש, וואָס זאָל דערגאַנצן די עלף פון דער רשימה. עס וועלן אַרויסגעבראַכט אַ סך נעמען אָבער די מיינונגען צעגייען זיך, פאַראַן אַ סך „פאַר" און אויך „קעגן". מיט אַ מאָל גייט אַ שווים אַרויף, אַ דאַנק דעם גוטן אײַנפאַל פון פרײַנד לאַם ע"ה, דער נאָמען פון דאָקטער בערנאַרדאָ שאַפּיראָ. אַן אַלגעמיינע צושטימונג שײַנט אַרויס פון אַלעמענס אויגן. אַלע זײַנען מסכים, און אויף מיר פאַלט אויס די מיסיע אָפּצורופן אין מיטן דער נאַכט דעם ד"ר שאַפּיראָ, כדי אים צו מעלדן

וועגן דעם באַשלוס און בײַ אים אויסבעטן דעם מיט אומגעדולד דערוואַרטן „יאָ”. איך געדענק נאָך דעם פֿאַרשלאָפֿענעם טאָן פֿון זײַן קול — אַן איבער־ראַשטער, פֿאַרשטייט זיך, איבער דער שפּעטער שעה. דאָך, האָט ער נאָך אַ קורצן שטילשווײַגן געענטפֿערט: — אַז קהל פֿאַרלאַנגט, טאָר מען נישט אָפּזאָגן... איך אײַל זיך איבערצוגעבן די ידיעה מײַנע חברים, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף אַן ענטפֿער. זינט יענעם מאָמענט זײַנען שוין אַריבער 7 יאָר, ווי עס הערשט אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן דעם פֿרײַנד בערנאַרדאָ שאַפּיראָ מיט דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דעם צענטער און מיט איר פּרעזידענט. דאָס איז אַ גענוגנדער צײַט־אָפּשניט כדי זיך צו דער־קענען אויף דעם גוטן ווילן פֿון אַ מענטשן און אים צו באַוווּנדערן. שוין זעקס יאָר ווי מיר זיצן אַרום דעם זעלביקן טיש און באַהאַנדלען ענינים פֿון דער קהילה. די דאָזיקע ענינים ברענגען טייל מאָל צו מיינונגס־פֿאַר־שיידנקייטן, אָבער, טאַקע דערפֿאַר, מאַכן זיי מעגלעך דערבײַ צו דערקענען דעם כאַראַקטער פֿון מענטשן, זײַן געפֿיל פֿון סאָלידאַריטעט און איבערגע־געבנקייט.

דער ד״ר בערנאַרדאָ שאַפּיראָ איז אויסגעוויילט געוואָרן ווי הויפּט־סעק־רעטאַר פֿון דער אינסטיטוציע, און מען האָט אים אויף דאָס בײַ דערוויילט אויף דעם אַמט. ער דערפֿילט אים טרײַ, נישט שפּאָרנדיק קיין מי און קיין צײַט, און אַלץ וואָס ער טוט האָט דעם חן פֿון אַ גוט האַרץ און קלוגן קאָפּ. דער „שכר” וואָס מיר אַלע באַקומען פֿון ייִדישן צענטער, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די פֿרײַנדשאַפֿט וואָס הערשט צו יעדער צײַט אין הויז פֿון דער אינסטיטוציע, און דאָס געפֿיל, אַז מיר דערפֿילן אַ געזעלשאַפֿטלעכן פֿליכט לגבי אונדזער געמיינדע. פֿון דאַנען איז געדרונגען, אַז אָט דער געזונטער גײַסט רוט אויף אַלעמען וואָס רינגלען אונדז אַרום און שעצן אונדז.

אַרבעטן מיטן ד״ר באַרנאַרדאָ שאַפּיראָ בײַ דער לייטונג פֿון ייִדישן צענטער און אים האָבן פֿאַר אַ סעקרעטאַר, איז אַן אמתער פֿאַרגעניגן און אַ פּריווילעגיע. צו אים הערן זיך אַלע צו מיט דרך־ארץ, צוליב זײַן איידל־קייט, גוטמוטיקייט און פֿרײַנדלעכקייט אין באַציִונג צו מענטשן. דערפֿאַר קען איך פֿעסטשטעלן, אַז אַ זיצונגס־טיש פֿון דער לייטונג, אַרום וועלכן עס גע־פֿינען זיך אַזעלכע מענטשן ווי דער ד״ר שאַפּיראָ קען נישט אַנדערש ווי נאָר באַטראַכט ווערן ווי אַ נחת־רוח פֿאַר אַלעמען.

מיר האָבן געהאַט דעם פאַרגעניגן צו טרעפן דעם דאָקטער שאַפּיראָ בעתן לעצטן זומער־סעזאָן פון דעצעמבער אין סאַנטאַ מאַרטאַ, ווו ער האָט פאַרבראַכט מיט זײַן פאַמיליע. זײַן פרוי, סוסי, אַן עלעגאַנטע בלאָנדינקע, אַ טאָכטער פון אַלט־באַקאַנטן ניסן טשאַלעהס, פון ספרדישן אָפּשטאַם, האָט אויף אונדז געמאַכט דעם בעסטן אײַנדרוק. די הייסע זון פון אָריענט, און די ראָמאַנטיק פון לאַנד פון „טויזנט און איין נאַכט", האָט אויך מיט עפּעס באַווירקט די צניעותדיקע טעכטער פון פרום־ייִדישן אָפּשטאַם. אַזאַ חן פון געצוימטן טעמפּעראַמענט אין געקומען צום אויסדרוק אין די טאַנץ־לידער פון דעם גרויסן ייִדישן משורר, יהודה הלוי. ווי קומט דער הייסער אָטעם פון מזרח צו דעם רויִקן און מיושבדיקן ד"ר שאַפּיראָ? היות אַלצדינג אין אונדזער וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט פון קאָנטראַסטן, אַפילו דאָס מינדסטע טיילעכל פון אַטאָם פאַרמאָגט זיי — איז נישט קיין וווּנדער וואָס אָט די צוויי טעמפּעראַמענטן, אויבנאויפיק אַזוי פאַרשיידנאַרטיקע, האָבן זיך וווּנדערלעך דערגאַנצט, און אויפגעבויט אַ האַרמאָנישע היים פון עכט־ייִדישן שלום־בית.

דערצײונג אין טראַדיציאָנעלן גײַסט פון אַ גוטער ייִדישער היים, גייט דער ד"ר שאַפּיראָ אין די דרכים פון זײַן פאָטער. ער איז אַ טרײַער המשך און ווירדיקער פאָרשטייער פון צווייטן ייִדישן דור, וואָס שטייט צו דינסט דעם ישוב און די היגע ייִדישע אינסטיטוציעס. עס זײַנען פאַראַן נאָך איי־ניקע ווי ער, באַזונדערס אין די עלטערן־קאָמיטעטן און בײַ דער אָנפירונג פון די ייִדישע שולן. זיי זײַנען נישט קיין סך. עס גייט אָן אַ דראָענדיקער און שנעלער פּראָצעס פון אויס־ייִדישונג און אַסימילאַציע אין לאַנד, אין וועלכן דער ביטול צו ייִדיש־לעבן איז דער ערשטער און שטאַרקסטער פּונקט; דער רוב ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן און די אַקאַדעמישע יוגנט איז פרעמד, אָדער אין בעסטן פאַל — גלײַכגילטיק, צום ייִדישן לעבן און צו מדינת ישראל. אָבער עס זײַנען נאָך פאַראַ קליינע „אינדזעלעך", — קינדער פון צווייטן דור — ווי דער ד"ר שאַפּיראָ, מיט צאַרטע סענטימענטן פאַרן קיום פון אונדזער רומפולן און פיל־אָנגעלייטענעם ייִדישן פאָלק און מיט אויפריכ־טיקער ליבשאַפט צו דער ייִדישער מדינה — און זיי זײַנען אונדזער האָפע־נונג פאַר דער צוקונפט.

# אַ באָגאָטאַנער צדיק

ער איז אונדזערער אַ מיט־תושם כמעט פון סאַמע בראשית. אַ מילדע גוטסקייט שײַנט אַרויס פון זײַן אײדל געזיכט, פון וועלכן עס קוקן אַרויס אַ פּאָר מילדע ייִדישע אויגן. אין משך פון אַלע יאָרן היט ער אָפּ זײַן דרך, פּונקט ווי ער היט אָפּ זײַן דינען דעם רבש״ע. אַ פרומער ייִד — דאָס איז נאָך נישט אַזאַ נאָווינע, אַפילו אין הײַנטיקע פאַרגוייִשטע צייטן. מען טרעפט אַזעלכע אין אַלע ייִדישע קהילות. דאָך שײַנט מיר, אַז זעלטן ווער עס קען זיך פאַרגלײַכן מיט ר׳ אַלטער מאיראָוויטשן, דעם באָגאָטאַנער צדיק, וואָס דערמאָנט מיר דעם העלד פון שלום אַשס „תהילים־ייִד״. ער איז טאַקע אַ ייִד פון תהילים, פון תפילה, פון תורה און פון מידות טובות. וואָס שײך די מידות זײַנע, איז שווער זיי אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר, מחמת וואָס און וויפל מען זאָל זיך נישט באַמיִען צו זאָגן, וועט אַלץ זײַן בלאַס און מאַגער אַנטקעגן דעם, וואָס ער פאַרקערפּערט און שטעלט מיט זיך פאָר.

אַוודאי זײַנען אַזעלכע ייִדן נישט אין דער „מאָדע״ פון הײַנטיקע צײַטן, בפרט אין אונדזער זינדיקער אַמעריקע. דער אומשטיינס געזאָגטער נײַער סדר־העולם האָט וויייניק וואָס צו טאָן מיט דער גײַסטיקער וועלט פון אַ ר׳ אַלטער מאיראָוויטש. דאָך זײַנען נאָך פאַראַן, ב״ה ייִדן, וועלכע באַמערקן אים זייער גוט, און מען רעדט וועגן אים און וועגן זײַן התנהגות מיטן גרעסטן דרך־ארץ, אין פאַרשיידענע קרײַזן.

פון דעם אויבן־געזאָגטן קען שוין יעדערער ממילא פאַרשטיין, אַז ר׳ אַלטערס גאָטספאָרכטיקייט נעמט אַרום אַ סך מער ווי סתם אָפּהיטן כשרות, וואָס ער האַלט פאַרשטענדלעך פאַר אַ הייליקן חוב. שטייט אָבער אין פרק, אַז מצווה גוררת מיצווה — איין מיצווה שלעפּט־נאָך די צווייטע — און פון כשרות צו הכנסת־אורחים איז איין שפּרונג. עס באַזוכן אונדז גאַנץ

אָפּט רבנים פאַר וועלכע ר׳ אַלטערס הויז שטייט אָפן, און ווו עסן און נאַכט־לעגער איז פאַר זיי גרייט צו יעדער צײַט. זײַן לעבנס־באַגלייטערין טוט גערן דעם רצון פון איר מאַן, כאָטש עס איז נישט פון די לײַכטע זאַכן כסדר זיך צו פאַרען, אבי די גײַסטיקע שליחים זאָלן זײַן צופרידן. ביידע, מאַן און ווײַב, נעמען באַצאָלט די מיצווה און די דיברי־תורה, וואָס הערן זיך בײַ זייער טיש און אונטער זייער דאַך. דאָס איז זייער גאַנצער לוין, כאָטש אַ פאַקט איז, אַז דער דאָזיקער זעלטענער ייִד האָט מיט קיין גבירשאַפט גאָר־נישט קיין שײַכות. זײַן פּרנסה האָט ער פון שטיין אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס הינטערן טאָמבאַנק פון זײַן שניט־קלייטל אויף דער 11טער גאַס, און נישט נאָר וואָס ער איז קיין גביר נישט געוואָרן, נאָר זײַן טרחה גיט אים ממש נאָר אויף אויסקומעניש. ס׳איז גאָרנישט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז אַזאַ ייִדן איז גאָר אין לעבן נישט פאַרגעקומען צו טראַכטן וועגן עשירות אָדער צו וועלן דינען דעם עגל־הזהב. אַ ייִד וועמענס רעיונות באַשטייען פון בלויז רוחניות, בלב ונפש אַרײַנגעטאָן אין הימלישע ענינים. ער איז אויף אַזוי פיל אויסגעטאָן פון די זאַכן פון דער וועלט, אַז אָפט דערמאַנט ער אונדז די אַמאָליקע גרויסע גײַסטיקע פיגורן בײַ ייִדן, און עס דאַכט זיך אַז אים וואָלט אַפילו געפּאַסט צו זײַן אַ רב בײַ ייִדן — כאָטש זײַן עניוות וואָלט אים נישט דערלויבט אָנצונעמען אַזאַ טיטל — אָדער אָנערקענט צו ווערן ווי אַ גוטער־ייִד, אַ צדיק.

און נאָך אַ מעלה האָט ר׳ אַלטער מאיראָוויטש, וואָס איז גאָרנישט אַזאַ אָפטע דערשײַנונג אַפילו אין די רעליגיעזע קרײַזן: דאָרט האָט מען אַ טבע צו קוקן פון אויבן־אַראָפּ אויף ייִדן, וועלכע זײַנען נישט קיין שומרי־מצוות, מעגן זיי אַפילו זײַן ווויל און האַרציק, און געטרײַ אין בײַטראָגן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר ייִדישע צוועקן; קוים קומט מען נישט אין שיל אָדער מען היט נישט אָפּ שבת, איז מען אַ פּסול. ר׳ אַלטער מאיראָוויטש איז אין דעם זינען דורכויס אַן אויסנעם. זײַן עניוות דערפירט אים צו אַזאַ מעמד, אַז ער וויל זיך אַליין נישט זען מיט קיין האָר העכער ווי ייִדן בכלל. בײַ אים איז יעדער ייִד, נישט וויכטיק זײַנע איבערצײַגונגען, טײַער און האַר־ציק, און ער קלעפּט ממש צו ייִדן. ער זעט נאָר בלויז דאָס גוטע פּינטעלע אין ייִד, און דאָס נעגאַטיווע זעט ער נישט און וויל עס נישט זען. נו, איז דאָס דען נישט די מידה פון אונדזערע אַלטע אַמאָליקע רביים?

ר׳ אַלטער איז איצט אין די מיטעלע יאָרן, און צום באַדויערן קומט אים אויס זיך צו פֿילן — אין אַ געוויסן זינען — ווי אַ יתום: יענע תורה־ייִדן וואָס אונדזער ישוב האָט פֿריִער פֿאַרמאָגט, ייִדן לומדים, וואָס ר׳ אַל־טער האָט זיך אין זיי געשפּיגלט — זײַנען מער נישטאָ צווישן די לעבע־דיקע. אים פֿעלן זיי צום מערסטן אויס. אין זיי האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט און געפֿונען זײַן אייגענע גײַסטיקע וועלט. לעצטנס האָט ער צוריק געפֿונען אַ שטיקל טרייסט — כאָטש אין דער מאָס פֿון יענער גאָלדענער עפּאָכע — אין צוויי נײַע, גײַסטרײַכע פֿיגורן. דאָס זײַנען דער יונגער רב, הרב גאָלד־שמיד, און דער שוחט, ר׳ שמואל קאַוואַן, ביידע פֿון אַרגענטינע, וועלכע אונדזער קהילה האָט אַראָפּגעבראַכט אין די לעצטע פּאָר יאָר. פֿון זיי הערט ר׳ אַלטער יעדן שבת אויף ס׳נײַ דברי־תורה, סײַ פֿון שול־באַלעמער און סײַ שבת פֿאַרנאַכט בײַם שלוש־סעודות. אויב דער דאָזיקער אַקט פֿון שלוש־סעודות איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גײַסטיקן רעליגיעזן פֿאַרגעניגן פֿאַר אַ דרײַסיק אָדער פֿערציק ייִדן, וועלכע קומען זיך סיסטעמאַטיש צונויף, איז דאָס פֿאַר ר׳ אַלטערן ממש אַן אוצר: אַ שלוש־סעודות מיט אַלע פּיטשעווו־קעס, מיטן אַלטן טראַדיציאָנעלן שטייגער. אונדזער קהילה גיט די פֿולע אונטערשטיצונג כּדי דאָס זאָל אַזוי כּסדר און ווײַטער אָפּגעהיט ווערן, כּדי דאָס פֿלעמל פֿון די פֿירונגען און מינהגים פֿון דער אַלטער היים זאָל מיט ליבשאַפֿט אָפּגעהיט ווערן. ר׳ אַלטער איז אין דעם אַלעמען באַטייליקט מיט לײַב און לעבן, אָבער ווען ס׳קומט צו דברי־תורה רופֿט ער זיך זייער זעלטן אָן, נישט מחמת וואָס ער קען, חלילה, נישט עפֿענען דאָס מויל, נאָר צוליב זײַן אײַנגעבוירענער ענִיוות: ער ווייסט וואָס פֿאַר אַן אַחריות עס מיינט אַרויסברענגען גאָטס וואָרט, און ער באַשטייט, אַז דאָס זאָל טאָן דער רב אָדער דער שוחט.

אַזעלכע ייִדן ווי ר׳ אַלטער מאַיראָוויטש (אַ געבוירענער אין אַפּט, לעבן אָסטראָווצע, פּוילן), טרעפֿט מען נאָר געציילטע אין אונדזערע נײַע מקומות; אָבער זיי זײַנען פֿאָרט אַ באַווײַז פֿון נצח ישראל, פֿונעם אייביקן לא אלמן ישראל. לאָמיר האָפֿן, אַז זײַן צניעותדיק ליכט זאָל ווי אַ נר־תמיד בלײַבן אין ייִדישן לעבן טאָקע אויף תמיד.

# זשעלעבאָווער אין ישראל

געקומען קיין ישראל בין איך אין 25סטן יאָר, מיט דער פערטער עליה. פאַרלאָזט דאָס לאַנד האָב איך אין יאָר 1928. קאַרגע דרײַ יאָר האָב איך געדינט דעם לאַנד. דעמאָלט האָט נאָך די אַלענבי־גאַס געשטעלט אירע ערשטע טריט; ס׳איז אויך געווען אַ קליינע הערצל־גאַס און אַ נחלת בנימין־גאַס. אַלענבי האָט נאָך אויסגעזען ווי די מאַמע נאַטור האָט זי באַשאַפן: זאַמדיק, מיט גאָר ווייניק אויפגעבויטע הײַזער. מיר האָבן שוין געהאַט דעמאָלט די הערצל־גימנאַזיע, פון וועלכער עס איז בלויז דער אָנדענק געבליבן, ווײַל הײַנט פאַרנעמט איר אָרט דער העכסטער בנין אין תל־אָביב, אַ 32־שטאָקיקער ריז, וואָס געהערט צו די ברידער מאיר. אַגב, די ברידער מאיר זײַנען מיר באַקאַנט נאָך פון מײַנע צײַטן. ווען איך האָב געגרינדעט די פוטבאָל־אָפטיילונג פון הפועל־תל־אָביב, זײַנען די צווײ ברידער מאיר געווען פון די הויפט־שפּילערס, אמתע טשעמפּיאָנען אין עלטער פון זעכצן־זיבעצן יאָר. די עיריה האָט שוין עקסיסטירט אויפן איצטיקן רחוב ביאַליק, ווו ס׳איז אויך געשטאַנען ביאַליקס וווינונג.

די אַלע גאַסן, וועלכע געפינען זיך הײַנט אין שכנות מיט רחוב בן־יהודה זײַנען נאָך געווען באַדעקט מיט זאַמד און מיט רייען צריפים, הילצערנע הײַזקעס, ווו די ערשטע אַרבעטער האָבן אויפגעבויט זייערע געצעלטן. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. באַשרײַבן תל־אָביב פון מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען די הונדערט פּראָצענטיקסטע יידישע שטאָט אויף דער וועלט האָט קוים געציילט 30.000 אײַנוווינערס, איז אַן אויפגאַבע וואָס איך וועל איבערלאָזן פאַר אַנדערע, מער באַרופענע דאָס צו טאָן, וועלכע האָבן געפּאַקט און געמאָזלט בײַ אַלע אומשטאַנדן און נישט פאַרלאָזט דאָס לאַנד, אַזוי ווי דער גורל האָט עס פון מיר יאָ געפאָדערט. כ׳וועל אויך

נישט אַרײַנגיין אין קיין פּלפּול מיטן הער „גורל" הלמאי ער האָט מיך אַזוי געקריוודעט און אין עלטער פֿון 25 יאָר מיך געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס זײַן ערד האָב איך געקושט בײַם אָנקומען מיט דרײַ יאָר פֿריִער, ווען אַ קליין שיפֿל האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן פֿעסטן באָדן אין יפֿוער פּאָרט.

מײַן כוונה איז דאָ צו באַשרײַבן אַ פּאָר געשטאַלטן פֿון מײַנע זשעלע־כאָווער בני־עיר אין ישׂראל. די גרעסטע עמיגראַציע פֿון מײַן שטעטל אין דעמאָלטדיקן פּאַלעסטינע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1931, ווען איך בין שוין געווען אַוועק פֿון לאַנד. פֿון די דאָזיקע עולים זײַנען אַלע פֿאַרבליבן פֿעסטע תּושבֿים. מיך, האָט דער גורל פֿאַרטראָגן אין דער העט־ווײַטקייט, אין שפּאַ־ניש־רעדנדיקן קאָלאָמביע, „הינטער די הרי־חושך", ווי זיגמונט טורקאָוו האָט זיך אויסגעדריקט, מיינענדיק אָוודאי די הויכע בערג וואָס רינגלען אַרום דאָס לאַנד. דערפֿאַר קען איך ליידער נישט קיין סך שרײַבן וועגן מײַ־נע לאַנדסלײַט אין ישׂראל, וואָס ערשט נאָך 45 יאָר אָפּוועזנהייט, האָב איך זיי ווידער געזען בעת אַ קורצן באַזוך. נאָר כ'האָב כּסדר געוווּסט, אַז אין ארץ־ישׂראל לעבט אַ וויכטיקער קערן פֿון חשובֿע זשעלעכאָווער, וועלכע דערמאָנען מיט שטאָלץ דעם נאָמען פֿון אונדזער אַכזריותדיק אומגעקומען שטעטל.

דער פּיאָנער פֿון אַלע זשעלעכאָווער עולים איז געווען מרדכי איש־טובֿ (גוטעוויזנע), דעם זשעלעכאָווער שוחטס זון. אים האָט קיין שום שטרויכ־לונג נישט גערירט פֿון אָרט; נאָר דער טויט האָט געקענט איבעררײַסן זײַן צוגעבונדנקייט צום ארץ־ישׂראלדיקן לעבן. ער האָט אויסגעלעבט זײַנע יאָרן אויף אונדזער הייליקער ערד, דורכגעמאַכט אַלע גילגולים און אויסגעהאַלטן. נישט געלעבט בלויז פֿאַר ז יך אַליין. שטענדיק געטראָגן אין זיך צאַרטע און נאָבעלע געפֿילן צו זײַנע בני־עיר, דער עיקר געזאָרגט פֿאַר בײַ־געקו־מענע, און מיט דער צײַט איז ער באַטיטלט געוואָרן ווי די „מאַמע" פֿון די זשעלעכאָווער. אַ לאַנדסמאַן אַ יודע־ספֿר, אַרײַנגעטאָן אין דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מעלות טובֿות. זײַן גוף און זײַן איידעלע נשמה האָבן זוכה געווען צו געפֿינען די אייביקע רו אין דער פֿאַרהייליקטער ערד פֿון אונדזערע אָבֿות.

פֿון דער ווײַטנס און דורך דעם זשעלעכאָווער בולעטין האָט כּסדר

אַרויסגעשײַנט מיט אַ באַזונדער ליכט די געשטאַלט פון אַ בן־עיר מיטן נאָמען מרדכי שפּײַזמאַן. וועגן אים וויל איך זיך איצט ברייטער אָפּשטעלן.

מרדכי איז געווען ייִנגער פון מיר. אין דער יוגנט, אַז עס טיילט־אָפּ איינעם פון אַנדערן פינף יאָר, מיינט דאָס זייער אַ סך. אויף דער עלטער, שפּילט שוין אַזאַ אונטערשייד אין די יאָרן קיין גרויסע ראָלע נישט. דעריבער האָב איך מיט מרדכין נישט אָנגעהאַלטן אַזאַ נאָענטע באַציִונג ווי מיט זײַן ברודער יאַנקל, וועלכער איז געווען נאָר מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פאַר מיר. אָבער אויך די געשטאַלט פון מרדכין היט זיך אויף פריש אין מײַן זכרון: זײַ זײַן הולך, זײַ זײַן אויסזען, זײַ זײַנע פּאָליטישע אָנשויונגען. ער איז געווען קורץ געקליידעט, מיטן טראַדיציאָנעלן ייִדישן היטעלע, וואָס פּוילישע ייִדן האָבן געטראָגן, ציכטיק, ריין, שפּאַצירט ער איבער זשעלעכאָווער גאַסן. איך ווייס אַז ער פאַרקערט אין די ציוניסטישע קרײַזן; דער עיקר, אין די בירגערלעכע יוגנט־קרײַזן. יאָרן שטייען נישט אויף קיין אָרט און מרדכי דערגייט צו דער מדרגה פון אַ „מדריך", הייבט אָן פאַרנעמען אַ וויכטיקע פּאָזיציע. פּאָרט שוין קיין וואַרשע צו ציוניסטישע אַסיפות.

הגם אונדז האָט אין דער יוגנט פאַרבונדן דער זעלביקער ציוניסטישער אידעאַל, זײַנען מיר נאָך דעם זיך צעגאַנגען אויף פאַרשיידענע וועגן: איך בין מיט מײַן משפּחה אַוועק פונעם געבוירן־שטעטל און מגולגל געוואָרן, צו ערשט אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, נאָך דעם קיין ארץ־ישראל און, סוף־כל־סוף קיין קאַלאַמביע. אומעטום, אויף וויפל כ'האָב דערהאַלטן נײַעס פון דער אַלטער היים, האָב איך געהאַט פּאָזיטיווע גרוסן פון מרדכיס ציוניסטישער טעטיקייט. אין 31סטן יאָר, ווען איך בין שוין געווען דאָס צווייטע יאָר אין דער ווײַטער קאַלאַמביע, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ גאַנצע גרופּע זשעלעכאָווער יוגנטלעכע, מיט אים בראש, האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.

זשעלעכאָוו האָט פאַר אים אויסגעטראָטן דעם וועג, איז געווען זײַן מורה־דרך אין דער ווײַטערדיקער געשטאַלטיקונג פון זײַן פערזענלעכקייט און פונעם לעבן וואָס ער האָט, עד מאה ועשרים, גענומען פירן אין הייליקן לאַנד.

מיר האָבן אין זשעלעכאָוו קיין אוניווערסיטעטן נישט געהאַט. מיר



האָבן אָבער יאָ געהאַט אַ טיפֿע נייגונג צו וויסן. און כדי דאָס צו דער־גרייכן האָבן פֿאָרגייערס געשאַפֿן ספּעציפֿישע אוניווערסיטעטן, צוגענגלעכע פֿאַר יעדן בשר־ודם, דורך די גרויסע ווערק וואָס זיי האָבן געשאַפֿן אין משך פֿון דורות. יעדער פּשוטער מענטש קען ווערן אַ כּמו־אוניווערסיטעט־



אַן אַקט פֿון איבערגעבן אַ שול די מלוכה־באַהערדן, וועלכע אַ ייִדישע פּרויען־אָרגאַניזאַציע פֿון באָגאָטאַ האָט אויפֿגעבויט. פֿון רעכטס: קאַרלאָס זשעלענקאָ, פּרעזידענט פֿון בני־ברית אין פּאַנאַמאַ; דער אינערן־מיניסטער, באַנייאַ, דער געווו׳ מלוכה־פּרעזידענט מיסאַעל פּאַסטראַנאַ באָררעראַ, שמעון גובערעק, הרב גונטער פֿרידלענדער, הויפּט־דירעקטאָר פֿון בני־ברית, קאַרלאָס־זשעלענקאָ

מענטש; מען דאַרף נאָר בלויז באַקומען אַ ליבשאַפֿט צו די דאָזיקע ווערק און מיט זיי אָנהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט. דאָס איז דער וועג זיך צו קענען דערהייבן צו הויכע מדרגות: דער וועג פֿון אַן אויטאָדידאַקט. מרדכי איז געווען אַן אמתער אויטאָדידאַקט. פֿון שטעטל האָט ער אַרויסגעפֿירט אַ שמץ רעליגיעזן וויסן, אַ נייגונג צו דער וועלט פֿון תּורה. זשעלעכאָווער בעסערע מלמדים האָבן אים געגעבן אַ באַזע; דאָס רעשט האָט אַליין זיך

דערוואָרבן דורך זײַן אומבאַגרענעצטן אויסדויער און ווילן זיך אײַנצוגלי־
דערן אין דער וועלט פון תורה. ער האָט זײַן ציל דערגרייכט.

*

ער האָט יונג אָנגעהויבן זײַן געזעלשאַפטלעכן לעבנסוועג, און דער גורל האָט אים יונג געבערענקט קיין ישראל. מרדכי האָט גלײַך דערפילט אין זיך די גײַסטיקע רײַכקייט פון דער נײַער סביבה. איך אַליין געדענק נאָך יענע צײַטן, ווען מען האָט דאָרטן אָן אַ בוך נישט געקענט לעבן. דאָס איז געווען ס'צווייטע ברויט. מרדכי האָט מיט דאָרשט גענומען טרינקען פון יענע גײַסטיקע קוואַלן. מאָדערנע ליטעראַטור איז בײַ אים געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט זײַן ליבלינג — די רעליגיעזע ליטעראַטור. און אויף דעם וועג גייט ער שוין די 45 יאָר פון זײַן לעבן אין ישראל. ער איז פאַר־שטייט זיך אַ קענער פון יידיש אויך, נאָר גיט זיך אָפּ דער עיקר מיט העב־רעיִשער קולטור און ליטעראַטור. זײַן וווינונג אויף רחוב שילה, אין תל־אָביב, איז אין שכנות מיט דער שול פונעם הויפּט־רב, גורן, וועלכער קען און שאַצט זייער אָפּ מרדכין, דעם תלמיד־חכם און דעם בעל־מידות, און איז אים באַזונדער מקרב אינעם קרײַז פון זײַנע נאָענטע מענטשן. ער איז אָפט באַטייליקט אין מסיבות פון מענטשן מיט הויכן וויסן, ווו זײַן וואָרט, סײַ דברי־תורה, סײַ שיחת־חולין, ווערט אויסגעהערט מיט דרך־ארץ.

זײַן לעבנס־באַגלייטערין, שרהלע איגליצקי־שפּײַזמאַן, ווייסט אָפּצור־שאַצן דעם ווערט פון איר מאַן און זי קומט אים אַנטקעגן נישט ווי אַ דרוי־סנדיקע, נאָר זי איז זיך אַליין מטפל מיטן בוך און מיט קולטור בכלל. מרדכיס קאַפּיטל לטובת די זשעלעכאָווער איז אומגעהײַער גרויס, סײַ אין די יאָרן ווען ס'פלעגט דערשײַנען דער זשעלעכאָווער בולעטין, סײַ איצט, אָן דעם בולעטין. אַ דאַנק זײַן אויסדויער און איבערגעגעבנקייט, צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל פון דער זשעלעכאָווער משפחה אין ישראל און אין דער וועלט־צעשפּרייטקייט, איז געשאַפן געוואָרן אין די לעצטע צען יאָר אַ דערהויבן ווערק: אַ סטיפּענדיע־פאָנד צו דערמעגלעכן די בילדונג פאַר קינדער פון זשעלעכאָווער אָפּשטאַמיקע, פאַר די אייניקלעך פון די זשעלע־כאָווער פּיאָנערן. מיר שײַנט, אַז מרדכי איז דער יושב־ראש פונעם קאָמי־טעט, וואָס טיילט אַלע יאָר אויס די סטיפּענדיע אויף אַ פײַערלעכן אַקט.

שרייבן וועגן מרדכיס אויפטוען פאַר דער זשעלעכאָווער אַרבעט, וואָלט פאַרנומען אַ סך זייטן. אַלע שבחים אויף זיין אַדרעס זיינען אויף קיין האָר נישט איבערגעטריבן, ווי איך און מיין פרוי האָבן זיך געקענט איבערצייגן ווען מיר האָבן אין 73סטן יאָר באַזוכט דאָס לאַנד, 45 יאָר נאָך מיין אַוועקפאָרן. מיר וועלן זיך אָבער דאָ באַנוגענען מיט אונטערשטרייכן זיין גוטמוטיקייט, זיין קלוגשאַפט און זיין פריינדלעכקייט, וואָס פאַרבינדט אים מיט אַלע זשעלעכאָווער אָן אויסנאַם. אַ ביישפּיל פון דעם איז זיין באַציִונג צו יצחק בראנדווײַן ע״ה, אונדזער בן־עיר, וואָס האָט די לעצטע 10 יאָר געלעבט אין ישראל. יצחק איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. ער האָט זיין אייביקע רו געפונען אויפן בית־עולם אין תל־אָביב. אָבער די פריינדשאַפט גייט אָן: סיי צו יצחקן, אין דער טיף פון מרדכיס נשמה, סיי צו יצחקס יורשים, ביי וועמען מרדכי איז ממש אַ סימבאָל פון פאָטערלעכער איבערגעגעבנקייט. אַזאַ עפּיזאָד באַווייזט אונדז קלאָר און בולט, אַז אַפילו אין דער היינטיקער עגאָיסטישער וועלט איז נאָך פריינדשאַפט נישט קיין זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אַ פלאַם וואָס ברענט אין די דערהויבענע נשמות און שטראַלט־אויס וואַרעמקייט און ליכט פאַרן מענטשן.

# יאָנאַס גאָלדשטיין

לאָמיר דאָ גאָר אין קורצן דערמאַנען אַ מענטשן, וואָס לעבט אין באָגאָטאַ די לעצטע דרײַסיק יאָר און וואָס זײַן לעבנס־געשיכטע איז זייער באַדײַטנדיק און רעפּרעזענטאַטיוו פֿאַרן גורל פֿון אַ גרויסן טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק אין אונדזער דור.

אין 1946, נאָך דער מפּלה פֿון דער נאַצישער בעסטיע, איז די היגעפֿאַרצווײַגטע גאָלדשטיין־פֿאַמיליע באַרײַכערט געוואָרן מיט נאָך אַ מיט־גליד: יאָנאַס גאָלדשטיין, וועלכער האָט זיך, צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי, מיט גרויסע ניסים געראַטעוועט פֿון אויסראָטונג אין אָקופּירטן פּוילן. די היגע גאָלדשטיינס האָבן גלײַך אַהער אַראָפּגעבראַכט די ניצול געוואָרענע קרובים און אַזוי אַרום איז נישט נאָר צו זייער פֿאַמיליע, נאָר צום גאַנצן ישוב צו־געקומען אַ פֿײַנער, איידעלער מענטש, אַן אַרבעטזאַמער, מיט פּיעטעט פֿאַר ייִדישע ביכער און פֿאַר ייִדישער קולטור. דאָ האָט ער אויפֿגעשטעלט אַ באַשיידענע אינדוסטריע וואָס ער שטרעבט נישט צו פֿאַרגרעסערן, ווײַל ער איז נישט פֿון די וואָס צערײַסן זיך צוליב מאַטעריעלן אויפֿשטײַג. דאָ האָט ער אויפֿגעבויט זײַן היים און געהאַט עטלעכע קינדער, ס׳רוב הײַנט חתונה־געהאַטע, וועלכע האָבן געירשנט טאַטע־מאַמעס גוטע אייגנשאַפֿטן. דאָ האָט ער אין משך פֿון די דרײַ יאָרצענדליגער זיך פֿאַרדינט מצד אַלעמען אַ דרך־ארץ־באַציִונג. דאָ איז אים געראָטן, צוזאַמען מיט זײַן טײַערער חייטשע, טיילווײַז כאָטש צו דערווײַטערן די קאָשמאַרן פֿון זייערע מלחמה־איבער־לעבונגען, וועלכע האָבן פֿאָרט איבערגעלאָזט אייביקע צער־שפּורן אויף זיי־ערע פּנימער און אין זייערע אויגן.

נאַטירלעך, איינס איז דאָס צו־זיך קומען פֿון אַן איבערלעבונג, און גאָר עפּעס אַנדערש איז זי צו פֿאַרגעסן. יאָנאַס גאָלדשטיין האָט נישט פֿאַרגעסן,

און ווען ער וויקלט־אויף די יסורים־מגילה פֿון זײַנע זכרונות — ווי ער האָט עס געטאָן פֿאַר מיר בעת מיר זײַנען געווען שכנים אינעם אַפּרופּלאַץ סאַנטאַ מאַרטאַ, סוף 1975 — לעבט ער ווידער אַדורך, און דער צוהערער צוזאַמען מיט אים, די אַלע אומגעהײַערע לײַדן און פּײַנען וואָס קענען דאַכט זיך גאָר נישט אויסדערציילט ווערן.

פֿרײַנד יאַנאָס אַדיסעע הייבט זיך אָן אין שעניציע, זײַן געבוירן־שטעטל, אַ 50 ק״מ פֿון וואַרשע, אין מיטן 1942. ער פֿאָלגט נישט אויס די נאַציִשע פֿאַראָרדענונג אַז ייִדן זאָלן זיך צושטעלן צו דעפּאָרטאַציע, ווײַל מען ווייסט אַז דאָס מיינט אומקום. בראש פֿון אַ גרופּע 18 מענטשן, און שפּעטער באַזונדער, נאָר מיט זײַן פֿרוי, מאַכט ער דורך 22 חדשים פֿון כסדרדיקן אַנטלויפֿן, פֿון כסדרדיקע פּחדים, בייטנדיק אַלע מאָל דאָס באַהעלטעניש, צו מאָל צאָלנדיק אין מזומנים פֿאַר גוייִשער פּראָטעקציע, אַנדערע מאָל גענייסנדיק פֿון עכטער מענטשלעכער סאָלידאַריטעט מצד בעסערע פּאָליאַקן. קוים דערלעבט די באַפֿרײַונג דורך דער סאָוועטישער אַרמיי, האָבן זיי נאָך געמוזט אויסשטיין די סכּנה פֿון פּוילישן נאַציאָנאַליסטישן אַנטיסעמיטיזם, פֿון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״, וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו פֿאַרענדיקן די פֿינצטערע אַרבעט וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן.

יאַנאָס גאָלדשטיין און פֿרוי האָבן זיך סוף־כּל־סוף אַרויסגעריסן פֿון די נעגל פֿון טויט, און זײַנען למזל אײַנגעבירגערט געוואָרן צווישן אונדז. זייער געשיכטע ווײַזט אונדז ווידער דעם מעכטיקן כּוח פֿון לעבנס־ווילן און דעם קאַמף פֿון ליכט און פֿינצטערניש, וואָס באַשטימט דעם גורל פֿון מענטשן.

# משה קויפמאַן פון כאָטין

געווינטלעך אַז איך שרײַב וועגן אונדזער אַ ייִדן, גיב איך נישט אָן גלײַך בײַם קעפל פון וועלכער שטאָט אָדער שטעטל ער שטאַמט. צײַט עס צו דערמאָנען שפּעטער, ווען מען באַקענט זיך אַ ביסל נענטער מיטן מענטשן. אויב כ'פיר זיך אַנדערש בײַם באַשרײַבן אונדזער מיט־תושב משה קויפמאַן, איז עס דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ ייִד פון דער שארית הפליטה, און ווען מען טוט נאָר אַ טראַכט וועגן חורבן אייראָפּע, פילט מען אָפּט: ס'איז פּשוט אַ מיצווה צו דערמאָנען, זאָל זײַן כאָטש סתם לזכר, די נעמען פון אונדזערע חרובע אַלטע היימען. בפרט ווען איך האָב אָקערשט אויסגעלייענט דאָס רירנדיקע יזכור־ספר „חוטין — בסרביה", דערשינען אין תל־אָביב אין 1974 (טאַקע פרײַנד קויפמאַן האָט עס מיר אײַנגעשאַפן), און כ'האָב געזען אויף וויפל דער גורל פון אונדזערע רומענישע ברידער איז געווען איינער מיטן גורל פון פּוילישע ייִדן, סײַ פאַרן רוב וואָס איז אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן, סײַ פאַר די געציילטע וואָס האָבן זיך על־פּי־נס געראַטעוועט. קען איך אַוודאי נישט אַנדערש ווי פאַרבינדן גלײַך פון אָנהייב דעם דאָזיקן על־פּי־נס לעבנגעבליבענער ייִד מיט דער אַמאָליקער צען טויזנט־נפשותדיקער לעבעדיקער ייִדישער שטאָט, פון וועלכער ער איז איינער פונעם קאַרגן מיספּר לעבן־געבליבענע.

משה קויפמאַן האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט זײַן פרוי ראָזאַ און מיט זייער נאָר־וואָס געבוירן שוועלבעלע, ווען מען האָט זיי שוין געטריבן אויף די בלוטיקע וועגן קיין טראַנסניסטרע. ווי אַזוי זיי האָבן איבערגעלעבט? ווייסן זיי אַליין נישט. יוזיק קויפמאַן הייסט זייער אויסגעציטערטער זון, וועלכער איז געקומען אויף דער וועלט אין אַזעלכע פײַנלעכע מאָמענטן. הײַנט איז ער שוין אַליין אַ טאַטע פון קינדער, נאָר מיט אַ בעסער מזל,

ווײַל זייער קומען אויף דער זעלבער גאָטס וועלט איז געשען בײַ נאַרמאַלע באַדינגונגען, אויף אַ רויִקן געזיכערטן באָדן, צווישן פֿײַנע לאַטײַן־אַמעריקאַנער מענטשן, און נישט אין אַ וועלט פֿון שאַקאַלן.

*

ר׳ משה איז אַ תושב וועלכער פֿאַרדינט זיך כּשר מען זאָל וועגן אים אַרויסברענגען אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער. ער האָט זיך באַוויזן אין אונדזערע מקומות נאָכן חורבן, אין 1946סטן יאָר. עס האָבן אים אַהערגעבראַכט זײַנע קרובים, די אַלטע קאָלאָמביאַנער תושבים, די פֿאַמיליעס פּסח און פּערלמאַן. דרײַסיק יאָר זײַנען אַ פּנים אַ גענוגנדיקער צײַט־אָפּשניט אויף צו דער־קענען די מענטשלעכע אײגנשאַפֿטן, סײַ בנוגע טעמפּעראַמענט, סײַ בנוגע באַרוף. וואָס שײַך דעם לעצטן, זעט מען אַז משה קויפֿמאַן פֿאַרמאָגט סוחרישע פֿעיִקייטן, אפֿשר געירשנטע, און ער האָט זיך אַרויפֿגעאַרבעט אויף אַ סאָלידער עקאָנאָמישער פּאָזיציע, כאָטש בײַם אָנהייב האָט ער פּאַר איר געצאָלט אַ שווערן פּרײַז. מען געדענקט נאָך זייער גוט זײַן אָנהייב־געראַנגל, זײַן קלייטל אויף דער זיבעטער קאַררערע, זײַ שווערן קאַמף וואָס ער האָט געפֿירט. און דער ישוב האָט אָנגעהויבן אײַנזען, אַז ר׳ משה פֿאַרדינט אויפֿמערקזאַמקייט און דרך־ארץ מצד אונדזער געמיינדע. זײַן באַציִונג צו קהלשע ענינים איז זייער אַ פּאָזיטיווע, אַ חוץ וואָס ער האָט געגרן צו שטיין מן־הצד. אַז מען וואַרפֿט־אים־אויף הלמאי ער איז קאַלט צו גיין אין קהל, צעשמייכלען זיך בײַ אים די קליינע און קלוגע אויגן: „אויף וויפֿל יאָר ווילט איר כ׳זאָל אײַך אונטערשרײַבן? כ׳שרײַב אײַך גלײַך אונטער״. און ער נעמט אַרויס דעם טשעק־ביכל... ווײַזט אויס, אַז זיך צו פּאָרען בײַ קהל דאַרף מען געבוירן ווערן מיט אַ באַזונדערן כאַראַקטער־שטריך, און אויב אַ ייִד פֿאַרמאָגט אים נישט, מעג מען אים אַפֿילו האַקן און בראָקן, און קיין עסקן וועט מען סײַ־ווי פֿון אים נישט מאַכן. אָבער אַ פּאָזיטיווער עלעמענט איז ר׳ משה אין יעדן זינען. קיין עסקן וויל ער טאַקע נישט זײַן, אָבער די פֿליכטן זײַנע לגבי קהל פֿירט ער אויס פּינקטלעך. ער האָט זיך בײַ אונדז אויך אײַנגעשאַפֿן אַ נאָמען פֿון אַן אומבאַגרענעצטן וואָרטס־מענטש. משהס אַ וואָרט איז אַ בריק, און צו טאָן אַ טובה אַ מענטשן קווענקלט ער זיך קיין מאָל נישט.

## שמעון גובערעק

משה קויפמאַן פון כאַטין איז אַ ייִד — אַ סימבאָל אין פאַרשיידענע ריכטונגען. ער איז אַ באַווייז פונעם מעכטיקן לעבנס־ווילן, וואָס טראָגט איבער די גרעסטע פּיינען און איז אַלע מאָל גרייט צו זוכן אַ נייעם אָנהייב; ער איז אַ מוסטער פון יענעם געזונטן, פון דורות איינגעפונדעוועטן ייִדישן לעבן, וואָס האָט געבליט אין דער הייליקער קהילה כאַטין פונקט ווי אין טויזנטער אַנדערע ייִדישע ישובים און איז אָן רחמנות פאַרטיליקט געוואָרן; זיין ביאָגראַפיע, פונקט ווי די גאַנצע שארית הפליטה ווי אַ קאָלעקטיוו, לערנט אונדז אַ נאַציאָנאַלן מוסר־השכל: נאָכן טראַגישן אָפּשלוס פונעם טויזנט־יאָריקן קאַפּיטל ייִדיש לעבן אויף דער פאַרשאָלטענער פוילישער ערד, איז אונדזער חוב אויפצוהיטן דעם זכר און די דערהויבענע טראַדיציעס פון יענע ישובים, אָבער מיטן בליק צו אונדזער אייגענער מדינה — דאָס איינציקע אָרט וווּ אַ הונדערט־פּראָצענטיק ייִדיש לעבן קען און וועט געדייען.

# שלמה גלאַנצאַווער ע״ה

אַ ייִד אַ שלאַנקער, אַ הויכער, מיט אידעלע געזיכט־שטריכן. תמיד געווען אַ שטילער, אויך געגאַנגען שטיל און פּאַמעלעך. ר׳ שלמהן האָט מען קיין מאָל נישט געזען שטעלן קיין אייליקן טראָט. ער איז געווען איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער, פון די וואָס האָבן געהאַט דעם כוח אָפּצולעבן איבער 40 יאָר אויף אַמעריקאַנער ערד און דאָך נישט אויפגעהערט צו לעבן אינעם אַלט־היימישן שטעטל. וואָרעם וועלכער ייִד האָט זיך עס דאָ נישט אַמעריקאַניזירט? מען האָט צו ביסלעך פאַרגעסן אַז מען האָט אַ מקום־קדוש; קולטורעלע ענינים וועלכע האָבן אין בראשית געגלאַנצט, האָבן אויך אָנגעהויבן פאַרטונקלט צו ווערן. אַלץ איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַ קאַ־פּעטשקע עולם־הזה... די דאָזיקע טראַנספאָרמירונג האָט אָבער אויף ר׳ שלמהן קיין שליטה נישט געהאַט. פּונקט ווי ער וואָלט געלעבט אין זיין שטעטל און נישט אין אַמעריקע. אַזוי ווי ער איז געווען פון די ראשונים ביי אונדז, האָט ער זיך גלייך איינגעגלידערט אין דער חברה קדישא. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געדינט דעם הייליקן ציל. קיין איין דאַווענען האָט ער נישט פאַרפעלט במשך העכער פערציק יאָר אין אונדזער ערשט שולעכל אויף דער 23סטער גאַס.

לעצטנס, איז אָט דאָס שולעכל ביי אונדז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום: וואָס טוט מען דערמיט? אַז קיין מנין קען מען שוין נישט צו־נויפשטעלן, סיידן שבת און דאָס אויך קוים מיט צרות. צי לוינט זיך נאָך אַוועקצוגעבן כוחות פאַר זיין אויפהאַלט, ווען ס׳איז נישטאָ פאַר וועמען? אָט דאָס שולעכל, וואָס איך האָב אַ ביסל באַשריבן אין מיין ערשט בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע״, פון וועלכן ס׳האָט אַמאָל הערלעך אַרויסגעשיינט דאָס תורה־ליכט, איז לעצטנס שוין כמעט אַ קיילעכדיקער יתום. דער דאָזיקער געפאַלענער מצב איז טאַקע געפאַלן זייער שווער אויף ר׳ שלמהס האַרץ

און אויף זײַן נשמה. ווען ער האָט געהערט אַ קלאַנג, אַז די קהילה וועט דאַרפֿן פֿאַרקויפֿן דאָס היילקטום, האָט ער דערקלערט „קריג”: נישט בײַ זײַן לעבן! מיט זײַנע לעצטע שוואַכע כוחות האָט ער געקעמפט ווי אַ לייב, אַז אַ מנין זאָל יאָ זײַן. אָבער אין עלטער פֿון 82 יאָר איז ער שוין נישט געווען ביכולת דעם קאַמף אַליין אויסצוטראָגן. ס'האָט געזומען טרעפֿן אַז ער האָט נישט געקענט אַרויסגיין פֿון דער היים. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אים אַוועקגענומען אין אַ קליניק. לסוף, שמיני־עצרת איז דאָס געווען ,האָט מען געבראַכט אין שול אַרײַן די טרויעריקע ידיעה, אַז ר' שלמה גלאַגאָווער איז נפטר געוואָרן. אין זעלביקן טאָג איז ער געקומען צו קבר ישראל. צו די שלושים האָט מען אים ווערדיק דער־מאָנט מיט אַן אַזכּרה אין דער הויפּטשול.

אָט איז מען אַן עדות ווי אַן אַלטע, יחוסדיקע עפּאָכע גייט אַוועק פֿון אונדז, אָן אַן המשך לײַדער. דאָס הייסט, אַ געוויסער המשך איז יאָ פֿאַראַן. ר' שלמהס זון, חיים גלאַגאָווער, אַ מענטש וועלכער דערנענטערט זיך שוין צו די חמישים, ווייסט שוין דער לייענער אַז ער איז אַ ווערדיקער יורש און אַ פֿײַנער, אַחריותדיקער עסקן. ער וועט זיכער בײַטראָגן זײַן חלק דורכצופֿירן אונדזערע פּלענער וועגן שטאַרקן ס'יידישע לעבן. אָבער אויך זײַן פֿאַל איז אַ זעלטענער, און בכל־אופֿן איז קלאָר, אַז אַזעלכע באמת גאָטספּאַרכטיקע יידן, ווי ר' שלמה גלאַגאָווער איז געווען, וועלן שוין בײַ אונדז נישט אויפֿקומען, סײַדן ניסים. נאָר אַז מען וועט ווײַטער זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט וועלן קיין שום ניסים זיך אין אונדז נישט דערמאָנען. דערפֿאַר זאָגן מיר, אַז הײַנט ליגן אומגעהײַערע פֿליכטן אויף יידישע עסקנים און קהילה־מענטשן, ווײַל אַלץ וואָס איז ביז מיט אַ פּאָר דורות צוריק געווען באַטירלעך און אויפֿגעקומען פֿון זיך אַליין, איז אין דער הײַנטיקער ווירקלעכקייט כמעט אוממעגלעך אויפֿצוהאַלטן. אַלטוואַרג, וועלכע פֿילן אין זייער בלוט די גרויסע טראַגעדיע, טראָגן זיך אָפּ. און די נײַע? זיי האָבן בדרך־כּלל איבערגענומען אַנדערע ירושות. מאין יבא עזרי? גאָט ווייסט. מסתמא איז ריכטיק, ווי דער נביא זאָגט, אַז לא אַלמן ישראל. נאָר ווי קע־נען מיר זיך דערמיט טרייסטן, אַז דער אייגענער ירמיהו ,פֿון וועמען מיר נעמען דעם דאָזיקן בטחונדיקן זאָג, איז אַרײַן אין דער געשיכטע ווי דער חורבן־מקונן?

# עמיליאַ גאָלדשטיין

דאָס איז אַ זון פֿונעם אונגאַרישן ייִדן ר׳ יעקב גאָלדשטיין, וואָס וועגן אים און וועגן עטלעכע זײַנע משפּחה־מיטגלידער איז שוין אויסגעקומען אין דעם בוך צו דערמאָנען. עמיליאָ איז געבוירן געוואָרן אויף קאָלאָמביאַנער ערד, אין די היצן פֿון דער האַפֿן־שטאָט באַראַנקיליאַ. ער איז אַ הויכער ייִד מיט אַ גוטמוטיקן פּנים און אַ טאַטע פֿון צוויי זין. דאָס אַליין איז נאָך נישט קיין גרויסער אויפֿטו. איז אָבער דער חילוק, וואָס עמיליאָ גאָלדשטיין האָט זײַנע צוויי בנים דערצויגן גאָר נישט אויפֿן דרך וואָס איז אָנגענומען צווישן די ייִדישע נײַע דורות אין קאָלאָמביע. ער אַליין האָט אײַנגעזאַפּט ייִדישקייט אין טאַטע־מאַמעס הויז. זײַן פֿאָטער, ר׳ יעקב, האָט מיט אים אַליין געקנעלט תורה. אַ געוויסע מאָס איז בײַ עמיליאָן געבליבן, און דער עיקר איז אים געבליבן אַ ליבשאַפֿט צו דער רעליגיעזער וועלט. הגם אַליין נישט הונדערט פּראָצענטיק פֿרום, האָט ער אָבער געוואָלט, אַז זײַנע קינדער זאָלן עס יאָ ווערן. און ער האָט אויסגעפֿירט.

דער ייִד האָט געברענגט גרויסע קרבנות און האָט ביידע זין געשיקט לערנען אין ישיבות אין מיאַמי פֿלאָרידאַ. און אַז טאַטע־מאַמע האָבן שטאַרק געבענקט נאָך די קינדער, אָבער די געשעפֿטן האָט דאָך פֿרײַנד עמיליאָ דאָך געהאַט אין באָגאָטאַ, האָט ער זיך ווידער פֿאַרעקשנט און האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן: ער האָט זיך באַזעצט אין מיאַמי און פֿירט זײַנע געשעפֿטן אין באָגאָטאַ. דער ענין ציט זיך שוין אַ היפּש ביסל יאָרן. דאָ איז ער אין מיאַמי און דאָ זעט מען אים אין באָגאָטאַ. ער פֿאָרט יאָ, ווי מען זאָגט, מיט איין מאָל אויף צוויי יאַרידן. אָבער דער קרבן האָט זיך געלוינט. ער האָט זײַן ציל דערגרייכט מיט דער גרעסטער הצלחה. ער האָט דערגרייכט אַ פֿאַרמעגן וואָס לאָזט זיך מיט קיין שום צאָל נישט אָפּמעסטן:

געבראַכט אויף דער וועלט צוויי געראָטענע קינדער, זיי געמאַכט פאַר פולע ייִדן, פרום ביז גאָר, און בקרוב וועלן זיי זיך אויך גראַדויִרן ווי פראָפעסיאָנאַלן אויף וויסנשאַפטלעכע געביטן.

דאָס ביסל נחת וואָס עלטערן ווינטשן זיך צו דערלעבן פון זייערע קינדער האָבן עמיליאָ גאָלדשטיין און זײַן לעבנסבאַגלייטערין, בעלאַ, בלי־ספק דערגרייכט. און נישט בלויז זיי: סײַ פרײַנד עמיליאָס עלטערן, ר׳ יעקב און זײַן פרוי, עד מאה ועשרים, סײַ בעלאָס עלטערן, לעאָן און געלאַ טאַוב (אַגב מײַנע גוטע שכנים), וואָס זײַנען פון איר צד נאָענטע קרובים פון הרב פנחס ברענער פון קאַראַקאַס, זײַנען שותפים צו זייער שטאָלץ און פאַרגעניגן.

עמיליאָ גאָלדשטיין איז אַן אמתער איש־טוב, אַזאַ איינער וואָס איך פיל זיך צופרידן, אַז כ׳האָב נישט פאַרגעסן אים אַרײַנצופירן אינעם באַשיידענעם געזעמל פון מײַנע כתבים. מיט קיין עסקנות האָט ער זיך קיין מאָל נישט פאַרנומען, אָבער זײַנע מעשים־טובים דעקן שוין פאַר אַלץ. און אַחריות פאַרן ציבורדיקן לעבן שטייט בײַ אים אויף דער העכסטער מדרגה: פונקט ווי ער פילט זיך פאַרבונדן מיט די קהלשע פליכטן פון מיאַמי, ווו ער וווינט, דעקט ער אויך אויפן שענסטן אופן זײַנע התחייבותן לגבי דער קהילה אין באָגאָטאַ, ווו ער פירט זײַנע געשעפטן.

מיר האָבן שוין דערמאַנט אַז בסך־הכל איז ער אַ יונגערמאַן, אין אָנהייב פון די פערציקער. דאָס מיינט, אַז ער וועט נאָך פיל לאַנגע יאָרן באַרײַכערן אונדזער לעבן, ווײַל כל זמן מיר פאַרמאָגן אין אונדזערע רייען אַזעלכע ייִדן ווי ר׳ עמיליאָ גאָלדשטיין, איז אונדזער פאָלקס־פאַרמעגן קיין עין־הרע, שטיין־רײַך.

# יוסף סאַפּאָזשניקאָוו

מיט אַ מאָל קומט מיר אויף דער מחשבה: צי האַלט איך נישט אין ביסברויכן צו פיל מיט דער פּאָזיטיווער באַציִונג פונעם חשובן לייענער, וועלכער וועט מיך באַלוינען מיט נעמען מײַנס אַ בוך אין האַנט און טאַקע עס איבערלייענען אויך? אפשר איז שוין צײַט, נאָכן באַשרײַבן אַזוי פיל ייִדן־פּערזענלעכקייטן, צו זאָגן עד־כּאַן? איז מען דאָך אָבער אַ זינדיקער מענטש, מיט אַ גרויסן זינדיקן אַפּעטיט, און ווי ווויל מען זאָל נישט וויסן, אַז בפרט בײַ שרײַבערײַ קומט פון צו פיל אַרײַנכאַפּן קיין גוטס נישט אַרויס — דאָך דאָמינירט דער זולל־וסובא, דער אימפּולס וואָס פּאָדערט: כּל־זמן עס זײַנען פאַראַן אין אונדזערע קרײַזן, קיין עין־הרע, אַזוי פיל און אַזוי פיל עכטע, טײַערע און אינטערעסאַנטע פיגורן, וועלן מיר אַלץ פּרווון זיי צו פאַראייביקן דורך דער פּעדער. און טאָמער וועט די גרויסע שפע אין פער־סאָנאַזשן מיט עפּעס מינערן די קוואַליטעט פון אונדזער פּראָזע, וועלן מיר זיך אויך נישט נעמען שטאַרק צום האַרצן. אַדרבא, דאָס וועט זײַן אַ סימן, אַז אונדזער ישוב איז אַזוי רײַך, אַז די האַנט פון איין איינציקן באַשרײַבער סטײַעט כמעט נישט אים ריכטיק אַרומצונעמען.

איינער אַ ייִד וואָס רייצט אויף אַזאַ פּאָזיטיוון אופן מײַן באַשרײַבערישן יצר־הרע איז אַ יונגערמאַן וואָס לעבט שוין צווישן אונדז קאַרעג 40 יאָר. אַ הויכגעוויקסיקער מאַן; די הויט פון זײַן פּנים איז דורכזיכטיק־ווײַס, נישט בלייך, נאָר ממש ווײַס ווי מילך. מער ווי אַלץ שײַנט־אַרויס פון זײַן געשטאַלט דער ליבלעכער בליק פון זײַנע מילדע, ייִדישע אויגן.

אין 38סטן יאָר האָט אים דער גורל געברענגט צו אונדז. דעמאָלט איז ער געווען אַן 18־יאָריקער בחור, אַ געבוירענער אין קאָלנאַ, ביאַליסטאָקער געגנט; אַ לאַנדסמאַן פון אײַזיק רעמבאַ, זשאַבאָטינסקיס באַרימטער סעקרע־טאַר. כאָטש (יוסף) סאַפּאָזשניקאָוו — אַזוי רופט ער זיך — האָט אָנגעהויבן דעם לאַנגזאַמען פּראָצעס פון „אַרויפדראַפּען" זיך, ווי דער שטייגער פון נײַע אימיגראַנטן אין אַ פרעמד לאַנד, ער איז אָבער פאָרט נישט געווען אַזוי

ווי אַלע אימיגראַנטן. ער האָט באַוויזן מיטצוברענגען קיין קאָלאָמביע אַ פּאָר יאָר ישיבה, און נישט סתם אַזוי, נאָר דווקא פון דער ישיבה, וועלכע איז געווען אונטער דער השגחה פון נישט קיין אַנדערן, ווי פון דעם באַרימטן גאון, דעם חפץ־חיים, וועלכער האָט ביז צו זײַן פּטירה, אין 1937, אָנגעפירט מיט דעם דאָזיקן באַרימטן תורה־מקום אינעם שטעטל ראַדין, ווײַס־רוסלאַנד.

בכלל טרעפט, אַז אויף אַ פרעמדן קוקט מען זיך מער אום, ווי אויף אַן אייגענעם. אינעם פאַל פון יוסף סאַפּאָזשניקאָוו, אָבער, איז בפירוש געווען אויף וואָס צו קוקן. דער קאָלאָמביאַנער ישוב האָט אינעם אימיגראַנט אויסגעפונען גאָר שיינע און פּאָזיטיווע שטריכן: אַ העכסט ייִדישן מאָראַלישן דרך און אַ לומדות וואָס האָט באַוויזן, אַז דאָס קוועטשן עטלעכע יאָר די ישיבה־באַנק איז נישט געווען אומזיסט. זײַן אַוועקשטעלן זיך בײַם עמוד און אָפּדאַווענען אַ שחרית האָט די ווערט אַלע געלטער. דער נעכטיקער יונגערמאַן, דער „גרינער" פון מיט 38 יאָר צוריק, האָט ב"ה שוין לאַנג זיך אויסגעגרינט. נאָך בעת זײַנע ערשטע יאָרן אין לאַנד האָט ער חתונה געהאַט מיט ר' יעקב גאָלדשטיינס אַ טאָכטער. תורה איז געגאַנגען צו תורה: מיר האָבן שוין באַטאָנט וואָס פאַר אַ תורה ייִדן, און אויף וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה, ס'איז ר' יעקב גאָלדשטיין. הײַנט איז ר' יוסף סאַפּאָזשניקאָוו שוין אַ זיידע, עד מאה ועשרים. און כ'לעבן — מיט אַזעלכע אימיגראַנטן ווערט יעדער ישוב באַרײַכערט. ווײַל פײַנע און גוטע בײַשפּילן ברענגען מיט זיך אויך די זעלביקע בײַשפּילן. און פרײַנד יוסף סאַפּאָזשניקאָוו איז בלי־ספק אַ מוסטער, ווײַל מען זעט באַשײַמפּערלעך אַז ער שטרעבט דורכצופירן אין לעבן דעם ייִדישן עטישן אידעאַל, אַזוי ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין תהילים: אָרנטלעכקייט, גוטסקייט, קיין מאָל נישט אַרויסרעדן קיין בייז וואָרט אויף יענעם און בכלל זיך האַלטן בײַ מידות, וואָס ברענגען שלום און רופן אַרויס דרך־ארץ.

ער איז שוין אויך געווען אײַנגעשפּאַנט אין צרכי ציבור, געווען פאַרטראַכטן אין פאַרשיידענע פאַרוואַלטונגען, געדינט קהל „מיט עצות און פליי־צעס". דאָך איז ער קאַלט צו גיין אין דעם שפּאַן. ווי אַן אייביקער מלמד־זכות טענהט ער, אַז ער זעט בלויז גוטס אין יעדן עסקן און קען דערפאַר רויק אויף זיי זיך פאַרלאָזן.

# ד״ר בערנאַרדאָ אַקערמאַן

דאָס איז אַ זון פון די פרײַנד אפרים און מינאַ אַקערמאַן, וועמען איך האָב דערמאָנט אין מײַן באַשרײַבונג פונעם אַמאָליקן קאַלדאַס־דעפּאַרטאַמענט. ווען איך האָב זיך באַקענט מיט די „אַלטע" אין ריסאלדא (אַ שטעטל אין קאַלדאַס), זײַנען מיר נאָך אַלע געווען יונג. די אַקערמאַנס זײַנען נאָך געווען אַ יונג פּאָרפאָלק. בערנאַרדאָן האָב איך דעמאָלט געזען אין מאַני־סאַלעס, צוזאַמען מיט זײַן ברודער איסאַק, צוריקקומענדיק פון שול מיט די העפטן אונטערן אָרעם. די אַקערמאַנס האָבן מיך פאַרבעטן אויף מיטאָג צו זיך אַהיים; איך האָב גלײַך געטראָפן אַז די דאָזיקע יונגעלייט וואַקסן ווערטיקע מענטשן. ווי האָב איך אָבער זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז דער זעלביקער בערנאַרדאָ, מיט וועמען כ'האָב דאַן געגעסן מיטאָג, וועט אין צוואַנציק יאָר אַרום זײַן ערשטער וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה אין באָגאָטאַ, און וועט זיך אינעם אַמט שטאַרק אויסצייכענען אין משך פון זעקס יאָר? ער איז צו דער דאָזיקער פּאָזיציע נישט דערגאַנגען על־פּי צו־פאַל, נאָר דערפאַר וואָס צוזאַמען מיט זײַן גאָר הויכער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג ווי אַן אַרכיטעקט, האָט ער נאָך פון זײַנע עלטערנס היים געבראַכט אַ פאַרטיקע מאָראַלישע אַרכיטעקטור, אַ גוט אויסגעבויטן כאַראַקטער און אַ ייִדישע גײַסטיקייט. אויף אַזאַ פונדאַמענט קען זיך האַלטן די פּערזענ־לעכקייט פון אַ מענטשן מיט אַ גאָר הויכן באַרוף.

אַזאַ איינער איז ד״ר בערנאַרדאָ אַקערמאַן. ווער קען עס דען וויסן בעסער ווי איך? זיבן יאָר צײַט זיצן מיר בײַ איין פאַרוואַלטונגס־טיש אין דער קהילה, חוץ אַנדערע עפנטלעכע אָנגעלעגנהייטן און פריוואַטע שמועסן וואָס מיר האָבן געהאַט. דאָס איז גענוג צײַט זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן אַ מענטשן. ווען איך טראַכט וועגן אים, ווילט זיך מיר ווינטשן, ווי דאָס פלעגן טאָן אונדזערע עלטערן און זיידעס: הלוואי אויף מײַנע קינדער און אייניקלעך! כאָטש אין מײַן פאַל דאַרף איך זיך נאָר זאָרגן פאַר די אוראייניקלעך; די פריִערדיקע דורות זײַנען שוין, ברוך־השם, אויסגעפורעמט.

בעסער צי ערגער — דאָס דאַרפֿן אַנדערע משפּטן; אַ טאַטע מעג און מוז זײַן בלינד בײַם שאַצן זײַנע יורשים, פּונקט ווי ס׳איז בלינד די ליבע דורך וועלכער זיי זײַנען געקומען אויף דער וועלט.

לאָמיר זיך צוריקקערן צום גוטן פֿרײַנד און אויסגעצייכנטן מיטאַר־בעטער בײַ דער קהילה־אָנפֿירונג, בערנאַרדאָ אַקערמאַן. ער האָט שוין אַ סך אויפֿגעטאָן און דערגרייכט אין זײַן לעבן, סײַ ווי אַ פּראָפֿעסיאָנאַל, סײַ ווי אַ טאַטע און משפּחה־מענטש, סײַ ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער מיט חוש און פֿאַרשטאַנד ווי זעלטן ווער. דאָך מיינען מיר, אַז ער קען זיך נאָך דייער אַ סך דערגרייכן אויף איין געביט: ווי אַ קהילה־מנהיג, ווײַל מיר האַלטן אַז זײַן פּערזענלעכקייט איז בכוח אויסצוטראָגן נישט נאָר די שליחות פֿון אַן עסקן, נאָר אויך די אַחריות פֿון אָנפֿירערשאַפֿט. ער דאַרף נאָר וועלן דערלאָזן אַז די דאָזיקע פּאָטענצן זײַנע זאָלן זיך אַנטוויקלען און אויסוואַ־רעמען אויף דער שויס פֿון דערפֿאַרונג, וואָס קען אויף דעם געביט געבן מער ווי גאַנצע אוניווערסיטעטן מיט הויכקלינגענדיקע טיטלען. אַקערמאַן האָט שוין אָנגעקליבן אַ היפּש ביסל דערפֿאַרונג אַרבעטנדיק אין דער קהילה־לייטונג. דאָרט מאַכט ער דורך אַ פּאָזיטיווע עוואָלוציע, אַ פּאַמעלעכע און עקשנותדיקע אַרבעט פֿון דיסציפּלינירן די אייגענע פּערזענלעכקייט און זי אונטערוואַרפֿן די העכערע צילן פֿון שלום, האַרמאָנישקייט צווישן מענטשן און אַרבעט לטובֿת הכּלל. אַ באַגאַבטער צו דער דאָזיקער אַרבעט איז ער בטבֿע, און דאָס האָט זיך געמערקט גלײַך בײַם אָנהייב, ווען ער איז מיט זיבן יאָר צוריק אַרײַן אין דער פֿאַרוואַלטונג. אין דעצעמבער 1975 איז ער ווידער געווײלט געוואָרן ווי דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט; דאָס איז אַ בולטער סימן פֿונעם פּרעסטיזש און אָנערקענונג וואָס ער האָט זיך דער־וואָרבן. זײַן אינטעליגענץ, טאַקט און בילדונג שטייען אים בײַ בײַם אויס־פֿירן זײַן אויפֿגאַבע, פּונקט ווי עס באַגלייט אים דערבײַ זײַן חנעוודיקער עזר־קנגדו, די קלוגע און פֿרײַנדלעכע פֿערליטאַ.

דער קאָלאָמביאַנער ישובֿ לייגט גרויסע האָפֿענונגען אויף דער פּער־זענלעכקייט פֿון ד״ר בערנאַרדאָ אַקערמאַן, אַ מענטש וואָס פֿאַראייניקט די יניקה פֿון דורותדיקער ייִדישער געטרײַשאַפֿט מיט דער דינאַמיק און האָריזאָנטן־ברייטקייט פֿון אַ מאָדערנעם פּראָפֿעסיאָנאַל, אויסגעבונדן אין דער שפּאַנישער קולטור און מיט אַ גרויסן טאַלאַנט צו אָנפֿירערשאַפֿט.

# דוד דרעשער

ווי זאָל איך זיך נישט פילן שטאָלץ און אויפגעמונטערט ווען איך בעם אונטער פאַרצושטעלן, צווישן דעם געזעמל ווילע ייִדן פון מײַן צווייטן בוך, אַ מענטשן וואָס קודם־כּל איז ער אַ זון פון אַ טײַערער משפּחה, וואָס איך האָב שוין אין ערשטן בוך דערמאָנט; און צווייטנס, קען איך אים זינט ער איז געווען אַ קינד און איך מעג זאָגן, פּונקט ווי כ׳האָב אין יענעם ערשטן בוך געזאָגט וועגן דעם גאַנצן קאָלאָמביאַנער לאַנד, אַז „איך האָב אים געזען אויפוואַקסן״.

צוויי ייִנגלעך זײַנען זיי נאָך געווען, אַלט אַ יאָר נײַן־צען, ווען זיי זײַנען אָנגעקומען קיין באַגאָטאַ צוזאַמען מיט זייער מאַמען ע״ה. דער טאַטע זייע־רער האָט זיך דאָ געפונען נאָך פון פריִער. דאָס איז געווען אָנהייב דרײַ־סיקער יאָרן. אָפט מאָל פלעג איך זיי זען נאָך זייער אַרויסגיין פון שול, ווי זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן אין באַקסירן אויף אַ פּלאַץ אויפן ראָג פון 10טער קאַררעראַ און 22סטער גאַס. דאָס זײַנען געווען די ברידער מיגעל און דוד דרעשער, די זין פון הרב יונה דרעשער ע״ה. ביידע זײַנען זיי אויסגעוואַקסן מיט בשותּפותדיקע שטריכן, אָבער פאַרט מיט פאַרשיידענע מענטאַליטעטן. דוד האָט זיך אײַנעם ים־התּלמוד נישט אַרײַנגעלאָזט. דערפאַר האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט עסקנות און פּאָליטיק; געווען אַ צײַט ווען ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זײַן רעדנערישער קונסט, און זײַנע פײַערדיקע דרשות פלעגן מיטרײַסן די צוהערערס וואָס פלעגן אים אויסהערן מיט שפּאַנונג.

איך קען דודן דורך און דורך, פון די קינדער־יאָרן זײַנע און ביז זײַן איצטיקער ייִדעשאַפט. דאָך האָב איך זיך דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער אָראַטאָרישער ווולקאַן קען זיך לעשן און אַז געוויסע געפילן זײַנע קענען פאַרהאַרטעוועט ווערן, פּונקט ווי עס טרעפט מיט די לאַווע־

שיכטן אויף די ווולקאַנען. בכל־אופן גלייב איך, אַז זיין גרויסע פעיִקייט פאַרן אידעאָלאָגישן קאַמף איז נישט אויסגעשעפּט: ער איז נאָך אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן און קען זיך צו דעם פראָנט אין יעדן מאָמענט צוריק־קערן, און אַפילו אונדז איבערראַשן מיט זיין פייערדיק וואָרט.

היינט צו טאָג איז דוד אַן אינטעגראַלער ייִד, וואָס האָט — נישט גע־קוקט אויף אַלע זיינע גילגולים — אויפגעהיט די פעסטקייט פון זיין כאַ־ראַקטער. ווען מען דאַרף זאָגן אַן אַנטשלאָסן וואָרט, איז ער נישט פון די וואָס פאַרשווייגן. ער איז אַ מענטש וואָס רופט־אַרויס און ווייזט־אַרויס דרך־ארץ ביי אַלעמען און צו אַלעמען אין ישוב. די דאָזיקע פעסטקייט מי־נערט אָבער גאָרנישט זיין אינטימע צאַרטקייט. אַ ראיה — זיין נחת פון די אייניקלעך מיט וועלכע זיינע טעכטער האָבן אים באַשאָנקען.

דוד דרעשער פאַרנעמט זיך מיט דער עלעקטראָנישער אינדוסטריע, וואָס גיט היינט צו טאָג דעם גרעסטן ביישטראָג פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און פאַר דער שאַפונג פון נייע אַרבעטס־פּלעצער. אין זיין אַרבעטס־צימער — ווי פאַריאָגט ער זאָל נישט זיין — נעמט ער אַלע מאָל אויף אַ פריינד מיט אויפריכטיקן אינטערעס און מיט ברייטהאַרציקער באַציִונג צו יענעמס עניינים. ער האַלט איצט נאָענט צו די פּופציקער, און ס'איז שוין אַ היפּש ביסל יאָרן ווי ער האַלט זיך אָפּגעזונדערט פון עסקנות און כלל־טועריי, כאָטש מיר זיינען עדות, אַז ער פלעגט אַמאָל זיך שטאַרק אויסצייי־כענען אויף דעם דאָזיקן געביט. טאָקע דערפאַר, און ווייל אונדז איז באַ־קאַנט זיין גרויסער טאַלאַנט, זיינען מיר זיכער, אַז די טירן פון אַלע אונד־זערע אינסטיטוציעס שטייען פאַר אים אָפן, דערוואַרטנדיק די שעה ווען מען וועט אים צוריק געווינען פאַר די קהלשע אינטערעסן.

# די ברידער מאַנועל און מאָריס גאָלדשטיין

ווען עלטערע מענטשן, ווי אַ שטייגער דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות, ברענגען צו רייד דאָס אומפאַרמײַדלעכע, וואָס קיין שום מענטש קען פון דעם נישט אַנטלויפן פון זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, ענטפערן יונגעלײַט, אַז וועגן „דעם" דאַרף מען נישט רעדן... בײַ גאָט זײַנען פאַראַן געַנוג יאָרן, צו שענקען וועמען ער וויל... נעמט מען טאַקע אָן די טרייסט און מען מאַכט זיך פאַרגעסן, אַז מען האָט שוין היפש אַריבערגעשפאַנט די שוועל פון שבעים... פון דעסט וועגן, זאָגט דאָך דער ניכטערער געדאַנק אונטער, אַז אָט־אָט וועט מען זיך מוזן געזעגענען מיט גאָטס וועלט... און פונקט ווי אַ מענטש נייטיקט זיך אין עסן און טרינקען, ווי אַלט ער זאָל נישט זײַן, פונקט אַזוי ווילט זיך אים טאָן און פאַרענדיקן אַן אָנגעהויבענע אַרבעט. די בלעטער וועלקן אויפן קאַלענדאַר; דער אויסזעצער אין בוענאָס־אײַרעס טוט זיך זײַנס, און דער שרײַבער פון די שורות טוט נישט קיין אַנדער זאַך, בײַערט ער לאָזט פליִען דעם געדאַנק איבער זײַנע זכרונות ווי איבער פילם־טאַשמעס און זוכט דאָרט מיט ליכט נאָך אַ ייִד, נאָר אַ פּאָר ווילע ייִדן, צו דערגאַנצן מיט נײַע צוויי בענד דאָס בילד וואָס ער האָט גענומען אויסמאָלן אין זײַן ערשט בוך. ממילא וועט די שליחות בלײַבן נישט פאַרענדיקט, ווײַל ס'איז אוממעגלעך זי דורכצופירן אויף אַלע הונדערט פראָצענט, אָבער אויף וויפל איך וועל זײַן בכוח וועל איך זען קיין שום ייִדן נישט צו באַעוולהן.

אָט, אין דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן זוכעניש, טוט אַ בליק־אויף דער געדאַנק וועגן צוויי מיט־תושבים אונדזערע פון סאַמען בראשית, זינט אונדזער ישוב איז אויף גאָטס וועלט געקומען. דאָס זײַנען צוויי ברידער, די יורשים פון ר' חיים גאָלדשטיין, די הויפּטפיגור פון דער „דינאַסטיע גאָלד־

שטיין", וועלכער איך האָב געווידמעט אַ קאַפּיטל אין מײַן בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע".

וועגן די צווי ברידער גאָלדשטיין קען מען שיעור נישט שרײַבן ווי וועגן איין מענטש, אַזוי נאָענט זײַנען זיי אין זייערע שטריכן. אַ חוץ אינעם פּיזישן אַספּעקט; אויף דעם געביט האָבן זיי זיך צו ביסלעך אײַנגעטיילט מיט דער ירושה פון די עלטערן: מאַנועל שפּיגלט מער אָפּ די געשטאַלט פון זייער פאָטער און מאָריס האָט איבערגענומען דעם אויסזען פון דער מוטער.

געקומען קיין באָגאָטאַ זײַנען זיי ווי יונגע קינדער, אין אָנהייב פון 30סטן יאָר. זייער פאָטער, ר' חיים, איז שוין דאָן געווען אַ שטיק תושב, זינט 1927. קיין תורה־וויסן האָבן זיי נישט באַוויזן אײַנצוזאַפּן אין פּוילן, ווי דאָס איז געווען די טראַדיציע פון דער „דינאַסטיע" גאָלדשטיין. אָבער העכסט ייִדישע מידות האָבן זיי יאָ באַוויזן אין זיך אַרײַנצונעמען. אַז זיי רעדן אַ פּערפעקטן ייִדיש איז דאָך אָפּגערעדט. פונעם טאַטן דעם תלמיד־חכם האָבן זיי אויך געירשנט חכמה און ישוב־הדעת. דעריבער רעכנט זיך די שטאָט ייִדן מיט זייער וואָרט, און מען האַלט סתם פאַר אַ פאַרגעניגן אויסצוהערן זייער מיינונג אָדער זייער שמועס, אַבי עס מאַכט זיך נאָר אַ געלעגנהייט.

מיט אַ צײַט פריִער האָט מען זיי אָפּט געקענט הערן, ווײַל בײדע זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען דעם טאַטנס געזעלשאַפטלעכן דרך און מען האָט גע־קענט טראַכטן, אַז זיי וועלן שוין בלײַבן שטענדיק עסקנים. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַנדערש. שוין אַ צײַט ווי די צווי ברידער גאָלדשטיין, הגם זיי וואָלטן געקענט ברענגען אַ סך נוצן מיט זייער אָנטייל בײַ אַ געזעלשאַפט־לעכן טיש און בעיקר אין דער קהילה־לייטונג, האָבן זיך לחלוטין צוריק־געצויגן פון כלל־אַרבעט. שווער צו גלייבן, אַז דער באַשלוס זייערער זאָל זײַן אַ דעפיניטיווער, ווײַל לויט אַלע מענטשלעכע כללים, לויט זייער ירושה־טראַדיציע און זייער אייגענער פערזענלעכקייט, קען זייער שטיין מן־הצד נאָר זײַן דער רעזולטאַט פון צופעליקע אומשטאַנדן. אַפילו איצט זײַנען זיי, ווי מיטגלידער, געטרײַע קהילה־מענטשן, און האָפנטלעך וועט בקרוב קומען די שעת־הכושר זיי זאָלן אויך זײַן קהילה־אָנפירערס. ס'וואָלט גאָר אַנדערש נישט געפּאַסט פאַר צווי שאַרפע קעפּ, גראַדזיִרטע אינזשע־

ניערן, מענטשן מיט אינטעליגענץ און קולטור און מיט אַ גוטן געזעלשאַפֿט־לעכן בײַשפּיל אין זייער אייגענער משפּחה. אַוודאי איז אַן אַבסורד צו וועלן אויסחשבונען זאַכן וואָס האָבן געקענט געשען און זײַנען נישט געשען אין דער פֿאַרגאַנגענהייט; דאָך טראַכט זיך: ווען נישט אונדזער היסטאָרישער גורל, וואָלטן די ברידער גאָלדשטיין אין דער אַלטער היים זיכער פֿאָרגע־זעצט זייער משפּחה־טראַדיציע און אפֿשר גאָר געוואָרן רבנים בײַ ייִדן. הײַנט, נאָכן חורבן, האָט זיי ס׳מזל אַוועקגעשטעלט צווישן דעם ייִדישן איבערבלײַב, וואָס טראָגט די פֿליכט ווידער אויפֿצובויען דאָס ייִדישע לעבן מיט אַלע זײַנע פֿריִערדיקע אַטריבוטן. מי יתן — הלוואי זאָלן אונדז באַ־שערט זײַן כוחות דאָס מקיים צו זײַן.

# נחמיה זילבערמאַן

מײַן שליחות פון באַשרײַבן און פאַראײביקן מײַנע מיט־תושבים האָב איך אויסגעקליבן אויסשליסלעך פון אײגענעם ווילן, ווײַל כ'האָב געפילט די נייטיקייט אַז 50 יאָר געשיכטע פון אַ ישוב זאָלן חלילה נישט גיין פאַר־לוירן. און כאָטש איך האָב שוין אָנגעשריבן כמעט טויזנט זײַטן, פיל איך אַ כסדרדיקע פאַרפאָלגונג. איצטער, למשל, קומט מיר אויפן רעיון: ציי מעג אַזאַ אײדעלער ייִד, ווי דאָס איז געווען ר' נחמיה זילבערמאַן, בלײַבן אין דרויסן?

אמת, נחמיה זילבערמאַן איז געווען זייער אַ פשוטער פאָלקס־ייִד, האָט קיין מאָל נישט געשאַפן קיין שום טומל אַרום זיך, געווען באַשיידן, וואָס באַשיידענער קען נישט זײַן. נישט מחמת וואָס ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן אין אַ קרײַז פון מענטשן. ער האָט שוין גראָד יאָ געהאַט וואָס צו זאָגן. ווײַל אַ ייִד וואָס האָט ביז 20 יאָר געלערנט אין אַ ישיבה, און האָט שפּעטער זײַן גאַנץ לעבן נישט אַרויסגעלאָזט דאָס בוך און די צײַטשריפט פון האַנט, אַחוץ דעם רעליגיעזן ספר — אַזאַ ייִד האָט זיכער געהאַט וואָס בײַצושטייערן אין אַ סביבה אָדער אין אַ מסבה. דאָך האָט ר' נחמיה מער געשוויגן ווי גערעדט, געהאַלטן מסתמא, אַז תורה דאַרף נישט דינען ווי אַ תירוץ זיך אַליין אַרויסצושטעלן אויף פאָדערשטע פלעצער. ער האָט ליב געהאַט צו זיצן מיט ייִדן־למדנים בײַ אַ תורה־שמועס, שבת אָדער יום־טוב, און פון מאָל צו מאָל אַרײַנוואַרפן אויך זײַן תורה־וואָרט, אָבער אַלץ שטיל און באַשיידן. אַזוי איז ער אויך געווען אין זײַן פּריוואַט לעבן.

צווישן אונדז ביידן איז ער געווען אַ קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש, ווײַל ער האָט געוווּסט אָפּצושאַצן אַ מענטשן וועלכער דינט בלב ונפש די ענינים פון ציבור. און איך האַלט פאַר אַ באַזונדערן זכות — דווקא ווײַל דאָס איז

געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך נישט געשטופּט אין קהל — אַז דער דאָ־זיקער תורה־ייִד האָט באַוויליקט מיך צו באַגלייטן אין 46סטן יאָר, בעת מײַן ערשטער פּרעזידענטשאַפֿט אין דער קהילה. איך האָב פּאַר אים געהאַט די פולסטע דרך־ארצדיקע באַציִונג, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּאַרוואַלטונג־מיטגלידער און די קהילה בכלל. אַנדערש האָט עס גאָר נישט געקענט זײַן, ווײַל ווער האָט עס געקענט אַרויסברענגען קעגן דעם ייִדן די מינימאַלסטע קריטיק, בעת ער האָט אין זײַן לעבן קיינעם נישט פּוגע בכבוד געווען?

ר׳ נחמיה איז צו אונדז געקומען פון דער וואַרשעווער פּאַרשטאָט, פּראַגע, אין יאָר 1930. באַלד איז ער באַוווסט געוואָרן, נישט לויט זײַן פֿאַמיליע־נאָמען, נאָר ווי נחמיה דער אָפּצאָסן־מאַכער. אין בראשית פון אונדזער ישוב איז זײַן פֿאַך געווען זייער חשוב, ווײַל דעם פּראָדוקט האָט מען אין יענער צײַט נאָך געדאַרפֿט אימפּאָרטירן פון אויסלאַנד. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער פּיאָנער פון אַ נײַער בראַנזשע אין לאַנד. קיין גביר איז ער נישט געוואָרן. שפּעטער האָט ער זיך געוואָרפֿן אויפֿן פֿעלד פון אַנדערע פּרנסה־צווײַגן.

*

באַגלײַך מיט דאגת פּרנסה, האָט ער זיך געזאָרגט וועגן חינוך הבנים. די רעכטע געלעגנהייט איז געקומען אין 1946, טאַקע ווען איך בין געשטאַנען בראש פון דער קהילה. עס האָט זיך דאָ באַוויזן אַ יונגער און זייער באַגאַבטער רב פון ברוקלין, וועלכער האָט דאָ שטאַרק נושא־חן געווען. דער פּועל־יוצא פון זײַן באַזוך איז געווען, אַז צען באַגײַסטערטע ייִדישע משפּחות האָבן אים מיטגעשיקט זייערע קינדער, און צווישן זיי איז פֿאַרשטענדלעך אויך געווען ישראל זילבערמאַן, ר׳ נחמיהס זון. הײַנט פֿאַרנעמט ער אַן אָנגעזען אָרט אין דער נײַער שול אין על־טשיקאָ, ווײַל ייִדישע בילדונג איז אַן אוצר וואָס מען שאַפֿט זיך אײַן נישט נאָר פֿאַר אייגענעם באַנוץ, נאָר דאָס ווערט אַ חלק פון נאַציאָנאַלן ציבורדיקן פֿאַרמעג. בפֿרט ווען דאָס איז ישיבה־אויסבילדונג, וואָס קיין שום אוניווערסיטעט האָט נאָך אויפֿן ייִדישקייט־געביט נישט געקענט פֿאַרטרעטן.

אין יאָר 1965 איז ר׳ נחמיה געפֿאָרן ס׳ערשטע מאָל אין ישראל אויף אַ באַזוך. ער איז געוואָרן אַזוי באַגײַסטערט פון אונדזער ייִדישער מדינה,

אַז בקרוב נאָך דעם איז ער עולה געווען. לײדער, טויזנט מאָל לײדער, איז אים נישט באַשערט געווען לאַנג צו געניסן פון ישוב הארץ: מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָט ער אָפּגעגעבן זײַן אידעלע, צאַרטע נשמה דעם רבש״ע, פון וועמען ער האָט זי געהאַט באַקומען ווען ער איז אויף גאָטס וועלט געקומען מיט אַ 70 יאָר פריִער. פון זײַן משפחה אין באַגאָטאַ לעבן אים איבער, אַחוץ דעם זון, זײַנע צוויי שוואָגערס: דער ווילער און שטילער תושב ר׳ לייזער מוכאווסקי, ר׳ ישראל פלינק, און נאָך קרובים.

# קאַפּעלע

מענטשן לעבן בטבע געזעלשאַפטלעך; מען איז אָרגאַניזירט אין גרופּעס, געזעלשאַפטן, קהילות. דאָך איז די גרינסטע זאַך, אַז אַ מענטש זאָל בלײַבן נישט דערקענט פאַר זײַנע מיטמענטשן, מיט וועלכע ער לעבט צוזאַמען און אַפילו נאָענט אַלע זײַנע טעג. אָפט מאָל דערזעט מען נאָר דאָס דרויסנדיקע, די אײבערפלאַך, און דער תוך בלײַבט פאַרהוילן. די רײַכסטע פערזענלעכקייט, אויב זי פאַרמאָגט נישט דעם דרויסנדיקן גלאַנץ, קען אַזוי אַרום פאַרלוירן גיין פאַר דער וועלט, אַפילו ווען דאָס איז אַזאַ כאַראַקטער מיט וועלכן אַ ראָמאַנען־שרײַבער וואָלט זיך געלאָבט. אַזאַ פאַרהוילענע פערזענלעכקייט האָט בײַ אונדז פאַרמאָגט דער שוין פאַרשטאָרבענער פרײַנד קאָפּל שאַנטאַל ע״ה, וועמען אַלע געדענקען ווי קאַפּעלע.

אַ קליינוווקסיקער און אַ מאָגערער, אַ שטילער און פאַרטראַכטער, איז קאַפּעלע געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ גרויסן גײַסטיקן באַגאַזש און מיט קנאַפּע גשמיותדיקע אַמביציעס. ער האָט געעפנט אַ באַשיידענע קראָם פון וועלכער ער האָט גענומען זײַן פרנסה. זײַן פרײַע צײַט האָט ער אָפּגעגעבן דער קולטור: לייענען ביכער, הנאה האָבן פון אַ ליטעראַרישן שמועס אָדער געניסן אין שול פון אַ וואָרט אין לערנען, ווײַל ער האָט געקענט לערנען, און תורה איז אים אַלע מאָל געווען נאָענט צום האַרצן. אויף די ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס מיר פלעגן אַ מאָל אָפּהאַלטן בײַ אונדזער גרויסן דערציילער שלמה ברײַנסקי אין דער היים, איז קאַפּעלע געווען איינער פון די שטענדיקע געסט. ווו ער האָט נאָר דערשמעקט דעם ריח פון גײַסטיקייט האָט ער זיך געפילט ווי אין דער היים, און אַלע מאָל מיט ענוות, מיט מעסיקייט און באַשיידנקייט. סײַ בנוגע ליטעראַטור, סײַ אין די ציבורדיקע ענינים, פאַר וועלכע ער האָט געהאַט אַ טיפע באַציִונג, הגם ער האָט זיך

אַקטיוו נישט באַטייליקט, האָט ער זײַנע מיינונגען אַלע מאָל אַרויסגעזאָגט מיט אײַנזעעניש, נישט וועלנדיק זײַן דער פּוסק־אַחרון, אין גאַנצן קאַפּויער זוי יענער באַוווּסטער מין געשווירענע קריטיקערס, וואָס זייער באַליבטע פֿאַרוויַלונג איז „פּרעסן דעם מיטמענטש״. אַ גאַנץ לעבן געווען אַ מסתפּק במועט און זיך נישט געלאָזט אָנשטעקן פֿון דער ווילדער גײַציקייט, פֿונעם צעיאָכמעטן יאָגן זיך נאָכן עגל־הזהב. פֿון אַלע זײַנע מעשים און כאַראַקטער־שטריכן האָט אַרויסגערעדט אײדלקייט, גײַסטיקער יחוס, מענטשלעכע קוואַליטעט, וואָס וואַרפֿט זיך נישט אין די אויגן און עס באַמערקט זי נאָר דער, וועלכער איז אויף דעם אַ מבֿין.

אַ פּאַסירונג וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן יאָרן נאָך קאָפּעלעס טויט, געננוי אין 1975, האָט מיר באַשטעטיקט מײַן אינטויִציע וועגן דעם וואָס איך רוף־אָן „גײַסטיקער יחוס״ פֿון אונדזער פֿאַרשטאָרבענעם פֿרײַנד. אין יענעם יאָר בין איך געווען אויף באַזוך אין מדינת ישראל, און געפֿינענדיק זיך אינעם תל־אָביבער דן־האָטעל האָט מען מיר פֿאָרגעשטעלט אַ מענטשן. נאָך אײדער מען האָט מיר געזאָגט דעם נאָמען זײַנעם האָב איך שוין געוווּסט, אַז דאָס איז קאָפּעלע׳ס אַנטאַלס אַ ברודער. די ענלעכקייט איז געווען אַזוי גרויס, ממש ווי צווי טראָפּן פֿאַסער, אַז ווען כ׳וויס נישט אויף זיכער, אַז אונדזער קאָפּעלע איז שוין אַ שכן־עפֿר, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס איז ער אַליין. שמועסנדיק האָב איך זיך דערוווּסט אַז קאָפּעלעס ברודער איז אין ישראל אַ זשורנאַליסט, אַ כּסדרדיקער אײנעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון אַ חשובֿער העברעיִשער צײַטונג אין ישראל. דאָס האָט מיר באַשטעטיקט, אַז נישט אומזיסט האָבן מיר אַלע געהאַט אַרײַנגערעכנט קאָפּעלען אינעם קרײַז פֿון די קולטורעל אײדעלערע מענטשן, אין אַ יחוס וואָס איז צו אים נאַטירלעך געקומען, ווי מיר האָבן אָקערשט געזען.

צו אונדזער אַלעמענס ווייטיק, האָט קאָפּעלע אונדז פֿאַרלאָזט אין גאָר פֿריִען עלטער. אַ גאַנץ לעבן איז ער געווען פֿון די מענטשן, וואָס שלײַכן זיך אַדורך איבער דער וועלט אויף די שפּיץ־פֿינגער, קיינעם חלילה נישט צו שטערן; אַ גוטער מענטש לויט זײַן תּוך און לויט זײַן אויפֿפֿירונג. זײַן פּטירה האָט אײַנגעוויקלט אין צער דעם גאַנצן ישובֿ. שטילערהייט, ווי ער האָט געלעבט, אַזוי האָבן מיר אים באַגלייט אויפֿן בית־עלמין און דאָרט מקבר געווען זײַן קליינעם גוף און זײַן גרויס האַרץ. שלום לעפֿרו!

# קורצע לעבנס־געשיכטע פון מישאַ אַדלער

אין די דרײַסיקער יאָרן איז דאָס געווען, ווען ד״ר מיגעל אַדלער און זײַן לעבנס־באַגלייטערין, די שיינע און געבילדעטע נעמי מילשטיין, האָבן זיך באַזעצט אין קאָלאָמביע. פאַר דעם האָבן זיי געוווינט אין לימאַ, פּערו, וווּ אַדלער האָט באַקומען דעם דאָקטער־טיטל אויף אַנטראָפּאָלאָגיע אינעם סאַן מאַרקאָס־אוניווערסיטעט. דאָס אָנקומען פון דעם אינטערעסאַנטן פּאָרל אין אונדזער סביבה האָט אַלעמען אויפגערודערט, בעיקר די בעסאַראַבער ייִדן, ווײַל בײדע נײַ־געקומענע זײַנען געווען קינדער פון אָנגעזעענע תּושבים פון נאָוואָסעליץ: הערש אַדלער און מאָרים מילשטיין.

אַגב: אין באָגאָטאַ האָט נאָך פריִער געוווינט מישאָס ייִנגערער ברודער, אַלפאָנסאָ אַדלער, וועמענס פרײַנד איך בין געווען פון סאַמע אָנהייב; דאָס האָט מיטגעווירקט אונדז צו דערנענטערן.

גלײַך פון דער התחלה האָט אַדלער אויף מיר געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ באַשיידענעם און פרײַנדלעכן אינטעלעקטואַל, דאָס הייסט, פון אַן עכטן אינטעלעקטואַל, ווײַל אמתע אינטעליגענץ גייט אַלע מאָל געפּאָרט מיט פּשטות, באַשיידנקייט און מענטשלעכקייט, און נאָר די מיטלמעסיקייט פון אַן אָנשטעל־אינטעלעקט קען טאָלערירן פאַרריסנקייט און פּאָזע. פון די ערשטע שמועסן אונדזערע איז מיר קלאָר געוואָרן אַז דאָס איז אַ מענטש מיט טיפער ייִדישער און אוניווערסאַלער בילדונג, אַ הומאַניסט אינעם בעסטן זינען פונעם וואָרט. אַ חוץ דעם האָב איך באַלד געקענט דערפילן די ריינקייט פון זײַן נשמה — אַ נשמה פון אַ רודף־שלום, וואָס האָט אויף קיינעם נישט געזוכט קיין חסרונות, און קיינעם קיין שלעכטס נישט געווונטשן. בקיצור — ווי ס׳האָט זיך שפּעטער טאַקע אַרויסגעוויזן — דער מענטש האָט נישט מצליח געווען אין זײַן לעבן, ווו ס׳איז זייער שווער עפּעס צו

דערגרייכן אַן כאַטש אַ שמץ אַגרעסיוויטעט, בפרט נאָך ווען מען האַנדלט בלויז מיט אַזעלכע אַבסטראַקטע סחורות ווי ווינסשאַפט אָדער גײַסטיקן טאַלאַנט.

*

אין 1936 האָבן מיר שוין געהאַט דורכגעפירט אַ פּרוּוו צו שאַפן ייִדישע שולן אין קאָלאָמביע, וואָס זײַנען שוין געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר אונדזער אויסוואַקסנדיקן ישוב. אונדזערע אָנשטרענגונגען האָבן אָבער נישט געבראַכט די פּירות, וואָס מיר האָבן דערוואַרט. מיטן אָנקומען פון די אַדלערס האָט זיך אַלץ געביטן. זיי זײַנען גרייט געווען אָנצופירן ווי לערערס מיט אַ ייִדישער שול. דאָס האָט אונדז געמוטיקט ווידער זיך צו נעמען צו דער אַרבעט. מיר האָבן מיט דעם ציל געשאַפן אַ קולטור־קאָמיטעט פון געציילטע מיטגלידער, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז ווינציקער מענטשן טוען אָפט מאָל אויף מערער ווי צאָלרײַכע קערפּערשאַפטן. פון יענע עסקנים געדענק איך נאָך די פאַרשטאָרבענע פרוי פרידע זעלצער און אויך ה׳ יהודה הײַנפּלינג און ס. זעלצער.

געאַרבעט האָט מען אַ סך. די רעזולטאַטן זײַנען געווען באַשיידענע. דער ישוב איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגער; אַ סך האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט אויף זיי קוקן קרום טאָמער וועלן זיי שיקן זייערע קינדער אין אַ ייִדישער שול; אַנדערע, האָבן זיך געשראָקן אַז איבער די ייִדישע לימודים וועלן די קינדער נישט באַווײַזן ווי געהעריק צו שטודירן אין דער מלוכה־שול. דאָך זײַנען מיר מיטן עקספּערימענט אָנגעגאַנגען, נישט געקוקט אויף אַלע מכשולים. די אַדלערס, מאַן און ווײַב, זײַנען געווען אויסגעצייכנטע לערערס און ממש אַ ברכה פאַר דעם ישוב. די עלטערן האָבן נאָר געדאַרפט פאַרמאָגן דעם גענוגנדיקן מוט זיך צו אַנטשליסן און שיקן די קינדער אין שול אַרײַן; ווײַטער זײַנען שוין די חברה געגאַנגען מיט פאַרגעניגן און מיר האָבן אַלע הנאה געהאַט. אײַן מניעה האָבן מיר נאָר געהאַט, און געשטעקט האָט זי אין דער בוכהאַלטעריע: די הכנסות פון דער שול זײַנען געווען קלענערע ווי די הוצאות. איבער אונדזערע קעפּ איז כסדר געהאַנגען די סכנה פון אַן עקאָנאָמישן באַנקראָט. און דער ישוב איז נאָך אין יענע צײַטן געווען זייער אַן אָרעמער.

וואָס האָבן מיר אַלץ נישט געטאָן גובר צו זײַן די דעפּיציטן? קולטור־אַקטן, קערמעשלעך, באַזאַרן, יום־טובים — אַלץ איז רעכט געווען, אַבי צו זאַמלען פֿאָנדן. באַלעבאָסטעס האָבן בײַגעטראָגן געשמאַקע ייִדישע מאכלים פֿאַרן בופֿעט, און דאָס האָט נאָך מער צוגעצויגן דעם עולם צו די געזעל־שאַפֿטלעכע אונטערנעמונגען, מיט וועלכע מיר האָבן געפּרוּווט אונטער־שפּאַרן די נעבעכדיקע שול־בודזשעטן.

כ׳דערמאָן זיך מיט אַ געוויסער בענקשאַפֿט יענע אויספֿלוגן, וואָס די שול פֿלעגט אָרגאַניזירן אין די פּרעכטיקע מקומות וואָס אַרום באָגאָטאַ. ווען איך פֿלעג זיך באַטייליקן אויף אַזעלכע שפּאַצירן, פֿלעגט אַדלער מיך אַלע מאָל בעטן איך זאָל רעדן צו די קינדער. און כאָטש איך פֿאַרשטיי אין הלכות פּעדאַגאָגיע נאָך ווינציקער ווי אַ האָן אין בני־אָדם, דאָך פֿלעג איך זיך נישט איבערשרעקן, און ווי נישט איז זיך אָן עצה געבן אַרײַנצוטריפֿן אין די יונגע נשמות דאָס, וואָס איז בײַ מיר אַ טייל פֿון מײַן וועזן און פֿאַר־בינדונג מיט דער דורות־לאַנגער טראַדיציע פֿון ייִדישן פֿאָלק.

*

אונדזער שול איז ווי אַ שול געגאַנגען כסדר באַרג־אַרויף: אונדזערע שילערס און לערערס זײַנען געוואָרן וואָס ווײַטער אַלץ מער ייִדיש באַ־וווּסטזיניק און געשטימט לטובות די אַלע נאַציאָנאַלע ווערטן וואָס מיר האָבן געוואָלט סטימולירן. אָבער ווי אַן עקאָנאָמישער יש איז די שול געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. די שוועריקייטן אויפֿן געלט־געביט זײַנען געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער און גרעסער, ביז מיר זײַנען שוין נישט געווען בכוח זיי בײַצוקו־מען. נאָך עטלעכע יאָר פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף האָט די שול געמוזט, לײַדער, צושליסן אירע טירן; ס׳איז פֿינצטער געוואָרן אינעם שול־בנין און אין ישוב.

דאָס איז פֿאַר אַלעמען געווען אַ שווערער קלאַפּ, אָבער מער ווי פֿאַר אַלעמען — פֿאַר מישאַ אַדלערן, ווײַל דערמיט האָט זיך פֿאַר אים ווידער אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פֿון גײַסטיקן און פֿיזישן נע־ונד וואָס איז, ווײַזט אויס, די כאַראַקטעריסטיק פֿון זײַן לעבן. מישאַ איז געווען פֿון דער נאַטור און פֿון באַרוף אַ פּעדאַגאָג; ער האָט זײַן אַרבעט טיף ליב געהאַט און איז געווען גליקלעך אין זײַן טאָג־טעגלעכער פֿאַרבינדונג מיט קינדער. מעגלעך אַז ווען ער וואָלט אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּאַסיקער סביבה צו אַנטוויקלען אין זייער

פולער מאָס די דאָזיקע נייגונגען, וואָלט זײַן לעבן נישט געמוזט דורכמאַכן אַזוי פיל גילגולים, פון איין אַרבעט צו דער צווייטער, פון איין אָרט צום אַנדערן, וואָס ער האָט איבער דעם געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ דילעטאַנט, כאָטש ער איז געווען אַן ערנסטער, ספּעציאַליזירטער פּראָפעסיאָנאַל. אַזוי איז שוין געווען זײַן גורל.

ער האָט אויסגעפּרוווט זײַן מזל אין מסחר, אָבער ער איז געווען צו פיל אַרײַנגעטאָן אין וויסנשאַפט און אין ליטעראַטור, אַז ער זאָל קענען עפּעס אויפטאָן בײַם האַנדל. האָט ער זיך גענומען צו עפּעס וואָס איז שוין יאָ געווען נאָענט צו זײַן באַרוף און האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל, „נועוואָ מונדאָ“, מיט אַ לאַטײַן־אַמעריקאַנער פּאַרנעם, ווײַל אַלץ וואָס ער האָט אונטערגענומען האָט געטראָגן אַ שטעמפּל פון גרויסקייט. אינעם זשורנאַל האָט ער פאָרגעשטעלט פיגורן, סיטואַציעס און פּראָבלעמען פון דעם נײַעם קאָנטינענט, מיטן ציל צו פאַרברייטערן די קולטור־האָריזאָנטן פון אונדזער סביבה. אָבער זײַן אָנשטרענגונג האָט נישט געקענט דערגיין ווײַטער ווי די ערשטע עטלעכע נומערן.

*

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין 1944, איז אויף אַדלערס איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן אין באָגאָטאַ דער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט, וועלכער האָט באַלד גענומען אַנטוויקלען אַן אינטענסיווע טעטיקייט. אַדלער איז געווען העכסט צופרידן פונעם אָפּקלאַנג וואָס דער אַנטי־נאַצישער קאַמף האָט דערגרייכט אין ייִדישע ווי אויך אין נישט־ייִדישע קרײַזן פון קאָלאָמביע. ער האָט אָבער נישט געקענט פאַרמײַדן אַז געוויסע עלעמענטן זאָלן קרום אויסטײַטשן זײַן שטעלונג. פּאָליטיש איז ער געווען אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, אָבער מען האָט אים צוגעשריבן — ווי ס'טרעפט אָפט מאָל מחמת אימוויסן אָדער איבער אַנדערע סיבות — דעם שרעקנאָמען „קאָמוניסט“, און מיט דעם האָבן זיך אָנגעהויבן נײַע שווערוקייטן אין זײַן מכשולים־פול לעבן. אַרויפגעאַרבעטע ייִדן האָבן אויף אים אָנגעהויבן קוקן קרום. די פרײַנד און לאַנדסלײַט וואָס האָבן אים אַזוי אַרומגערינגלט אין זײַנע ערשטע יאָרן אין באָגאָטאַ האָבן זיך איצט פון אים אָפּגעקערט. אויך זײַן ווײַב, די קולטורעלע און גײַסטיק פאַרגעשריטענע נעמי מילשטיין, האָט מען אויפגעוואָרפן, הלמאי זי האָט זיך אין לימאַ, וווּ זיי האָבן פריִער געוווינט, גע־

האַלטן נאָענט צו איינעם פון די גדולים פון לאַטײַן־אַמעריקאַנער סאָציאַ־ליזם, דעם גרויסן אינטעלעקטואַל כאָסע קאַרלאָס מאַריאַטעגי.

ס'איז דערגאַנגען צו דעם, אַז דער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיטן קלאָרן ציל צו שיצן יידן קעגן היטלעריזם, איז גאָר מיט חוזק אָנגערופן געוואָרן „קאָמיטעט לטובת דער רויטער אַר־מיי". דאָן איז פון אַלע זײַנע פרײַנד נאָר געבליבן אַ קליין הייפל יידן און קאָלאָמביאַנער, קולטור־מענטשן וועלכע האַלטן נאָך ביז הײַנט צו טאָג פונעם טרוימער מישאַ אַדלער און פון זײַן אייביק זוכעניש, פון זײַן בענק־שאַפט נאָך אַ מין טעטיקייט וואָס איז פאַר אים נישט בנמצא געווען אין קיין שום לאַטײַן־אַמעריקאַנער לאַנד, און וואָס וועט נישט מעגלעך זײַן כל־זמן מען וועט נישט דערגיין צום נייטיקן גראַד פון אינטעלעקטועלער רײַפקייט און דערוואַקסנקייט.

*

ווען מען האָט אויפגעלייזט דעם יידיש אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, איז אַדלער אויף ס'נײַ געבליבן אויף גאָטס באַראָט. זײַן שוועה, באָריס מיל־שטיין, האָט אים געגעבן אַ פרישע געלעגנהייט: ער האָט אים געמאַכט פאַרן אויפזעער פון אַ געהילץ־מאַגאַזין אין דער שטאָט מאַניסאַלעס. דאָס איז געווען אַ גלענצנדיק געשעפט פאַר יעדערן, אָבער נישט פאַר אַדלערן. אים איז גאָר נישט געלעגן אין זינען צו מאַכן געשעפטן; דעם גאַנצן מוח האָט ער אַרײַנגעטאָן אין טראַכטן און אין לייענען. טאָג און נאַכט איז ער נאָר געווען פאַרטיפט אין רעיונות, אין זיך אַליין. ביסלעכווײַז האָבן זיך אין זײַן סקלאַד גענומען אָנזאַמלען מער ביכער ווי האָלץ. ווען איך פלעג קומען צו פאָרן פלעג איך אים טרעפן איבער עפּעס אַ חיבור. און ווען ס'איז אַרײַן אַ קונה, האָט ער — אָנשטאָט אַ העפלעכן שמייכל, מעשה סוחר — יענעם אונטערגעטראָגן אַ זויערע מינע, באַשר ער האָט אים איבערגעשלאָגן זײַנע מחשבות, וואָס זײַנען נוגע דעם מין מענטש און נישט עפּעס אַ פּאָר ברע־טער און לײַסטלעך.

הכלל: דער מענטש האָט זיך נישט לאַנג אויפגעהאַלטן צווישן דעם גוטן, שמעקעדיקן געהילץ. אויב האָלץ, האָט ער נאָר געוואָלט קענען די דינע האָלץ־געוועבן פון וועלכע ס'באַשטייען די זײַטן פון די ביכער. אַזוי אָרום אַז אין אַ שיינעם טאָג האָט ער, מיט ווײַב און קינדער, אַ נעם געטאָן

דאָס פּעקל און איז אַוועק פון קאָלאָמביע זיך צו באַזעצן אין טשילע. אין יענעם שמאָלן און אויסגעצויגענעם לאַנד האָבן די אַדלערס אויף אַ גע־וויסער צײַט געפונען אַ צוגעפּאַסטע סביבה פאַר זייערע אומרוען. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן דעם ייִדישן חינוך, געקומען אין קאָנטאַקט מיט ברייטע ייִדישע און נישט־ייִדישע קולטור־קרײַזן. אויפגענומען געוואָרן ווי געסט בײַם פּאָעט פּאַבלאָ נערודאַ. אַדלער האָט געשטראַלט: סוף־כּל־סוף איז אים געראָטן צו לעבן סײַ מיט דער ייִדישער, סיי מיט דער לאַטײַן־אַמעריקאַנער קולטור, אויף דער הויכער מדרגה וואָס איז געווען אייגן פאַר זײַן פּערזענ־לעכקייט. זײַנע בריוו פלעגן אָנקומען אין באָגאָטאַ פול מיט צופרידנקייט. און מיר אַלע האָבן זיך מיטגעפריידט, ווײַל בײַ אַלע זײַנע פרײַנד אין קאָ־לאָמביע איז מישאַ אַדלערס ווערט פולשטענדיק אָפּגעשאַצט געוואָרן.

ס'איז אָבער זייער שווער, אויב נישט אין גאַנצן אוממעגלעך, אָפּצור־טיילן דעם גורל פון אַ מענטשן פון געוויסע נטיות, וועלכע זײַנען בײַ אים שוין ווי אַ צווייטע נאַטור. אַזוי איז אויך געווען מיט די אַדלערס אין טשי־לע. ווען מען האָט געמיינט, אַז זיי האָבן דאָרטן ענדלעך זיך אײַנגעוואָרצלט און אַז זייערע קינדער וועלן דאָרט קענען שטײַגן אין זייער לעבנסוועג, האָבן זיך ווידער געיאָוועט שוועריקייטן און זיי האָבן אויף ס'נײַ אויסגעע־וואַנדערט; דאָס מאָל אינעם שיינעם קאַראַקאַס. די דאָרטיקע ייִדישע סביבה איז אָבער ד״ר אַדלערן נישט געפעלן געוואָרן, אפשר איבער דעם ראַשיקן עקאָנאָמישן אויפשטײַג — וועלכער ברענגט אַלע מאָל מיט זיך ענדע־רונגען אינעם לעבנס־שטייגער — צי מחמת אַנדערע סיבות. אַ פאַקט איז, אַז ער האָט לסוף זיך דערווײַטערט פון דעם קאַראַקאַסער ייִדישן ישוב.

מישאַ אַדלערס דראַמע איז רירנדיק אין איר יחידישן אַספּעקט; זי ווערט אָבער באמת אינטערעסאַנט ווען מען גיט אַ טראַכט אויף וויפל זי איז טיפּיש פאַרן לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדישן אינטעלעקטואַל, וועלכער האָט דערוואָרבן שפּאַנישע קולטור און אַן אוניווערסיטעט־טיטל און האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער די ברייטע וועגן פון הומאַניזם און מאָדערנער ציוויליזאַציע, דערווײַטערנדיק זיך ביסלעכווײַז פון דער טראַדיציאָנעלער קולטור און פון דער ייִדישער וועלט, ביז ער בלײַבט אויף אַ פּאָזיציע וואָס איז נישט דאָ און נישט דאָרטן. צי איז אין דעם באַשטאַנען מישאָס דראַמע? סאָציאָלאָגן דאַרפן זוכן דעם ענטפער.

# בערעלע גנב

„יעדעס שטעטל האָט זײַן משוגענעם", זאָגט אַ ייִדיש שפּריכוואָרט, און וועלכעס שטעטל האָט נישט געהאַט אַזאַ איינעם, וואָס איז נישט געווען בײַ די פולע געדאַנקען, אָדער וועלכן מען האָט געמאַכט פאַר משוגע? ווײַל אַז אַ שטעטל האָט צוגעקלעפּט איינעם אַ צונאָמען, איז ער שוין איבערגע־גאַנגען פון דור צו דור, צו קינדער און קינדס־קינדער, און שרײַ חי וקיים! בײַ אונדז איז געווען איינער וואָס מען האָט אים גערופן אין שטעטל משה האַצמאַך, פאַר וואָס האָט מען אים באַקרוינט מיט אַזאַ טיטל האָט קיינער נישט געוווּסט, אָבער קיין אַנדער נאָמען האָט ער נישט געהאַט אין שטאָט. ווען איינער זאָל פרעגן אויף חיה פינקעלשטיין, וואָלט קיינער נישט גע־ווּסט וועמען מען מיינט; נאָר אַז מען האָט געזאָגט חיה האַצמאַכס, האָט יעדער איינער געוווּסט, אַז דאָס מיינט מען משה האַצמאַכס פרוי. דאָס זעל־בע אויך מיט זײַן זון מיט וועלכן איך האָב געלערנט אין חדר: הערשעלע האַצמאַכס, האָבן מיר אים גערופן. דווקא געווען זייער אַ געראָטן ייִנגל, און איך האָב זיך מיט אים געחברט.

„בערעלע גנב" איז נישט געווען קיין צונאָמען; נאָר טאַקע אַן אמתער נאָמען פון פאַך מיט וועלכן דער בעל־דבר האָט זיך באַשעפטיקט, ווי אַ שטייגער דער דאָקטער לעוויצקי, אַהרן־יוסף דער שניט־קרעמער, חיים־יאַנקל דער שנײַדער. פאַר וואָס בערעלע? אָט דאָס איז שוין אַ פּסיכאָלאָ־גישע רעטעניש. פאַר וואָס האָט מען עפּעס פאַרצויגן און פאַרצערטלט דעם נאָמען? פאַר וואָס נישט בערל גנב? פשוטו כמשמעו, ווי דער אמת איז? איז ניין, דווקא בערעלע, צערטלעך, גוטמוטיק, שיעור נישט מיט ליבשאַפט. ס'הייסט מען האָט זײַן פאַך נישט גענומען ערנסט, ער האָט נישט אָנגע־וואָרפן קיין פחד, נאָר מעשה זשוליק, וואָס אויס שטיפערײַ האָט ער ליב אַרײַנצושטעקן אַ יד אין אַ פרעמדער קעשענע.

און אפשר דערפאַר ווײַל בערעלע גנב איז געווען אַ „ייִדישער“ גנב, ער האָט געהאַט אַ ייִדיש האַרץ, און פלעגט בײַ ייִדן נישט גנבענען. אַ ייִדיש האַרץ איז נישט אָפּצושאַצן! זײַן ספּעציאַליטעט איז געווען צו לקחענען בײַ פּויערים אויפן מאַרק און איבערהויפּט אויף די ירידים. אויפן מאַרק איז אַ גרויסע שטופּעניש פון מענטשן, פּויערים האָבן פאַרקויפט זייער סחורה, גענומען אַ פּאָר כוסות אין שענק, גייט מען זיך בגילופין און צעכראַסטעט צום פערד־און־וועגעלע פאָרן אַהיים. דאָס איז געווען די ריכטיקע מינוט פאַר בערעלען אַרײַנצושטעקן זײַנע דינע לאַנגע פינגער אין בוזעם און אַרויסשליפן די פּאַטשיילע מיטן קניפּל, און נישט ווערן, ווי אין וואַסער...

בערעלע האָט געהאַט לאַנגע דינע פינגער פון אַ ווירטואָז, פון אַ קינסט־לער, ווי מען זעט עס נאָר בײַ די וואָס לאָזן זייערע פינגער שעהען־לאַנג טאַנצן איבער קלאַווישן אָדער פירן מיטן סמיק איבער סטרונע־אינסטרו־מענטן. געווען איז ער דאַר און לאַנג ווי אַ זאַנג אין פעלד, מיט אַ רעקל האַלב־גוי האַלב־ייִד, און אַ היטל מיט אַ לאַנגן דאַשעק, וואָס האָט אים פאַרשטעלט די קליינע אײַנגעפאַלענע מויזן־אויגן. דער ריכטיקער גאַרדע־ראָב פאַר אַ פּאַכמאַן פון דער בראַנזשע.

*

אויף די זשעליכאָווער יאַרידן, וועלכע פלעגן פאַרקומען יעדן דינסטיק האָט ער קיין מאָל נישט געפעלט. האָט זיך געשטופּט צווישן עולם, גע־קײַעט אַ שטרויעלע מעשה סוחר, און געגנישטערט מיט די אייגעלעך אויף אויסצוקלײַבן אַ קרבן. דאָס איז נישט אַזאַ פּשוטער ענין. מען דאַרף פאַר־מאָגן אַ חוש און אַ סמעקאַלקע אויף אַזעלכע זאַכן. נישט יעדן פּויער קאָן מען באַגנבענען, און בערעלע פלעגט אַרײַנקוקן אין די פּנימער, לאַנג נאָכ־שפּירן און נאָכטראַכטן ביז ער פלעגט אויסקלײַבן אַן אָביעקט פאַר דער הײַנטיקער אָפּעראַציע. אָפּגעקליבן אַ טיפּ איז ער אים שעהען־לאַנג נאָכ־געגאַנגען, געזען ווו ער האָט דאָס געלט באַהאַלטן, און איז ער אַרײַן אין אַ שענק איז בערעלע געווען שוין כמעט ווי זיכער, אַז הײַנט האָט ער פאַר־דינט דעם טאָג אָדער די וואָך פּרנסה.

גייט אַרויס דער פּויער פון שענק אַליין איז אַ האַלבע צרה, טרעפט ער אָבער אַ גוטנברודער און זיי גייען אַרויס אין צווייען, איז ביטער. ס'איז

לײַכט צו זאָגן זײַן אַ קעשענע־גנב, שווער איז אַרײַנצוקריכן אין אַ פֿרעמ־דער קעשענע, און פֿון דאָרט נאָך עפּעס אַרויסצוציִען. עס איז אַ שווערער פֿאַך, און איך בעט אײַך ווי גאָט איז אײַך ליב, זיך אויסצוקלײַבן עפּעס אַ לײַכטערע פּרנסה. איר זאָלט מיר נישט חושד זײַן חלילה, אַז איך זאָל עס אײַך זאָגן אויף דער באַזע פֿון מײַן אייגענער דערפֿאַרונג. בערעלע גנב איז מיר געקומען אויפֿן זינען ווען איך האָב אָנגעהויבן אויפֿוויקלען דעם קנויל זשע־ליכאָווער זכרונות פֿון מײַנע קינדער־יאָרן. דערמאָן איך זיך ווען איך האָב גייענדיק פֿון חדר אַרויף אויפֿן מאַרק, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן זיך אויסליידיקן. די זון האָט שוין געהאַלטן בײַם פֿאַרגיין און די פּויערים זײַ־נען אַרומגעגאַנגען איבער די קליטן און שענקען, אויסגעבן די אײַנגע־לייזטע פּאָר גראָשן. פּלוצעם דערהער איך עפּעס געוואַלדן און זע ווי בע־רעלע לויפֿט מיט אַ פֿאַרבלוטיקטן פּנים, און נאָך אים, יאָגן זיך מיט אַ געשריי אַ פּאָר פּויערים... זיי האָבן אים נישט געכאַפּט, ער איז נישט גע־וואָרן, פֿון די אויגן פֿאַרשוווּנדן, ממש ווי אין דער ערד אַרײַן. די פּויערים זײַנען געבליבן שטיין און אויסגעלאָזן זייער צאָרן אין אַ בינטל קללות אויפֿן „זשידאָווסקי זלאָדזששע". בײַך, דאַכט זיך אַז ס'איז נישט קיין זשיד, האָט באַמערקט איינער...

ווי עס שײַנט, האָט דער לעצטער „אַקט" זיך נישט אײַנגעגעבן בע־רעלען. ער איז דורכגעפֿאַלן בײַם אַרײַנשיקן זײַן הענטל אין דער פּויערי־שער קעשענע, ווײַל געהאַט האָב איך דעם אײַנדרוק אַז די פּויערים זײַנען אַוועק האַפּערדיק, נישט ווי קיין קרבנות נאָר ווי זיגער, וואָס האָבן דעם שלימזלדיקן גנב נאָך באַוויזן צו געבן אין דער מאָרדע, ער האָט זיך אָבער אַרויסגעדרייט פֿון זייערע הענט. אָבער נישט שטענדיק, ער איז שוין אויך נישט איין מאָל מאָנאַטן לאַנג געזעסן אין דער „קאָזע".

נאָך דער סצענע וואָס איך האָב געזען אויפֿן מאַרק, האָט מיר די פּער־זענלעכקייט פֿון בערעלען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, און ווען איך פֿלעג אין דינסטיקס נאָכן חדר אַרויסגיין אויפֿן יאַריד, פֿלעג איך אים זוכן מיט די אויגן. איך האָב אים נאָך עטלעכע מאָל געזען אין גאַס און אַפֿילו אין שול, ווו ער איז געשטאַנען בײַ דער טיר און ווי מיר האָט זיך געדאַכט, מיט כּוונה געדאַוונט. בערעלע איז געווען משה יחיאלס אַ זון, אַ ייִד פֿון דער זשעליכאָווער אָרעמקייט. זײַן ברודער, חיים־משה „כּילס" איז געווען אַ שוס־

טער, און דווקא איינער פון די וויניקע, וואָס האָט געאַרבעט מיט עטלעכע אַרבעטערס און לערנייִנגלעך און האָט דערגרייכט אַ געוויסע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. אַ גרויסער אונטערשייד איז געווען צווישן די צוויי ברידער. איינער איז אין דער ייִדישער סביבה געווען מחוץ למחנה, און דער צווייטער האָט שוין פאַרקערט מיט באַלעבאַטישע ייִדן.

*

ווי עס שײַנט, האָט בערעלע אויך אָנגעהויבן בײַ שוסטערײַ, און אין יענער צײַט האָט אַ שוסטער־ייִנגל געאַרבעט פון 6 אין דער פרי ביז 12 אַזייגער בײַ נאַכט, און ער האָט געדאַרפט דער עיקר אַרויסהעלפן דער באַלעבאָסטע, און דאָס אַלץ פאַר אַ הונגער־לוין און אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן. און אפשר האָט נאָך בערעלע אָנגעטראָפן אויף שלעכטע באַלעבאַטים, האָט ער רעוואָלטירט, איז אַנטלאָפן פון וואַרשטאַט, און געמוזט אַוועק פון דער אָרעמער היים, און נאָך דעם האָט אים גענומען אין לערע „די גאַס" און ער איז מיט אַ מזל געוואָרן אַ קעשענע גנב...

בערעלע גנב איז געווען כמעט ווי דער איינציקער „באַוווסטער" גנב אין שטאָט; עס הייסט, אַ גנב מיט אַ נאָמען. געווען אפשר נאָך עטלעכע, וועלכע האָבן געאַרבעט אַנאָנים. זייער זעלטן פלעגן פאָרקומען גנבות אין שטאָט, און אַוודאי נישט אַזעלכע איבערפאַלן און רויבערײַען ווי אין הײַנטיקע „פּראָגרעסיווע" צײַטן פון אויפקלערונג און פון אַלגעמיינער אָבליגאַטאָרישער בילדונג פאַר אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אין זשעליכאָוו האָט מען 12 אַזייגער בײַ נאַכט געקאָנט גאַנץ רויִק שפּאַצירן, און אין פיל הויפּטשטעט פון אונדזער קאָנטינענט קאָן מען שוין אין אָוונט דעם נאָז נישט אַרויסשטעקן. ס'איז אַ געפאַר אײַנצושטעלן דאָס לעבן...

אין זשעליכאָוו, ווי אין אַ סך ייִדישע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע, איז געווען אַ גרויסע אָרעמקייט, אָבער גאָר וויניק אונטערוועלט־מענטשן. זינט יענע צײַטן האָט די וועלט פּראָגרעסירט, אָבער דער מענטש איז נישט בעסער געוואָרן, און אויך נישט רויִקער דאָס לעבן...

# אַ פערטל־יאָרהונדערט „די יידישע צייטונג" אין מדינת ישראל

דאָס איז אַ גרויסער יום־טוב און אויך אַ נס. די השגחה האָט אויס־געוויילט דאָס יידישע פאָלק צו לעבן מיט נסים. דער ערשטער נס איז געווען וואָס דאָס קליינע יידישע פאָלק האָט דער גרויסער געצנדינערישער וועלט געגעבן אַ מאָנאָטעיִסטישן גלויבן אַ קולטור פון עטישע ווערטן און פון גייסט, און נישט פון קערפּער און פון כישוף. מיט נסים האָט דאָס פאָלק אין פאַרלויף פון צוויי טויזנט יאָר אויפגעהאַלטן זיין פּאָליטישע זעלבּ־שטענדיקייט אינעם בלוטיקן געראַנגל צווישן די גרויסע אימפּעריאַליסטי־שע מלוכות, און האָט אין די גרענעצן פון אייגענעם לאַנד געשאַפן דעם ספר הספרים און האָט אַרויסגעגעבן פון זיך נביאים, אין די אידעאַלן פון וועלכע ס׳איז פאַרקערפּערט די האָפענונג און דער קיום פון דער מענטשהייט.

נאָך גרעסער איז דער נס פון יידישן קיום אין פאַרלויף פון די צוויי טויזנט גלות־יאָרן. דאָס פאָלק האָט אויפגעהאַלטן זיין נאַציאָנאַלע אידענ־טיטעט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען פון לעבן. אַ נס איז אויך די אַנטשטייונג פון דער מדינה און די ווידעראויפלעבונג פון דער היסטאָרי־שער שפּראַך פון פאָלק, און דער נס פון אַלע נסים איז דער שעפערישער גייסט פון פאָלק, דער איינגעבוירענער טאַלאַנט צו גייסטיקער טעטיקייט, וואָס האָט אויסגעצייכנט דעם יידן אויף אַלע געביטן פון לעבן און צווישן אַלע פעלקער, ווי אַ קאָנסטרוקטיווער פאַקטאָר וואָס האָט בייגעטראָגן פאַר אַלע קולטורן, און וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו שמידן די גאָלדענע קייט פון זיין אייגענער יידישער ציוויליזאַציע.

ווי דער לעגענדאַרער קעניג מידאַס, וואָס האָט מיט זיין באַריר פאַר־

וואַנדלט אַלץ אין גאָלד, אַזוי האָט דער ייִד מיט זײַן שעפערישן גײַסט פאַרוואַנדלט פרעמדע עלעמענטן אין געפעסן פון ייִדישער גײַסטיקייט. ייִדן האָבן אין גלות איבערגענומען די אַראַמעיִשע שפראַך, אָבער זיי האָבן אין דער שפראַך אַרײַנגעבלאָזן דעם רוח החיים פון ייִדישן גײַסט און געשאַפן דעם תלמוד, אויף וועלכן עס רוט די שכינה פון ייִדישער אייביקייט. ייִדן האָבן אין פעריאָד פון אַשכנז איבערגענומען אַ פרעמדע שפראַך, אָבער זיי האָבן די שפראַך פאַראײגנט, פאַרהיימישט, זי דורכגעלאָזן דורכן פילטער פון זייער גענעטישער נשמה, און זי פאַרוואַנדלט אין אַ ייִדישער שפראַך.

און ייִדיש איז געוואָרן אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער גײַסטיקייט. ייִדיש האָט אין זיך אַסימילירט אַלע גײַסטיקע ווערטן פון פאָלק, האָט אויך אויפגעהיט די העברעיִשע שפראַך און האָט אײַנגעהאַלטן דאָס פאָלק אין די ראַמען פון דער ייִדישער טראַדיציע, און ווי מיט אַ פאַנצער אים באַשיצט פון די אײַנפלוסן פון דער אַרומיקער אַסימילאַציע. אויף ייִדיש איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע קולטור און אַ רײַכע קינסטלערישע ליטעראַטור, און די שפראַך איז דערהויבן געוואָרן צו אַ מדרגה וואָס שטעלט זי אין איין ריי מיט די פאָרגעשריטנסטע שפראַכן פון די אַממערסטן ציוויליזירטע פעלקער.

ייִדיש איז אַ לעבעדיקער אויסדרוק פון דעם אייביק־שעפערישן גײַסט פון ייִדישן פאָלק, פון דער אומאיבערגעריסענער קייט פון ייִדישער גײַסטיקייט. ס'איז נישט קיין מיסטישע, נאָר אַ ראַציאָנאַליסטישע דערקלערונג פון ייִדישן קיום, וואָס פאַרמינערט נישט דעם עצם פאַקט וואָס גיט צו דעם ייִדישן זשעני אַן אָרעאָל פון מיסטישקייט.

אין אונדזער גלות, וווּ עס לעבן נאָך אַריבער די צען מיליאָן ייִדן, כּן ירבו, מיליאָנען פון וועלכע ריידן און לייענען ייִדיש, איז אַ ייִדישע צײַטונג אַ לעבעדיקער פאַקטאָר פון פאַרבינדונג פון די צעזייטע און פאַרשפּרייטע ישובים פון דער ייִדישער וועלט צווישן זיך און פון זיי מיט מדינת ישראל, און פון דער מדינה מיט די תפוצות. דאָס איז די אײַזן־פעסטע און אומצעברעכבאַרע „פּאַפּירענע בריק", וואָס האָט פון תנ"ך אויף העברעיִש, דעם תלמוד אויף אַראַמעיִש, און מיט דער מאָדערנער ליטעראַטור און קולטור אויף ייִדיש, געזיכערט דעם נצח ישראל.

אַ האַלבער יובל פֿון אַ ייִדישער צײַטשריפֿט אין ישראל איז דעריבער אַ פֿריידיקע געשעעניש פֿון אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער באַטײַטונג, און נאָך מער: ווען „די ייִדישע צײַטונג", האָט אין פֿאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע צײַטשריפֿטן פֿון דער מדינה, געשלאָגן רעקאָרד מיט איר טיראַזש אין די תפוצות, און האָט דערגרייכט אין די ווײַטסטע ווינקעלעך פֿון דער ייִדישער וועלט, און זיי ענגער אײַנגעשלאָסן אין דעם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם פֿון פֿאָלק און זיי אינטימער פֿאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

אין דער מדינה פֿאַרשטאַרקט זיך די פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער וויכטיקער באַטײַטונג פֿון ייִדיש ווי אַ צווייטע נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון פֿאָלק, און יעדער איינער וואָס קעמפֿט פֿאַר ייִדיש און קולטיווירט אין איר ייִדישע ווערטן איז אַ חלוץ פֿון ייִדישקייט. אַזאַ איז געווען — טויזנט מאָל לײדער „געווען" — ר' ישראל חדש ז"ל, דער גרינדער פֿון דער צײַטשריפֿט, דער 5טער יאָרצײַט פֿון וועלכן פֿאַלט אויס צוזאַמען מיטן יובל פֿון דער אויסגאַבע. מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרמאָגן אַ סך אויסדויער, גלויבן און ליבשאַפֿט צו אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור — פֿון וועלכער ייִדיש איז אַ וויטאַלער באַשטאַנדטייל — אויף בײַצוקומען די אַלע שוועריקייטן, וועלכע דער גרינדער פֿון דער צײַטשריפֿט האָט אָנגעטראָפֿן אויף זײַן וועג. ישראל חדש ז"ל, האָט פֿאַרמאָגט די אַלע מעלות.

זײַנע יורשים, די האַרציקע גברת חדש, זײַנע געראָטענע זין, אַריה און חיים, און די גאַנצע משפּחה פֿון שרײַבערס און טוערס, בראש מיטן טאַלענטירטן אַברהם ירושלמי, דעם ערשטן רעדאַקטאָר און זײַן היינטיקער ממלא מקום, האָבן געוווּסט ווי אָפּצוהיטן די גײַסטיקע ירושה און דערהייבן די צײַטשריפֿט צו אַ הויכווערטיקער און פֿאַרדינסטפֿולער טריבונע אין דער ייִדישער וועלט. זיי אַלעמען אַ יישר־כּוח און דער „די ייִדישע צײַטונג" אַריכת ימים ושנים.

# דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס

קאָלאָמביע איז אַ קליינער ייִדישער ישוב אויפֿן לאַטײַן־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס האָט אין פֿאַרלויף פֿון דעם קאָרגן האַלבן יאָרהונדערט עקסיסטענץ נישט אויפֿגעהערט צו זאָרגן פֿאַרן ייִדישן לעבן, און האָט צו פֿאַרצייכענען אויף דעם געביט גאַנץ באַטײַטנדיקע דערגרייכונגען. מיר האָבן אויפֿגעבויט אַ ברייטע נעץ פֿון ייִדישע אינסטיטוציעס, און אונדזער גלענצנדיקער שול־וועזן נעמט אַרײַן כמעט ווי אַלע ייִדישע קינדער אין שול־עלטער. די ייִדישע קאָלאָמביע פֿילט זיך ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק, וואָס איז אין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט אידענטיפֿיצירט מיט מדינת ישראל.

דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס האָט אין דעם זין געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע. ער האָט די צעוואָרפֿענע ישובים איבער דעם ריזיקן קאָנטינענט פֿאַרבונדן אין איין משפּחה. איך געהער צו דעם פּיאָנערן־דור, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פֿון ייִדישן לעבן אין דעם לאַנד, ווו עס לעבן הײַנט פֿערצן טויזנט ייִדישע נפֿשות, דער גרעסטער טייל פֿון זיי אין די פֿיר שטעט: באָגאָטאַ, קאַלי, מעדעלין און באַראַנקיליאַ. איך געדענק, אַז אין די ערשטע דרײַ צענדליק יאָר האָבן מיר זיך געפֿילט פֿאַרוואָרלאָזט און אָפּגעריסן פֿון דער גרויסער ייִדישער וועלט, ווי אַ קליין ייִדיש אינדזעלע אין אַ גרויסער נישט־ייִדישער וועלט, וואָס איז נישט שטענדיק געווען פֿרײַנדלעך צו אונדז. אמת, דאָס זײַנען געווען קורצע און פֿאַרבײַגייענדיקע דערשײַנונגען, וועלכע מיר דערמאָנען הײַנט אין פֿריידן.

דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס האָט אונדז אַרויסגעפֿירט פֿון אונדזער איינזאַמקייט, האָט פֿאַרבונדן די ישובים צווישן זיך און אונדז קאָנצענטרירט און ענגער פֿאַרבונדן מיט מדינת ישראל. אין דעם וועלט־קאָנגרעס זעען מיר דעם סימבאָל פֿון וועלט־ייִדנטום, און פֿילן זײַן סאָלידאַרישע מיטהילף און זײַן זאָרג פֿאַרן ייִדישן המשך. אין דעם זין דאַרף באַזונדערס אָנערקענט ווערן די פֿאַרדינסטפֿולע טעטיקייט פֿון פֿרײַנד מאַרק טורקאָוו, וועלכער שטייט בראש פֿון דעם לאַטײַן־אַמעריקאַנער סעקרעטאַריאַט פֿון

וועלט־קאָנגרעס, און וואָס האָט מיט זײַן אומדערמידלעכן דינאַמיזם, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ יונגנמאַן פֿון זיבעציק יאָר — עד מאה ועשרים — אויפֿגע־בויט אַ מוסטערהאַפֿטע אָרגאַניזאַציע, אַ פֿאָטערלעכע אינסטיטוציע, וואָס האָט גענומען אונטער איר שוץ די צווייטע און צעשפּרייטע ייִדישע אינד־זעלעך פֿון דעם גרויסן לאַטײַן־אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אונדזער גרויסער נאַציאָנאַלער פֿירער, בער באָראָכאָוו, האָט געזאָגט, אַז „אויב ייִדן וועלן זוכה זײַן צו האָבן אַן אייגענע מדינה, און שטאַרקע תּפֿוצות אַרום איר, וועלן מיר זײַן איינע פֿון די שענסטע נאַציעס אויף דער וועלט". אָט דער „גאון פֿון פּאָלטאַווע", ווי מיר רופֿן באָראָכאָוון, האָט באַ־טראַכט די תּפֿוצות ווי אַ רעזערוואַר, וואָס דאַרף פֿערמאַנענט שפּײַזן די מדינה מיט עליה און סאָלידאַריטעט, ווי אַ „הינטערלאַנד" וואָס לעבט אין זכות פֿון זײַן צענטער. זיכער שטייט הײַנט אויפֿן ערשטן פּונקט די פֿראַגע פֿון עליה, און ישׂראל דאַרף האָבן נאָך אַ דרײַ מיליאָן ייִדן, — און וואָס גיכער — און ווײַל ס'איז אַזוי דרינגענדיק די פֿראַגע פֿון עליה, דאַרפֿן מיר מיט מער אײַפֿער זאָרגן פֿאַרן ייִדישן לעבן אין די תּפֿוצות.

און אָט די זאָרג פֿאַרן ייִדישן לעבן אין די תּפֿוצות, זיי זאָלן קאָנען געבן דאָס וואָס די מדינה פֿאַרלאַנגט פֿון אונדז, דאַרף דער עיקר אויף זיך נעמען דער וועלט־קאָנגרעס. ווי געזאָגט, געהער איך צו דעם פּיאָנערן־דור, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פֿון דעם ייִדישן לעבן אין קאָלאָמביע. דער יונגער דור אָבער טראָגט אַרויס זייער ווייניק ייִדישקייט פֿון די שולן, וועלכע מיר האָבן אויפֿגעשטעלט. אונדזערע שולן האָבן זייער רײַכע פּראָ־גראַמען, אָבער ייִדישקייט אויפֿן שפּיץ גאָפּל. מען לערנט אַ ביסל עבֿרית און ישׂראל קענטעניש, וועלכע ווערט אָבער זייער גיך פֿאַרגעסן. די אַביטו־ריענטן פֿון אונדזערע ייִדישע שולן ווערן גוט צוגעגרייט צו דער אוניווער־סיטעט, און זיי ווערן מיט מזל פּראָפֿעסיאָנאַלן; אָבער צום ייִדישן לעבן ווערן זיי גאָר ווייניק צוגעגרייט. זיי האָבן נישט קיין געמײנזאַמע שפּראַך מיטן עלטערן דור, אַ ביטול אָדער אַן אומפֿאַרשטענדעניש צו די קולטור־ווערטן, וועלכע זײַנען פֿאַר אונדז הייליק, און ווען זיי נעמען איבער די אָנפֿירונג פֿון די אינסטיטוציעס, וועלכע מיר האָבן געשאַפֿן, איז עס אָן דעם ענטוזיאַזם און ליבשאַפֿט, וועלכע האָט אינספּירירט זייערע טאַטעס און זיידעס. און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס דערפֿאַר, ווײַל עס איז פֿאַר־

טריבן געוואָרן פון אונדזערע ייִדישע שולן די ייִדישע שפּראַך, און צוזאַמען מיט איר טויזנט יאָר ייִדישע קולטור און קונסט, וועלכע וואָלטן געקאָנט אינספּירירן אַ געפיל פון שטאָלץ און דערוועקן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין אין די יונגע ייִדישע הערצער.

פון אונדזערע ייִדישע שולן גייט נישט אַרויס קיין איין נייער לייענער פון אַ ייִדישן בוך, פון אַ העברעיִשן אַוודאי נישט. ייִדישע ביכער ווערן שוין אַרויסגעגעבן אין פינף הונדערט עקזעמפּלאַרן, און עס איז שווער צו געפינען פינף הונדערט קאָנסומענטן. האָט דאָך די ייִדישע ליטעראַטור אַרויסגעגעבן אַזעלכע ריזן, אייניקע פון וועלכע האָבן דערגרייכט אַ וועלט־נאָמען, אָבער זיי זיינען פרעמד דער ייִדישער יוגנט, און דערפאַר דערווייטערן זיך אונדזערע קינדער פון אונדז, און די צאָל געמישטע חתונות נעמט אָן אין די תפוצות קאַטאַסטראָפאַלע פּראָפּאָרצן.

דאָס דאַרף ווערן די זאָרג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, די זאָרג פאַרן ייִדישן לעבן, פאַרן ייִדישן מאָרגן. ייִדן זיינען שטענדיק געווען אַ וועלט־פאָלק, אין די צייטן פון תנ״ך זיינען שוין געווען ייִדישע תפוצות אין אַלע לענדער פון דער אַלטער וועלט. אַזוי וועט זיין אין פעריאָד פון דער נייער אויפגעלעבטער מדינה. עליה איז היינט אויפן ערשטן פלאַן, אָבער מיר דאַרפן אויך זאָרגן, אַז די תפוצות זאָלן נישט אויפגעלייזט ווערן פון היינט אויף מאָרגן. דאָס הייסט, אַז די ייִדן וואָס וועלן בלייבן לעבן אין די תפוצות זאָלן נישט אויפהערן צו זיין קיין ייִדן. וועלן מיר פאַרלירן די תפוצות און דעם איינפלוס אויף דער יוגנט, וועט די מדינה פאַרלירן די לעבעדיקע קוואַלן, וועלכע קאָנען זי דורך אַלע דורות שפּייזן מיט עליה און מיט סאָלידאַרישער מיטהילף.

מיר לעבן אין אַ שטורמישער צייט, און קיינער ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן קאָן דאָ אָדער דאָרט ברענגען פאַר דעם אָדער יענעם ישוב. דאַרפן מיר ענגער זיך גרופּירן אַרום וועלט־קאָנגרעס, און דער וועלט־קאָנגרעס, פון זיין זייט, דאַרף נאָך מיט מער אייפער זאָרגן פאַר אַלע אַספּעקטן פון ייִדישן לעבן, און אין דער ערשטער ריי: פאַר אַ ריכטיקער און פולער ייִדי־שער דערציִונג. וואָס ייִדישער די תפוצות וועלן זיין, אַלץ גרעסער וועט זיין דער איינפלוס פון וועלט־קאָנגרעס, און גרעסער די נוצן פאַר דער מדינה.

# מעקסיקאַנער ייִדן אין באָגאָטאַ

מיט אַזעלכע דרײַסיק יאָר צוריק בערך, האָבן זיך באַוויזן בײַ אונדז אין באָגאָטאַ אַ נײַע צוגעקומענע אימיגראַנטן־פאַמיליע: קאַפּלאַן. דער ראש המשפחה ר׳ משה, זײַן פרוי און זייערע פינף קינדער, האָבן באַשלאָסן צו ענדערן זייער וווינאָרט נאָך יאָרן אָפּלעבן אין מעקסיקע. זיי האָבן אויס־געקליבן ווי אַ באַשעפטיקונג די פּראָדוקציע פון ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן; אַן אָפּצווײַג אין דער אינדוסטריע, וואָס איז נאָך ביז דעמאָלט דורך קיינעם נישט אַנטוויקלט געוואָרן אין קאָלאָמביע. דערפאַר איז די משפחה קאַפּלאַן פאַררעכנט ווי פּיאָנערן פון דער בראַנזשע, וואָס איז מיט דער צײַט זיך גאָר ברייט צעוואַקסן, מיט דער באַטייליקונג פון נישט־ייִדישע אונטערנעמונגען אין דער אויסגעברייטערטער אינדוסטריע. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן, ווי דער זיידע מענדעלע פלעגט זאָגן.

*

דאָס וואָס אינספּירירט דעם שרײַבער פון די שורות צו באַרירן די דאָזיקע טעמע, איז טאַקע ר׳ משה קאַפּלאַן אַליין. אַן אָפּשטאַמיקער פון אוקראַיִנע, אַ נידעריקער און איידעלער ייִד, מיט אַ קמץ־בערדל, און צוויי געדיכטע ברעמען אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעשײַנט אַ פּאָר ליבלעכע ייִדישע אויגן.

ווי נאָר די משפחה האָט זיך באַזעצט אין באָגאָטאַ, איז מען געוווירער געוואָרן, אַז ר׳ משה האָט געגרן אַ ייִדיש בוך, און פאַרמאָגט אויך אַן אָפענע האַנט. פאַרשטייט זיך, אַז זײַן היים איז געוואָרן אַ באַלדיקער אַדרעס פאַר אַ רב אָדער רבנים, וועלכע זײַנען געווען אָפטע געסט אין ישוב, יע־דערער מיט זײַנע יחוסדיקע קבלות פון „זײַן רבין״, פון „זײַן״ ישיבה, וועלכע זײַנען „קוואַלן פון תורה אין דער ייִדישער וועלט״. ר׳ משה איז

געווען אַ שטענדיקער אָפּנעמער פון ייִדישע ביכער; מגבית־שליחים זײַנען, פאַרשטייט זיך, אויך נישט געגאַנגען צו אים אומזיסט, און יעדער איינער, וואָס האָט זיך צו אים געווענדט וועגן אַ ייִדישן ענין, האָט געפונען דעם געהעריקן סטימול און פאַרשטענדעניש. דערפאַר איז ר׳ משה קאַפּלאַן גע־וואָרן גאָר שנעל בײַ אונדז אַ שם־דבר, און דער ישוב איז געווען העכסט צופרידן פונעם נײַעם אימיגראַנט מיט זײַן פאַמיליע.

ר׳ משה האָט נישט געקויפט קיין ביכער סתם כדי צו באַפּוצן זײַן ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אין די הונדערטער ביכער און ספרים. יעדעס בוך וואָס ער האָט געקויפט האָט ער טאַקע געלייענט, און ליב געהאַט וועגן ביכער צו ריידן; ער האָט ממש „געשלונגען" ביכער: אַפילו אין זײַן ערשט געשעפטל פון ראַדיאָס, וואָס ער האָט אין אָנהייב געעפנט, האָט ער הינטערן טאָמבאַנק נישט אַוועקגענומען די אויגן פון אַ בוך: ער האָט זײַנע קליינע אָבער וואַכע אויגן געהאַלטן אָפן איבער אַ ספר ביז אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט. „אַ ייִד דאַרף אַרײַנקוקן אין אַ ספר", פלעגט ער זאָגן, נישט פאַרלירן קיין צײַט. און בײַ אים איז אַ ייִדישער ראָמאַן, אָדער אַ בוך דערציילונגען, אויך געווען אַ „ספר". נישט איין מאָל פלעג איך אים טרעפן אַרײַנקוקנדיק אין אַ בוך, און אונטערברומענדיק אַ ניגון, ווי בײַ דער גמרא.

און ר׳משה, ווי מיר פלעגן אים מיט דרך־ארץ רופן, איז נישט נאָר געווען אַ יודע ספר און ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר ער איז אויך געווען אַ ליבהאַרציקער און אידעלער מענטש פון דער נאַטור. אויב אַ „ייִדיש האַרץ" מיינט אונדז צו דערמאָנען די באַזונדערע מעלות פון אַ פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע אויפגעשריבן אין זײַן קאָנסטיטוציע „זאָלסט ליבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין", איז ר׳ משה געווען אַ פּראָטאָטיפּ פון אַזאַ ייִדן.

דער גורל האָט מיך שפּעטער אַ ביסל באַשערט צו ווערן ר׳ משהס מחותן. ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ פרײַע מינוט, איז ער צו מיר אַרויפגע־קומען „כאַפּן אַ שמועס"; אַן אמתער נחת רוח איז געווען מיט אים צו פאַר־ברענגען. ליידער געשעט אָבער, אַז נישט שטענדיק גייט דאָס מענטשלעכע לעבן אין דער ריכטונג, וועלכער מיר האָבן זיך געווונטשן. דאָס האַרץ פון ר׳ משה קאַפּלאַן, וואָס האָט געדאַרפט על־פי יושר זײַן שטאַרק און געזונט,

כאָטש ביז די הונדערט און צוואַנציק, האָט אָנגעהויבן זיך אָפּשטעלן. פאַר וואָס? פאַר ווען? פאַר וועמענס זינד? ווער איז אין שטאַנד צו געבן אַ תשובה? אָבער אַזוי אי זעס געשען, צום גרויסן באַדויערן. ער האָט געליטן עטלעכע האַרץ־אַטאַקעס, און דאָך קוים איז ער צו זיך געקומען און געווען בכוח צו שטעלן זיך אויף די פיס, איז ער אָנגעגאַנגען מיט זײַן ווילטעטיקער אַר־בעט און מיט זײַנע ביכער, ווי זײַן שטייגער איז געווען און ווי ער איז זיך כסדר נוהג געווען אין לעבן.

*

אַז מען שמועסט פון אַ קראַנק האַרץ זאָל מען באַהיט און באַשירעמט ווערן! דער ליבער לייענער וועט זיך שוין געוויס אַנשטויסן וועגן טרויעריקן גורל פון ר׳ משה קאָפּלאָן. אָט דאָס צאַרטע, יידישע, וואַרעמע האַרץ, האָט אין אָנהייב זעכציקער אויפגעהערט צו קלאַפּן... אַ טיפער וויטיק האָט יעדן יידן פון ישוב דורכגענומען בײַם דערהערן די פײַנלעכע בשורה פון ר׳ משהס פּטירה: נישט נאָר אַ נײַער קבר האָט זיך געעפנט אויף אונדזער היגן בית־עולם, נאָר אויך אַ טיפער בלויז, אַ לײדיקייט האָט זיך דערפילט אין ישוב איבער דער שווערער אבידה: צום באַדויערן, זעט מען נישט אַרויס דער־ווײַל, אויף אונדזער קאָלאָמביאַנער האָריזאָנט, דעם אויפקום פון נײַע אַזעל־כע יידן. אַזוי איז דאָס לעבן, דור הולך ודור בא, איין דור גייט אַוועק, דער אַנדערער קומט, דאָס יידישע פאָלק איז אייביק. מיר דאַרפן זיך נאָר טרייסטן מיטן געדאַנק, אַז מיר האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַזעלכע מענטשן, און אַז אַ „יידיש האַרץ״ איז געוואָרן אַ סינאָנים פון הומאַניזם, און „אויב נישט נאָך העכער״. אַ פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ ביבל, וועט נישט אויפהערן איר צו געבן גרויסע גײַסטער פון וויסן און פון ליבשאַפט צו מענטשן.

הײַנט־צו־טאָג דאַרפן שוין יידן נישט פאַרלאָזן מעקסיקע, כדי צו זוכן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען אין אַנדערע לענדער. דער יידישער ישוב פון מעקסיקע שמט איבער דער יידישער וועלט מיט זײַן שפּרודלדיק גײַסטיק און קולטור־לעבן אויף אַלע געביטן; אויפן ערשטן אָרט איז באַקאַנט זײַן מוסטערהאַפטע יידישע שולנעץ, און עקאָנאָמיש איז אויך נישט צו פאַר־זינדיקן. אָבער נישט שטענדיק האָט דאָרט געהערשט אַזאַ ווילשטאַנד ווי איצט; מענטשן פלעגן מיט עטלעכע צענדליקער יאָרן צוריק — ספּעציעל

בעתן קריזיס פון די דרײַסיקער יאָרן —, אויסוואַנדערן פון מעקסיקע אויף צו זוכן בעסערע מעגלעכקייטן און אויסזיכטן אויף פּרנסה אין אַנדערע מקומות. אַ סך מעקסיקאַנער תּושבים, און צווישן זיי נישט ווינציק ייִדן, האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין קאָלאָמביע, וווּ זיי האָבן געהאָפּט צו געפינען בעסערע מעגלעכקייטן זיך אײַנצואָרדענען; דער גרעסטער טייל פון זיי, האָט זיך טאַקע נישט אַנטוישט.

גרעגאָריאָ ביבלאָוויטש, אַ ביאַליסטאָקער יונגערמאַן, האָט אין אָנהייב 40ער יאָרן באַזוכט מעקסיקע און דאָרט געפונען זײַן ריכטיקן זיווג, ר׳ משה קאַפּלאַנס בת־יחידה, און ער האָט נאָך דעם איר גאַנצע משפּחה אַראָפּגעבראַכט קיין קאָלאָמביע, וווּ ער האָט זייער פײַן זיך אײַנגעאָרדנט, און אויך אַראָפּגעבראַכט זײַן פאַרצווײַגטע משפּחה, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין פּוילישן גיהנום — אין ביאַליסטאָק. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און דער ייִדישער ישוב אין באָגאָטאַ איז באַרײַכערט געוואָרן מיט אָט דער צאָלרײַכער פאַמיליע ביבלאָוויטש, מיטן פאָטער ר׳ אַלטער בראש, און זײַנע זעקס זין.

דאָס ייִדישע באָגאָטאַ האָט גלײַך אויסגעפונען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ יחוסדיקער ייִדישער משפּחה, וואָס האָט זיך קרוביש אַנגעקערט מיט זאב זשאַבאָטינסקי, און ר׳ אַלטער ביבלאָוויטש האָט דאָ אויפגעשטעלט זײַן געצעלט, פון וואַנען עס האָבן אין די פרײַטיק־צו־נאַכטן אַרויסגעשײַנט לײַכטערס מיט אָנגעצונדענע שבת־ליכט, באַגלייט מיט אַן אמתדיקן עונג־שבת אַזוי ווי אין דער „אַלטער היים“.

*

דער זעלבער שבת, נאָר אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדער אָרט; אָוועקגענומען דעם הייליקן שבת פון אַ טריפהנער ערד, וואָס האָט געברענט אונטער די ייִדישע פיס. און דאָ, אין דעם ווײַט־פרעמדן באָגאָטאַ, זיצט ר׳ אַלטער מיט זײַן פרוי און בני בית, און פראַוועט זײַן טראַדיציאָנעלן שבת, רויִק, זאַכט און געמיטלעך. און דאָס געזאָגטע וועגן שבת, איז אויך חל געווען בנוגע יום־טוב. ר׳ אַלטער האָט אין זײַנע קינדער אויך אײַנגעפלאַנצט אַ ליבשאַפט און פיעטעט צו די ייִדישע ימים־טובים און טראַדיציעס, פונקט ווי ער האָט עס געטאָן אין ביאַליסטאָק. די זעלבע מנהגים,

די זעלבע רעספּעקטפֿולע באַציִונג צו ייִדישקייט בכלל. ר׳ אַלטערס זון, גרעגאָריאָ, האָט געוווּסט אָפּצוהיטן דעם דאָזיקן טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער, נישט געמינערט אַ האָר בעת ער איז געווען אויף אַ באַזוך אין מעקסיקע, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, האָט ער זיך באַקענט מיט ר׳ משה קאַפּלאַנס בת יחידה, און דאָס איז געווען דער גורם, וואָס האָט געבראַכט די משפּחה קאַפּלאַן צו באַזעצן זיך אין באָגאָטאַ.

גרעגאָריאָ ביבלאָוויטש איז אויפֿן ייִדיש־טראַדיציאָנעלן געביט געגאַנגען אין טאַטנס דרכים: זײַן משפּחה איז געוואַקסן פֿון יאָר צו יאָר, און אויפֿן עקאָנאָמישן געביט איז אים אויך אַוועק נישט שלעכט. דעם טאַטנס פּרײַטיק־צו־נאַכטסן און ימים־טובים האָבן זיך שטאַרק געשפּירט אין זײַן הויז. און געזעלשאַפֿטלעך איז ער אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק, היות ער האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט זײַן אָפֿענער האַנט. סײַ זײַן פֿאַמיליע און סײַ דער קאָלאָמביאַנער ישוב האָבן פֿון אים אַ סך דערוואַרט, און ער וואָלט זיכער נישט געווען געבליבן קיין בעל־חוב. ער איז געווען טעטיק אין זײַן רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג און אויך אין דער אַלגעמײַנער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, ווי אַן אמתער און געטרײַער עוסק בצרכי ציבור באמונה.

און ווידער אַ מאָל איז נישט באַשערט געווען מיר זאָלן פֿון זיי לאַנג נחת האָבן. ר׳ אַלטער איז אין די פֿריִע פֿופֿציקער יאָרן קראַנק געוואָרן אויף אַ ביטערער שלאַפֿקייט, וואָס פֿרעסט אויף ווי אַ היישעריק דעם מענטשן ווען זי טרעפֿט; און ר׳ אַלטערן האָט דער קאַנסער פֿאַרצוקט. מיר האָבן אים פֿריצײַטיק פֿאַרלוירן, און דעם האַרציקן און ליבן גרעגאָריאָ, ווען דאָס לעבן האָט אַזוי פֿיל פֿאַרשפּראָכן, און אויף ווען אונדזער ישוב האָט אַזוי פֿיל האָפֿענונגען געלייגט, האָט די אומהיילבאַרע קראַנקייט אויך נישט געשוינט. גאָר יונג, אין די אָנהייב פֿערציקער יאָרן, האָט ער געטיילט ווי אַ געטרײַער זון דעם טאַטנס גורל, און אונדזער היגער בית החיים פֿון באָסאַ איז רײַכער געוואָרן מיט נאָך צוויי קברים; מיט נאָך צוויי ביז גאָר חשובע נפֿטרים, פֿאַר וועלכע עס גילט דער „חבל על דאבדין ולא משתכחין“. די אבֿידה פֿאַרן קאָלאָמביאַנער ייִדנטום איז אומגעהײַער גרויס און ס׳איז זייער שווער זיך צו טרייסטן.

*

## שמעון גובערעק

אַברהם ביבלאָוויטש, דער עלטערער זון פון דער משפחה, האָט אי־בערגעלעבט דעם נאַצי־חורבן אין אייראָפּע, און איז אין 47סטן יאָר געקו־מען צו אונדז און זיך פאַראייניקט מיט זײַן משפחה. אַ מענטש וואָס מאַכט נישט קיין טומל אַרום זיך, וואָס איז אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער שיינער ייִדישער מידה פון ענווּות, היט אָפּ אַ טראַדיציאָנעל־ייִדישן לעבנס־שטייגער בײַ זיך אין שטוב און פאַרפעלט קיין מאָל נישט צו אַ מנין אין בית־מדרש. ער ווערט דעריבער שטאַרק רעספּעקטירט אין ישוב ווי אַ ייִד אַ למדן, וואָס איז אויך נישט פרעמד אין די „טריף־פּסולס", האָט ליב צו לייענען אַ ייִדיש בוך, פון אַ ייִדישער צײַטונג איז דאָך אָפּגערעדט, און יאָגט זיך איבערהויפּט נישט נאָכן עגל הזהב.

זײַן ברודער, עליאָס, דאָקעגן, איז אַ וועלטלעכער מענטש און גרויסער סוחר. אַ מענטש מיט גרויסן אונטערנעמונגס־גײַסט און ענערגיע, און אויך ווײַטער סוחרישער וויזיע, האָט ער דערגרייכט אַ גאָר אָנגעזעענע פּאָזיציע אין די קאָמערציעלע קרײַזן פון לאַנד. ער האָט אויך אַ טיפע פאַרשטענ־דעניש פאַר די געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן פון ישוב און פון מדינת ישראל. אַ ביבלאָוויטש איז דאָך אַ ביבלאָוויטש, דאָס וואָס מען זאַפּט אין זיך אײַן אין אַ שטוב פון גוטע ייִדישע עלטערן, בלײַבט ווי אַ גוטער מורה־דרך אויפן גאַנצן לעבן.

# וווהין גייט דאָס לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדנטום?

געוויינטלעך לאַכט מען פון די וואָס ווילן פאָרויסזאָגן די צוקונפט. אין ייִדישן פאָלקלאָר זײַנען פאַראַן אַ סך שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון די, וואָס ווילן טרעפן וואָס עס וועט זײַן שפּעטער. — „ער האָט געטראָפן ווי מיטן פינגער אין הימל", זאָגט מען. איז עס טאַקע אמת לגבי די, וואָס ווילן „טרעפן" אָן קיין שום לאָגישן גרונט, און אָן אַ גענוגנדיקער דערפאַרונג. גאַנץ אַנדערש איז עס מיט די, וואָס קוקן אַרײַן אין דער צוקונפט באַוואָפנט מיט אַ גרינטלעכן וויסן פון דער פאַרגאַנגענהייט; און אויף דער באַזע פון פאַרגלייכן די געשעענישן פון הײַנט און פון נעכטן, קאָן מען מאַכן מער־ווייניקער ריכטיקע אויספירן וועגן קומענדיקן מאָרגן. מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר די היסטאָרישע פּראָצעסן, קאָן מען פאָרויסזען די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון די קומענדיקע געשעענישן.

אין דעם לעצטן יאָרצענדליק איז אַנטשטאַנען אַ נײַע וויסנשאַפט: די פוטוראָלאָגיע, וואָס זאָגט פאָרויס די אַנטוויקלונג פון די פעלקער אין זייער נאָענטסטער צוקונפט. דער שעפער פון דער וויסנשאַפט איז אַ ייִד. די בכורה קומט אונדז! — די נבואה איז אָן אײַנגעבוירענע אייגנשאַפט פון ייִדישן פאָלק. גרויסע דיכטערס און דענקערס האָבן אויך געהאַט אַנדערע פעלקער, נביאים האָבן געהאַט נאָר ייִדן! דער פוטוראָלאָג איז אַ מענטש מיט אָן אַל־זײַטיקן אוניווערסאַלן וויסן, און ווען ער שטודירט די אַקטועלע סיטואַציע און די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון אַ לאַנד, און באַטראַכט די אַלע פאַקטן פון פאַרשיידענע שטאַנדפונקטן, קאָן ער אויך פאָרויסזען די אַנטוויקלונג פון דעם געגעבענעם לאַנד אין דער ווײַטערער צוקונפט. די פוטוראָלאָגיע

האָט געגעבן דער נבואה אַ וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג. די נביאים זײַנען געווען נישט נאָר גרויסע הומאַניסטן, נאָר אויך געניאַלע פּאָליטיקערס. האָט דאָך אַ נביא מיט קאַרגע דרײַ טויזנט יאָר צוריק געוואָרנט דעם קעניג קעגן אַ בונד מיט מצרים: „זאָלסט זיך נישט אָנשפּאַרן אויף אַ צעבראָכענעם שטעקן", האָט ער מיט אַ פּאָעטישער שפּראַך אים געזאָגט. דער קעניג האָט אים נישט געפאָלגט, און דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן, ווײַל מצרים האָט אים פאַרראַטן.

איך בין נישט קיין פוטוראָלאָג, נישט קיין נביא, און אַפילו נישט קיין אַקאַדעמיקער. איך בין מײַן גאַנץ לעבן אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן; אַן עסקן נישט לויט דער פּראָפעסיע, נאָר אַן עסקן לויטן באַרוף, און ווי אַזאַ האָב איך אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג, און איך וועל מיך דערלויבן צו זאָגן: אויך אַ גרויסע דאָזע אידעאַליזם און אהבת ישראל. גוט האָט מען געטאָן, וואָס מען האָט אויף דער לעצטער סעסיע פון דער לאַטײַן־אַמעריקאַנער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, געשטעלט אויף דער טאָג־אָרדענונג די פראַגע: ווהין גייט דאָס לאַטיין־אַמעריקאַנער יידנטום? מיר טאָרן קיין מאָל נישט אויסלאָזן פון אויג דעם פּולס פון יידישן לעבן אויפן קאָנטינענט, ווײַל דער פולס קלאַפּט וואָס ווײַטער אַלץ שוואַכער. עס איז אַ פראַגע וואָס גייט ממש אין לעבן יעדן נאַציאָנאַל־געשטימטן יידן, און מען דאַרף נישט זײַן קיין טרעפער און נישט קיין נביא, אויף צו קאָנען מאַכן אַ דיאַגנאָז און אַ פּראָגנאָז, אויב נישט אויף קיין ווײַטער מעטע; איז לפּחות, אויף דער נאָענטסטער צוקונפט. אונדזערע ישובים אויפן קאָנטינענט זײַנען נישט טויט־קראַנק, אָבער זיי פאַרלירן וואָג און קראַפט, און דאָס קאָן זײַן אַ סימפּטאָם וועלכער קאָן מיט דער צײַט פאַראורזאַכן פאַטאַלע קאָנסעקווענצן.

אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, דאַרפן קודם כל גענומען ווערן אין באַטראַכט די אָרומיקע אָביעקטיווע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויפן יידישן לעבן. מיר זײַנען זייער ווײַט פון די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, וועלכע דערשאַצן נישט די נאַציאָנאַלע סענטימענטן און די גײַסטיק־קולטורעלע אײַנפלוסן. וועלן מיר באַטראַכטן די סאָציאַל־פּאָליטישע פּאַנאָראַמע פון די לענדער מיט אונדזערע יידישע, אָדער ריכטיקער געזאָגט: מיט אונדזערע באַראָכאָוויסטישע אויגן.

מיר לעבן אין אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד צו אַ נײַער היסטאָרישער ווירק־לעכקייט. די עקאָנאָמישע שוועריקייטן פון אונדזערע האַלב־אינדוסטריעלע לענדער האָבן נישט קיין לײַכטע און באַלדיקע לייזונג. די אַטמאָספער פון קאָנטינענט איז אויפגעברויזט, און דער הוראַגאַן פאַרכאַפּט אײן לאַנד נאָכן אַנדערן. אין די לענדער זײַנען נאָך פאַראַן גרויסע מאַסן וואָס האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן, און זיי זײַנען אָנגעלאָדן מיט אומגעדולד ווי מיט פול־ווער, און ווילן נישט לאַנג וואַרטן. יעדער עקסטרעמער פּרווו אויפצוהאַקן דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן קנופּ מיט דער שווערד פון רעכטס אָדער מיטן מעסער פון אולטראַ־לינקס, שטעלט אויס אויף גרויסע געפאַרן די עקסיס־טענץ פון די מיטל־קלאַס שיכטן, צו וועלכע עס געהערן — אין זייער אַב־סאָלוט־גרעסטן טייל — די ייִדישע מאַסן אין די לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענ־דער. פון דער אַנדערער זײַט, ווערט וואָס ווײַטער אַלץ שאַרפער און בריי־טער דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע, וואָס רײַסט־אָפּ פון ייִדישן פאָלק לע־בעדיקע שטיקער, און עס וואַקסט אין אַ דראָענדיקער פּראָפּאָרץ דער פּראָ־צענט פון געמישטע חתונות אין אַלע ישובים, אָן אויסנאָם.

עס פעלט אונדז אַ צענטראַלער אָרגאַן מיט אַ גענוגנדיקן מאָראַלישן אויטאָריטעט צו אימפּאָנירן זײַן ווילן, און געבן אַ העכערן נאַציאָנאַלן אימ־פּולס דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג. אַזאַ אָרגאַן דאַרף זײַן דער ייִדי־שער וועלט־קאָנגרעס! אויב ער וועט עס נישט ווערן, וועט ער פאַרלירן זײַן רעכט צו עקסיסטירן, און זיך פאַרוואַנדלען אין נאָך אַ ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט פון פּוסטע רייד בײַ ייִדן. דער וועלט־קאָנגרעס שטייט אויסער און איבער די פּאַרטיי־אַנטאַגאָניזמען און לאָקאַלע אינטערעסן, און דאַרף מיט אַ ברייטער נאַציאָנאַלער פּערספּעקטיוו אָריענטירן אין יעדן ישוב דאָס ייִדישע לעבן.

ווי אַ רעזולטאַט פון די אַלע דערמאָנטע נעגאַטיווע פאַקטאָרן ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער אײַנגעשרומפּן דאָס ייִדישע לעבן אין די ישובים, עס פאַרשטאַרקט זיך די אַפּאַטיע צו די נאַציאָנאַלע און קולטורעל־ייִדישע אינטערעסן, די קולטור־טעטיקייט איז כמעט ווי אין גאַנצן אונטערגעבראָכן, דער חינוך נעמט אַרום נאָר אַ טייל פון די קינדער אין שול־עלטער, און פון די שולן, און אויך פון לעבן, איז פאַרטריבן דאָס ייִדישע לשון.

דאָס אַלץ איז אפשר פאַרן לייענער נישט קיין נײַעס; נײַ איז נאָר דאָס

וואָס איך וועל אײַך זאָגן, אַז ס'איז נישט פּאָרויסצוזען קיין בעסערונג אין דער נאָענטסטער צוקונפט. פּאַרקערט, עס מערקן זיך סימפּטאָמען וואָס זאָגן אָן, אַז עס וועט ווײַטער וועט אָנהאַלטן דער פּראָצעס פון ירידה, אויב עס וועלן נישט אָנגענומען ווערן קיין באַלדיקע מיטלען צו צוימען די בלוט־אָפּצאַפּונג און די דעקאַדענץ פון ייִדישן לעבן אין די תפוצות. און די אי־ניציאַטיוו דאַרף קומען פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

איך איניציאַטיוו אַזאַ איז שוין געקומען פון די העכסטע אינסטאַנצן אין ישראל, מיר דאַרפן זי פאַרווירקלעכן אין לעבן. עס איז געקומען פון דאָרט אַן אַלאַרם־רוף צו רעאַביליטירן די פאַרשעמטע ייִדישע שפּראַך אין די תפוצות, וואָס וועט צוגעבן מער חשיבות, נישט נאָר דער שפּראַך, נאָר דעם פאָלק, וואָס האָט אויף דער שפּראַך געשאַפן אַ גרויסע קולטור, ווי אַ באַריער קעגן די אַסימילירנדיקע אײַנפלוסן פון דרויסן. די שפּראַך וועט ענגער פאַרבינדן די דורות, דערוועקן מער אינטערעס בײַ דער יוגנט פאַר ייִדישע ווערטן, און צוריקגעבן דעם עלטערן דור אַ ווילן אַקטיוווער זיך צו באַטייליקן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נישט אַלץ איז נעגאַטיוו אין אונדזער לעבן. מיר פאַרמאָגן אויך ליכ־טיקע פונקטן. איינער פון זיי איז דער פאַקט, וואָס מיר האָבן באַוויזן אַרײַנ־ציִען אין דער שול־טעטיקייט און אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט יונגע עלעמענטן. אמת, ס'איז זייער אַ דינער שיכט, אָבער עס זײַנען פאַראַן צווישן זיי זייער ווערטפולע עלעמענטן, מיט אינטעליגענץ, קולטור, און חלוצישן אימפּעט, אָבער אָן ייִדישער טראַדיציע, און אָן אינטימער פאַר־בינדונג און פאַרשטענדעניש פאַר דער פּראָבלעמאַטיק פון אָרטיקן ייִדישן לעבן. זיי וועלן אַליין נישט אויספילן דעם בלויז, און נישט קאָנען אַרויס־פירן די ישובים פון דער אַפּאַטיע, און מאָביליזירן זײַנע גײַסטיקע און מאַ־טעריעלע רעסורסן פאַרן ציוניזם און פאַרן אָרטיקן לעבן. צוזאַמען מיטן עלטערן דור וועלן זיי דאָס באַווײַזן און ווערן די בויערס פון ייִדישן המשך, וואָס וועלן דערגאַנצן מיט זייער יוגנטלעכן דינאַמיזם, די דערפאַרונג פון די עלטערע געזעלשאַפטלעכע עסקנים. אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי דורות, וועט זײַן אַ ברכה פאַר די ישובים אויפן לאַטייניש־אַמערי־קאַנער קאָנטינענט.

איך וועל פאַרענדיקן מיט אַ נביאישער באַהויפּטונג פון בער באָראָכאָוו,

וועלכן מען האָט גערופֿן דער „גאון פֿון פּאַלטאַווע", און וואָס האָט בײַ אַ געלעגנהייט געזאָגט: „אויב מיר וועלן האָבן אַן אייגענע ייִדישע מדינה און שטאַרקע ייִדישע תּפֿוצות אַרום איר, וועלן מיר זײַן איינע פֿון די שענסטע און שטאַרקסטע נאַציעס אין דער וועלט". די תּפֿוצות דאַרפֿן זײַן דער פּערמאַנענטער רעזערוואַר, וואָס וועט אָן אויפֿהער שפּײַזן די מדינה מיט עליה און זי שטיצן מיט אַלע קרעפֿטן; און די מדינה פֿון איר זײַט, וועט זײַן דער גײַסטיקער צענטער און דער אַטראַקציע־פּונקט, וואָס וועט סטימולירן דעם ווילן צו לעבן ווי ייִדן און זיכערן דעם נצח ישׂראל.

# די אַנטשטייונג פון ייִדישן ישוב אין באַראַנקיליאַ

אין די אָנהייב פערציקער יאָרן האָט דער גורל מיך פאַרפירט אין דער שטאָט מאָנטעריאָ, נישט ווײַט פון קאַרטאַכענאַ (פּראָווינץ באָליוואַר). דאָרט האָב איך צופעליק זיך באַגעגנט מיט אַ ייִדן, וועלכער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט מיטן נאָמען אַדאָלפאָ האַפטעל. איך האָב אים געטראָפן אין אַ גרויסן לאָקאַל איבערגעפולט מיט בעטן, שאַפעס און אַנדערע שטיקער מעבל מיט וואָס ער האָט געהאַנדלט. גלײַך האָב איך דערפילט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ „ספּעציעלן" סאָרט ייִד, נישט סתם „אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר". דער שמועסן האָט זיך געדרייט אַרום ליטעראַטור און רעליגיע, און כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז מײַן נײַער פרײַנד געהערט צו דער מאַסאָנישער וועלט, און מען האָט אים שוין געהאַט צוגעטיילט די העכסטע קאַטעגאָריע אין זײַן לאָזשע. דער דאָזיקער אײַגנאַרטיקער מענטש האָט געהאַט אַ טיפן אינער־לעכן אומרו פאַר אַלע רוחניותדיקע ענינים — דערונטער ייִדישע —, וואָס מען האָט געקאָנט גלײַך דערפילן אַזוי אַ שמועס מיט אים, און אויב ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אַזש צו די מאַסאָנען כדי אויסצולאָדן זיין גײַסטיקן אומרו, איז עס געווען, ווי עס שײַנט, אין אַ גרויסער מאָס דערפאַר, ווײַל דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן אינעם ווײַטן מאָנטעריאָ, ווו ער האָט נישט געפונען קיין ייִדישע סביבה, וואָס זאָל אים זײַן נאָענט צום האַרצן.

אין מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט האַפטעלן, האָט ער מיר גאָר נישט דערציילט וועגן זיך; דאָך האָט דער ייִד געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק, און ער פלעגט מיר אָפט אויפשווימען אין מײַן זכרון. איך האָב נישט איין מאָל געטראַכט, אַז ער וועט לאַנג אין דעם פאַרוואָרפן שטעטל

נישט בלײַבן, אַז ער װעט זיך פאַרבענקען נאָך ייִדן און װעט משנה מקום זײַן.

און אַזוי איז טאַקע געװען. מאָנטעריאָ איז געװען פאַר אים נישט מער װי אַ צײַטװײַליקע אַכסניא; מיט דער צײַט האָט ער טאַקע געטאָן אַ „שפרונג" פון איין עק לאַנד צום צװייטן, און װידער זיך באַזעצט אין אַ װײַטער שטעטל מיטן נאָמען סעװיליאַ, אינעם רײַכן און פרוכטיקן קאַוקאַ־טאָל, עטלעכע שעה רײַזע פון דער גרויסער שטאָט קאַלי מיט איר אָרגאַניזירט שפּרודלדיקן ייִדישן ישוב.

װען איך האָב זיך דערװוּסט װעגן דעם, האָט עס מיר זייער געװוּנדערט. עפּעס האָט דער גורל געקירעװעט מיט דעם מענטשן, האָב איך געטראַכט. גאָרנישט לויט זײַן נאַטור, װײַל אַ תורה־ייִד און קולטור־מענטש, האָט לויט יעדער לאָגיק געדאַרפט שטרעבן זיך אויסצולעבן אין אַ ייִדישער סביבה, אין דער געזעלשאַפט פון אייגענע, און נישט אָפּגעזונדערט פון ייִדן. אָבער, װי עס װײַזט אויס, איז די לאָגיק און דער גורל פון לעבן נישט תמיד בשלום צװישן זיך, און עס האָט לאַנג געדויערט ביז אַדאָלפאָ האפּטעל איז ענדלעך געװאָרן אַ תושב בײַ אונדז אין באָגאָטאַ. אָבער די סיבות דערפון זײַנען געװען די קינדער; עלטערן טוען אַלץ אין דער װעלט כדי צו זײַן נאָענט צו זייערע קינדער. די קינדער זײַנען געקומען אין דער הויפּטשטאָט, זײַנען די עלטערן זיי נאָכגעפאָרן. הלװאי װאָלט פאַרקערט אויך אַזוי געװען...

פון צײַט־צו־צײַט טרעף איך זיך מיט האפּטעלן, און דאָס גאָר אין אַ מקום קדוש, װאָס עס האָט אויפגעבויט אַ גרופּע רײַכע ייִדן, װעלכע װוינען אין אַ נײַעם לוקסוס־קװאַרטאַל פון דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט: על טשיקאָ. די קאָנגרעגאַציע טראָגט דעם נאָמען „עדת ישראל" און איך װער צו מאָל פאַרבעטן אַהין אויף אַ שבת אין דער פרי, װען עס קומט אין שטאָט אַ ישראל־גאַסט, װעלכער געפינט זיך אויף אַ באַזוך אין אונדזער ישוב. בײַ אַזעלכע פריידיקע געלעגנהייטן דערלאַנגט מען זיך אַ האַרציקן שלום עליכם; אַפילו כמעט אָן װערטער, אָבער הערצער דערפילן זיך קעגנזײַטיק.

מיט געציילטע טעג צוריק האָב איך איבערגעלעבט שעהען פון גײַס־טיקן פאַרגעניגן בײַ מיר אין הויז, װען עס זײַנען געקומען צו גאַסט אַדאָלפאָ האפּטעל און ר' ברוך װאַטענבערג פון באַראַנקיליאַ. אין פאַרלויף פון לאַנגן שמועס, װאָס האָט זיך אַנטװיקלט האָב איך זיך דערװוּסט אַ סך פּרטים װעגן

בראשית פֿונעם ייִדישן ישוב אין באַראַנקיליאַ, און אויך וועגן לעבנסוועג פֿון אַדאָלפֿאָ האפטעל אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

האפטעל איז געבוירן געוואָרן אין פּשעמישל (גאַליציע), פֿון וואַנען ער האָט אויסגעוואַנדערט צו ערשט קיין האַוואַנאַ, קובאַ, אין 1923. מיט דרײַ יאָר שפּעטער, ד״ה אין 1926, האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין באַ־ראַנקיליאַ, קאָלאָמביע, ווו ער האָט געפֿונען סך־הכל אַנדערהאַלבן מנינים ייִדן. דרײַ יאָר נאָך זײַן אָנקום אין יענער שטאָט, האָט ער אונטערגענומען די איניציאַטיוו, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אימיגראַנטן, צו גרינדן אַ קהילה; ער גופֿא איז געוואָרן דער ערשטער ראש־הקהל, און ר׳ ברוך וואַטענבערג פֿון ווישקאָוו (פּוילן), האָט אים באַגלייט ווי אַ סעקרעטאַר פֿון דער ערשטער פֿאַרוואַלטונג, און די איבעריקע מיטגלידער זײַנען געווען ישראל פֿאַנצער ע״ה, קאַרלאָס קאַלושין, גדליה בראַזינער, אַלטער ציבולקיעוויטש און יצחק גילינסקי ע״ה. די פֿרײַלין קרעספּאָ איז געווען געהילף־סעקרעטאַרין.

*

אין 1933 איז געגרינדעט געוואָרן אין באַראַנקיליאַ די ערשטע ייִדישע שול, און אויך דאָרט האָט אַדאָלפֿאָ האפטעל פֿאַרנומען דעם אויבנאָן. די פֿרײַלין קרעספּאָ איז געווען די הויפּט־סעקרעטאַרין, און די געניטע לע־רערין א. זילבערמאַן און איר מאַן, זײַנען געווען די ערשטע לערערס. ליי־דער איז דער גורל פֿונעם דאָזיקן פּיאָנערישן ייִדישן לערן־אַנשטאַלט אין דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ, געווען דער זעלבער ווי פֿון אייניקע אַנדערע ייִדישע שולן אין לאַנד, אין יענע שווערע בראשית־יאָרן. די אָנשטרענגונגען און מיזאַמע אַרבעט פֿון די איבערגעגעבענע עסקנים, איז פֿאַרלוירן גע־גאַנגען, אָבער נישט אין גאַנצן; ר׳ברוך וואַטענבערג האָט געשווירן, אַז די שולמעבל און די בענק ווו ייִדישע קינדער זײַנען געזעסן, טאָרן נישט פֿאַרקויפֿט ווערן, און וועלן בלײַבן באַהאַלטן ביז עס וועט קומען דער טאָג ווען תלמידים וועלן פֿון דאָס נײַ זיצן אויף די זעלבע שולבענק. און זײַן חלום איז מקוים געוואָרן; ייִדישע קינדער פֿון באַראַנקיליאַ זיצן און לערנען ביזן הײַנטיקן טאָג אויף די בענק, וואָס ער האָט נאָך אין יענער צײַט אָפּ־געראַטעוועט פֿון פֿאַרפֿרעמדונג, און געפֿינען זיך איצט אין אַ בלי׳ענדיקן און מאָדערנעם לערן־אַנשטאַלט, מיט וועלכן דער ישוב מעג מיט רעכט שטאָלצירן.

## שמעון גובערעק

די בויערס פון דער נײַער ייִדישער שול אין באַראַנקיליאַ, די אונ־טערנעמערס פון אַט־דער הייליקער שליחות פון זאָרג פאַר ייִדישער דער־ציִונג, זײַנען געווען די זעלבע געטרײַע עסקנים, וועלכע האָבן אין 1933 געלייגט דעם יסוד פון דער ערשטער שול: ברוך וואַטענבערג, קאַרלאָס קאַ־לושין און די נפטרים ישראל פּאַנצער און אַנכעל יורקאָוויטש, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן אַן אַ שיעור כוחות פאַרן אָרטיקן דערציִונגס־וועזן; אַ דאַנק זיי איז דאָס ייִדישע חינוך־ווערק אין באַראַנקיליאַ אַ שטאָלץ און אַ כבוד פאַרן ייִדישן קאָלאָמביִע, צוליב זײַן פאַרנעם און הויכן ניוואָ. הײַנט־צו־טאָג ווערט דער אַנשטאַלט אָנגעפירט זייער געלונגען דורכן שול־דירעקטאָר, יאַקובאָ־וויטש, אַן אָפּשטאַמיקער פון דײַטשלאַנד, וועלכער האָט געלעבט זײַנע יוגנט־יאָרן אין ישראל, און דאָרט דערוואָרבן בילדונג און ספּעציפישע פּעדאַגאָ־גיש־דידאַקטישע קענטענישן. יאַקובאָוויטש הייסט איצט יאַקובי, און אונטער דעם נאָמען האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פײַן בוך מיטן נאָמען „שמע ישראל״.

בײַ דעם יום־טוב פון גרינדן די דאָזיקע שול איז שוין דער הויפּט־מחותן אַדאָלפאָ האַפּטעל נישט געווען, ווײַל ער האָט שוין דעמאָלט נישט געוווינט אין באַראַנקיליאַ נאָר אין מאָנטעריאַ. זײַן איבערגעגעבענע עסקנות, די פּרעזידענט־אַמטן וואָס ער האָט אומעטום פאַרנומען לא על מנת לקבל פּרס, האָבן אין אַ גרויסער מאָס געמינערט זײַן מאַטעריעלע לאַגע; נישט אומזיסט איז באַוווּסט אַז גשמיות און רוחניות זײַנען צוויי באַזונדערע וועלטן. אין אַ געוויסן טאָג, כאָטש די באַראַנקיליער זון האָט זיך געטאָן אירס און געוואָרעמט מיט אירע אייביקע שטראַלן אויף אַן אויסגעלײַטערטן הימל, גלײַך ווי קיין אומצופרידענע וואָלטן גאָר אין דער דאָזיקער שטאָט נישט געווען, האָט האַפּטעל גענומען דעם וואַנדערשטעקן, זײַן ביסל אײַנ־געפּאַקטע אָרעמקייט און זײַנע בני־בית — ווײַב און קליינע קינדער —, און פאַרלאָזט דעם ישוב וואָס ער האָט מיט אַ סך שוויס און ענטוזיאַזם גע־האָלפן בויען. פּאַקטיש אַן דעם מינדסטן מאַטעריעלן פאַרמעגן, האָט ער זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט קיין מאָנטעריאַ; און ווי זײַן שטייגער איז פון שטענדיק אָן, מיט בטחון, אָן טענות צו קיינעם, בשלום מיטן גורל וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן.

איצט פילט ער זיך גליקלעך אין באָגאָטאַ, און געמטן־אָן ווי אַ באַ־לוינונג, וואָס ער קען טאָגטעגלעך זיך דורכשמועסן מיט ייִדן, און בפרט

נאָך אין שיל, ווו עס איז אָפט מאָל דאָ געווען אַ שטיקל קידוש. דאָס פֿאַרמאָגט אין זיך אַזעלכע טײַערע טעמים, פֿון וועלכע אַ גוי איז פֿאַרמשפּט קיין מאָל נישט צו געניסן. ליידער, ליידער, קומט אונדז אויס, בײַם אָפּדרוקן דאָס בוך צוצוגעבן דעם טרויעריקן „געווען" וועגן דעם האַר־ציק־טײַערן ייִדן, האפּטעל. נאָר וואָס אַריבער דער ערשטער יאָרצײַט, בעת מיר האָבן אים באַגלייט צו זײַן לעצטן און אייביקן וועג, קיין באָסאַ, צום באַגאָטאַאנער ייִדישן בית־עולם. אמת, האפּטעל ע"ה, איז געווען אַ ייִד אַ 76ער, ער איז כמעט קיין מאָל נישט קראַנק געווען, מען האָט געהאָפּט און געגלויבט, אַז דער אויסנאַם־ייִד, וועט אַרײַנלעבן אין אַ טיפֿן אַריכת ימים ושנים. אַזוי דענקט דער מין מענטש, און אַנדערש איז דער דענקען פֿון זינדיקן גורל, וועלכער האָט אַ מיאוסע טבע פֿון אויסלאַכן זיך פֿון מענטש־לעכע חשבונות.

און די צוויי לעבעדיקע „ענציקלאָפּעדיעס", האפּטעל און וואַטענבערג, דערציילן מיר נאָך פּרטים פֿון די באַראַנקילער בראשית־יאָרן, וועלכע דערמעגלעכן מיר צו באַרײַכערן מײַנע באַשיידענע געשיכטע־בלעטער וועגן דער אַנטשטייונג, פֿאַרשריט און קעגנוואַרט פֿון די קאָלאָמביאַנער ייִדישע קהילות. וויל איך דאָ דערמאָנען געציילטע פֿון די ערשטע משפּחות אין באַראַנקיליאַ, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט מיט זייערע משפּחות: ר' אַברהם אײַזן, אַ ווילער גאַליציאַנער ייִד, וועלכער האָט תמיד געהאַלטן אָפֿן זײַן הויז פֿאַר אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך אין עפּעס געגנויטיקט; דער גרעסטער טייל האָט זיך געגנויטיקט איבער הויפּט אין אַ היימישער סביבה, צו קאָנען אויסריידן מיט עמעצן אַ וואָרט, היות זייערע משפּחות זײַנען נאָך געווען אויף יענער זײַט ים. אין די גרינע יאָרן, איז די דאָזיקע וואַרעמע באַציִונג פֿון דער פֿאַמיליע אײַזן צו די איינזאַמע ייִדישע אימיגראַנטן — דער רוב פּעדלערס —, געווען ממש נישט אָפּצושאַצן. עס האָט זיך אויך געפֿונען יעקב גאָלדשטיין פֿון אונגאַרן, וואָס איז גלײַך געקומען ווי אַ סטאַ־בילער תושב צוזאַמען מיט זײַן פֿאַמיליע. זײַן פֿרוי אסתּר האָט געפֿירט אַ כשרע שטוב כדת וכדין, און יעדער פֿרומער ייִד האָט דאָרט געקאָנט באַקו־מען אַ כשרן מאָלצײַט. יעקב גאָלדשטיין און פֿרוי ווױנען שוין לאַנג אין באָגאָטאַ, ווו זיי האַלטן־אָן די טראַדיציע פֿון מעשׂים טובים, וואָס זיי האָבן געבראַכט פֿון באַראַנקיליאַ און פֿון דער אַלטער היים.

אין יענער צײַט פון פּיאָנערישער אַרבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערגעגעבנקייט צו צרכי ציבור, אַדאָלפאָ דאַווידאָוויטש (דאַכט זיך מיר אַ וואַרשעווער), וועלכער וווינט שוין זינט אַ סך יאָרן אין ישראל; יעקב גונטאַווניק, פון תמיד געטיילט דעם ייִדישן אומרו און זאָרג פאַרן אויפהאַלט פון ייִדישקייט אויף פרעמ־דער ערד, אַנטיילגענומען אין די פאַרוואַלטונגען, און דערפילט די פונקציע פון אַ שליח־ציבור בײַם עמוד מיט פיעטעט און אַחריות.

אָבער פון צווישן זיי אַלע, איז מיר פאַרבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון זינט קנאַפּע פערציק יאָר — ווען כ׳ האָב אָנגעהויבן באַזוכן באַראַנקיליאַ צוליב געשעפטלעכע ענינים —, אַ נידעריק ייִדל נאָר אַ באַרעדעוודיקס און פריילעכס מיטן נאָמען, הערשעלע שטיינבערג. מיט יעדן ייִדן איז ער באַלד געוואָרן אַ גוטער ברודער, געטרונקען מיט אים אַ קאַווע און געווען מלא שמחה, גלאַט אַזוי, צו באַגעגענען אַ ייִדן. אין מײַנע אָפטע באַזוכן אין באַ־ראַנקיליאַ האָט מיך שטענדיק געצויגן צו אים, און אַבי מען האָט זיך דער־זען אויף פּראָגרעסאָ אָדער פּאַסעאָ באָליוואַר, האָט מען אַלץ געמוזט לאָזן אין אַ זײַט און אָפּגעבן הערשעלען זײַן שלום עליכם, און אויך כאַפּן אַ שמועס בײַ אַ טעפּעלע קאַווע. נישט נאָר בײַ געסט האָט ער זיך דערוואָרבן סימפּאַטיע, נאָר בעיקר בײַ די ייִדן פון זײַן אייגענעם ישוב. און צום שטאַרק־סטן האָבן אים ליב די אָרטיקע קינדער, וועלכע באַגעגענען און רינגלען אים אַרום כסדר מיט גרויס פרייד, ווײַל זיי ווייסן אַז הערשעלע האָט ליב קינדער.

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך בין געווען בײַ אים צו גאַסט, איז זײַן געזיכט שוין נישט געווען אַזוי מונטער און אויפגעהײַטערט ווי מיט פערציק יאָר צוריק, אויך ער האָט באַמערקט אויף מיר די ענדערונגען, וואָס דער גאַנג פון די יאָרן ציט אַרויף אויפן פּנים, אָבער זײַן שטימונג איז געווען אַ פריידיקע ווי שטענדיק; זײַן לעבעדיקער יונגער שמייכל און ליבלעכקייט האָבן זיך פון אים נישט אָפּגעטאָן. אָט אַזוי איז הערשעלע שטיינבערג, און אַזוי איז וועט ער אם ירצה השם נאָך זײַן עד מאה ועשרים, ווי עס קומט על פּי מסורה אַלע טרײַע ייִדן.

נפתלי וואַטענבערג, ר׳ ברוך וואַטענבערגס ייִנגערער זון, אַ געבוירע־נער אין באַראַנקיליאַ, אַ יונגערמאַן פונעם נײַעם דור, טוט נאָך דעם בײַ־

שפּיל פֿון זײַן פֿאָטער ר׳ ברוך און פֿון זײַן עלטערן ברודער, חיים, און איז אַרײַנגעטאָן בלב ונפש אין קהלשער טעטיקייט; ער פֿאַרנעמט די בכבודיקע אַמטן פֿון פּרעזידענט פֿון דער בני ברית־אָרגאַניזאַציע און פּרעזידענט פֿון דער חברה קדישא. זײַן פֿאָטער האָט פֿאַרנומען דעם אַמט אין משך פֿון יאָרן, און ס׳איז אַ פֿאַקט אַז בײַ זיי איז מקויים געוואָרן דאָס ווערטל „מעשה אָבות ירשו בנים״ ר׳ ברוך וואַטענבערג האָט אין דער הינזיכט אַ גרויסן זכות און אַ פֿאַרדינסטע באַלוינונג פֿאַר זײַן מיפּולער ציבורדיקער אַרבעט, צייזעענדיק ווי זײַנע קינדער דערוויַטערן זיך נישט פֿונעם כלל ישראל און גייען אין זײַנע דרכים.

ד״ר יצחק קרויטאַרא איז געווען אַן אַדוואָקאַט פֿון דער אַלטער רומע־נישער היים, ווו יידן האָבן געליטן אַלע מינים פֿאַרפֿאָלגונגען און דיסקרי־מינאַציעס, און ער האָט דעריבער נישט געקאָנט דאָרט פֿאַרבלײַבן. איז ער מיט זײַן אַדוואָקאַטן־דיפּלאָם געקומען צו פֿאָרן קיין באַראַנקיליאַ, ווו ער האָט (מחמת דער אוממעגלעכקייט צו פּראַקטיצירן), געענדערט זײַן באַרוף פֿון אַן אַדוואָקאַט אויף אַ סוחר. זײַן נאַטור איז אָבער געווען אַזאַ, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן שטילערהייט קיין עוולות, נאָר האָט זיי גע־מוזט אויפֿווײַזן און קריטיקירן דווקא אויפֿן הויכן קול; און אַזוי ווי אַרויפּ־געאַרבעטע יידן האָבן פֿײַנט קריטיק, און דולדן נישט ווען מען ווײַזט זיי זייערע חסרונות בפֿני כל עם ועדה, האָט מען דעם געוועזענעם אַדוואָ־קאַט אָנגעהויבן צו איזאָלירן, און מען האָט במילא שוין נישט געזען אין זײַן פּערזענלעכקייט דאָס בעסערע און העכערע. ד״ר קרויטאַרא איז אָבער דערפֿון נישט נתפּעל געוואָרן, און ווײַטער געטאָן גענוי ווי זײַן געוויסן האָט אים דיקטירט: ער האָט נישט געקאַרגט קיין אַרײַנזאָגענישן און שטראָפּרייד. געווען אָבער מאָמענטן ווען זײַן וואָרט איז דווקא אויסגעהערט געוואָרן מיט דרך־ארץ; דאָס איז געווען אין דער מלחמה־צײַט, ווען עס האָבן אָנגע־הויבן בלאָזן אַנטיסעמיטישע ווינטלעך איבער די שיינע באַראַנקיליער הימ־לען. דעמאָלט האָט ד״ר קרויטאַרא באַוויזן דעם כוח פֿון זײַן איבערצײַ־געוודיק וואָרט סײַ דורך ראַדיאָ און סײַ דורך דער פּרעסע, און יידן האָבן אויף אַ קורצער צײַט פֿאַרגעסן זייערע פּערזענלעכע חשבונות מיטן אַקאַ־דעמיקער, און מען האָט ענטוזיאַסטיש קאָמענטירט זײַנע מוטיקע אַרויס־טריטן, וועלכע האָבן אויך געמאַכט אַן אײַנדרוק אויף דער נישט־יידישער

גאַס. וואָס שײַך אָבער זײַן עקשנותדיקער טבע אַרײַנצוזאָגן וועמען מען דאַרף, האָט ד״ר קרויטאַראָ נישט געטראַכט אָפּצונייגן פון איר, ווײַל זײַן נאַטור איז געווען אַזאַ, און דער ישוב איז אויך נישט געווען גרייט אים צו דולדן... איז אַלצדינג געבליבן בײַם אַלטן.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך אויסגעלעבט ביחידות און נישט אָנטייל־גענומען אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. „געפּראַוועט שבת פאַר זיך״, ווי מען זאָגט. ער האָט אָפּגעגעבן זײַן פרײַע צײַט צו נישטערן אין ביכער און ענציקלאָפּעדיעס, וועלכע זײַנען נאָך אַלעמען געווען זײַן נאַטירלעכער און אורשפּרינגלעכער עלעמענט; מסחר איז דאָך גווען בלויז אַ פּרנסה־מיטל.

איז אין אַ שיינעם טאָג איז געוואָרן אויס סוחר און אַפילו אויס באַראַנקיליאַ. ער איז אַוועק קיין מאַדריד כדי צו פאָרשן אין די שפּאַנישע אוראַלטע ביבליאָטעקן וועגן דעם אָפּשטאַם פון דער נישט־ייִדישער באַ־פעלקערונג, וואָס האָט זיך אויסגעפּיקט אויפן לאַטײַן־אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט אין משך פון די לעצטע 160 יאָר, זינט די אַמעריקאַנער לענדער זײַ־נען באַפרײַט געוואָרן פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. ווי אַ פּועל־יוצא פון זײַנע פאָרשונגען וועלכע דויערן שוין יאָרן, האָט ד״ר קרויטאַרא שוין אַרויס־געגעבן צוויי וואָגיקע היסטאָרישע ווערק, ווו ער באַווײַזט מיט פאַקטן, אַז די גרעסטע גדולים פונעם קאָנטינענט זײַנען פון ייִדישן אָפּשטאַם. ער איז גוואַלדיק פאַרליבט אין דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס פאַרשאַפט אים גרויסע פערזענלעכע סאַטיספאַקציעס; ער ווייסט, אַז מיט זײַן אַרבעט דערפילט ער אַ וויכטיקע שליחות, און דאָס מוז אים שוין יעדערער אָנערקענען ווי אַ באַטײַטנדיקן אויפטו. די פאָרשאַרבעטן פון ד״ר קרויטאַרא זײַנען אַ ווערט־פולער צושטײַער צו דער געשיכטע פונעם שפּאַניש־אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט, און זײַנען דער זין פון זײַן איצטיקער עקסיסטענץ, ווײַל אין זיי האָט דער אַמאָליקער אַקאַדעמיקער, וועלכער האָט דורך וועגן און אומוועגן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ סוחר אויף קאָלאָמביאַנער ערד, געפונען פון דאָס נײַ די מעגלעכקייט אויסצולאָדן זײַן אינטעלעקטועלן באַגאַזש וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון רומעניע. איצט שוין קרוב צו די עלטערע יאָרן, ווערט ער אָפּגעשאַצט און אָנערקענט אויך פון זײַן אַמאָליקן באַראַנקיליער ישוב, וואָס האָט אים פריִער כמעט ווי פאַרשטויסן... היות, דאָס דאָזיקע בוך האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט צום דערשײַנען, דאַקעגן דאָס מוסטערהאַפטע

לעבן פֿון דעם רומענישן ייִדן קרויטאַראָ האָט זיך נישט דערוואַרט מיטן דערשײַנען פֿון דעם דאָזיקן בוך. לעצטנס איז צו אונדז דערגאַנגען די טרויעריקע ידיעה, אַז אין סאַמע מיט פֿון זײַן פֿאַרש־אַרבעט אין די שפּאַנישע ביבליאָטעקן און אַרכיוון, האָט זײַן פֿאַרביטערט האַרץ אויפֿגעהערט צו קלאַפּן.

קרויטאַראָ איז אַוועק פֿון גאָטס וועלט, אָבער זײַנע וויסנשאַפֿטלעכע ווערק וועלן אַרײַנלעבן אין דער טיפֿער אייביקייט.

כבוד זײַן אָנדענק!

# ישׂראל פּאַנצער, אַ מוסטער פון אַ ייִדישן עסקן

אידער כ׳האָב זיך באַקענט פּערזענלעך מיט דעם מערקווירדיקן און מוסטערהאַפטן ייִדן, וואָס איז געווען איינער פון די גרינדער און אַרכיטעקטן פונעם ייִדישן ישוב אין באַראַנקיליאַ, און וועגן וועלכן כ׳האָב געהערט אַזוי פיל שבחים; האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס מוז זײַן אַ ברייטבייניקער און פעסטער מאַן, וואָס שפּראָצט מיט פיזישער גבורה, וואָס גיט אים כוח צו אַנטוויקלען אַזאַ ברייט־פאַרצווײַגטע און פילזײַטיקע טעטיקייט; אָבער, ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט צום ערשטן מאָל, האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז מײַן פאַנטאַזיע האָט מיך פאַרפירט, און איך האָב געטראָפן מיטן פינגער אין הימל... פאַר מיר איז געשטאַנען אַ קליינוווקסיקער און דאַריניקער מענטש, וואָס האָט זיך גאַנץ קנאַפּ אימפּאָנירט מיט זײַן אויסערלעכן אויסזען. אָבער ווען איך האָב אַרײַנגעקוקט אין זײַנע אויגן, האָב איך גלײַך געביטן מײַן מיינונג. אויף מיר האָט געקוקט אַ דורכדרינגלעכער בליק פון אַ קלוגן און דערפאַרענעם מאַן, וואָס רופט אַרויס דרך־ארץ נאָך אידער ער האָט דעם מויל געעפנט. זײַנע אויגן האָבן גערעדט, און ער האָט באַטראַכט דעם גאַסט מיט אַזאַ קלוגיטשקן און גוטמוטיקן שמייכל, ווי איינער רעדט: — איך ווייס וואָס דו ווילסט זאָגן!...

מיר האָבן אָנגעהויבן דעם געשפּרעך וועגן געשעפט, און איך האָב געזען פאַר זיך אַ געניטן סוחר, אַ בעל־חשבון, וואָס דאַרף נישט „פאַרשניצן דעם בלײַפעדער״, ווי די היזיקע זאָגן, נאָר וואָס מאַכט דעם חשבון „אויפן קאָפּ״, און וואָס קען גוט די קאָמערציעלע קאָניוקטער פון לאַנד, און וואָס רעדט וועגן מסחר ניכטער און אויסגערעכנט.

ווי נאָר מיר האָבן אָבער באַרירט געזעלשאַפֿטלעכע ענינים, האָב איך דערזען פֿאַר זיך אַן אַנדער פֿאַנצער. ער האָט גערעדט מיט פֿאַרביטערונג — און איך האָב געזען אַז ער האָט עגמת נפֿש — פֿון אייניקע אָרטיקע גבֿירים, וואָס ווײַזן אַרויס אַ קאַלטע און קאַרגע באַציִונג צום ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. דאַקעגן, האָט ער דערציילט מיט פֿרייד און שטאָלץ וועגן אַ סך אַנדערע, וואָס שפּאָרן נישט קיין מי און געלט פֿאַרן אויפֿבוי פֿון די ייִדישע אינסטיטוציעס און פֿאַר די קהלשע הצטרכותן. איך האָב געזען פֿאַר זיך אַ פֿולבלוטיקן און פֿאַראַנטוואָרטלעכן געזעלשאַפֿטלעכן עסקן, וואָס פֿירט אויס זײַן שליחות מיט באַהאַוונטקייט, ערנסטקייט און מיט די בעסטע כּוונות. אָט דער קליינשטעטלדיקער פּוילישער ייִד, האָט אויף זײַנע שמאָלע און שוואַכע פּלייצעס אויפֿגענומען אַ שווערן פּאַק מיט געזעלשאַפֿטלעכער אַחריות און טעטיקייט. זײַן מוח האָט ער אָפּגעגעבן פֿאַר צרכי ציבור פֿונעם ערשטן טאָג אָן, זינט דער נײַער ייִדישער קיבוץ פֿון דער דינאַמישער שטאָט באַראַנקיליאַ האָט זיך אָנגעהייבן אײַנצופֿונדעווען. דאגות פּרנסה, צוזאַמען מיט די זאָרג פֿאַר ייִדישן המשך, זײַנען געגאַנגען האַנט בײַ האַנט אינעם נײַעם, אימיגראַנטישן לעבן פֿון ישׂראל פֿאַנצער.

ישׂראל פֿאַנצער איז נישט געווען בלויז דער אַרכיטעקט און גײַסטיקער מנהיג פֿון ייִדישן ישובֿ, נאָר זײַן גוט־ייִדיש האַרץ האָט נישט גערוט, און אים שטענדיק אונטערגעטראָגן נײַע פּלענער און איניציאַטיוועס פֿאַר קהלשע אונטערנעמונגען. זײַן ערנהאַפֿטע אויפֿפֿירונג, און דער פֿאַקט וואָס ער איז נישט געווען קיין רודף כּבֿוד, נאָר האָט עס אַלץ אויפֿריכטיק געטאָן לשמה, האָבן אָנגעשטעקט זײַנע מיטמענטשן, וואָס האָבן זיך אין אים אינספּירירט און אים גענומען פֿאַר אַ בײַשפּיל. זיי זײַנען אים נאָכגעגאַנגען פּוסטריט, און אונטער זײַן השפּעה זײַנען אויפֿגעבױט געוואָרן שיינע ייִדישע אינסטיטוציעס, און עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קאַדער נײַע טוערס, דער מאַנגל פֿון וועלכע עס פֿילט זייער שטאַרק אין אייניקע אַנדערע ישובֿים פֿון לאַנד.

דער ייִדישער ישובֿ אין באַראַנקיליאַ איז אַ מוסטער מיט זײַן אָרגאַניזאַציע, מיט זײַן געזעלשאַפֿטלעכן פֿאַרמעגן, מיט זײַן אַקטיוויטעט און מיט זײַן אינטערעס פֿאַר מדינת ישׂראל. זייער אַ סך איז אָפּהענגיק פֿון די גרונטלייגערס, פֿון די פּיאָנערן; און ווי עס ווערן פֿאַרלייגט די יסודות אַזאַ בנין

באַקומט זיך. דאָס וואָס ישראל פאַנצער האָט פּאַרדייט האָט געגעבן גוטע יידישע פּרוכט, און די דריי הונדערט יידישע משפּחות וואָס וווינען אין דער שטאָט, האָבן געשאַפן אַ יידישע קהילה וואָס קאָן דינען ווי אַ מוסטער פאַר די אַנדערע דריי גרעסערע יידישע ישובים אין קאָלאָמביע.

דער ישוב פון באַראַנקילאַ האָט באַקומען חשיבות און אָנזען נישט בלויז אין לאַנד, נאָר האָט פאַרדינט אָנערקענונג בכל תפוצות ישראל. און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס, אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער און שעפע־רישער אַרבעט פון ישראל פאַנצער.

און עס דאַרף בײַ דער געלעגנהייט באַזונדער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ר׳ ישראל, ווי איך פלעג מיט דרך־ארץ אים רופן, האָט געגעבן אַ בײַ־שפּיל נישט נאָר מיט זײַן טעטיקייט, איניציאַטיוו, אינטעליגענץ און ענער־גיע; נאָר ער פלעגט אויך געבן אַ בײַשפּיל מיט זײַן ברייטהאַרציקייט, מיט זײַן אָפן האַנט און וואַרעם האַרץ צו אַלע יידישע נויטן.

אַפילו אין די בראשית־יאָרן פון דער יידישער אײַנוואַנדערונג, ווען די נײַ־געקומענע אימיגראַנטן זײַנען געווען פאַרנומען מיט דאגות פּרנסה, וואָס איז זיי אָנגעקומען זייער שווער, האָט אויך ר׳ ישראל מיטגעמאַכט די חבלי לידה פון אַן אימיגראַנט. פון דעסט וועגן ,איז ער תמיד געווען דער ערשטער צו עפענען זײַן טײַסטער און דער עיקר, ער פלעגט עס טאָן באַשיידן און אָן פּאָמפּע. און ווי עס האָט געזאָגט אַ גרויסער יידישער דיכ־טער: „קיין טראָפּן שיינקייט ווערט נישט אויף דער וועלט פאַרלאָרן". אַ גוטער בײַשפּיל אינספּירירט צו גוטע מעשים.

דער באַרימטער יידישער פּעדאַגאָג און פּובליציסט, אַברהם גאָלאָמב, האָט אַ גרויסן טייל פון זײַנע אָריגינעלע און גײַסטרייכע שריפטן, אָפּגע־געבן אויף צו שילדערן די גײַסטיקע עשירות פון מאַטעריעל אָרעמען יידישן שטעטל. עס איז געווען אַ סך עטישע און מאָראַלישע שיינקייט אין לעבן פון די פאַרהאָרעוועטע יידן, וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט. זיי זײַנען געשטאַנען העכער פון זייערע אַרומיקע נישט־יידישע שכנים. אָן שקאָלעס און אוניווערסיטעטן, זײַנען פון די יידישע חדרים און ישיבות אַרויסגעגאַנגען גײַסטיק דערהייבענע און אידעלע מענטשן. דער קליינוווקסיקער און אויסגעצערטער ישראל פאַנצער, איז געווען איינער פון

זיי. ער האָט אין באַראַנקיליאַ פֿאַרווירקלעכט די אידעאַלן און די קולטור, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פֿון פּויליש־ייִדישן שטעטל. ער האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ פּראָטאָטיפּ פֿון אונדזער באַליבטן גאַלאָמבס העלדן. דער זיידע מענדעלע, וועלכער האָט אַזוי סאַרקאַסטיש געשילדערט זײַן טונעיאַ־דעווקע און קאַבצאַנסק — די אָרעמע ייִדישע שטעטלעך — האָט געזאָגט, אַז אונטער יעדן בערגעלע מיסט פֿאַר די טירן פֿון אַ ייִדישער שטוב, „טליִעט אַ פּערל פֿון תורה". אָט דעם „פּערל פֿון תורה", האָט דער עלטערער דור ייִדישע אימיגראַנטן געבראַכט פֿון דער אַלטער היים, ווו ער האָט עס געירשנט פֿון זײַנע עלטערן, ווו ער האָט עס געלערנט אין חדר, האָט עס אויפֿגענומען ווי אַ טראַדיציע, און אָט דעם גײַסטיקן פֿאַרמעגן האָט ער „אינוועסטירט" אויפֿן נײַעם אַמעריקאַנער באָדן, און עס איז אויסגעוואַקסן און זיך צעבליט אַ ייִדיש לעבן.

איך דערמאָן זיך אַ זייער אינטערעסאַנטע באַגעגעניש — נישט די איינציקע — מיט דעם אידעאַלן ייִדן, ר' ישראל פּאַנצער: עס איז געווען אין די טראַגישע צײַטן פֿאַר אונדזער פֿאָלק, אין יאָר 1943; הגם מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין גענוי בילד פֿונעם פֿאַרנעם פֿון גרויסן חורבן, האָבן מיר אָבער געפֿילט בחוש, אַז די ייִדישע ישובים אין אייראָפּע זײַנען אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע געפֿאַרן. עס איז אויפֿגעשטאַנען קעגן אונדז אַ מעכטיקער שונא, וואָס האָט פֿרײַ און אומפֿאַרשעמט פּראָקלאַמירט פֿאַר דער גאַנצער וועלט זײַן ציל אונדז צו פֿאַרלענדן... עס האָבן שוין אָפּילו אָנגעהויבן אָנקומען אָפּגעריסענע ידיעות וועגן די מאַסן־הריגות, אָבער עס איז שווין דער שטייגער בײַ מענטשן צו פֿאַרטרײַבן, אָדער לכל הפּחות, צו פֿאַרמינערן די שוואַרצע בשורה. עס איז אפֿשר פֿאַרשטענדלעך: ווײַל ווי קאָן אַ נאָרמאַלער און ערלעכער מענטש באַנעמען אַזאַ גרויזאַמקייט? דאָך, האָבן ייִדן אין אַלע תּפֿוצות געפֿילט דעם זעלבן ציטער און שרעק פֿאַרן מאָרגן. און די אַלײַרטע האָבן זיך נישט געאײַלט צו עפֿענען דעם „צווייטן פֿראָנט", זיי האָבן געהאַט זייערע אייגענע סטראַטעגישע חשבונות, דאַקעגן מיר — ייִדן — האָבן געלעבט אין שרעק און זאָרג; בחוש — האָבן מיר דער־פֿילט דעם ריח פֿון די קרעמאַטאָריעס. אין אָנבליק פֿון דער גרויסער סכּנה וואָס האָט געלויערט אויף אונדזער פֿאָלק, האָבן זיך ספּאָנטאַן, — אין פֿאַר־שיידענע ישובים, געגרינדעט קאָמיטעטן צו העלפֿן דער רויטער אַרמיי.

יידן האָבן געהאָפט, אַז סאָוועטן־רוסלאַנד וועט אָפּשאַצן אונדזער הילף צו באַקעמפן דעם געמיינזאַמען שונא. און היות זיי — די רוסן — האָבן זיך פּראָקלאַמירט ווי די באַפרייער פון פעלקער, וועלן זיי — נאָכן זיג — האָבן איינזעעניש מיט אונדזער געפּלאָגטן פאָלק.

דער יידישער ישוב אין באָגאָטאַ האָט דעמאָלט געענטפערט פּאָזיטיוו און האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ קאָמיטעט. אויף מיין ווייניקייט איז אויס־געפאַלן די מיסיע אַרומצופאָרן איבער דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ, און צוזאַמען מיט די אָרטיקע עסקנים רופן פאַרזאַמלונגען און שאַפן פאָנדן פאַר דעם צוועק. איך האָב זיך נישט געהאַט צו באַקלאָגן אויפן אופן ווי די פּראָווינצער ישובים — צוזאַמען מיט די אָרטיקע עסקנים האָבן מיך אויפגענומען, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָפּגערופן אויף מיין שליחות. עס איז אָבער געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון די האַנדלונג און באַנעמונג פון ישראל פּאַנצער.

עס שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן יענער אומפאַרגעסלעכער אָוונט אינעם סאַלאָן פון „אוניאָן איזראַעליטאַ”; דער סאַלאָן איז געווען איבערפולט, יונג און אַלט האָבן דערפילט די טראַגיק פון יענעם מאָמענט, יעדער איינער האָט געפילט דעם חורבן אין זיין אייגן בלוט און אין זיין גאַנץ וועזן. ישראל פּאַנצער האָט געעפנט דעם אַקט, זיינע ווערטער האָבן אָנגעצונדן די יידישע הערצער, ער האָט גערעדט ווי אַ טרייער טאַטע, וואָס זעט זיינע קינדער אין טויט־געפאַר, און מען האָט געפילט ווי זיין האַרץ ווערט צעבראָכן פון פּיין.

זיין געשטאַלט האָט אויסגעדריקט אַזוי פיל פאַרצווייפלונג און צער, זיין שטים האָט וויברירט פון איינגעהאַלטענע טרערן, און זיינע רייד האָבן דורכגענומען ווי מיט אַ פּיבער אַלע צוהערערס. עס איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש ווי אַ פּשוטער יידישער פאָלקסמענטש, קאָן זיך דערהייבן צו אַזאַ הייך. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן, ער האָט נאָך געקענט זייער אַ סך געבן זיין ישוב און אויך פאַר די אַלע אַנדערע ישובים אין לאַנד. דער ביטערער גורל האָט זיך זיינע אייגענע חשבונות, און האָט דעם טייערן יידן אַוועקגענומען פאַר דער צייט. זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט איז געווען אַ גרויסע אבידה פאַרן קאָלאָמביאַנער יידישן ישוב. אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד! חבל על דאובדין ולא נשתכחין!

# יִדישע מנהיגים פון אַ קליינעם ישוב בײַם אַטלאַנטיק

סוף־יאָר 1963 בין איך מיט מײַן פרוי געקומען אין די זומער־חדשים אויף אַן אָפּרו אין דער קאָלאָמביאַנער שטאָט באַראַנקילִיאַ, וואָס שײַנט מיט איר פּראַכט בײַ די ברעגן פון אַטלאַנטישן ים. איך האָב געוווּסט אַז דאָרט לעבט אַן אײַנגעאַרטיקער ייִד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך מעלות, ווי אַ פּראָפעסיאָנאַל און מענטש, וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד דעם ישוב און דעם לאַנד, און איך האָב געגאַרט זיך צו באַקענען מיט אים פּערזענלעך. כ׳האָב אויך געוווּסט, אַז דער כאַראַקטער פון יעדן מענטשלעכן וועזן איז אין אַ געוויסער מאָס קאָמפּליצירט, און טייל מאָל אַפילו נישט צוטריטלעך און נישט לײַכט אויף צו שליסן סתם קאָנטשאַפטן. ווי אָרדנט מען אײַן אַ זעונג מיט דעם מענטשן ,און ווי וועל איך באַהערשן מײַן אײַנגעבוירענע שעמעוודיקייט אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז באַרימט אין גאַנץ קאָלאָמביע, און וועלכן איך באַוווּנדער שוין גאַנץ לאַנג פאַר זײַנע שיינע מעשים און הויכער אינטעליגענץ?

אַז גמרא זאָגט, אַז ייִדן זײַנען בטבע ביישנים, און באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסער מאָראַלישער מעלה, ווי דער קעגנזאַץ פון אומפאַרשעמטקייט און חוצפּה, איך ווייס נישט צי עס איז אַזאַ גרויסע מעלה, אָבער מײַן אײַנגעבוירענע באַשיידנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, פאַרשאַפט מיר נישט קיין סך נחת. האָב איך באַשלאָסן נישט צו גיין דירעקט צום ד״ר אַלבערט שטענקערל, נאָר בעטן מײַן פרײַנד, בערנאַרדאָ וואַטענבערג, אַן אַלטער תושב פון באַראַנקיליאַ, ער זאָל פאַר מיר אַראַנזשירן אַ וויזיט. און אַזוי איז געוועזן. אין דער באַשטימטער שעה בין איך אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס.

ווי עס שײַנט, האָט דער פרײַנד וואַטענבערג מיך זייער גוט פאָרגעשטעלט. אַזוי אַז דער ד״ר שטענקערל האָט מיך אויפגענומען אַזוי האַרציק, אַז איך האָב זיך געפילט עטוואָס אומבאַקוועם, כמעט ווי באַלעסטיקט, איך האָב באמת נישט דערוואַרט אַזוי פיל אינטערעס און וואַרעמקייט.

איך בין געשטאַנען קעגנאיבער אַ הויכן און גראַציעזן מאַן, איינער פון יענעם סאָרט מענטשן, וועלכע ווערן באַוווּנדערט צוליב זייער הדרת פּנים און פײַנע מאַנירן. דער קאָפּ — עטוואָס געבויגן אין אַ זײַט, מיט ווייניק האָר און וואַרעמען בליק אין די אויגן. איך האָב גלײַך דערפילט, אַז איך שטיי פאַר אַ גוטן און אידעלן מענטשן. ווען ער האָט אַרויסגערעדט די ערשטע ווערטער אין אַ פּערפעקטן, איך וואָלט געזאָגט — אין אַ קלאַסישן שפּאַניש — האָב איך גלײַך דערקענט דעם טיפּישן אַקאַדעמיקער. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ מענטש מיט הויכער מערב־אייראָפּעיִשער בילדונג, און אין דער זעלבער צײַט מיט אינטערעס פאַרן אָרטיקן און אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן. איך האָב אים גלײַך אויפגעקלערט וועגן דעם ציל פון מײַן וויזיט, איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ מיטאַרבעטער פון אַ צײַטונג, און ווי אַ כראָניקער, וואָס שרײַבט אַ בוך וועגן ייִדישן לעבן אין די לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער.

דער דאָקטער שטעקערל האָט דורכגעמאַכט אין קאָלאָמביע אַן אָריגינעלע קאַריערע — אין הסכם מיט זײַן הויכן וויסנשאַפטלעכן ראַנג. געבוירן און דערצויגן געוואָרן איז ער אין עסטרײַך. ווען זײַן געבוירן־לאַנד איז אַרײַנגעפאַלן צו היטלערן אין די לאַפּעס, האָט ער גענומען דעם וואַנדערשטעקן אין דער האַנט און זיך דערשלאָגן קיין קאָלאָמביע. ער איז דאָ אויפגענומען געוואָרן אין דירעקטיוון ראָט פון דער שטאָט באַראַנקיליאַ, אָדער ווי מען רופט זי „לאַ אַרענאָסאַ“ — די זאַמדיקע. ווײַל זי איז געבויט אויף אַ זאַמדיקן באָדן. מען האָט דערקענט אין אים דעם הויך־געשולטן פאַכמאַן, אים אָפּגעשאַצט און ליב באַקומען. ער איז קורץ נאָך דעם אויך געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם סוחרים־פאַרבאַנד „פענאלקא“, און שפּעטער אַן אַקטיווער און אָנפירנדיקער טוער אין דער האַנדלס־קאַמער און ענלעכע אינסטיטוציעס, ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע בירגער, צוגלײַך מיט די אַלע און אָנגעזעענסטע תושבים פון שטאָט.

באַטירלעך, איז אים די דאָזיקע פּאָזיציע נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל,

נאָר ער האָט צו דעם בײַגעטראָגן זײַן חלק. אין ווין איז ער געווען פּראָ־פעסאָר אין דער דאָרטיקער אַקאַדעמיע פון האַנדל, וווּ ער האָט זיך אויך ספּעציאַליזירט ווי אַן עקספּערט אין אײַזן־ און שטאָל־אינדוסטריע. אין קאָלאָמביע איז ער טעטיק אויף דעם דאָזיקן געביט זינט ער איז אָנגעקומען אין לאַנד. ער האָט נישט קיין געלעגנהייט צו זײַן אומצופרידן, נאָר דווקא פאַרקערט. ער איז איינער פון די וויניקע, וואָס ווערן, מיט רעכט, באַ־טראַכט ווי זיגערס, וועלכע די נאַטור האָט באַשאָנקען מיט אַ סך מעלות, און דאָס לעבן האָט געצערטלט. נאָר יחידים ווערט צוגעטיילט אַזאַ גורל, און די סיבה פאַר וואָס איך באַשרײַב דעם דאָזיקן מערקווירדיקן מענטשן אויף די זײַטן פון דעם בוך, איז דער פאַקט, וואָס ער איז איינער פון די איבער־געגעבענע ייִדישע עסקנים און טרײַע ייִדן...

אַ מענטש מיט אַזעלכע מעלות און מעגלעכקייטן, וואָס איז אַזוי טיף פאַרוואָרצלט און געשעצט אין דער קאָלאָמביאַנער געזעלשאַפט און פאַר־בונדן מיט אירע אַריסטאָקראַטישע קרײַזן, האָט נישט איבערגעריסן זײַן באַציִונג מיטן ייִדישן ישוב און געפינט צײַט און געלט אויף צו העלפן בויען דאָס ייִדישע לעבן.

ד״ר שטענקערל איז איינער פון די וויניקע אויסנאַמען. עס זײַנען פאַראַן אין קאָלאָמביע נאָך אייניקע ייִדן, וועלכע זײַנען זײַער הויך גע־שטיגן אויפן אַלגעמיינעם סאָציאַלן לייטער, אָבער זיי האָבן זיך דערווײַ־טערט פון ייִדישן ישוב און פאַרגעסן פון די, וועלכע דאָס מזל האָט נישט צוגעשפּילט און זיי זײַנען געבליבן פון אונטן. ער, דאַקעגן, איז גאָר פון אַן אַנדער טיפּ מענטשן. אַן אַריסטאָקראַט, פינאַנציסט און אַקאַדעמיקער, האָט ער זיך נישט דערווײַטערט פון ייִדן, און פילט זיך היימיש אין דער גע־זעלשאַפט פון עמך. דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון זײַן פערזענלעכקייט, וואָס טיילט אים אויס פון זײַנס גלײַכן, וועלכע האָבן דער־גרייכט אַן ענלעכע פּאָזיציע ווי ער אין זייער נײַעם היימלאַנד.

דער ד״ר שטעקערל איז געווען דער מיטגרינדער פון דער ייִדישער שול אין באַראַנקיליאַ, אין דער פאַרוואַלטונג פון וועלכער ער האָט אַ סך יאָרן פאַרנומען דעם אַמט פון פאָרזיצער, און איז הײַנט דער ערן־פּרעזידענט פון דעם לערן־אַנשטאַלט און אויך אַקטיווער טוער. ער איז אויך אַ צײַט־לאַנג געווען דער ראש הקהל אין דער זעלביקער שטאָט. ער איז היימיש,

ווי זעלטן ווער מיט די מיטגלידער פון ישוב, און איז איינער פון די איבער־געגעבנסטע טוערס און מנדבים פאַר די אָרטיקע הצטרכותן און פאַר די פאָנדן פון מדינת ישראל. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך פאַר וואָס זײַן נאָמען איז גוט באַקענט און געשעצט אין ישוב, און אויך אין די רעגירונגס־ספערן און געזעלשאַפטלעכע קרײַזן פון לאַנד.

איינער טראַכט, ווען אַ הייפל מענטשן ווי ער, באַגליקטע פון גורל און דערפאָלגרײַכע אין לעבן, זאָלן זײַן באַזעלט מיט די זעלבע נאָבעלע אידעאַלן ווי דער ד״ר שטענקערל; זיי זאָלן קאָנען זיך אויסניכטערן אויף אַ ווײַלע פון דעם אָפּיום פון ווילטאָג, וואָס פאַרשיכורט אַ סך פּריווילע־גירטע מוחות, וואָלט עס געווען אַ גרויסער חסד פאַרן ישוב און פאַרן גאַנצן לאַנד. דאָס לעבן וואָלט דעמאָלט געווען אַ סך בעסער און שענער, און די צוקונפט וואָלט געווען מער געזיכערט. דער עגאָיזם פון אייניקע, איז דער גורם פון דעם אומרו, וואָס באַהערשט הײַנט די וועלט. עס זײַנען פאַראַן געזעלשאַפטלעכע פליכטן, וועלכע יעדער איינער דאַרף דערפילן אין די אינטערעסן פון כלל, און לטובת זײַן אייגענעם געוויסן. די דאָזיקע פליכטן דערפילט דער ד״ר אַלפרעד שטעקערל בלב ונפש.

איך האָב געפילט אַ באַדערפעניש דאָס צו זאָגן וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט עס כשר פאַרדינט. הגם, דאָס איז נישט מער ווי אַ קיצור פון די אײַנ־דרוקן, וועלכע זײַנען מיר געבליבן פון מײַן ערשטער באַגעגעניש מיטן ד״ר שטעקערל. אַגב, מערערע ידיעות פון זײַן לעבן האָב איך באַקומען פון בערנאַרדאָ וואַטענבערג און פון מײַנע פרײַנד פון באַראַנקיליאַ.

*

און ווער איז אייגנטלעך בערנאַרדאָ וואַטענבערג, וועמען איך האָב דערמאָנט אויבן? אַ הויך־געוויקסעקער מאַן מיט געדיכטע ברעמען איבער אַ פּאָר פאַרחלומטע און פאַרשנדיקע אויגן, וואָס זוכן ווי אַרײַנצודרינגען אין סוד פון מענטשן. ער איז איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָנערן פון ישוב, דער וועטעראַן וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון אַ יידישן אָרגאַ־ניזירטן לעבן. געווען דער גרינדער פון דער קהילה אין באַראַנקיליאַ. מיט יאָרן צוריק האָט ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע ענטוזיאַסטישע טוערס, וואָס האָבן געשאַפן דעם „סענטראָ איזראַעליטאַ״.

אַ סך וואָסערן זײַנען נאָך דעם פֿאַרבײַגעפֿלאָסן אין די ברעגן פֿון דעם טײַך מאַגדאַלענאַ, און אַ סך זאַכן האָבן זיך געענדערט אינעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אייניקע טוערס זײַנען אַוועק, אַנדערע זײַנען צוגעקומען. נאָר דאָן בערנאַרדאָ איז ווי אַ מעכטיקער דעמב געבליבן טיף אײַנגעוואָרצלט אין באָדן, און אַזוי איז שוין אַן ערך אַ פֿופֿציק יאָר ווי ער שטייט אויף זײַן פּאָסטן ווי אַן אומדערמידלעכער עסקן און בויער פֿון אָרטיקן ייִדישן לעבן. זײַן אויסערלעכער אויסזען האָט זיך נאָר אַ ביסל געענדערט, זינט יענער צײַט ווען איך האָב אים געזען אויף דער גאַס לאָס וואַקאָס. די יאָרן לויפֿן, אָבער זיי לאָזן איבער אין אונדז שפּורן. אין זאַך האָט זיך אָבער אין אים נישט אונטערגעגעבן דער אומפֿאַרמײַדלעכער ווירקונג פֿון דער צײַט: דער גײַסט. דאָס איז דער סוד פֿון זײַן יונגן קוראַזש און שעפֿערישן עקסטאַז, אויף אַלע געביטן פֿון אָרטיקן און אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן.

צוזאַמען מיט מײַן פֿרוי האָב איך פֿאַרבראַכט אין באַראַנקיליאַ די פֿײַערונגען פֿון אַן אַניווערסאַר פֿון דער דאָרטיקער קהילה. די גערוימע און עלעגאַנטע סאַלאָנען פֿון „סענטראָ איזראַעליטאַ", האָבן געשאַפֿן אַ פֿײַנע ראַם פֿאַר אַ יום־טובדיקן עולם פֿון הונדערטער מענטשן. קינדער פֿון דער שול, און יוגנטלעכע פֿון צווייטן און דריטן דור, זיידעס און באָבעס, האָבן געבילדעט אַ פֿריידיקן קראַנץ, אַרום דער יוגנט, וואָס האָט אויסגעטאַנצט ישׂראלדיקע טענץ און געזונגען העברעיִשע לידער.

די זיידעס האָבן געשײַנט מיט זייערע רעספּעקטפֿולע פּליכן, און בעת מעשׂה האָב איך געטראַכט, וויפֿל קינדער פֿון די נײַע דורות וויסן ווער עס זײַנען געווען די גרינדערס פֿון דעם דאָזיקן פּרעכטיקן צענטער, און צי וויסן זיי מיט וויפֿל מי און מאַטער, מיט וויפֿל קרבנות־גרייטקייט, האָבן זייערע טאַטעס און זיידעס דאָס אַלץ געשאַפֿן, מיטן אויסקוק און האָפֿענונג, אַז זייערע קינדער און אייניקלעך וועלן ממשיך זײַן דאָס ייִדישע לעבן און אים אָנפֿילן מיט ייִדישן אינהאַלט?

שטייענדיק אַזוי פֿאַרטראַכט, גייט צו מיר צו אַ ייִד מיט אָפֿענע אָרעמס, און נעמט מיך אַרום אַזוי האַרציק. — שימעלע, וואָס מאַכסטו? איך האָב אים אין דער ערשטער מינוט נישט דערקענט, נאָר גלײַך זיך דערמאָנט: דאָס איז דאָך יאָסל, יאָסל דער ליטוואַק, יאָסל רעזניק! עס איז נאָך דעם

צוגעגאַנגען בערנאַרדאָ קאַלמאַנאָוויטש, ווילנע, האַרציקע ליטוואַקעס, מײַנע חברים פון די גרינגע יאָרן; אַ מעשה פון צוריק מיט אַריבער די פיר יאָר־צענדליק. דעמאָלט זײַנען מיר געווען יונגעלײַטלעך, פול מיט לעבן, וואָס מיר האָבן געחלומט, אָבער ווי עס שײַנט, איז „נישט צו פאַרזינדיקן", האָב איך געטראַכט, אַנקוקנדיק דעם מונטערן און עלעגאַנטן אויסזען פון מײַנע גוטע פרײַנד.

שוין לאַנג אַז מיר האָבן זיך נישט געזען און די פרייד איז געווען אומגעהײַער. אַ סך וואַסערן זײַנען פאַר דער צײַט פאַרלאָפן אין דעם שכנישן מאַגדאַלענאַ טײַך, און מיר האָבן געהאַט צײַטן שווערע און אויך גענאָסן פון בעסערע, און אַט טרעפן מיר זיך ווידער אין אַ גרויסאַרטיקן יידישן צענטער אויף אַ יידישער שמחה. און מיר האָבן אָפּגעגעבן אַ שבח דעם וואָס לעבט אייביק, סײַ פון האָבן זיך געטראָפן און אויך פאַרן דער־קענען זיך גלײַך פון דער ערשטער רגע... און אין מײַנע אויערן האָט אַזוי אָנגענעם געקלונגען זייער שיינער ליטווישער יידיש. אייניקלעך וועלן ממשיך זײַן דאָס יידישע לעבן און אים אָנפילן מיט יידישן תוכן?

פּלוצעם איז אונדזער שמועס געוואָרן איבערגעריסן פון אַ היימישן ניגון, דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט אַ „שער", און יונג און אַלט זײַנען געוואָרן מיטגעריסן פון די יידישלעכע טענער, עס האָבן זיך ספּאָנ־טאַן פאַרמירט אייניקע רעדלעך, און אַלע האָבן געטאַנצט צוזאַמען מיט חסידישער התלהבות. עס איז אויף אַ ווײַלע אָפּגעווישט געוואָרן די גרענעץ צווישן אַלט און יונג, מען האָט אויך די „געסט" אַרײַנגעצויגן אין ראָד, און איך האָב געטאַנצט ווי קיין מאָל... און אַט, האָט איינער, אַ יוגנטלעכער אויסגערופן, מיט התלהבות: „עם ישראל חי!" און דער ענטוזיאַזם איז געוואַקסן, אויף די פּנימער פון די זיידעס האָט זיך צעלייגט אַ זיסער שמייכל, אַ שמייכל פון גליק און האָפענונג...

אפשר... לא אַלמן ישראל! צו דער דאָזיקער פריידיקער עכט יידישער שמחה, איז זיכער אַ גרויסער שותף דער ליבער דאָן בערנאַרדאָ וואַטענ־בערג; ער איז עס געווען איינער פון די, וואָס האָבן געדונגען אַ דירה פאַרן יידישן „צענטער" אויף דער גאַס דע לאַס וואַקאַס, און איז נאָך דעם געווען פון די הויפּט־בויערס פון דעם לוקסוסאַרטיקן בנין פאַרן „צענטער" אין „על פראדא אַלטאָ", וווּ עס געפינען זיך די שענסטע און אַריסטאָקראַטישע

קלובן. דער צענטער פֿאַרמאָגט אויך אַ זייער שיינע שיל און אַ ייִדישע שול, אין וועלכער עס לערנען כמעט ווי אַלע קינדער פֿון ישוב.

מען קען באַהויפּטן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז די צוויי פּערזענ־לעכקייטן, דער ד״ר שטענקערל און וואַטענבערג האָבן געלייגט דעם יסוד פֿון ייִדישן לעבן אין באַראַנקיליאַ. ווען מיר וועלן ציִען דעם פּאַדעם פֿון זכרון און דערמאָנען די ראשונים פֿון ישוב, די געקומענע פֿון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער, וועלכע האָבן זיך איבערגעפֿלאַנצט אויף אַן אַנדער באָדן, מיט אַ טראָפּיקאַלישן קלימאַט, וואָס איז אַזוי אַנדערש ווי אין זייע־רע געבוירן־לענדער; זיי, די נעכטיקע אימיגראַנטן, האָבן באַוויזן אויפֿצו־בויען, מיט אַ סך מי און מאַטער אַזעלכע פֿרעכטיקע אינסטיטוציעס אין וועלכע עס לעבן זיך אויס געזעלשאַפֿטלעך און קולטורעל ייִדן פֿון פֿאַר־שיידענעם שטאַנד, אָרעמע, מיטעלע און רײַכע; אָן אַ שמץ פֿון מחיצה און דיסקרימינאַציע. כל ישראל חברים!

ווי אַזוי איז געשען דער דאָזיקער נס? ווען מיר פֿאַרטראַכטן זיך אין דער דאָזיקער פֿראַגע, טויכט אויף די נאָבעלע געשטאַלט פֿון אַ זייער וויכ־טיקן און אינטערעסאַנטן מענטשן: קאַרלאָס קאַלושין, וועלכער האָט גע־שפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל בײַם אויספֿאָרמירן און געשטאַלטן דאָס גע־זעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון דאָרטיקן ישוב. ווען די מערהייט פֿון די באַראַנ־קיליער ייִדן האָבן נאָך אַפילו נישט געחלומט פֿון אַ באַקוועם און רײַך לעבן, איז שוין קאַרלאָס קאַלושין, אַ דאַנק זײַנע פֿעיִקייטן און אינדוסטריעלן אונטערנעמונגס־גײַסט, געשטיגן אויפֿן לייטער פֿון פּראָספּעריטעט, און איז געבליבן דער טיפּישער פֿאָלקסמענטש, מיט אַלע גוטע מעלות פֿון אַ ייִדישן עסקן, וואָס איז עוסק בצרכי ציבור „לא על מנת לקבל פּרס״. הײַנט צו טאָג דערמאָנען אים די קאָלאָמביאַנער ייִדן מיט ליבשאַפֿט און אָנערקענונג. ער איז געווען דער אמתער פּאַטריאַרך, וואָס האָט געשאַפֿן די ערשטע היים פֿאַר דער שיינער ייִדישער משפּחה אין באַראַנקיליאַ, ווי אַן אַקטיווער ציו־ניסט האָט ער פֿאַרטראַטן דעם קאָלאָמביאַנער ישוב אויף אייניקע ציוניס־טישע קאָנגרעסן. אַ מענטש פֿון אַזאַ פֿאָרנעם איז ראוי צו פֿאַרשאַפֿן כבוד דעם ישוב און אים פֿאַרטרעטן בײַ די אינטערנאַציאָנאַלע אינסטאַנצן.

און דער ישוב האָט מיט רעכט אים אויסגעדריקט פֿאַרערונג און אָנער־קענונג. קאַרלאָס קאַלושין איז פֿילצאָליקע מאָל ווידערגעוויילט געוואָרן

אויפֿן־ערן־אַמט פֿאַר אַ ראש הקהל, און האָט אים דעם זין דערגרייכט אַ רעקאָרד לגבי יעדן געזעלשאַפֿטלעכן עסקן.

אין דעם קאָלעקטיוון פֿאַרמעגן פֿון דעם בערך קליינעם ישוב פֿון דער שיינער שטאָט בײַם אַטלאַנטיק; אומעטום, אויף יעדער אונטערנעמונג, יעדע װױלטעטיקע אַקציע, האָט באַקומען אַ בײַטראָג פֿון דער ברייטהאַר־ציקער האַנט פֿון דעם הער קאָלושין. די שיינע סינאַגאָגע און דער װוּנדער־באַרער בנין פֿון דער שול, הײַנט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דירעקטאָר, מרדכי יקובי, האָבן אַ סך צו פֿאַרדאַנקען דעם ה׳ קאָלושין. אײנעם טאָג װען איך האָב באַזוכט דעם פּרעכטיקן לערן־אַנשטאַלט, אין דער באַגלייטונג פֿון דירעקטאָר, װעלכער איז אַגב אַ מחבר פֿון אייניקע װערק, האָב איך געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז די ייִדישע שול פֿון באַראַנקיליאַ איז איינע פֿון די שענסטע און בעסטע ייִדישע שולן אויפֿן לאַטײַן־אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

מיט די דאָזיקע װערטער בין איך אויסן געװען צו דערמאָנען מענטשן, װעלכע האָבן גרויס געהאַלטן זייער צלם אלוקים, מיט זייערע גוטע מעשים, אומקאָנדיציאָנעלער איבערגעגעבנקייט צו זייער פֿאָלק און צו מענטשן בכלל, און מיט דער האָפֿענונג זיי זאָלן זײַן אַ מוסטער פֿאַר אַנדערע ייִדן זאָלן נאָכטאָן זייער בײַשפּיל.

# די ברידער ציבולקעוויטש

זינט די סאַמע בראשית־יאָרן פונעם יידישן ישוב אין באַראַנקיליאַ, די הייסע פּאָרטשטאָט אין צפון־קאָלאָמביע, האָט זיך דאָרט אויסגעצייכנט מיט זײַן טעטיקייט, אַרבעטזאַמקייט און מידות טובות, אַ זשעלעכאָווער לאַנדסמאַן: אַלטער ציבולקיעוויטש. איך האָב אים נאָך געקענט פון דער היים, אָבער ערשט דאָ, אויפן קאָלאָמביאַנער באָדן, האָט ער זיך פאַר מיר אַנט־פּלעקט אין זײַן גאַנצער טיף־מענטשלעכער פערזענלעכקייט. ווי אַן עלטע־רער תושב אין שטאָט, האָט ער ווי אַ פאָטער געזאָרגט פאַר די נײַ־צוגע־קומענע אימיגראַנטן. ער האָט גענומען אויף זיך די הייליקע שליחות צו זאָרגן פאַר די „גרינע", זיי זאָלן באַקומען די מעגלעכקייט אויפצושטעלן זייער נײַע היים אין קאָלאָמביע.

אַ סך יידן, וועלכע וווינען הײַנט אין פאַרשיידענע געגנטן פון לאַנד, האָבן אים צו פאַרדאַנקען זייער איצטיקן מעמד; נישט איינעם און נישט צוויי האָט ער אויך אָפּגעראַטעוועט פון אַרויסשיקונג, און טאָג־טעגלעך פלעגט ער פאַרלאָזן זײַן אַרבעט און „לויפן" צו דער שיף אָפּוואַרטן קאָנטיגענטן יידישע אימיגראַנטן, און זיך אויך באַמיט זיי אײַנצואָרדענען אינעם נײַעם לאַנד.

זײַן נאָמען איז געוועזן אַ סינאָנים פון יידישע גוטהאַרציקייט; זײַנע מעשים טובים האָבן אים פאַרשאַפט ליבשאַפט און כבוד, און מען האָט אים מיט גרויס דרך־ארץ און אָנערקענונג אַרײַנגעפירט אין דער אָרטיקער קהילה־פאַרוואַלטונג. אין משך פון די 35 יאָר, וואָס ר' אַלטער ציבולקיע־וויטש איז געוועזן טעטיק אין באַראַנקיליאַ, האָט ער זיך שטענדיק אויס־געצייכנט מיט זײַן געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און מיט זײַן זאָרג לטובת הכלל און לטובת הפרט.

## שמעון גובערעק

זײַנע ערשטע טריט אויף קאַלאָמביאַנער ערד, האָט ר׳ אַלטער געשטעלט ווי דער גרעסטער טייל ייִדישע אימיגראַנטן אין יענער צײַט: זיך גענומען צו פּעדלערײַ, און אין דער טראָפּישער באַראַנקיליאַ, ווו מען באָדט זיך אין שווייס אַ גאַנצן טאָג, איז עס ווײַט נישט געווען קיין גרינגע פּרנסה. פון דעסט וועגן איז ער געווען אַ משמח בחלקו, און נאָך דערצו מקיים געווען באהבה די מצווה פון גאַסטפרײַנדלעכקייט. ווען איך פלעג זיך אַראָפּכאַפּן קיין באַראַנקיליאַ און אָפּשטאָטן בײַ אים אַ באַזוך, האָט זײַן פרייד נישט געהאַט קיין גרענעץ... דאָס זעלבע מיט יעדער אַנדערן לאַנדסמאַן און ייִדן בכלל. נאָך אַ שווערן פאַרמאַטערנדיקן טאָג אַרבעט, פלעגן מיר זיך צוזעצן אין איינעם מיט אַנדערע ייִדן פון דער געגנט בײַ אַ קאַפע־טישל, און פירן אַ געמיטלעכן שמועס וועגן אַקטועלע ענינים.

לײדער געהער דאָס שוין צו דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט, און אויך דער טײַערער אַלטער ציבולקיעוויטש איז שוין מער נישטאָ צווישן אונדז. אָבער זײַן נאָמען איז אַ סימבאָל פון געטרײַער, איבערגעגעבענער עסקנות, ליבשאַפט צו מענטשן און קרבנות־גרייטקייט, און ווערט שטענדיק דער־מאָנט מיט פאַרערונג און יראת הכבוד.

משה ציבולקיעוויטש, אַלטערס עלטערער ברודער, איז פון דער נאַטור געווען אַנדערש פון אים. אַ מענטש אַ שטילער, אַ צוריקגעהאַלטענער, אַן „אינזיך״ טעמפּעראַמענט, האָט ער נישט געהאַט דעם ברודערס געזעל־שאַפטלעכן דינאַמיזם, אָבער די זעלבע ליבשאַפט צו מענטשן. געווען אַ גוח לבריות. זײַן ישוב־הדעת און געמיטלעכקייט האָט נאָך בײַ אונדז אין זשעלעכאָוו אַרויסגערופן דרך־ארץ. באַזונדערס האָט מען געוווסט, אַז בעת דער פּאָליטישער איבערקערעניש פון 1905 אין רוסלאַנד, האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, און ווי אַ פועל־יוצא דערפון געמוזט אַנטלויפן אַזש קיין ניו־יאָרק. מיט יאָרן שפּעטער, האָט ער זיך אומגעקערט קיין זשעלעכאָוו און פאַרבליבן ביז די ערשטע דרײַסיקער יאָרן, און נאָך דעם אויסגעוואַנ־דערט קיין קאָלאָמביע צו זײַן ייִנגערן ברודער, אַלטער.

צו גלײַך מיט אים האָט ער געפּרוווט זײַנע פעיִקייטן בײַ פּעדלערײַ, צו ערשט אין באָגאָטאָ, אָבער אַ ביציקלעט־אַקצידענט האָט איבערגעריסן זײַן אַרבעט בײַם דאָזיקן „פאַך״, און ער האָט געמוזט דורכמאַכן אַ לענגערע היילונג אין אַ שפּיטאָל, און ווען זײַן געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט,

האָט ער פֿאַרלאָזן די הויפּטשטאָט און זיך באַזעצט אין דער הייסער באַראַנ־קיליאַ, ווו עס האָט געוווינט זײַן ברודער אַלטער מיט זײַן משפּחה. מחמת דעם אַקצידענט וואָס ער האָט געליטן, האָט ער שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָנצוגיין ווײַטער אַלס פּעדלער, און געפּרוווט זײַן גורל בײַ אַנדערע מסחרים, אין וועלכע ער האָט מצליח געווען. קיין „גרויסע גליקן" האָט ער מיט זײַנע געשעפֿטן נישט געמאַכט; ער האָט נישט אָנגעזאַמלט קיין פֿאַרמעגנס, אָבער פֿאַרט איז דער קאַמף פֿאַר דער טעגלעכער אויס־קומעניש געווען לײַכטער אין קאָלאָמביע ווי אינעם פּוילישן גיהנום, ווו מען איז געווען געצוווּנגען צו עסן דאָס שטיקל ברויט פֿאַרסמט מיט כולי־גאָנישן אַנטיסעמיטיזם אויף שריט און טריט.

ווי געזאָגט, האָט משה ציבולקיעוויטש נישט געהאַט קיין נייגונג צו קהלשער טעטיקייט, ווי זײַן ברודער אַלטער, אָבער ער האָט ליב געהאַט צו זײַן מיט מענטשן, און זײַן שטוב האָט געהאַט אַן אָפֿענע טיר, און אין די אָוונטן פֿלעגן ייִדן זיך „אַרײַנכאַפּן" צו ר' משהן אויף אַ גלעזל טיי, און שמועסן וועגן פּאָליטיק און ענייני דיומא. ווען איך פֿלעג קומען קיין באַ־ראַנקיליאַ, האָב איך קיין מאָל נישט פֿאַרפֿעלט צו באַזוכן ר' משהן און פֿאַרברענגען אַן אָוונט אין זײַן געמיטלעכער היים. ער האָט אויך געהאַט אַן אָפֿן האַרץ פֿאַר קהלשע הצטרכותן, כאָטש ער האָט נישט ליב געהאַט זיך צו „קהלן".

אַזוי, אַן רעש, געמיטלעך און אָרנטלעך, האָט משה ציבולקיעוויטש געלעבט אַלע זײַנע יאָרן, און איך באַטראַכט עס פֿאַר אַ זכות, וואָס ס'איז מיר געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט (וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דערפֿילן אַ פֿליכט לגבי גוטע מענטשן), אַרײַנצונעמען די ברידער ציבול־קיעוויטש צווישן די טאָוולען פֿון מײַן בוך. אָבער צום גרויסן באַדויערן, בין איך אין דעם פֿאַל מקיים דעם כלל: „אין אומרים שבחו של אָדם בפניו"; זיי געפֿינען זיך נישט מער צווישן די לעבעדיקע. אַלטער איז נפֿטר געוואָרן נאָכן האָבן אַריבערגעשפּאַנט קוים די זיבעציק יאָר, און משה — בײַ די אַכציק. זייערע נעמען ווערן שטענדיק דערמאָנט מיט יראת־הכבוד און ליבשאַפֿט דורך אַלע, וועלכע האָבן זיי געקענט.

*

מײַנע טײַערע לאַנדסלײַט מאיר־יחיאל און קאַרלאַ לוקאָוויעצקי, װעלן געוויס נישט האָבן דאַקעגן איך זאָל דערמאָנען צו זאַמען זייערע נעמען אי־נעם דאָזיקן קאַפּיטל, הגם דער אמת איז, אַז דער פּרוי קאַרלאַ (קיילע) װעט זיכער קומען, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַ גרעסערער חלק שור הבר און לוויתן פאַר איר איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט. די אַרבעט לטובת הכלל אַנטוויקלט זי איבער הויפּט אינעם תחום פון די זשעלעכאָווער לאַנדסלײַט־פאַראייגען אין פאַרשיידענע לענדער, און אויף דעם געביט איז זי דער לעבעדיקער נערוו פון אונדזערע בני־עיר אין באַראַנקיליאַ. איר מאַן, מאיר־יחיאל, האָט איר נישט בלויז נישט געשטערט אין דער דאָזיקער אַרבעט, נאָר כסדר סטימולירט און אָנגערעגט אויסצו־ברייטערן און צו באַרײַכערן דעם קרײַז פון איר געזעלשאַפטלעכער אַקטי־אַציע. פון דער נאַטור איז ער אַ מענטש מיט אַ סך ענערגיע און אונטער־נעמונגס־גײַסט, און אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט געפינט ער אַ פאַסיק פעלד אויף אויסצולאָדן זײַנע קרעפטן. אַ מענטש מיט טיף־אײַנגע־וואָרצלטע נאַציאָנאַלע איבערצײַגונגען און ענערגישן טעמפּעראַמענט, איז ער איינער פון די גאָר חשובע תושבים און ווערטפולע טוערס אין ישוב.

זײַן פרוי, קאַרלאַ, איז אין דעם זין עטוואָס אַנדערש. זי רעדט בלחש, געלאַסן און געמאָסטן יעדעס וואָרט, און מיט דער זעלבער שטילקייט און באַשיידנקייט דערפילט זי איר שליחות לגבי אירע זשעלעכאָווער לאַנדס־לײַט, און זי טוט עס מיט פאַרגעניגן און בשלימות.

מאיר־יחיאל און קיילע לוקאָוויעצקי זײַנען אַ פּראָדוקט פונעם אַמאָ־ליקן ייִדישן שטעטל אין מזרח־אייראָפּע; אין זייער פאַל איז דאָס זשעלע־כאָוו, אָבער דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן די אָפּשטאַמיקע פון די הונדערטער אַנדערע ייִדישע שטעטלעך, וועלכע דער דריטער חורבן האָט אָפּגעווישט פון דער פּוילישער ערד.

צווישן די בויערס פון ייִדישן קהילה־לעבן אין באַראַנקיליאַ, דער עיקר — די יעניקע וועלכע האָבן געהאָלפן לייגן דעם פונדאַמענט און געשטאַל־טיקן דעם ייִדישן ישוב אין דער דערמאָנטער אינדוסטריעלער שטאָט אין קאָלאָמביע, האָט אויך פאַרנומען אַן אָנגעזען און בכבודיק אָרט, מײַנס אַ צווייטער בן עיר — עלי ראַטערמאַן. ווי אַ סך זשעלעכאָווער ייִדן, האָט ער מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים דעם דראַנג זיך מתעסק צו זײַן

אין ציבורדיקע ענינים. קורץ נאָך זײַן אָנקומען אינעם נײַעם לאַנד, האָט ער זיך באַזעצט אין באַראַנקיליאַ ווו ער האָט אויפֿגעבויט זײַן נײַע היים. זייענדיק פֿון דער נאַטור אַ מענטש וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ געבענטשטער אומרו און וואָס האַלט פֿונעם כלל, אַז „לא על הלחם לבד יחיה האָדם“, האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט בלב ונפש. די אַלטע באַראַנקיליער תושבים געדענקען אים זייער גוט פֿון יענע בראַשית־יאָרן ווען ער, צוזאַמען מיט די אַנדערע בויערס פֿון ייִדישן קהילה־לעבן אין דער דערמאָנטער שטאָט; ווי ער האָט זיך געווידמעט צו דער הייליקער אַרבעט מיט רעליגיעזן עקסטאַז, און ווי ער האָט אַרײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פֿונעם באַראַנקיליער ישוב אַ פּרעכטיקן בלאַט, וואָס וועט אפשר זײַן אַ זכר לדורות.

הײַנט צו טאָג, ווען די זיקנה דערלויבט אים מער ניט אָנצוגיין מיט יוגנטלעכן ברען לטובת הכלל, איז ער מעין אין ייִדישן בוך און אין ייִדישע צײַטונגען און ער געדענקט מיט נאָסטאַלגיע יענע צײַטן ווען ער, צוזאַמען מיט נאָך „עולים חדשים“ האָבן, נאָך טעג פֿון שווערער אַרבעט זיך געווידמעט צו כלל־אינטערעסן. טייל איך אים צו די כשר־פֿאַרדינטע עטלעכע שורות אין דעם בוך.

# שניי אויפֿן קאָוקאַ־טאַל

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב באַזוכט דעם קאָוקאַ־טאָל, האָבן זיך דערוועקט אין מיר די דערמאָנונגען פֿון מיט צען יאָר צוריק. איך האָב זיך דאָן אומגעקערט פֿון די בערגיקע געגנטן פֿון איפּיאַלעס און טוקערעס; די אברים זײַנען מיר געווען פֿאַרשטאַרט פֿון קעלט, די לאַנדשאַפֿט פֿון די בערג האָט זיך געהאַט אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון, און די פּאַרזייטע פּעל־דער פֿון נאַריניאָ האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ צעבראָכענעם שפּיגל, געדיכט באַזעצט מיט אַרבעטזאַמע און פֿלייסיק־איפּערדיקע מוראַשקעס.

אָבער דער פּייזאַזש פֿון טאָל איז אין גאַנצן עפּעס אַנדערש! די פּרעכ־טיקע טאָל־פּאַנאָראַמע האָט מיך באַצויבערט פֿון קאָפּ ביז די פּיס. כ׳האָב דעמאָלט געזען מיט אייגענע אויגן די שיינקייט וואָס אַ סך פּאָעטן האָבן געהאַט באַזונגען, און פֿאַרשטאַנען זייער עקסטאַטישע איבערלעבונג.

די דאָזיקע לאַנדשאַפֿט האָט עפּעס אַ מין וווּנדערלעכע אייגנאַרטיקייט. דער מילדער ליבלעכער קלימאַט איז אָנגענעם ביז גאָר פֿאַרן מענטשן, באַ־רויִקט זײַנע נערוון און — אויב נישט צו באַזעצן זיך דאָרט —, איז ער ביז גאָר פּאַסיק זיך אָפּצורוען אין וואַקאַציע־צײַט. דער קאָוקאַ־טאָל איז אַ ברכה מיט וועלכער דער בורא עולם האָט געבענטשט דעם קאָלאָמביאַנער באָדן, און אים מזכה געווען מיט אַ מאַיעסטעטיש נאַטור־בילד אויף אַלע אייביקייטן.

ווער עס מאַכט דורך די צוויי הונדערט קילאָמעטער צווישן קאַרטאַגאַ און קאַלי, האָט די געלעגנהייט צו זײַן אַן עדות פֿונעם שענסטן נאַטור־ספּעקטאַקל, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג און די פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט קאָ־נען באַנעמען. אין אַמאָליקע צײַטן איז דער גאַנצער ראַיאָן געווען באַדעקט מיט ווילדע געוויקסן, וועלכע האָבן געווענדט זייערע שפּיצן צום הימל, ווי

זיי וואָלטן וועלן אויסדריקן דאַנקשאַפט דעם איבערשטן פאַרן זײַן גענאָד. אָבער איצט איז דער גאַנצער טאָל איבערגעצויגן מיט אַ גרינעם טעפּיך, מיט העלע און טונקעלע פאַרבן, וואָס ציִען זיך ביזן ווײַטן האָריזאָנט. און אָט־וואָס: דער שניי פון די אַרומיקע בערג האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט ביז צום טאָל, און אים באַצירט מיט אַ זילבערנעם טוך. די שניי פליטערלעך שוועבן אין דער לופטן, געוויגט דורכן ווינט, אויף די הויכע בערג; און אין טאָל האָבן זיי באַפּרוכפּערט די ערד, וואָס שפּרייט זיך ווי אַ פּילפּאַר־ביקער טעפּיך, אויף אַ שטח פון טויזנטער העקטאַר באָדן. דער טאָל איז באַדעקט מיט אַ געדיכטן שיכט ווײַסע בלימעלעך, ווי שניי קײַקעלעך, און דער דאָזיקער „שניי" איז אַן ערשטראַנגיקער קוואַל פון רײַכטום פאַרן לאַנד. מיט קאָרגע צען יאָר צוריק האָבן מיר געדאַרפט אימפּאָרטירן דעם שניי־געוויקס — כ'מיין דעם בײַנוול —, און איצט עקספּאָרטירן מיר אים אין אַ גאָר גרויסער מאָס, וואָס באַגינסטיקט אין אַ קאָלאָסאַלער פאַרנעם די קאָלאָמביאַנערווירטשאַפט.

*

אויף די וועגן יאָגן די לאַסט־וועגענער ·מיט ריזיקע לאָדונגען בײַנוול, וועלכע וועלן פאַרוואַנדלט ווערן, אין טײַערע שטאָפן פאַר פרויען פון אַלע וועלט־ווינקעלעך. די אימפּאָזאַנטע בײַנוול־מאַגאַזינען אין בוגא, מיט זייערע מאָנומענטאַלע בנינים פון רויטן ציגל, זײַנען אַן און פאַר זיך אַ באַווײַז פון דער אַנטוויקלונג און פאַרנעם פון דער בײַנוול־אינדוסטריע אין קאָלאָמביע.

דער בײַנוול, וואָס ווערט צוזאַמענגעקליבן פון די פעלדער, ווערט אַוועקגעפירט אויף לאַסט־וועגענער אין אַלע פּראָווינצן פון לאַנד, ווו די טעקסטיל־פאַבריקן — שטריקערײַען און וועבערײַען —, וואַרטן אויף דעם מיט אומגעדולד. די וועבמאַשינען קוקן זיך אויס די אויגן אויפן רוישטאָף, וואָס זיי וועלן אויסאַרבעטן און פאַרוואַנדלען אין דעליקאַטער סחורה פאַר דעם קאָלאָמביאַנער שיינעם מין; און אויך קיין אויסלאַנד ווערט עקספּאָרטירט דער בײַנוול, ווי אַ שליח פונעם לאַנד ווו איזאַקסעס העלדין — „מאַריאַ" —, האָט געלעבט און געליבט.

עס שנייט אויפן קאַוקאַ־טאָל. פונעם אויסגעשטערנטן קאָלאָמביאַנער הימל שפּרייט זיך אויס די בלויע נאַכט, מיטן בלייכן אָפּשײַן פון דער לבנה, אויף די שניי־ווײַסע מיט בײַנוול פאַרזייטע פעלדער.

# יידן אין קאַלי

מײַן ציל איז ווײַט נישט צו ווערן דער געשיכטע־שרײַבער פון דעם קאָלאָמביאַנער יידישן ישוב. אָבער די זכרונות מײַנע פון קאַלי קען איך אויך נישט לאָזן אויף הפקר. נאָך דערצו אַז קאַלי, ווען אין באָגאָטאַ איז קיין יידישער ציבור נישט געווען, האָט אין 1925 שוין געהאַט געגרינדעט איר ישוב. אין יענעם געזעלשאַפטלעכן לעבן זײַנען געווען אַזעלכע מענטשן ווי ישראל קלאַר, משה אַשכנזי, משה לעכטמאַן און אַנדערע. דער ה׳ קלאַר איז אַ גרויסן טייל פון זײַן לעבן געווען אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן, און האָט זיך פאַרנומען מיט ציוניזם און מיט ישראל. אַט די אידעאַלן זײַנען בײַ אים געווען ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון זײַן אייגענעם לעבן.

געקומען איז ער פון גאַליציע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, מיט אַ ספר אונטערן אָרעם, פון וועלכן ער האָט זיך נישט געשיידט במשך דעם לאַנגן לעבן זײַנעם. און אַזוי איז ער אויך הײַנט־צו־טאָג. אַן אַפּוועזנדער פון גרויסע עקאָנאָמישע אַמביציעס, אַ דערוווײַטערטער פון דער „מיליאָנען־זוכעניש", גייט אַן זײַן לעבן אַן פּויקן און אַן טאַצן, שטילערהייט, אָבער מוסטערהאַפט, אין דער געזעלשאַפט פון משפחה, אַ פּאָר גוטע פרײַנד און אַ שאַפע מיט ביכער. נישט אַנדערש נאָר דאָס איז אַ טייל פון זײַן הויט, ווי דאָס זײַנע ןזײַנע געדיכטע ברעמען און זײַנע טונקעלע ברילן...

*

איך האָב נישט געהאַט די מעגלעכקייט פּערזענלעך צו קענען משה אַשכנזין. כ׳האָב געוווּסט וועגן אים אַ דאַנק זײַן שם, וואָס איז צו מיר געהאַט דערגאַנגען זינט מײַן ערשטן קאָנטאַקט מיט דער קהילה פון קאַלי. ער איז געווען איינער פון יענע ספרדים פון מיטל־מזרח און פון סאַלאָניק.

דערפֿאַר האָט ער געריעדט שפּאַניש, בשעת מיר פּלעגן זיך אויסדריקן אין ייִדיש. נאָר ווען עס זײַנען דאָ געמיינזאַמע פּראָבלעמען איז נישטאָ מער ווי איין שפּראַך. און אָט אַזוי, איז צום ווייפלטן מאָל אויפגעקומען אין קאַלי דאָס אומנאַטירלעכע פּראָבלעם פֿון דער צעטיילונג צווישן צענטראַל־איראָ־פּעיִשע ייִדן און די ספרדים פֿון די מזרח־לענדער. די לעצטע, זײַנען אין זייער נײַ־ונד באַאײַנפלוסט געוואָרן דורך אַנדערע קולטורן און מנהגים ווי מיר.

עס באַקומט זיך דער אויבנאויפיקער אײַנדרוק ווי מיר וואָלטן געווען צוויי קעגנזעצלעכע פּאָלוסן, וואָס זײַנען קוים פֿאַרבונדן דורך רעליגיעזע פּעדעם. אָבער איס איז גענוג געווען אַז מיר זאָלן זיך באַגעגענען, אַז מיר זאָל זיך טרעפן אין דער גרויסער וועלט, אַז דער טיפער אָפּהילך פֿון יאָר־הונדערטער אין אונדז, זאָל צו אונדז אָ רעד טאָן וועגן אַ קרובהשאַפֿט וואָס וואָרצלט אין דער ביבל. און דאָס האָט געפּילט אין קאַלי דער ספרדי משה אַשכנזי. ער איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש, ווען ער האָט אויף זיך גענו־מען די אַרבעט צו אָרגאַניזירן מיט דער קליינער מחנה אימיגראַנטן אַ נײַע און ווירדיקע קהילה. ער האָט אַרײַנגעלייגט אין דער אונטערנעמונג באַ־גײַסטערונג, פֿלײַס, וואַרעמקייט, און ייִדישע האַרציקייט. ער האָט זיך גע־געבן חשבון, אַז דאָס וואָס צעטיילט אונדז האָט נישט קיין האַפּט און איז אומנאַטירלעך, און ער האָט פֿאַרוואָרפֿן די בריק פֿאַר אַ ברידערלעכער פֿאַר־בינדונג צווישן אַזיאַטישע און צענטראַל־איראָפּעיִשע ייִדן. מיר האָבן אים אָנגעוווירן זייער אַ יונגן. אָבער זײַן גײַסטיקע ירושה איז געבליבן, און וועט נאָך לאַנג שפּײַזן דאָס ייִדישע לעבן.

*

אַ צווייטער ספרדי אין קאַלי, עדואַרדאָ מאָרענאָ, אָט אַזוי, שפּאַניש־מעסיק, איז אויך אַ מענטש פֿון אָט דעם קאַליבער. ער איז אַ גרויסער גע־שעפֿטסמאַן, אַ גרויס־אינדוסטריאַל. אָבער דאָס וואָס דער גורל האָט אים צוגעשפּילט, שטערט אים נישט צו וואַכן איבער זײַן ספרדישער געמיינדע, אויפֿצושטעלן אַ געזעלשאַפֿטלעכן צענטער מיט אַ פּרעכטיקער סינאַגאָגע, דערהייבן די ייִדישע סביבה פֿון וואַזשע קולטורעל און געזעלשאַפֿטלעך. דערבײַ האָט ער נישט געטראַכט וועגן מאַכן „שבת פֿאַר זיך", ווײַל דער ייִד

פֿון טערקײַ, סאַלאָניק, מצרים, בעסאַראַביע, פּוילן אָדער ליטע, האָט מיט אים געפֿונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך, און מען האָט אים שטענדיק געטראָפֿן אין פֿאַרוואַלטונגען פֿון פֿאַרשיידענע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. אָט דער שטריך, וואָס אַשכנזי און מאָרענאָ האָבן געהאַט פֿאַרשטאַרקט, איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער קהילה פֿון וואַזשע דעל קאַוקאַ; ס'איז אַ גאַר באַזונדערער חותם וואָס אַנדערע אויפֿגעקומענע קהילות האָבן נישט געהאַט. אין די דאָזיקע געמיינדעס האָט דער געשעפֿטלעכער אינטערעס צונישט געמאַכט יעדע העכערע אידייע. אַזעלכע גרופּעס האָבן אַרומגעפּויזעט, בעת קאַלי האָט זיך דערהויבן...

איצט, בעת דאָס בוך וועט דערזען די ליכטיקע שײַן, איז שוין דער טייערער ייִד, עדואַרדאָ מאָרענאָ, מער נישט צווישן די לעבעדיקע; זאָלן די דערמאָנטע ווערטער זײַן במקום אַ נר־נשמה לזכר דעם נאָבעלן ייִדן.

עדואַרדאָ מאָרענאָ איז געווען פֿון יענע מענטשן וועגן וועלכע די בעלי־קנאה האָבן געמורמלט אַז „ער איז אַ כבוד־זוכער". דאָס איז נישט מער ווי אַן אומגעלומפּערטער אײַנריידעניש, ווײַל ווער עס טוט גוטס זײַנע נאָענטע, און איז מקריב זײַן צײַט, אַפֿרו און געלט פֿאַרן כלל, פֿאַרמאָגט אַ נאָבעלע נשמה, אַפֿילו אין פֿאַל ער באַקומט דערפֿאַר „כיבודים". נאָר אין דעם האָבן זיך נישט געניייטיקט אַזעלכע מענטשן ווי אַשכנזי, מאָרענאָ, אָרנאַלדאָ באַרגעניטש און אַנדערע פֿון יענע קאַליער גאָלדענע צײַטן. אָבער אַפֿילו ווען זיי וואָלטן דאָס יאָ געזוכט, איז הלוואי וואָלטן געווען אַ סך ווי זיי, ווײַל זיי זײַנען באמת ווערט געווען מען זאָל זיי אָפּגעבן גרויס כבוד.

# פערזענלעכקייטן פון פּיאָנערן־דור אין קאַלי

ווען מען רעדט וועגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן ישוב אין קאַלי — אָדער וועגן אַ וועלכן נישט איז אַנדער ייִדישן ישוב אויף דעם קאָנטינענט — זאָגט מען געוויינטלעך: — אַ, הײַנט איז דער ישוב רײַך און שיין „גאַרנישט דאָס וואָס אַמאָל". און דער „אַמאָל" מיינט עס מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק. איז וואָס שײַך מאַטעריעלער רײַכקייט, האָט מען טאַקע אין פאַרלויף פון די יאָרן פּראָגרעסירט — כאָטש ס'איז אויך געווען גרויס דער פּראָצענט פון ייִדישער אָרעמקייט אין די לענדער! — אָבער וואָס שײַך ייִדישער „שיינקייט" און ייִדישן גײַסטיקן לעבן, האָט דער „אַמאָל" זיך נישט וואָס צו שעמען פאַר די הײַנטיקע צײַטן, וואָס פאַרלירן אַלץ מער זייער טראַדיציאָנעלן ייִדישן חן.

ווען מען טראַכט זיך אַרײַן אין די ענדערונגען, וואָס די ייִדישע ישובים האָבן דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרצענדליקער אויפן ייִדישקייט־געביט, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אַז טראָץ אַלע הײַנטיקע גליקן, שײַנט־אויף ווי אַ גאָלדענער חלום יענער ווײַטער „נעכטן", וואָס באַשטייט נישט איין מאָל, נאָר אַ סך מאָל מער פאַרן הײַנטיקן ווילשטאַנד, וואָס זאָרגט אַזוי פיל פאַרן קערפּער, מאַכט אים פעט און פויל, און גיט גאָרנישט דער נשמה און לאָזט הונגעריק דעם גײַסט, וואָס בלײַבט בלײַך און אָרעם... און לא על הלחם לבד יחיה האָדם, נישט פון ברויט אַליין לעבט דער מענטש, האָט געזאָגט אונדזער קהלת.

עס קומט מיר איצט אויפן זכרון די שטימונג אין קאָלאָמביע אין דער מיט דרײַסיקער יאָרן, בעת דער צווייט טויזנט־יאָריקער טרוים פונעם ייִדישן

פֿאָלק אויפֿצולעבן די אייגענע אומאָפּהענגיקע מדינה, איז געוועז איינגע־באַקן אין דער נשמה פֿון יעדן ייִדן, און געוואָרצלט טיף אינעם קאָלעקטיוון האַרץ פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. אַ פּרעכטיק־שיינער חלום איז דאָס געווען; דער וועג צו דער ווידעראויפֿלעבונג פֿון מדינת ישראל איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און מיט שיינע נביאישע אידעאַלן, באַהויכט און דורכגענומען מיט אַ הייליקן ציטער. דעמאָלט — בערך אין 1935 —, האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצוקומען צו אונדז, און צו די אַרומיקע ניַע דרום־אַמערי־קאַנער ישובים, ישראל־שליחים וועלכע זיַינען טאַקע ראוי געווען צו דער דאָזיקער באַצייכענונג און צו דער מיסיע, וואָס מען האָט זיי געהאָט אָנגע־טרויט. זיי זיַינען אויפֿגעטראָטן אויף עפֿנטלעכע אַקטן ביַי פֿולגעפּאַקטע זאַלן מיט ייִדן, וועלכע האָבן זיך דערקוויקט און גיַיסטיק געקרעפֿטיקט מיט די ווערטער פֿון די ישראל־געסט; עס איז געווען וואָס צו הערן, און דאָס ייִדישע באַוווּסטזיַין האָט ביסלעכוויַיז געקראָגן די איבערציַיגונג, אַז דער נאַציאָנאַלער חלום וועט אין דער נאָענטער צוקונפֿט פֿאַרווירקלעכט ווערן.

עס לאָזט זיך נישט פֿאַרגעסן יענע צויבער־תּקופֿה ווען ס'זיַינען גע־פּראַוועט געוואָרן גרויסאַרטיקע באַנקעטן לכבוד די שליחים פֿון ארץ־ישראל, און ייִדן האָבן באַלוינט דעם גאַסט־רעדנער פֿאַרן גיַיסטיקן פֿאַרגע־ניגן וואָס ער האָט זיי פֿאַרשאַפֿט מיט ווירדיקע באַשטיַיערונגען לטובֿת דער צוקונפֿטיקער מדינה. און נישטערנדיק אין די דאָזיקע זכרונות, קומט מיר פֿאַר די אויגן אַן אייגנאַרטיקע פֿיגור אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעך לעבן: אַ ראש־הקהל פֿון דער שטאָט קאַלי אין יענער גאָלדענער עפּאָכע. דער נאָמען פֿון וועלכן איז געווען אַרנאָלד באַרגעניכט. אָט־דער האַרציקער ייִד, וועלכער האָט אימפּאָנירט סיַי מיט זיַין פֿיזישן אויסזען און סיַי מיט זיַין אידעלער פּערזענלעכקייט, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געעפֿנט דעם ישראל־קאַמפּיין. באַרגעניכט איז געווען גאָר וויַיט פֿון זיַין אַ גביר (דעמאָלט האָבן מיר נאָך בכלל געוווּסט זייער ווינציק פֿון גבירישקייט), אָבער זיַין האַנדלונג און מעשים זיַינען געשטאַנען אויף דער מדרגה פֿון ווירדיקער ברייטהאַרציקייט. ער האָט זייער גוט געוווּסט, אַז דער דערפֿאָלג פֿון אַ קאַמפּיין איז אָפֿט מאָל אָפּהענגיק איבערהויפּט פֿונעם ביַישפּיל וואָס קומט פֿונעם ערשטן נדבן, וויַיל ייִדן האָבן אַ טבֿע נאָכצוטאָן איינער דעם צווייטן... וועגן אָט־דעם ראש־הקהל פֿון יענער ציַיט, וועגן דעם מוסטער־

האפטן עסקן און טײַערן גאַליציאַנער ייִדן, ווילט זיך עפּעס דערציילן אינעם דאָזיקן קאַפּיטל.

אויך הײַנט גיבן ייִדן פאַר מדינת ישראל; איך וויל חלילה נישט פאַר־מינערן דעם גרויסן בײַטראַג פון די תפוצות, און בתוכם אויך פון קאָלאָמ־ביאַנער ייִדנטום, פאַר דער מדינה. אָבער ווי איינער פון די פּיאָנערן פון ישוב קאָן איך פאַרזיכערן, אַז די פּעזע פון אַמאָל האָט אין איר מאָראַלישער פּראָפּאָרץ — נישט אין איר פינאַנציעלער ווערט — באַטײַט פיל מער ווי הײַנט אַ טויזנטער. אויב אַ ייִד גיט הײַנט פאַר אַלע קרנס פון דער מדינה אַ געוויסן פּראָצענט פון זייער יערלעכער הכנסה; האָבן מיר „אַמאָל" געגעבן פּילפּאַך מער. מען האָט נישט געהאַט, נאָר מען האָט געגעבן. און איינער פון אָט אַזעלכע ייִדן איז געווען אַרנאַלד בארגעניכט.

בעת מײַנע רײַזעס איבער דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַרנאַלד בארגעניכטן דורכפאָרנדיק די שטאָט קאַלי. די פרײַנדשאַפט וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו מיר, האָט אונדז גלײַך דער־נענטערט און מיר זײַנען געוואָרן הימיש. איך בין אַרויפגעגאַנגען צו אים אין אָוונט, אין זײַן ביוראָ אינעם קהילה־בנין פון קאַלי אויף דער 13טער גאַס, און בײַ אַ גלאָז טיי האָבן מיר געשמועסט וועגן ציבורדיקע ענינים, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אונדז אַ געמיינזאַמען אינטערעס. איך בין געקו־מען צו דער מסקנה, שמועסנדיק מיט בארגעניכטן, אַז דער ישוב אין קאַלי, וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון בעסאַראַבער ייִדן, איז זייער רײַך אויב ער פאַרמאָגט אַזאַ ראש־הקהל.

נאָך מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט אים, האָט אונדז שוין פאַרבונדן אַן ענגע פרײַנדשאַפט אויף שטענדיק; בעת מײַנע אָפטע באַזוכן אין קאַלי, האָב איך תמיד דעם ערשטן שלום עליכם אָפּגעגעבן בארגעניכטן און מיר פלעגן תיכף אַרײַנגיין אינעם נאָענטסטן קאַפע־הויז, צו כאַפּן אַ שמועס וועגן געזעלשאַפטלעכע פראַגעס בײַ אַ געשמאַק וואַרעם קאָלאָמ־ביאַנער קאַװעלע. אַזוי אַרום האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ נײַער אונ־טערנעמונג, וואָס איז געווען בלויז אַ טייל פון זײַנע צאָלרײַכע פּלענער. דהײַנו? נישט חלילה וועגן אויסברייטערן זײַן פאַבריק, פון וועלכער ער האָט געהאַט פּרנסה און נאָך אַרויסגעשלעפּט אַ שיינעם בײַטראַג פאַרן קאַמ־פּיין; זײַן פּלאַן איז געווען אויפצושטעלן אַ בית הכנסת צוזאַמען מיט אַ

בית־עם פֿאַרן אָרטיקן ייִדנטום, אַזוי צו זאָגן — „פֿאַר גאָט און פֿאַר לײַט״. ער האָט דעמאָלט זיך פֿאַרטרויט פֿאַר מיר, אַז עס פֿעלן נישט קיין קעגנערס צום דאָזיקן פּראָיעקט, אָבער ער האָט געהאָפֿט גובר צו זײַן אַלע שוועריקייטן און פֿאַרווירקלעכן זײַן חלום.

באַרגעניכט האָט פֿאַרן דאָזיקן צוועק „געקערט וועלטן״, איבערגעלאָזט אַלע זײַנע געשעפֿטן, און זיך פֿאַרנומען מיט די צוגרייטונגען צו דער בוי־אַרבעט; ער האָט אַליין באַטראַכט דעם באָדן ווו דער בנין האָט געדאַרפֿט אויפֿגעשטעלט ווערן, פֿאַרהאַנדלט מיט אַרכיטעקטן, און זיך משתדל געווען



פּנחס סאַפּיר ז״ל, אויף אַן אויפֿנאַמע אין באָגאָטאַ. — עס באַגריסט דער געוועזענער ראש־הקהל פֿון דער ספֿרדישער געמיינדע

בײַ די גוטשטייענדיקע ייִדן נאָך מאַטעריעלער הילף. געוויס איז די גאַנצע קהילה־טעטיקייט נישט אויסגעפֿאַלן אויסשליסלעך אויף אים; עס זײַנען געווען נאָך עסקנים, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער פֿאַרוואַלטונג, אָבער די סאַמע שווערסטע און פֿאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעט האָט געהאַט דער איבערגעגעבענער טרײַער ראש־הקהל, באַרגעניכט. און אויב דאָס איז נאָך געווען ווייניק, האָט ער נאָך געהאַט אויסצושטיין די קריטיק פֿון די שטענדיק אומצופֿרידענע, וועלכע פֿלעגן אַליין נישט צולייגן קיין פֿינגער לטובת די געזעלשאַפֿטלעכע הצטרכותן, אָבער זײַנען תמיד געווען גרייט אויסצוזעצן קעגן די אידעאַליסטן, וועלכע האָבן יאָ עוסק געווען בצרכי

ציבור באמונה. בארגעניכט איז אָבער נישט אַנטמוטיקט געוואָרן דורך אַזעל־כע שטרויכלערס, וועלכע האָבן אויסגעוויזן צו האָבן די אייגציקע שליחות אַרײַנצוורוקן פלאָקנס אין די רעדער. ער האָט זײַן פּלאַן דערפירט ביזן סוף, און זינט אַ פערטל יאָרהונדערט בערך, איז דער בנין, וואָס ער האָט גע־גרינדעט, אָנגעפילט מיט יידישן לעבן; יידן געניסן דאָרט פון אַ וואָרעמער היימיש־יידישער סביבה אינעם פאָלקסהויז, צוזאַמען מיטן פּראַכטפולן מקום קדוש, וואָס איז אַ שטאָלץ פאַרן ישוב פון קאַלי.

בארגעניכט פלעגט זאָגן, אַז אַ יידישער ישוב אָן אַ רב, האָט נישט קיין זין און קיין געשטאַלט. דערפאַר האָט ער געבראַכט פאַר זײַנע יידן פון קאַלי דעם רב, ברעכער, וועלכער האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות במשך 20 יאָר; מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער זיך באַזעצט אין ישראל, און זינט דעמאָלט איז דאָס יידישע קאַלי געבליבן אָן אַ גײַסטיקן מנהיג. בארגעניכט איז לײַדער נפטר געוואָרן אין פּרײַער עלטער, ווען דער ישוב האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין זײַן דערפאַרונג און איניציאַטיוו, און די נײַע עסק־נים, וועלכע האָבן איבערגענומען די קהילה־ליטונג האָבן נאָך דערווײַל קיין אַנדערן רב נישט באַשטימט; לאָמיר האָפן אַז זיי וועלן אין גיכן אויס־פילן דעם דאָזיקן בלויז, כדי די יידן אין קאַלי — און איבערהויפּט די יוגנט —, זאָלן נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון יידישער טראַדיציע.

למען האמת דאַרף מען באַמערקן, אַז בארגעניכט אַליין איז געווען אַ פּשוטער פאָלקסמענטש, אָן גרויסער בילדונג, אָבער מיט אַ גרויס יידיש האַרץ, מיט יידישע געפילן, און ער האָט זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער פּיעטעט צו די יידישע און אַלגעמיינע קולטור־ווערטן, אָפּשאַצנדיק אין דער געהעריקער מאָס די ראָלע פון שרײַבערס, לעקטאָרן און אינטעלעקטואַלן בכלל. בעת דער בונדישער קולטור־טוער, יעקב שפּאַנקע, אַ געבוירענער אין סאָקאָלאָוו, פּוילן, האָט געוווינט אין קאַלי, האָט בארגעניכט אים אָנ־פאַרטרויט די מיסיע אויפצושטעלן די קהילה־ביבליאָטעק. שפּאַנקע האָט אויסגעשטאַט די ביבליאָטעק אויפן בעסטן אופן, און אין איין וועגס נישט פאַרגעסן אַרײַנצוברענגען אין די פאָליצעס די ווערק פון זײַנע אידעאָלאָ־גישע חברים־ליטעראַטן, ווי וולאַדימיר מעדעם, בײַניש מיכאַלעוויטש, ערליך, אַלטער, קאָסאָווסקי, יעקב פּאַט א״אַ. דעם ראש־הקהל האָט דאָס נישט געאַרט, און מיט אַ זייער געזונטן און קלאָרן צוגאַנג האָט ער אײַנגעזען,

אַז אַ ייִדישע ביבליאָטעק דאַרף נישט זײַן באַגרענעצט לויט אידעאָלאָגישע אָדער פּאָליטישע ריכטונגען, נאָר דאַרף שטיין העכער פֿון זיי.

ייִדישע שרײַבערס האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין קאַלי איז פֿאַראַן אַ ייִדישע באַפֿעלקערונג מיט אַ וואַרעמער באַציִונג צו ליטעראַטור. אַ דאַנק דעם אײַנפֿלוס פֿון אַרנאָלד באַרגעניכט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שיקן פּעק מיט מוסטערן פֿון זייער גײַסטיקער פּראָדוקציע, כּדי צו פֿאַרשפּרייטן זיי צווישן די ייִדישע ליטעראַטור־ליבהאָבערס. באַרגעניכט האָט פּערזענלעך זיך פֿאַרנומען מיט אָט־דער אַרבעט, פֿאַרקויפֿט די ביכער אויף דער ייִדי־שער גאַס און תּיכּף איבערגעשיקט אַ טשעק צום מחבר. ער האָט אַליין בכבודו ובעצמו זיך פֿאַרנומען אויך מיט אָפּוואַרטן און אויפֿנעמען די געסט אָדער שליחים, וועלכע פֿלעגן קומען פֿון דער הויפּטשטאָט צי פֿון אויס־לאַנד אויף אַ באַזוך אין קאַלי. אין יענער צײַט איז מען נישט געפֿלויגן מיט קיין אַוויאָנען אַזוי אָפֿט ווי איצט, און די געוויינטלעכע טראַנספּאָרט־מיטלען זײַנען געווען די שיף און די באַן; פֿלעגט באַרגעניכט איבערלאָזן זײַנע געשעפֿטן און צופֿאָרן צום וואָקזאַל מקבל פּנים זײַן די געסט. „מען קאָן דאָך נישט לאָזן אַ גאַסט אויף הפֿקר, בעת ער וועט אויסשטײַגן פֿון דער באַן און נישט טרעפֿן קיין ייִדן“, פֿלעגט ער טענהן. די שפּעטערדיקע כּלל־טוערס האָבן שוין נישט פֿאַרמאָגט אַזאַ דאָזע אידעאַליזם, און אַז מען האָט באַדאַרפֿט אָפּוואַרטן אַ שרײַבער, אַ שליח, אַן אַרטיסט, האָט די קהילה שוין געשיקט אויף דער באַן־סטאַציע — דעם שמש... (זאָלן זיי עס נישט אָננעמען צום שלעכטן, עס קאָן דאָך זײַן נאָך ערגער...).

איך האָב אַ מאָל דערציילט באַרגעניכטן, אַז אין באָגאָטאַ געפֿינט זיך אַ שרײַבער און נאָוועליסט פֿון אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה, אַ וואָגי־קער דערציילער וועלכער שילדערט דאָס אָרעמע לעבן פֿונעם קאָלאָמביאַנער פּאָלקמענטש, סײַ פֿאַרן ייִדישן לייענער און סײַ פֿאַר דער ברייטער נישט־ייִדישער עפֿנטלעכקייט, דורך איבערזעצונגען וועלכע דערשײַנען אין די ליטעראַרישע בײַלאַגעס פֿון די וויכטיקסטע קאָלאָמביאַנער צײַטונגען. „כ׳לעבן — זאָג איך צו אים —, עס וואָלט געווען אַ יושר צו פֿאַרבעטן שלמה ברייני־סקין קיין קאַלי, אויף עטלעכע רעפֿעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס, און פֿאַר איין וועגס וועט דאָס זײַן פֿאַרן שרײַבער אַ פֿיזישער און גײַסטיקער

אַפּרו, בײַשטענדיק דעם קאַלטן באַגאַטאַנער קלימאַט אויפן גן־עדנדיקן מילדן קלימאַט פון קאַלי, אין וועלכן ער גייטיקט זיך זייער שטאַרק״.

דער פּלאַן איז טאַקע באַלד דורכגעפירט געוואָרן לויט בארגעניכטס אָנווײַזונגען, און ברײנסקי איז פאַרבעטן געוואָרן קיין קאַלי אויף צוויי וואָכן אַלס גאַסט־לעקטאָר. די קולטור־אונטערנעמונג איז געווען אַ שטורמיש־דערפאָלגרײַכע, און ביידע צדדים זײַנען געווען צופרידן. ס׳איז געווען אַ יום־טוב פאַר ברײנסקין, וועלכער איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט וואַרעמ־קייט און ליבשאַפט דורך דער קאַלי־געמיינדע, און אַ יום־טוב פאַר די גאַסט־געבערס, וועלכע האָבן געשעפּט נחת פון זײַנע קערנדיקע רעפעראַטן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור שאַפונג.

אַרנאָלד בארגעניכט, ווי געזאָגט, האָט נישט מיטגעבראַכט פון גאַליציע קיין באַדײַטנדיקן רעליגיעזן אָדער וויסנשאַפטלעכן קולטור־באַגאַזש; על אחת כמה וכמה האָט ער נישט מיטגעבראַכט קיין מאַטעריעלע פאַרמעגנס. ער האָט אָבער יאָ געבראַכט מיט זיך אַן אומגעהײַער גרויסע דאָזע ייִדישע פאָלקסטימלעכקייט, אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ, אַ פילפאַרביקע ייִדישע נשמה און אַ פעסטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן. אָט די מעלות און מידות טובות האָט ער געשטעלט צום דינסט פון זײַן געמיינדע, זײַנע מיט־תושבים פון קאַלי, וועלכע ער האָט געדינט בלב ונפש, אַחריותפול און געטרײַ. אָן אוניווערסי־טעט־בילדונג, אָן אַ פּריווילעגירטן אַריסטאָקראַטישן מעמד און אָן רעש אַרום זיך, האָט אָט דער פאָלקסטימלעכער גאַליציאַנער ייִד באַוויזן צו דער־הייבן דאָס ייִדישע קאַלי צו דער מדרגה פון אַ מוסטער־ישוב פאַר קאָלאָמביע און אויך פאַר אויסלאַנד. הײַנט־צו־טאָג שטייען בראש פון דער קאַלי־קהילה די יורשים פון יענעם פּיאָנערישן דור, כמעט אַלע מיט אוניווערסיטעט־דיפּלאָמען, עסקנים פונעם ייִנגערן דור, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָנצופירן מיט די קהלישע אָנגעלעגנהייטן. וועט פאָלגלעך נישט זײַן קיין עוולה, אַז זיי וועלן האָבן פאַר אַ מוסטער פון גע־טרײַער און איבערגעגעבענער עסקנות, דעם לעבנסוועג און טעטיקייט פונעם פּיאָנער פון ייִדישן ישוב אין קאַלי, אַרנאָלד בארגעניכט ז״ל.

*

אַן אַנדערער פאַרדינסטפולער עסקן פון קאַלי־קאָלאָמביע, אויך אַן אָפּ־שטאַמיקער פון בעסאַראַביע, איז סאַמועל קיכנער, וועלכער איז נאָך גאָר

יונג געקומען אין לאַנד מיט קאַרגע פּופֿציק יאָר צוריק. זײַן ערשט וווינ־אָרט איז, פֿון דעסט וועגן, נישט געווען די געדיכט־באַפּעלקערטע קאַלי, נאָר אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען פּוערטאָ־טעכאַדאַ, וואָס ליגט בײַ די 30 קילאָמעטער פֿון קאַלי, און פֿאַרמאָגט כמעט אין גאַנצן אַ טונקל־הויטיקע באַפּעלקערונג. איך בין נישט בכוח פֿעסטצושטעלן אַקוראַט צי דאָס איז געווען דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך געפֿילט „ענג" אין דעם גרויסן כרך, צי



אויף אַ מסיבה אין דער קהילה. רעכטס: — הרב דוד שאראבאני, שגריר שלמה אווילי שמעון גובערעק, ישראל פּלינט

ער האָט געהאַט די אויסרעכענונג אַז אינערהאַלב דער דאָזיקער סביבה פֿון מולאַטן און נעגערס, וועט ער זיך גיכער אַרויפֿאַרבעטן... בכל אופֿן האָט מען אין יענע „גרינגע" יאָרן געטראַכט קודם־כּל פֿון פֿאַרדינען צום לעבן; ווער ס'איז שוין געווען פֿאַרזיכערט מיט חיונה, האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו טראַכטן וועגן „מאַכן אַמעריקע" און זיך אַריבערפּעקלען אין אַ גרעסער־רער שטאָט.

דאָס איז וואָס שײך דעם מאַטעריעלן אַספּעקט; אָבער אַזוי ווי דאָס לעבן פון יעדן מענטשן אַנטוויקלט זיך אויף צווי געביטן — קמח און תורה —, האָט סאַמועל קיבנער געפילט אַן איבערלעבכע אומרו און נויטווענדיקייט צו זײַן צווישן אייגענע, איבער הויפּט געפינענדיק זיך אויף יענער זײַט ים, אַזוי ווײַט פון דער היים. בכן, תיכף נאָכן באַקומען די ערשטע מאַטע־ריעלע מעגלעכקייט אין פּורטאָ טעכאַדאַ, האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין קאַלי, ווו ס׳האָט שוין דעמאָלט געשפּרודלט מיט ייִדיש לעבן, און היות ער האָט געטראָגן אין זײַן נשמה די אומרו פאַרן ייִדישן כלל, און דעם הייסן באַגער אויפצוטאָן עפּעס פאַר דער געשטאַלטיקונג פונעם נײַעם ישוב אין דער פרעמד, האָט ער זיך באַלד אײַנגעגלידערט און אַנגעשלאָסן אין דער פּיאָנערישער אַרבעט פון די ייִדן, וועלכע האָבן פאַר־אים זיך גע־האָט באַזעצט אין קאַלי.

ער האָט אין איינעם מיט זיי גענומען אויף זיך דעם נאַציאָנאַל־געזעל־שאַפטלעכן עול, און געוואָרן אַ מיטבויער פון אַ ריי אינסטיטוציעס פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער. קיבנער איז גלײַכצײַטיק געווען אַ קולטור־מענטש נאָך פון דער אַלטער היים, און אין דער וואַרעמער ייִדישער סביבה פון קאַלי האָט ער געפונען אַ פּאַסיק אָרט אויסצולאָדן זײַן קולטור־באַגאַזש. ער האָט כסדר געזאָרגט עס זאָל דאָרט נישט אויפהערן קלינגען דאָס ייִדישע וואָרט, און איז אויך אַרײַנגעדרונגען אין דער ייִדיש־שפּאַנישער און נישט־ייִדישער וועלט, דורך אַ פּערפעקטער באַהערשונג פון דער לאַנדשפּראַך.

ער האָט זיך אַרויסגעהויבן אין די רייען פון זײַן קיבוץ און פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין די קהילה־פאַרוואַלטונגען. אויפן אידעאָלאָ־גישן געביט, האָט ער זיך אויסגעטיילט ווי אַן עקסטרעם אַלעגמיינער ציוני; מיר באַנוצן דאָ דאָס וואָרט „עקסטרעם" נישט כדי צו באַצייכענען אַ גע־וויסע שאַטירונג אינערהאַלב דעם אַלגעמיינעם ציוניזם, נאָר אינעם זין פון אומפּשרהדיקייט לגבי אַנדערע פּאָליטישע נייגונגען — אַפילו פּועלי ציוניסטן זײַנען נישט געווען פאַר אים הונדערט פּראָצענטיק כשר ציוניסטיש —, און דאָס איז אפשר געווען זײַן איינציקער חסרון. די צוועקלאָזיקייט פון זײַן אומפּשרהדיקער שטעלונג איז געווען בולטער איבערן פאַקט, וואָס דאָס אַלגעמיינע ייִדישע קאַלי האָט קיין מאָל נישט געפילט קיין טעם אין די אידעאָלאָגישע רײַבונגען, און ער איז געווען אַ יחיד במינו אין דעם הינזיכט.

ער האָט זיך אײַנגעקויפּט דערמיט נישט ווינציק קעגנערס צווישן די סימפּאַטיזירערס פֿון די איבעריקע לאַגערן, אָבער דאָס בלויז אויף דער אידעיִש־פּאָליטישער אַרענע. צו דער אַרבעט לטובֿת די געזעלשאַפֿטלעכע אינטערעסן פֿאַרן ווילשטאַנד פֿונעם ישובֿ, האָט עס קיין שײַכות נישט געהאַט. אַרנאָלד באַרגעניכט, דער מוסטערהאַפֿטער און אומפֿאַרגעסלעכער כּלל־טוער, וואָלט קיין מאָל נישט געווען דערלאָזט, אַז אַזעלכע מיינונג־פֿאַר־שיידנקייטן פֿון רייִן פּאַרטייִשן כאַראַקטער, זאָלן זיך אָפּרופֿן נעגאַטיוו אויף דער ציבורדיקער טעטיקייט. קיכנערס עסקנות־פֿעיִקייטן זײַנען דורך אַלע־מען אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער געהעריקער מאָס, און ער איז אין אַ געוויסן פּעריאָד געווען ראש־הקהל.

און הײַנט? הײַנט שטייען שוין די נײַע דורות בײַ דער קהילה־ליטונג, און איך ווינטש זיי זאָלן פֿאַרמאָגן די זעלבע איבערגעגעבנקייט און אידעע־אַליזם פֿאַר די אַלגעמיינע הצטרכותן, ווי עס האָבן אַרויסגעוויזן סאַמועל קיכנער און אַ סך אַנדערע פֿון זײַן פּלעיאַדע. די אַמאָליקע עסקנים האָבן דערפֿילט זייער שליחות מיט דער התלהבֿות פֿון כּהנים, וועלכע דערפֿילן מיט אַ הייליקן ציטער די עבֿודת הקודש. מען טאָר אפֿשר צו פֿיל נישט פֿאַרלאַנגען פֿון די יורשים פֿון יענע עסקנים־אידעאַליסטן; סוף־כּל־סוף איז דאָך זייער וויגל נישט געשטאַנען אין די פֿולבלוטיקע ייִדישע ישובֿים מעבֿר לים, און קאָנען נישט זײַן דורכגעדרונגען מיטן זעלבן עסקנות־גײַסט וואָס זייערע עלטערן. לאָמיר זײַן צופֿרידן און דאַנקען השם יתבּרך, וואָס עס זײַנען פֿאַראַן יורשים וועלכע האָבן איבערגענומען דעם רודער פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט. ווי זאָגט מען בײַ ייִדן? „עס האָט געקאָנט זײַן נאָך ערגער"...

די יונגע דורות שטייען בײַ דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג, און די וועטע־ראַנען ווי קלאַר, ארביטסמאַן, קיכנער און לעכטער, טרעפֿן זיך צונויף בײַ אַ קאַוועלע אָדער בײַ אַ ספּעציעלער געלעגנהייט, און עס טויכן־אויף די הערלעכע זכרונות פֿון יענע בראשית־יאָרן פֿונעם קאָלי־ישובֿ. די פּיאָ־נערן און בויערס פֿונעם אָרטיקן ייִדישן לעבן, באַטראַכטן מיט אינטימער צופֿרידנקייט די פּרוכט פֿון זייער מיזאַמער כּלל־טעטיקייט, און פֿילן זיך גליקלעך וואָס זייער לעבן האָט געהאַט אַן אינהאַלט פֿון העכערע ייִדישע

ווערטן, און וואָס זיי האָבן זיך נישט געלאָזט פאַנגען פונעם רייצנדיקן עגל הזהב.

ליידער, צום באַדויערן, קומט אונדז אויס צו דערמאָנען דעם איידעלן און צאַרטן משהלע אַרביטסמאַן, מיטן טרויעריקן „געוועזן".

*

כאַקאַבאַ גרינבערג געהערט צו דער שארית הפליטה. בימי היטלער, י"ש, האָט ער געפירט אַ ביטערן און פאַרצווייפלטן געראַנגל אין די רומע־נישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און ס'איז אים געלונגען איבערצולעבן דעם גיהנום. נאָך דער מלחמה האָט ער אַריבערגעוואַנדערט קיין קאַלי־קאָלאָמ־ביע, צו זיינע בעסאַראַבער לאַנדסלייט. דאָן כאַקאַבאַ, ווי מען רופט אים איך שטאָט, האָט פונעם ערשטן טאָג אין קאָלאָמביע גענומען אויף זיינע פּלייצעס דעם עול פון צרכי ציבור, אין איינעם מיטן עול פרנסה. שוין קנאַפּע דרייסיק יאָר, אַז ער איז איינגעשפּאַנט אינעם שווערן געזעלשאַפט־לעכן וואָגן, און טוט זיין אַרבעט געטריי, אַחריותפול און אָן רעש אַרום זיך; ער איז נאָך אַ רעלאַטיוו יונגער מענטש, און זיין צושטייער פאַרן ישוב וועט נאָך אָן ספק רייכער ווערן. זיין נאָמען איז געוואָרן אַ סינאָנים פון מאָראַלישער אויטאָריטעט, און זיין היים — אַן אַדרעס פאַר יידישע שרייבערס, אַקטיאָרן און שליחים פון אויסלאַנד. ער גיט אַליין פאַר וווילטע־טיקע צוועקן, און באַוועגט אַנדערע צו געבן, הגם ער איז זייער ווייט פון זיין אַ גביר; ער פילט אָבער די מאָראַלישע פליכט אַנטקעגנצוקומען יחידים און אינסטיטוציעס בשעת הדחק; און דערפאַר איז זיין נאָמען געוואָרן אַ סינאָנים פון האַרציקער פאַרשטענדעניש און זאָרגפעליקייט פאַר סאָציאַלע אויפגאַבן. אַלץ וואָס אָטעמט מיט יידיש לעבן איז ראוי צו זיין אויפמערק־זאַמקייט, אַפילו אויפן חשבון פון זיינע פּריוואַטע ענינים, ווייל כאַקאַבאַ גרינבערג פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענע נייגונג צו געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט און ווייל ער איז אַ נוח לבריות.

כאַקאַבאַ גרינבערג, הגם ער איז אַ באַשיידענער מענטש און נישט קיין כבוד־זוכער, דאָך פאַרנעמט ער אויף דאָס ניי דעם אַמט פון ראש־הקהל אין קאַלי, אויפן פאַרלאַנג פון דעת הקהל.

די יונגע, וועלכע האַלטן איצט דעם קהילה־רודער אין קאַלי, רופן אים

אָפּט כדי זיך צו שואל עצה זײַן מיט אים וועגן פֿאַרשיידענע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיטן אינערלעכן לעבן פֿונעם ישוב, און מען נעמט זייער אין אַכט זײַנע אָנווײַזונגען אויפֿן דאָזיקן געביט. ער איז דערגאַנגען צו דער מדרגה פֿון אַ צענטראַלער פֿיגור, צום ראַנג פֿון אַ פֿירנדיקער פּערזענלעכקייט אין פֿײַנסטן זין פֿון וואָרט. זײַן גײַסטיקער אַקטיוו באַטרעפֿט אַ גרויסן סכום אין דער פֿאָרעם פֿון שעפֿערישער אַרבעט לטובת הכלל. אַזעלכע ייִדן זײַנען מזל און ברכה פֿאַר אַ ייִדישן ישוב, אונדזער ווונטש איז, אַז אָט־דער האַרציקער בעסאַראַבער פֿאָלקסייִד און ווירדיקער עסקן, ה' כאַקאַבאַ גרינבערג, זאָל ממשיך־זײַן זײַן עבודת הקודש נאָך אַ סך, אַ סך געזונטע יאָרן.

*

צווישן די רעליגיעזע ייִדישע תּשובֿים פֿון קאַלי, האָבן זיך אויסגעטיילט ר' יואל שטערענטאָל, ר' לייב פֿעלדמאַן און ר' אליעזר זילבערמאַן. שטערענטאָל, אַ געבוירענער אין נאָוויסעליץ (בעסאַראַביע), איז אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע מיטן גרויסן אימיגראַציע־שטראָם און תּיכּף גענומען זאָרגן פֿאַר אַ מקום קדוש, אַ ספֿר תּורה, אַ מנין צום דאַווענען, און אַז אין דער נײַער פֿרעמדער סבֿיבֿה זאָל חלילה נישט אָפּגעווישט ווערן דער צייכן פֿון אַ שבת און אַ יום־טובֿ. לייב פֿעלדמאַן האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ בעל־תּפֿילה, מיט אַ מתיקותדיקן נוסח־התּפֿילה; זײַן דאַווענען בײַם עמוד אום שבת, און ווער שמועסט אין ימים נוראים, איז טיף אַרײַנגעדרונגען אין די הערצער פֿון די מתפּללים. ער האָט אויסגעפֿירט זײַן הייליקע שליחות כמעט ביז דער לעצטער מינוט פֿון זײַן לעבן. זײַן פּטירה האָט איבערגעלאָזט אַ בלויז, וואָס ס'איז זייער שווער צו פֿאַרטרעטן. דאָס ייִדישע קאַלי ברענגט אַראָפּ פֿון אויסלאַנד יאָריערלעך אַ חזן אויף ימים נוראים, און ער טוט ר' לייב פֿעלדמאַנס מלאכת הקודש.

דער דריטער כּלי קודש, וועלכער איז אויך נפֿטר געוואָרן מיט אַ קורצער צײַט צוריק, ר' אליעזר זילבערמאַן, האָט דערפֿילט די פֿונקציע פֿון שוחט און סופֿר אין קאַלי. זײַן לעבן האָט זיך אויסגעלאָשן נאָכן האָבן אַריבערגעשפּאַנט די עלטער פֿון גבֿורה; נאָכן האָבן אָפּגעלעבט אַלע זײַנע יאָרן אין הייליקער אָפּגעהיטנקייט. מיט דער פּטירה פֿון די דאָזיקע דרײַ טײַערע ייִדן, איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַ קאַפּיטל רעליגיעזע ייִדישקייט

אין קאַלי. ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל אומקערן צו יענער גאָלדענער תקופה, ווען דער ייִדישער ישוב האָט פאַרמאָגט אַלע טראַדי־ציאָנעלע קענצייכנס און אַטריבוטן פון עכטער ייִדישקייט...

מיר וועלן אָפּשליסן אונדזער קאַפּיטל זכרונות וועגן קאַלי מיט דער סימפּאַטישער משפחה גיטיס, וואָס האָט געשטאַמט — אויב איך מאַך נישט קיין טעות — פון נאָוויסעליץ. דאָס איז געווען אַ פאַרצווײַגטע פאַמיליע בראש מיט יוסף גיטיס, דער עלטסטער, און זײַנע ברידער זאַנוול, שמעון־יחיאל, חיים, אַ טייל שוין נישטאָ מער, אָבער ס׳זײַנען פאַראַן זייערע יורשים, וועל־כע זײַנען איבערגעגעבענע, אַקטיווע כלל־טוערס אין קאַלי. אַלע מיטגלידער פון דער דאָזיקער משפחה, איבער הויפּט די אײַנגעוואָנדערטע פון איי־ראָפּע מיט די טראַדיציאָנעלע, פאַלקסטימלעכע אייגנשאַפטן פון די בעסאַ־ראַבער שטעטלעך, האָבן געטרײַ און ערלעך געווידמעט זייער צײַט פאַר קהלשער טעטיקייט באמונה.

די קערנער וואָס זיי האָבן פאַרזייט אינעם בײַעם באָדן האָבן געבראַכט גוטע פּירות. זאָלן מײַנע באַשיידענע ווערטער דינען אַלס אָנערקענונג־אויס־דרוק פאַר זייער גרויסן בײַטראָג פאַרן ישוב אין קאַלי.

# יצחק גילינסקי

דער לייענער פון דעם בוך האָט זיך שוין מסתמא אָנגעטראָפן אויפן נאָמען גילינסקי אין שייכות מיטן לײדער שוין פאַרשטאָרבענעם ראשון פון דער דאָזיקער משפחה, וואָס האָט צוגעטראָגן זײַן בײַטראָג צום ייִדישן ציבורדיקן לעבן, פריִער אין באַראַנקיליאַ און נאָך דעם אין קאַלי.

נישט אַלע מאָל האָט אַ ישוב אַזאַ מזל, אַז די קינדער זאָלן ירשענען די אידעאַלן און איבערגעגעבנקייט פונעם פּיאָנערן־דור. אָפטער טרעפט אַז מען איז לפנים אַפילו זייער איבערגענומען מיט די כלל־ענינים, אָבער אין תוך איז מען גלײַכגילטיק צו אַלץ וואָס רירט נישט אָן דעם ענגן משפחה־קרײַז. יצחק גילינסקי האָט אָבער יונגערהייט זיך גענומען אַרויס־הייבן ווי אַ כלל־טוער מיט אַן אייגענעם אימפּולס און פאַרנעם, קודם־כל אין זײַן שטאָט קאַלי און איצט נאָך ווײַטער, ווײַל ער איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער פאָרזיצער פון דער קהילות־פעדעראַציע פון לאַנד.

אַ רויִקער און אַ געלאַסענער אין זײַנע באַוועגונגען און אין זײַנע רייד, האָט יצחק גילינסקי די מעלה, וואָס ער קען איבערצײַגן אָן אויפרעגונג און מהגה זײַן מענטשן שוין מיטן געמיטלעכן טאָן פון זײַן שמועס. ער איז אַ געזעלשאַפטלעכער מנהיג אין די פּערציקער יאָרן, דאָס הייסט: אַ צוזאָג אַז זײַן טעטיקייט וועט זיך נישט באַגרענעצן אויף איין ראַיאָן פון לאַנד, נאָר וועט משפיע זײַן לטובה אויף אונדזער גאַנץ ציבורדיקן לעבן אין קאָ־לאָמביע.

מיר, די בויערס פון דעם דאָזיקן לעבן אינעם לעצטן האַלבן יאָרהונ־דערט — איך אַליין וווין שוין דאָס 48סטע יאָר אין לאַנד — פילן אַ באַ־זונדערן שטאָלץ ווען מיר זעען ווי דער נאָכוווקס פון אונדזער דור טרעט אַרײַן אין דעם געביט פון עסקנות, שוין אָן דער שווערער שטרויכלונג פון

ש מ ע ו ן   ג ו ב ע ר ע ק

דער פרעמדקייט אין דער לאַנדשפּראַך, וואָס האָט שטאַרק באַגרענעצט בשעתו אונדזער טעטיקייט. מיר שטאָלצירן מיט אַ יצחק גילינסקי און מיט זײַנס גלײַכן, מיט זייער טיפער צוגעבונדנקייט צום ייִדישן קיום, וואָס מינערט גאָר נישט פון זייער אײַנגלידערונג אינעם לעבן, קולטור און לאַנדשאַפט פונעם ברייטגיביקן קאָלאָמביאַנער פּאָטערלאַנד, ווו מיר אַלע פילן זיך באַשיצט און פאַרברידערט.

# לילִיאַן לעווי – אַ יִידישע פרוי אין דער וועלט פון קאָלאָמביאַנער זשורנאַליזם

יִדן וווינען אין קאָלאָמביע זינט אַ האַלבן יאָרהונדערט. דאָס הייסט, אויב מען נעמט אין אַכט די לעצטע אימיגראַציע; מען זאָל זיך רעכענען מיט פרִיערדיקע שטראָמען, קען מען דעם יחוס ציִען אפשר פון קאָלומבוסעס צײַטן און אפשר פון נאָך פרִיער. איך רעד דאָ אָבער נאָר פון דער אימיגראַציע אין אונדזערע צײַטן. נישט געקוקט אויף אונדזערע פינף יאָרצענדליגער אין לאַנד און אויפן פאַקט, אַז עס לעבן שוין אויף דעם קאָנטינענט דער דריטער דור אונדזערער, איז נאָך אונדזער באַטייליקונג אויף אַ ריי געביטן פון קאָלאָמביאַנער לעבן זייער אַ באַגרענעצטע. אָפּגעשמועסט פון פּאָליטיק,ווו אַחינו בני ישראל האָבן נאָך ביז אַהער כמעט קיין דריסת הרגל נישט געהאַט, בלײַבט אפשר נאָר דאָס פעלד פון ליטעראַטור, ווו מיר קענען יאָ פאַרצייכענען געוויסע אויפטועז, הגם נאָך אויך נישט פונעם פאַרנעם וואָס מיר וואָלטן געוואָלט דערגרייכן.

דער ערשטער וואָס האָט דערציילעריש געזוכט אָפּצושפּיגלען די היגע געזעלשאַפטלעכע רעאַליטעט מיט אַ יִדישן קוק, איז געווען דער שרײַבער שלמה ברײַנסקי ע"ה. אַנדערע מחברים פון אונדזער אָפּשטאַם זײַנען: יעקב שפּאַנקאַ, וואָס וווינט הײַנט אין קאַראַקאַס און האָט אויפגעהערט שרײַבן; כאַרכע בידערמאַן ע"ה, אַן ערשטקלאַסיקער עסײַיסט; כאַצקל גראָסגאָלד, אַ בן־בית אין די געמאַרקן פון ליד און פון דערציילערישער פּראָזע. זיך אַליין רעכן איך נישט אַרײַן אינעם געזעמל פון די שרײַבערס, ווײַל כאָטש מײַן בוך זכרונות וועגן קאָלאָמביע האָט זוכה געווען צו אַ גוטן אָפּקלאַנג, האָב איך קיין מאָל נישט פּרעטענדירט אַרײַנגערעכנט צו ווערן אין דער

בכבודיקער קאַטעגאָריע פון די בעלעטריסטן. ווען איך וויל יאָ אַרײַנ־רעכענען איז דעם שרײַבער ישראל לאַפּסיוק, וואָס האָט גאָר לעצטנס אַרויס־געגעבן „זאָלסט נישט פאַרגעסן", אַן אויפּציטערנדיקע שילדערונג פון די חורבן־ און אומקום־יאָרן, וואָס דער מחבר האָט איבערגעלעבט אויף אײ־גענער הויט אין דער נאַצי־פאַרפּלייצטער אייראָפּע. ס'איז אויך כדאי צו דערמאָנען מאַנועל דרעזנערן, אַן אימיגראַנטן־זון וואָס פאַרמאָגט אַ פּײַ־נעם שפּאַנישן נוסח און האָט אַ פּערמאַנענטע רובריק אין אַ ביז גאָר אײַנ־פלוסרײַכער און פאַרשפּרייטער קאָלאָמביאַנער טאָגצײַטונג.

אָבער מײַן כוונה בײַם שרײַבן די דאָזיקע שורות איז אַרויסצוהייבן אַ דערמוטיקנדיקן פאַקט: דאָס באַווײַזן זיך פון אַ פּראָמינענטער פרויען־געשטאַלט, אַ טאָכטער פון אַ יידישער אימיגראַנטן־היים, וואָס לייגט איר חותם פון טאַלאַנט און אינטעליגענץ אויפן קאָלאָמביאַנער זשורנאַליזם.

איך מיין דאָ פרוי ליליאַן לעווי, וואָס איז צוזאַמען מיט איר משפחה געקומען אין לאַנד אַרײַן פון עגיפּטן, מיט קאַרגע 20 יאָר צוריק. עטלעכע יאָר האָט זיך ליליאַן פאַרנומען מיט לערערײַ אין דער העברעיִשער שול פון קאַלי. זי האָט אָבער דעם דאָזיקן באַרוף אויסגעביטן אויף זשורנאַליזם אין דער נײַער צײַטונג „על פּועבלאָ", פון קאַלי. דאָס בלאָט האָט גיך געקראָגן אַ צירקולאַציע איבערן גאַנצן לאַנד, און מיט אים איז דער ביז דעמאָלט מיר אומבאַקאַנטער נאָמען, ליליאַן לעווי, געוואָרן פּאָפּולער ווי דער נאָמען פון אַ זשורנאַליסטקע, וואָס פאַראייניקט טיפע באַהאַוונטקייט אין אינטער־נאַציאָנאַלע ענינים מיט אַן עכט־קינסטלערישער באַהערשונג פון דער שפּאַנישער שפּראַך. נישט קענענדיק זי מער ווי פון אירע אַרטיקלען, בין איך זיכער געווען, אַז דאָס איז אַ הי־געבוירענע זשורנאַליסטקע, אַן אויס־געבילדעטע אין דער שפּראַך וואָס זי באַהערשט אַזוי טיף. ערשט גאָר לעצטנס, אויף דער מסיבה לכבוד אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ צום צו־טיילן אים די פּרעמיע „מענטשנרעכט" פון לאַטײַן־אַמעריקאַנער יידישן קאָנ־גרעס, איז מיר אויסגעקומען זיך מיט איר פּערזענלעך צו באַקענען און זיך צו דערוויסן, מיט גרויס איבעראַשונג, אַז דאָס האָט זי אין משך פון אירע קנאַפּע צוויי צענדליגג יאָר אין לאַנד, זיך דערוואָרבן אַזאַ פּערפעקטן שפּראַך־אינסטרומענט. איך האָב דאַן געפילט גרויס צופרידנקייט, ווײַל דאָס האָב איך — ווי אַ מיטגליד פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט — זי געהאָט פאַרבעטן,

און דאָס טרעפֿן זיך מיט איר האָט מיך מקרב געווען צו אַ זעלטענער פֿרוי, וואָס געווינט פֿון טאָג צו טאָג מער אָנערקענונג, סײַ אויף דער ייִדישער גאַס, סײַ אין די קרײַזן פֿון דער קאָלאָמביאַנער פּרעסע בכלל.

ס'איז פֿאַר מיר געווען אַ זכיה זיך צו באַקענען מיט אַ פֿרוי, וואָס האָט אין סאַמע בלי פֿון אירע יאָרן דערגרייכט אַ בכבודיקע פּאָזיציע אַ דאַנק איר אינטעלעקט, אָפֿענעם גײַסט, התמדה און טאַלאַנט.

# אויף די קוקורוזע־פעלדער

דער ייִדישער ישוב אין מעדעלין האָט מיט דער צײַט זיך גאַנץ פֿײַן אײַנגעאָרדנט. באַשטאַנען איז ער פֿון קליינע, אָבער געקליבענע, גרופּעס אינדוסטריאַלן, מיט ייִדישע שולן, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אַ קהילה, אַ ספּאָרט־קלוב און דרײַ אויפגעקומענע דורות אויף זייער קאָנטע. זיי האָבן ליב דעם באָדן פֿון אַנטיאָקיאַ, די פּראָווינץ פֿון קוקורוזע פעלדער, מיט דעם זעלבן אייפער ווי דער אַנטיאָקיער גופא — און אַ מאָל נאָך שטאַרקער — ווײַל זיי האָבן דעם פּוילישן און ליטווישן אַנטיסעמיטיזם נישט פֿאַרגעסן, און דאָס איז שוין אַן און פֿאַר זיך וויכטיקע דערשײַנונג.

די משפחה ראַבינאָוויטש איז געווען די ערשטע, וואָס איז אָנגעקומען אויף די „קוקורוזע־פעלדער". אַן אָפּשטאַמיקע פֿון אַן אוקראַיִניש שטעטל, אָדער גיכער פֿון אַן דערפֿל, האָבן זיי פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד פֿון זייערע עלטערן און אורעלטערן, און פּלוצעם זיך דערזען אין מעדעלין, בראש מיטן ענער־גישסטן פֿון דער פֿאַמיליע — בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש. נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַ ביסל אַרומגעקוקט, האָבן זיי זיך גענומען צו אינדוסטריעלער אַרבעט; און אויפֿן זעלבן פּלאַץ וווּ זיי האָבן אין די גרינע יאָרן אויפגעשטעלט זייער באַשיידן פֿאַבריקל, געפֿינט זיך הײַנט דער ריזיקער בנין פֿון „טעכידאָס לעטיסיא", וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די אַנטשטייונג פֿון אַ שיינער געגנט, מיט ברייטע אַליין, ריינע און ברוקירטע גאַסן, ליכטיקע גבירישע וווינונגען, מיט אַ פֿאַרצווײַגטער קאָמערץ און טראַנספּאָרט־ליניעס. דאָס איז די געגנט „אַמעריקאַ".

דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע פֿאַרמעגן פֿונעם ייִדישן ישוב אין מעדעלין (בית־כנסת, שולן, פֿאַראייניגן, ספּאָרט־קלוב), טראָגט אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופֿן, דעם חותם פֿון בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט אַרײַנגעלייגט

דערין זײַן בריטהאַרציקייט און אויך זײַן איניציאַטיוו. אין די סאַמע בראַ־שית־יאָרן, ווען דער ישוב איז נאָך געווען אין די וויקעלעך, האָט ער אויסגעמיטן צו פאַרנעמען געזעלשאַפטלעכע אַמטן, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. צום סוף האָט ער גע־מוזט גובר זײַן די דאָזיקע אײַנגעבוירענע עניוות, און הײַנט־צו־טאָג געניסן אַלע פון די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, וועלכע ער האָט געהאָלפן אויפ־בויען, און ווייסן ווינציק־וואָס פון די שוועריקייטן, וועלכע עס האָט גע־דאַרפט בײַקומען דער פּיאָנער און בויער פון ישוב. אָבער דערפאַר איז באַוווּסט, אַז דער ישוב פון מעדעלין צייכנט זיך אויס מיט זײַן בריטהאַר־ציקייט, פרײַנדלעכקייט און גוטברודערשאַפט, ווי עס פּאַסט פאַר מכניסי אורחים.

דאָן בערנאַרדאָ איז אַן אומדערמידלעכער מענטש; ווי אַ גוטער באַ־לעבאָס זאָרגט ער פאַרן וווּקס פון זײַן פאַבריק, אָבער ער זאָרגט אויך פאַר הצטרכותן פון ישוב, און איז שטענדיק גרייט אַרויסצוהעלפן אַ מענטשן אין נויט, און אויסשטרעקן אַ האַנט דעם געפאַלענעם. און עס פאַרבלײַבט אים נאָך צײַט צו זײַן פּאַרטראַטן און אַרבעטן אין פאַרשיידענע אינסטי־טוציעס.

די דאָזיקע אייגנשאַפטן זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַרן ייִדישן כלל־טוער; אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז אין אַמעריקע איז פאַראַן ווייניק בעלנים פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און ס'איז נישט גרויס די צאָל פון די, וואָס ווילן אומפאַראינטערעסירט אַוועקגעבן זייער צײַט פאַר זייערע מיט־מענטשן. עסקנות לטובת הכלל זײַנען געווען זייער שיינע מידות אין דער אַלטער היים, מעבר לים, אָבער אין אַמעריקע ווערט דער מענטש אַנדערש; איבער הויפּט ווען דער ייִד פּאַסט זיך צו צום לעבנסאַרט און צו די מנהגים פון לאַנד וווּהין ער קומט, און דער קאָלאָמביאַנער „אינדיווידואַליזם” האָט דערבײַ אויך נישט קיין קליינעם אײַנפלוס...

יאָ, זייער אַ סך האָט בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש געטאָן פאַר זײַן מעדע־לינער געמיינדע, אָבער מיט דער צײַט איז זײַן נאָמען און בײַטראָג ווײַט אַרויס די גרענעצן פון שטאָט, און ער איז געוואָרן דער פאַרשטייער פון גאַנצן קאָלאָמביאַנער ייִדישן ישוב. דאָס איז געווען דורך זײַנע אָפטע רײַזעס איבערן לאַנד אין געשעפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אַנגעלעגנהייטן, און

ביסלעכווײַז איז נישט געבליבן אין לאַנד קיין ייִד וועמען ער זאָל נישט קענען, און וואָס זאָל אים נישט קענען און פאַרערן. ער האָט דורך זײַן פּשוטקייט און צוגעלאָזנקייט געצויגן צו זיך ייִדישע פאַלקסמענטשן, וועלכע זײַנען געוואָרן זײַנע אמתע פרײַנד און פאַרערערס. ער האָט געשמט מיט זײַן גרייטקייט צו טאָן אַ טובה אַ מענטשן און איז געווען אַן אמתער אוהב



אויפן 20סטן יאָרצײַט פון שלמה ברייִנסקי ע״ה. עס זיצן ראַבינער פרידהענדלער, דער ברודער פון נפטר, שמעון ברייִנסקי; באַוווּסטער שרײַבער און ייִדן־פרײַנד, כאָרכע רעגעראַס פּעראַלטאַ; דער דיכטער, לויס ווידאַלעס און דער שגריר שלמה אווילא

ישראל. עס וואָלט פאַרנומען צו פיל אָרט אויסצורעכענען זײַנע אויפטוען אויף דעם דאָזיקן געביט. זײַן טעקסטיל־אונטערנעמונג איז זיך צעוואַקסן, און דאָך זײַנען זײַנע חברים נישט געווען די פון זײַן אייגענעם עקאָנאָמישן שיכט. ער האָט אין זיי נישט געזען קיין איבעריקע מעלות, ער האָט נישט געשטרעבט צו די הויכע, און אַוודאי נישט צו די פרעמדע „פּענצטער", און האָט זיך געחברט מיט עמך.

ער האָט דורך זײַנע מעשים זיך אַרויסגעהויבן איבער זײַן סביבה. אין באָגאָטאָ איז ער געווען אַ האַלבער תּושב, וואָס האָט געהאַט זײַן אינדוסט־ריעלן צענטער אין מעדעלין. אין משך פון יאָרן איז ער כּמעט ווי געווען אַן „אונדזעריקער״, אין דער הויפּטשטאָט. דאָס איז געווען אין די ערשטע דרײַסיקער יאָרן, בעת אונדזער יונגע קהילה האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס, און געזעלשאַפטלעך זיך נישט געקענט שטעלן אויף די פֿיס. אַ מעשה פון „לאָרדן״ — און „באַרוועסע״, וועגן וועלכע איך האָב דערציילט אין מײַן ערשטן בוך, און וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אינטערעסאַנטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב. דאַן בערנאַרדאָ האָט נישט געהאַט קיין „לאָרדישע״ אַמביציעס. ער, דער גרויסער מעדעלינער אינ־דוסטריאַל און גביר, איז געווען אַן עכטער פֿאַלקסייִד, אַ „נאַש־בראַט״, וואָס האָט געהאַלטן מיט די „באַרוועסע״. אין אַ געוויסן קריטישן מאָמענט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט ער אַפֿילו איבערגענומען די פּרעזי־דענץ פון אונדזער קלוב, און האָט זיך צווישן אונדז געפֿילט ווי אַ פֿיש אין וואַסער.

די „באַרוועסע״ האָבן אים אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפֿט און דרך־ארץ; מאַרקוס פוקס, זײַן גאָר נאָענטער חבר, איז אויך דעמאָלט אַרײַנגע־צויגן געוואָרן אין ציבורדיקן לעבן אויף אונדזער ייִדישער גאַס, און איז געוואָרן דער וויצע־פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע, אויף מײַן וויניקייט איז אויסגעפֿאַלן די שליחות צו זײַן סעקרעטאַר. אַ סך פּעדעם האָבן מיך פּערזענלעך פֿאַרבונדן מיט בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש. אונדזער אינטימע און אמתע פרײַנדשאַפֿט האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם ענדגילטיקן מענטשלעכן סוף...
שוין אַ צוויי יאָר צײַט, אַז דאָן בערנאַרדאָ האָט זיך צעשיידט מיט זײַן וועלט, מיט זײַן משפּחה, מיט זײַנע פֿילצאָליקע פרײַנד, און אויך מיט מײַן אויפֿ־ריכטיקער פרײַנדשאַפֿט, וועלכער איך הייליק אָט די באַשיידענע שורות, ווי אַ בלימל אויף זײַן מצבה...

אין עלטער פון 83 יאָר האָט ער נאָך אַלץ געשטעלט אַ לענגערן ווידער־שטאַנד דעם מלאך המוות, און זיך נישט אונטערגעגעבן; זײַן גוואַלדיקע לעבנס־ענערגיע האָט אים יעדן פרימאָרגן אַרויסגעטריבן פון זײַן היים, און מיטן שאָפער געפֿאָרן אין ביוראָ פון זײַנע פֿאַבריקן, אַ בליק טאָן אויף זײַן מי און אימפּעריע, פון וועלכער ער איז געווען די טרײַבקראַפֿט. דאָס

האָט אים אַ קורצע צײַט דערהאַלטן בײַם לעבן, אָבער נישט מער. זאָל דעם האַרציקן פֿאָלקסייִדן, גרויסן פֿילאַנטראָפּ און מענטשן־פֿרײַנד, די ערד גרינג זײַן...

ווי איך האָב שוין בײַ עטלעכע געלעגנהייטן דערמאָנט, האָט דער ייִדישער ישוב אין קאָלאָמביע פֿאַרמאָגט ווינציק אינטעלעקטואַלן, און פֿון די געציילטע וואָס מיר האָבן יאָ געהאַט, רוען שוין דער גרעסטער טייל פֿון זיי אויפֿן בית־עלמין פֿון באָסאָ. כאַצקל גראָסגאָלד, שלמה ברײַנסקי, כאָרכע ביידערמאַן א״אַ האָבן פּריצײַטיק פֿאַרלאָזט די זינדיקע וועלט. בלויז איינער, אַ חבר פֿון דער גרופּע לעבט נאָך: לעאָן רעזניק. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פֿונעם נאַצי־גיהנום ווי אַ בלאָט וואָס דער ווינט האָט פֿאַרטראָגן, און נאָך אַ קורצן אָפּשטעל אין ישראל, איז ער פֿאַרוואָגלט געוואָרן צו אונדז. דאָס איז געווען אין יאָר 1947; אין יאַנואַר 1948 האָב איך זיך באַקענט מיט אים. ער האָט דעמאָלט באַגלייט אַ זייער חשובן גאַסט: דעם באַוווּסטן קאָלומניסט פֿון דער ניו־יאָרקער צײַטונג „דער טאָג״, בן ציון גאָלדבערג, וועלכער איז געווען אויף אַ באַזוך מיט זײַן פֿרוי מערי, די טאָכטער פֿון אונדזער קלאַסיקער, שלום עליכם.

היות, איך בין געווען דער וואָס האָט פֿאַרבעטן ב. צ. גאָלדבערג כּדי צו געבן אַ ציקל רעפֿעראַטן פֿאַרן קאָלאָמביאַנער ישוב, האָב איך אין איינע וועגס אַראָפּגעבראַכט לעאָן רעזניקן פֿון מעדעלין וועמען איך האָב פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן חשובן גאַסט און צוזאַמען מיט מיר האָט ל. רעזניק אָנטייל־גענומען און באַגלייט ב. צ. גאָלדבערגן אין אַלע זײַנע אויפֿטריטן. ל. רעזניק, אַן געבוירענער אין לאָדזש, די גרויסע פּוילישע וועבער־שטאָט, האָט לעאָן רעזניק געשעפּט זײַן גײַסטיקע און קולטורעלע יניקה אין די ברייטע אייראָפּעיִשע קולטור־קרײַזן, וואָס האָט צוגעגעבן אַ סך חשיבות זײַן פּערזענלעכקייט.

אַ קליינוווּקסיקער, פֿעסט־געבויטער, מיט אַ גרויסן קאָפּ און ברילן דורך וועלכע עס קוקן אַרויס אַ פּאָר פֿאַרחלומטע אויגן, האָט לעאָן רעזניק געזאָלט ווערן אין מעדעלין דער צענטער פֿון גײַסטיקן לעבן אין ייִדישן ישוב. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט; אין מעדעלין האָט ער נישט געפֿונען קיין סביבה, און ביסלעכווײַז האָט ער גענומען זיך אָפּזונדערן מיט זײַנע ביכער, מיט זײַן גײַסטיקן אומרו, און זיך איזאָלירט פֿון מענטשן. אין

דער אַנטיאָקיער הויפּטשטאָט האָט ער זיך געפילט ווי אין אַ פּאַרוואָר־פּענעם קליינשטעטל, און ער איז געבליבן אַליין מיט זײַנע צײַטונגען, זשור־נאַלן און ביכער, און אויך מיט זײַנע געדאַנקען, מיטאַרבעטנדיק פון צײַט־צו־צײַט אין ייִדישע אויסגאַבעס, פון אויסלאַנד, ווי די שוואַלב וואָס פליט איינע אַליין אויסער דער עמיגרירנדיקער שוואַלבן־מאַסע.

אין זיין קליינער קראָם אין בעליא, זיצט לעאָן רעזניק איבערגעבויגן איבער אַ בוך; זײַן געשטאַלט רופט אַרויס בײַ אונדז אַ דעראינערונג וועגן דער איראָניע פון מענטשלעכן גורל. זינט דער פּריסטער יוגנט איז ער געווען אַן אייגענער צווישן שרײַבערס און קינסטלערס אין זײַן גרויסער געבוירן־שטאָט; יונג אין יאָרן אָבער באַקענט אין דער ליטעראַרישער וועלט, זײַנען דערשינען זײַנע מיטאַרבעטונגען אין דער לאָדזשער ייִדישער צײַ־טונג „דער טאָגעבלאַט".

און פּלוצעם, אין איין אויגנבליק, איז זײַן קאַריערע איבערגעריסן געוואָרן. ער האָט באַשלאָסן צו עמיגרירן, און אין דער נײַער היים האָט ער נישט געפונען פאַר זיך קיין פּראָכטיקן באָדן. ער איז נישט דער אייב־ציקער וועלכער קאָן אַזוינס דערציילן. אַן אומענדלעכע קייט, מיליאָנען מענטשן, האָבן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן פאַרבראַכט זייערע לעבנס, און צו מאָל אין גאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען. לעאָן רעזניק האָט וויניקסטנס אָפּ־געהיט אין זיך דעם ייִדישן פונק, און אַזוי ווי ער איז קליין אין וווקס, איז ער אָבער גרויס אין מעלות, און אין ליבע צו קולטור און וויסן. דאָס וועט קיינער אויף דער וועלט נישט קאָנען בײַ אים צונעמען. אַ באַשיידענער און שטילער, זיצט ער איבער זײַנע ספרים, און געניסט פון אָפּשײַ בײַ מענטשן.

בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש איז נישט געווען אַליין אין דער אַרבעט פון בויען די מעדעלינער געמיינדע. בנימין שטערנבערג האָט אים געהאָלפן אין די ציבורדיקע הצטרכותן, זאָרגנדיק פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער שיל און דעם בית הקברות. דור הולך ודור בא; אַנדערע מענטשן נעמען איבער דעם רודער פון קהלשן לעבן, און ס'איז אויך געקומען די צײַט פאַר בנימין שטערנבערגן איבערצוגעבן די פירערשאַפט אין אַנדערע הענט. ס'בלײַבט בלויז צו האָפן, אַז זײַנע נאָכפאָלגערס זאָלן טאָן די געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט מיטן זעלבן ענטוזיאַזם, איבערגעגעבנקייט און פאַרשטענדע־

ניש ווי ער האָט עס שטענדיק געטאָן. זלמן באָרענשטיין איז געווען נאָך איינער פון די דאָזיקע אידעאַליסטישע פּיאָנערן, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין מעדעליך, איז ער געווען אַ יונגערמאַן אין די דרײַסיקער יאָרן. פון דעם ערשטן שמועס וואָס מיר האָבן געהאַט, האָב איך באַמערקט אין אים אַ נוח לבריות און געבילדעטן מענטש; ס'איז געווען קענטיק, אַז ער איז געווען איינער פון יענע מענטשן וועלכע זוכן „עפּעס" אין לעבן. אין מײַנע פילע רײַזעס קיין אַנטיאָקיאַ האָב איך שטענדיק געזוכט זײַן געזעלשאַפט, און הנאה געהאַט פון זײַן אײַגנאַרטיקן אופן פון אויפפאַסן זאַכן און פאַקטן.

אין יענער צײַט האָבן די רײַזעס קיין אַנטיאָקיאַ געהאַט אַ באַזונדערן צויבער. דער וועג קיין מעדעליין האָט געדויערט גאַנצע דרײַ מעת־לעת, און דאָס גאַנצן אָפּמוטשעניש און מאַטערניש האָט געהאַט אין זיך אַן אַוואַנ־טורויסטישן געשמאַק. ס'איז געווען אַ „רײַזע" ווי גאָט האָט געבאָטן און אויף לאַנג צו געדענקען. אָבער הײַנט איז עס אַ „פאַרעלטערטע" זאַך; אַ פליצוג וואָס דויערט אין גאַנצן 22 מינוט, און מען איז שוין אין כּוּנין — און אויף צוריקוועגס דאָס זעלבע. עס באַמבלען זיך אין קאָפּ די באַגריפן „לופטפאָרט" און „צײַט", און אויס מיט דער שלווהדיקייט, וואָס האָט גע־הערשט בײַ אַ קרײַז פון חברים אין קאַפע־הויז, בײַ אַ לײַכטן געמיטלעכן שמועס. אינעם הײַנטצײַטיקן געיעג איז שוין נישטאָ קיין צײַט זיך צו טרעפן מיט באַקענטע און פאַרברענגען בנעימות, אַפילו נישט מיטן פרײַנד באָ־רענשטיין. אָבער דאָס יאָ: נישט דער „דזשעט" און נישט די „ביזנעס", וועלכע ווירקן הײַנט אויף אַלעמענס געמיטער, וועלן נישט קאָנען אָפּווישן די דעראינערונגען פון אַמאָליקע ווײַטע טעג, וועלכע זײַנען געבליבן טיף אײַנגעקריצט אין אונדזער זכרון.

אַזאַ מענטש ווי באָרענשטיין, וועלכער טיילט זײַן קולטור־באַגאַזש מיטן ישוב, ווערט נישט פאַרוועלקט אַפילו ווען די פירונגען ענדערן זיך. ער קאָן זיך דערווײַטערן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איבערלאָזן זײַן פּלאַץ פאַר אַנדערע, ווי עס פאָדערט דאָס געבאָט פון לעבן; אָבער דער פּלאַם פון אמתער גײַסטיקייט קאָן קיין מאָל נישט פאַרלאָשן ווערן, כאָטש עס לויפן אָפּ אַ סך וואַסערן. באָרענשטיין וועט וואָרשײַנלעך אין אַ געוויסן מאָמענט זיך צוריקציִען פון ציבורדיקער טעטיקייט, אַזוי ווי שטערנבערג,

אָבער זייער בײַטראָג פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ישוב קאָן קיין מאָל נישט פֿאַר־לייקנט ווערן, און לײַכט פֿאַר אונדז כּסדר. מיר האָבן דערפֿון אַ באַווײַז, פֿונעם בלויזן פֿאַקט וואָס זייערע אויפֿטוען און לײַסטונגען ווערן דאָ דער־מאָנט מיט פֿאַרערונג.

אַ סך וואָסער איז אָפּגעלאָפֿן פֿון זינט איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט מײַן ערשט ייִדיש בוך (דערשינען אין 1973), וועגן דעם ייִדישן ישוב אין קאָ־לאָמביע. אין פֿאַרלויף פֿון דעם קורצן צײַט־אָפּשניט האָט אונדזער ישוב פֿאַרלוירן דעם האַרציקן, קולטורעלן פֿאָלקסמענטש — זלמן באָרענשטיין. לײדער, צום גרויסן באַדויערן, איז פֿאַראַן אַ געוויסער אמת אינעם זאָג, אַז „קיין אײדעלע זאַכן דויערן נישט לאַנג״.

יהי זיכרו קדוש!

אינעם מעדעלינער ישוב זײַנען פֿאַראַן אָנגעזעענע פֿיגורן פֿון פֿרויען, וועלכע ס׳וואָלט נישט געווען יושרדיק דורכצולאָזן און נישט דערמאָנען. אָבער מען קאָן נישט אַלעמען אויסרעכענען. דאָס זײַנען פֿרויען, וואָס האָבן גענומען אין זייערע הענט די פֿאָן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט לטובת דער אָרטיקער געמיינדע און צו הילף ישׂראל. זיי שטייען איבערגעגעבן און אומדערמידלעך בײַ דער דאָזיקער שליחות, אַזוי ווי דאָס זאָל זײַן אַ נאַ־טירלעכער און נאָרמאַלער באַשטאַנדטייל פֿון איר לעבן.

אַמאָל, אין אונדזערע שטעטלעך, איז די דאָזיקע פֿרויען־עסקנות נישט געווען קיין זעלטנהייט. מיר געדענקען נאָך, אַז אין די קלײנע אָרטשאַפֿטן אָדער אַפֿילו אין די גרויסע שטעט, האָט קיין מאָל נישט געפֿעלט די ברייט־האַרציקע פֿרוי, וועלכע האָט באַזוכט די ייִדישע היימען און געזאַמלט געלט פֿאַר ווילטעטיקע צוועקן, העלפֿנדיק די נויטבאַדערפֿטיקע מיט אַ ברייטער האַנט און וואַרעמע טרייסט־ווערטער. דאָס איז געווען אַ צײַט ווען עוסק זײַן בצרכי ציבור, טאָן צדקה, גלויבן אין גאָט און זאָרגן אויך פֿאַר עולם הבא — און נישט נאָר פֿאַר עולם הזה —, איז געווען פֿאַר אַ סך ייִדן דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט... אָבער לײדער זײַנען מיר שוין ווײַט סײַ פֿון יענע צײַטן און סײַ פֿון יענע מקומות. מיר זײַנען אין אַמעריקע, אין לאַנד פֿון די גרויסע אומדערוואַרטעטע דערגרייכונגען פֿאַר דער מענטשהייט, איז אויך פֿאַרבליבן ווינציקער צײַט אַ טראַכט צו טאָן וועגן יענעם.

דער רעש, דער האַרמידער פונעם הײַנטצײַטיקן לעבן, האָט אונדז אַלע־מען מיטגעריסן, און ס׳איז שוין כמעט נישטאָ קיין צײַט צו לינדערן כאָטש אַ ביסל די נויט און די לײַדן פון אונדזערע מיטמענטשן. ס׳איז אמת אַ פּײַנלעכע דערשײַנונג, אָבער ס׳איז אַן אויגנשײַנלעכער פאַקט. און אינער־האַלב דעם דאָזיקן געווירבל באַווײַזט זיך עמעצער, וואָס היט נאָך אויף אין זין אַלטע יִדישע מידה פון וווילטעטיקע עסקנות, און העלפט יעדן וואָס ביטיקט זיך אין מאָראַלישער אָדער מאַטעריעלער הילף. אַזוי איז געווען, איז און וועט ווײַטער זײַן פרוי ראָזאַ דע יאַנאָוויטש, און דערפאַר דערמאַן איך זי אין מײַן באַשיידענער אָפּשאַצונג, וואָס באַציט זיך נישט צו הויכגעשטעלטע און נגידישע פּערזענלעכקייטן, נאָר הויפּטזאַכלעך צו די אײדעלע און ברייטהאַרציקע נשמות, וועלכע פאַרדינען דורך זייערע מעשים דערמאָנט און פאַרערט צו ווערן דורך יעדן רעכטענדעקניקן מענטשן.

# משה פאַרבעראָף

ס'איז נישט אינעם נוסח פונעם שרייבער פון אַט דעם בוך צו זיין זייער סיסטעמאַטיש אין זיין אַרבעט. און אפשר איז גאָר סיסטעמאַטישקייט בכלל נישט שייך אין דעם מין שרייבונג מיט וועלכן איך פאַרנעם זיך. ווייל סך־הכל בין איך דאָך בלויז אויסן אַרויסצוהייבן שיינע מענטשלעכע געשטאַלטן, וואָס זיינען אַ חלק פון מיין לעבנס־דערפאַרונג, און דערביי קען איך זיך נאָר ריכטן לויט איין סיסטעם: אַריינגעמען וואָס מער גאָלד און לאָזן אין דרויסן דאָס פסולת. ווייטער אָבער שרייב איך ווי ס'לאָזט זיך, לויטן ריטם פון מיינע געפילן און נאָכן סדר פון מיין זכרון. דער חסרון פון אַזאַ שיטה ליגט אין דעם, וואָס ווען איך דערמאָן זיך אין נאָך אַ טייערן מענטשן וועמען כ'האָב נאָך נישט באַשריבן — און אַזעלכע זיינען צו מיין גליק פאַראַן אַ סך — דאַכט זיך מיר, אַז אים און נאָר אים קומט די בכורה אין מיינע שריפטן. טאָ זאָל דער לייענער געוואָרנט זיין: אין מוקדם ומאוחר — פריִער אָדער שפּעטער איז אין מיינע ביכער אַלץ איינס; דער עיקר איז נאָר די וואַרעמקייט פונעם סענטימענט, וואָס פאַרבינדט מיך מיט אַלע מיינע נישט־אויסגעטראַכטע העלדן ווי מיט אַן אייגענער משפחה, מיט וועלכער איך שטאָלציר.

נעמט אַ שטייגער איצט: עס קומט מיר אויפן געדאַנק דער נאָמען פון אַ מענטשן וועמען איך קען שוין זייער לאַנג, וואָס איז דאָ אין לאַנד געקומען יונגלווייז מיט זיינע עלטערן און איז דאָ פאַרבונדן מיט אַ פאַרצווייגטער, חשובער משפּחה. איך מיין דעם ליבן פריינד משה פאַרבעראָף, וועמען איך קען שוין אַרום פערציק יאָר, כאָטש איך האָב אַלע מאָל געווינט אין באָגאָטאַ און ער איז פון תמיד אָן אַ תושב פון מעדעלין, וווּ זיינע שוין פאַרשטאָרבענע עלטערן האָבן זיך באַזעצט גלייך נאָכן אָנקומען

אין לאַנד. אונדזער געאָגראַפֿישע ווײַטקייט איז נישט געווען קיין מניעה פֿאַר אַ גרויסער גײַסטיקער און האַרציקער נאָענטקייט. כ׳האָב באַלד דערזען אין אים דעם אויסנעם־מענטשן, פּונקט ווי עס האָבן דאָס דערזען כמעט אַלע מיטגלידער פֿון ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע און יעדערער, ווער ס׳קומט נאָר מיט אים אין קאָנטאַקט, אַרײַנגערעכנט אַפֿילו די אַרבעטערס פֿון זײַן גרויסער טעקסטיל־אונטערנעמונג, וועלכע איז פֿון די גרעסטע אין לאַנד.

ס׳איז גאָר נישט קיין גוזמא צו זאָגן אַז משה פֿאַרבעראַף פֿאַרמאָגט נישט קיין שונאים, ווײַל ער האָט קיין מאָל קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. דערפֿאַר האָט ער אַ סך מענטשן געטאָן גוטס. ווי דער פּרעזידענט פֿון דער מעדעלינער קהילה אין משך פֿון פֿופֿצן יאָר, האָט ער זיך דער־וואָרבן דעם גרעסטן דרך־ארץ מצד זײַן ישוב. הײַנט, ווען ער פֿאַרנעמט נאָך דעם חשובן אַמט, קוקן אַלע צו אים אַרויף, און צו אים קומט מען אָן אין שײַכות מיט כל המינים פּראָבלעמען און שוועריקייטן. ער איז אַלע מאָל וויליק אויסצוהערן און אַרויסהעלפֿן מיט אַן עצה אָדער מיט וואָס עס איז נייטיק. זיין געשטאַלט סימבאָליזירט אַ פּאָזיטיוו, האַרציק בילד פֿון ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע.

אין זײַן וויכטיקער טעקסטיל־פֿירמע איז פֿאַרבעראַף אַרײַנגעטאָן כמעט זינט איר גרינדונג. דער איניציאַטאָר פֿון דער אינדוסטריע איז געווען בער־נאַרדאָ ראַבינאָוויטש ע״ה, משה פֿאַרבעראַפֿס אַ פֿעטער, וועלכער האָט גע־שאַפֿן אַן אַרבעטסקוואַל פֿאַר הונדערטער משפּחות אין דער „הויפּטשטאָט פֿון די בערג״, מעדעלין, און וועמען איך האָב געווידמעט אַ קאַפּיטל אין מײַן ערשטן בוך. דווקא אַזאַ ווילן מענטשן ווי בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש איז באַשערט געווען אַ פּײַנלעכע איבערלעבונג, וועלכע פּאַסט זיך גיכער אַרײַן אין אַ פֿאַרצײַטיקן אַוואַנטורעס־ראָמאַן ווי אין אַ כראָניק פֿון אונדזערע צײַטן: אַ באַנדע רויבערס האָט אים פֿאַרהאַלטן אין משך פֿון 18 טעג; מ׳האָט זיך גוט אָנגעליטן ביז מ׳האָט שוין דערלעבט אים צו זען אַ לעבעדיקן אויף דער פֿרײַ. דער עפּיזאָד האָט בשעתו שטאַרק אויפֿגערודערט גאַנץ קאָלאָמ־ביע. מיר דערמאָנען עס דאָ ווי אַ באַווײַז, אַז דער גורל צאָלט אָפֿט מאָל אָפּ קאַפּויער, ווי דעם מענטשנס מעשים האָבן עס פֿאַרדינט; דאָך ווערט אַ בעסערער מענטש סײַ־ווי ווײַטער זוכן אויסצובעסערן זײַנע מעשים.

## שמעון גובערעק

אַזוי האָט עס פאַרשטאַנען טאַקע משה פאַרבעראָף, וועלכער געניסט איצט פון דער רעספּעקט פון אַ לעבן וואָס איז פול מיט מעשים־טובים. ער האָט אויפגעשטעלט אַ מוסטערדיקע היים, האָט געאַרבעט אָרנטלעך לטובת הכלל, האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו שאַפן ווילזײַן און עשירות פאַר זיך אַליין און פאַר יענעם. ער איז פון די מענטשן פאַר וועלכע ס'ווילט זיך בעטן אַן אייביק לעבן, כדי מען זאָל קענען ווײַטער הנאה האָבן פון זייערע גוטע יידישע מעלות.

# סאַמועל ראַבינאָוויטש

אין מײַן ערשט בוך האָב איך שוין דערמאָנט די פיגור פון בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש, דעם איבערגעגעבענעם עסקן און כלל־טוער וועמענס נאָמען איז פאַרבונדן מיט אַ חשובער, פאַרצווייגטער קאָלאָמביאַנער יידישער משפּחה, און מיט אַ וויכטיקער טעקסטיל־אינדוסטריע אין דער שטאָט מעדעלין. איצטער, בשעת איך דערגאַנץ דאָס בילד פון דער דאָזיקער זעלטענער פאַמיליע פון די ראַבינאָוויטשעס און די פאַרבעראָווס, וויל איך זיך באַזונדערס אָפּשטעלן אויף דער פּערזענלעכקייט פון סאַמועל ראַבינאָוויטש ע״ה, בערנאַרדאָס פּריצײַטיק פאַרשטאָרבענער ברודער, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 65 יאָר.

נישט אָפט איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט סאַמועל ראַבינאָוויטשן, אָבער פון אונדזערע געציילטע צוזאַמענטרעפן געדענק איך אים ווי אַ דינאַמישן, סימפּאַטישן, תמיד אָפּטימיסטישן מענטשן — אַ מוסטער פון פרײַנדלעכקייט און פון אײדעלער באַנעמונג. ער האָט איבערגעלאָזט פאַר זײַן ברודער די אויפגאַבע פון פאַרנעמען זיך מיט ציבורדיקע אינטערעסן, כאָטש ער גופא איז פונקט אין דער זעלביקער מאָס געווען פאַראינטערעסירט אינעם כלל־לעבן, און אַליין האָט ער געדעקט אַלע אַנדערע פראָנטן, בפרט דעם פראָנט פון פאַרוואַלטן מיט דער אויסגעוואַקסענער אינדוסטריע־לער אונטערנעמונג. בײַ אָט דער אַרבעט האָט ער אַרויסגעוויזן אי אונטער־נעמערישע פעיִקייטן און בקיאות אין אַלע פאַרבונדענע געביטן פון פאַבריצירונג און קאָמערץ, אי מענטשלעכע סימפּאַטיע און טאַקטישן חוש, אַזוי אַרום, אַז די אַלע וועלכע זײַנען מיט אים געקומען אין קאָנטאַקט, און די מעדעלינער געזעלשאַפט בכלל, האָבן אים אָפּגעשאַצט און צו אים אַרויפ־געקוקט מיט אַ דרך־ארצדיקער באַציִונג.

ש מ ע ו ן   ג ו ב ע ר ע ק

זײַן אומגעריכטע פּטירה איז פֿאָרגעקומען בעת ער האָט זיך געפֿונען ווײַט פֿון דער היים, אין אויסלאַנד, און דאָס האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם פּײַנלעכן רושם פֿון זײַן אַוועקגיין. געשטאָרבן איז ער אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער איז געפֿאָרן דורכצומאַכן אַ מעדיצינישן קאָנטראָל. ווען מען האָט אַהערגעבראַכט זײַן אָרון, האָבן אים אָפּגעוואַרט און באַגלייט צו דער אייביקער רו ייִדן און נישט־ייִדן, בראש מיט די אַרבעטער פֿון זײַן אונטערנעמונג. אַלע האָבן אויפֿריכטיק באַוויינט דאָס אַוועקגיין פֿון אַ טײַערן מענטשן, וועמען מיר אַלע וועלן תמיד געדענקען.

# מאיקאַ ראַבינאָוויטש, אַ ברכה פאַר אונדזער ישוב

די אָפּטיילונג פון דער גרויסער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג „טעכידאָס לעטיסיא" אין באָגאָטאַ, איז אין משך פון כמה יאָרן אַדמיניסטרירט געוואָרן דורך חיים ראַבינאָוויטש, אַ מיטגרינדער פונעם דערמאָנטן טעקסטיל-באַטריב און אַנגעזעענער מיטגליד פון דער ראַבינאָוויטש-משפחה. נאָך עטלעכע יאָר אַפּזײַן אין דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט, פאַרוואַלטנדיק מיט דער אָרטיקער פיליע פון זײַן אונטערנעמונג, האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך זײַן אַמאָליקן וווינאָרט: דאָס בערגיקע און רויִקע מעדעלין, מיט זײַנע פּאַטריאַרכאַלישע פּירוגגען און פּילפאַרביקן לעבנשטייגער; און אפשר — איז זיך משער דער שרײַבער פון די שורות —, אַז דער ספּעציפישער קלימאַט פון מעדעלין איז פּאַסיקער פאַר זײַן געזונט און עלטער. ס'איז אַן אײַזערנער כלל אַז די באַרגלופט פון מעדעלין איז אַ ברכה פאַרן מענטשלעכן געזונט, בעסער פון דער בעסטער רפואה. אַזוי זי אַזוי, אַ פאַקט איז, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָט ר' חיים זיך אָפּגעזעגנט אויף שטענדיק מיט באָגאָטאַ, און פון דעמאָלט אָן האָט פאַרנומען זײַן אָרט אין דער הויפּטשטאָט זײַן זון מאַיקאַ.

אַ פּראָדוקט פון די נײַע דורות, האָט מאַיקאַ ראַבינאָוויטש פאַרמאָגט אַ צוגרייטונג אין איינקלאַנג מיט דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס עס איז אים אויסגעקומען איבערצונעמען, דער אומבייט פונעם פאָטער אויפן זון צו שטיין בראש פו ןדער פאַרוואַלטונג פון „טעכידאָס לעטיסיא" אין באָגאָטאַ, איז גלײַכצײַטיק געווען אַ גרויס געווינס פאַרן ייִדישן ישוב אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס האָט אין אים געוווּנען אַ מוסטערהאַפטן פאָרשטייער פאַרן יונגן דור.

דער נאָמען פון מאַיקאָ ראַבינאָוויטש ווערט דערמאָנט דורך יעדן איי־נעם מיט פאַרערונג און ליבשאַפט; ער איז אַ שם־דבר אין די היגע געזעל־שאַפטלעכע קרייזן, הגם ער האָט זיך קיין מאָל נישט באַטייליקט אין קהלי־שער טעטיקייט אויף אָנפירנדיקע אַמטן. אָבער דאָס איז נישט קיין מניעה מען זאָל זיך באַציִען צו אים מיט דער גרעסטער אַכטונג און דרך־ארץ. און



אויפן באַערונגס־אַקט לכבוד דעם ד״ר לליעקאָס קאַמאַרגאָ: — לאה גובערעק, מאַרק טורקאָוו, די פרוי פון שגריר, שמעון גובערעק; דער שגריר, שלמה אוויליא; פרוי גובערעק, ד״ר מילהעלם, פאַמיליע פון מחבר

די דאָזיקע באַציִונג איז נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין: מאַיקאָ ראַבי־נאָוויטש איז אַ ליבלעכער, צוגעלאָזענער מענטש, וואָס איז אַלע מאָל מקבל בסבר פנים יפות. ער איז אַן אומדערמידלעכער און אויסגעצייכנטער מיט־שמועסער, און ווייזט־אַרויס כסדר אַן אינטערעס אין אַלערליי טעמעס, וואָס איז אַ באַווייז אויף זיין אומרויִקן גייסט. מען זעט אים אָפט אויף קולטור־

געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין אונדזער קהילה, אין באַגלייטונג פון זײַן פרוי. גלײַכצײַטיק פאַרמאָגט ער אַן אָפענע האַנט פאַר אַלע ציבורדיקע הצטרכותן, וואָס מיינט צו זאָגן — אַ גאָלדן האַרץ. דעריבער, איז די אַל־געמיינע מיינונג וועגן אים אַ העכסט פּאָזיטיווע אויף אַלע געביטן.

היות ער אַליין נעמט נישט קיין אַקטיוון אָנטייל אין כלל־טוערישער אַרבעט, ווי שוין פריִער באַטאָנט, באַציט ער זיך מיט גרויס אָפּשײַ צו די עסקנים וועלכע פירן־אָן מיט אונדזערע היימישע אינסטיטוציעס, און נעמט־אָן מיט רעספּעקט זייערע באַשלוסן. גאָר זעלטן הערט מען פון זײַן מויל אַ וואָרט פון קריטיק; דאַקעגן איז צו מערקן שטענדיק אַז עס פאַרשאַפט אים הנאה צו ריידן גוטס וועגן יענעם. דאָס מיינט אָבער בשום אופן נישט אַז ער איז סתם נאָכגיביק אין דער בחינה פון אַ מהיכא־תיתיניק; ניין און טויזנט מאָל ניין! זײַן העפלעכקייט איז אַ באַשטאַנדטייל פון זײַן איידעלער פערזענלעכקייט. דאָס איז אַ ביז גאָר וויכטיקער שטריך אויב מען נעמט אין באַטראַכט אַז פרײַנד, מאַיקאָ, איז אַן עלעמענט וואָס געהער צום נײַעם דור ייִדן אין קאָלאָמביע, און ס'איז אומעטום אײַנגעפירט אַז מען דאַרף געבן דער יוגנט צײַט צו באַקומען די נייטיקע רײַפקייט, און צו דערווערבן אָנזען בײַ דער געזעלשאַפט אין הסכם מיט די מעשים טובים וואָס יעדער באַזיצט אויף זײַן חשבון.

אין דער הינזיכט איז מאַיקאָ ראַבינאָוויטש אַן עכטער בײַשפּיל פון אַחריותפולן באַוווסטזײַן וואָס שײַך זײַנע ייִדיש־נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע פליכטן. ער איז אַ ווירדיקער מוסטער פון אונדזער המשך, און דאָס ייִדישע קאָלאָמביע איז שטאָלץ מיטן געראָטענעם נאָכוווּקס פון דער ראַבינאָוויטש־דינאַסטיע, וואָס שמט מיט איר רעספּעקט צו אַלע טראַדיציאָנעלע ווערטן פון אונדזער פאָלק.

*

למען האמת דאַרף מען אונטערשטרײַכן אַז פרײַנד מאַיקאָ האָט אין וועמען געראָטן צו זײַן. זײַן פאָטער ר' חיים (חיימטשע) ראַבינאָוויטש, איז פון שטענדיק אַן אַ געטרײַער מיטבויער פונעם היגן ישוב און זײַנע פאַר־שיידענע אינסטיטוציעס; זײַן מוטער, פרוי דאָראָטי, איז אַ געשעצטע און באַליבטע אָנטיילנעמערין אין די געזעלשאַפטלעכע קרײַזן, און געניסט פון אַלגעמיינער אַכטונג; זײַן פעטער בערנאַרדאָ, ווידער, איז געוועזן באַשאַנ־

קען מיט די טײַערסטע מידות טובות אין ידישן און אַלגעמיינעם גײַסט. דערפאַר איז נישט קיין וווּנדער וואָס דאָן מאַיקאָ באַזיצט די ווילע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, וואָס ער האָט געירשנט פון זײַנע עלטערע משפחה־מיטגלידער.

אָן שום ספק דערוואַרטן אים אָן אַ שיעור מעגלעכקייטן אויף די פאַרשיידענע געביטן פון זײַן פאַרצווײַגטער טעטיקייט; ער פאַרמאָגט אַלע נייטיקע קוואַליפיקאַציעס צו דערגרייכן מיט דערפאָלג די פאַרגעזעענע צילן. אַזוי ווי ער, אויך זײַנע קוזינען עפענען זיך אַ וועג אין די ראַמען פון זייערע באַטרעפנדיקע באַשעפטיקונגען און פּראָפעסיעס, אָבער זיי זײַנען נאָך יונג און דאַרפן צובאַקומען די דערפאַרונג, וואָס נאָר דער גאַנג פון די יאָרן איז אין שטאַנד צו געבן. זיי האָבן אָבער פאַר אַ מוסטער פון אַרבעטזאַמקייט און התמדה דעם פריינד מאַיקאָ, און זײַן פעטער משה פאַרבעראָף ראַבינאָוויטש, וועלכע דינען ווי אַ לײַכט־טורעם אין דער פאַמיליע.

פאַר מיר פּערזענלעך, איז אַ גרויס פאַרגעניגן צו ווידמענען די דאָזיקע באַשיידענע שורות דעם טײַערן חבר ראַבינאָוויטש — אַ חשובן מיטגליד פון אַ גזע וואָס שפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָלע סײַ אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון באָגאָטאַ, סײַ אינעם ווײַטן מעדעלין, און איז באַקאַנט צווישן דעם גאַנצן קאָלאָמביאַנער ידישנטום.

און מיר האָבן דעם אײַנדרוק אַז מיטן אַרויסהייבן די מעלות פון מאַיקאָ ראַבינאָוויטש און זײַנע פאַרדינסטן פאַר אונדזער ישוב, גיבן מיר אָפּ אַ כשר־פאַרדינטן כבוד און יישר־כוח דעם פיל־צוזאָגנדיקן יונגן דור ידן וואָס איז אויפגעוואַקסן אויפן קאָלאָמביאַנער באָדן...

# אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ – אַ וועטעראַן פון קאַמף פאַר מענטשנרעכט

צווישן די גרעסטע באַשלוסן, וואָס אַ יִדישע וועלט־אינסטאַנץ האָט ווען עס איז אָנגעגומען אויפן געביט פון אָנערקענען די אַקטואַציע פון נישט־יִדן לטובת טאָלעראַנץ און ברידערלעכקייט צווישן פעלקער, געפינט



מאַרק טורקאָוו אין באַגלייטונג פון שמעון גובערעק אויף אַן אויפנאַמע אין דער צײַטונג „לאַ רעפּובליקאַ", בעת זײַן באַזוך אין באָגאָטאַ, ווו ער האָט איבערגעגעבן דעם ד"ר ליעראַס קאַמאַרגאָ אַ פּרעמיע „פאַר מענטשן רעכט" פון יִדישן וועלטקאָנגרעס

זיך בלי שום ספק די רעזאָלוציע פון לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, צוצוטיילן אין 1976 די פרעמיע פאַר „מענטשנרעכט" דעם פּראָמינענטן קאָלאָמביאַנער שרײַבער און מלוכה־מאַן, אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ.

הײַנט צו טאָג איז אַלבערטאָ ליעראַס פאָרמעל צוריקגעצויגן פון פּאָ־ליטיק און פון עפנטלעכער אַקטואַציע בכלל. ווי אַ בן־שבעים (ער איז גע־בוירן געוואָרן אין 1906), באַטראַכט ער זיך אַליין ווי אַן אויסגעדינטן וועטעראַן און גיט צו, מיט עלעגאַנטער באַשיידנקייט, אַז ער פאַרמאָגט איצנד קיין שום זאַך נישט, אַחוץ זכרונות, מיט וואָס זיך צו טיילן מיט דער עפנטלעכקייט. אַ פאַקט איז, אַז ער שרײַבט שוין זײַנע מעמואַרן און האַלט שוין בײַם צווייטן באַנד. אָבער כאָטש ער אַליין וויל זיך אָוועקשטעלן אינעם פּאָזיציע ליכט פון דערמאָנונג, איז זײַן פערזענלעכקייט און זײַן בײַטראָג געגנג חשוב, אַז דאָס בלויזע דערמאָנען אים, ווי דאָס האָט אָקערשט געטאָן דער אַמעריקאַנער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס, זאָל פאַר זיך אַליין פאַרשטעלן אַן אַקטיוון שריט, ווײַל דורך דעם ווערט אַרויסגעהויבן אַ פיגור פון דער סאַמע מזרח־וואַנט פון לאַטײַן־אַמעריקאַנער פּאָליטישן און אינטעלעקטועלן לעבן, אַן אמתער סימבאָל פון די שענסטע טראַדיציעס פון ליבעראַליזם און הומאַניזם אויף אונדזער קאָנטינענט.

אַלבערטאָ ליעראַס האָט צוויי מאָל פאַרנומען די פּרעזידענץ פון קאָלאָמביע: דאָס ערשטע מאָל אויף אַ קורצן טערמין אין די שטורמישע פערציקער יאָרן, און ס'צווייטע מאָל אויף אַ פולער קאַדענץ, בײַם אָנהייב פונעם וויכטיקן פּראָצעס פון נאַציאָנאַלער סטאַביליזאַציע און דעמאָקראַטיזירונג. ער איז אויך געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקאַנער מלוכות, גלײַך נאָך איר גרינדונג אין 1948. בײַ די אַלע הויכע פּאָזיציעס האָט ער ווירדיק אָפּגעהיט די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע און פרידלעכער אײַנפאַרשטענדעניש, סײַ אויפן אינעווייניקסט־נאַציאָנאַלן, סײַ אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט. אַלע מאָל איז אים אויסגעקומען אָנצוהייבן תקופות, אויסצוטרעטן נײַע וועגן פון טאָלעראַנץ און בירגערלעכער קולטור; ער איז געווען דער ערשטער אָנצופירן מיט די באַמיִונגען פאַר ענגערע באַציִונגען צווישן אַלע אַמעריקאַנער לענדער, און דער ערשטער בײַם אונטערנעמען דעם היסטאָרישן פּראָיעקט פון פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט בײַ דער מאַכט צווישן בײדע גרויסע קאָלאָמביאַנער פּאַרטייען, די ליבעראַלן

און די קאָנסערוואַטאָרן, אַ פּראָיעקט וואָס האָט ממש געראַטעוועט דאָס לאַנד פֿון צעפֿאַלונג. ועל כולם, איבער אַלע זײַנע אַנדערע פֿונקציעס, איז ער אַלע יאָרן געווען אַ מוטיקער זשורנאַליסט, וועלכער האָט דרייסט און אומדער־מידלעך זיך אײַנגעשטעלט בכתב פֿאַר די זעלביקע פּרינציפּן, וועלכע ער האָט ווי אַ פּאָליטיקער געקעמפֿט אײַנצופֿירן אין לעבן.

די באַציִונג פֿון אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ צו דער פֿראַגע פֿון מענ־טשנרעכט און דיסקרימינאַציעס בכלל, און בנוגע ייִדן בפֿרט איז, נאַטירלעך, אַן אומפֿאַרמײַדלעכער פּועל־יוצא פֿון זײַן עכט־דעמאָקראַטישער איבער־צײַגונג און הומאַניסטישן וועלטבאַנעם. פֿאַראַן אָבער אויך קאָנקרעטע, ביאָגראַפֿישע מאָמענטן, וואָס האָבן געווירקט אויסצוקלאָרן זײַן פּאָזיציע און אויסצושמידן זײַן ענטפֿער אויף דער דאָזיקער פֿראַגע. ווי ער אַליין דערציילט, האָט קאָלאָמביע אים נישט געגעבן קיין סך געלעגנהייטן צו אַנאַ־ליזירן די פּראָבלעמען פֿון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און די פֿראַגעס פֿון רײַבונגען און דיסקרימינאַציעס צווישן זיי, ווײַל די אימיגראַציע איז אין לאַנד אַלע מאָל געווען אַ נישטיקע אין פּראָפּאָרץ, און ממילא איז זי נישט געווען בכוח אַרויסצורופֿן די אַלע סימפּטאָמען. דער ענין איז אים אָבער יאָ אַנטקעגנגעקומען מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט ווען ער האָט, אין די מיטלסטע צוואַנציקער יאָרן, זיך באַזעצט אויף אַ לענגערער צײַט אין אַר־גענטינע. דאָרט איז אים אויסגעקומען צוצוזען ווי עס וועבן זיך דינע אָבער שטאַרקע נעצן פֿון אומטאָלעראַנץ, פֿאָראורטיילן און אַפֿילו פֿײַנטשאַפֿט צווישן די פֿאַרשיידענע גרופּעס, וואָס האָבן ביסלעכווײַז זיך געזוכט אַן אָרט אינעם מאָזאַיִק פֿון דער קאָמפּליצירטער אַרגענטינער געזעלשאַפֿט. ער האָט גע־שפּירט ווי די פּאַטריציער־קרײַזן שליסן זיך פֿאַר אַלע נײַ־אײַנגעוואַנדער־טע; ווי דער שפּאַניאָליש־איטאַליענישער אימיגרירטער מיטלקלאַס בלאָזט זיך אַנטקעגן אַנדערע, קלענערע גרופּעס, און ווי זיי אַלע מאַכן יד־אַחת ווען עס קומט מבטל צו זײַן די „רוסאָס", די ייִדן, וואָס האָבן מיט הצלחה שוין גענומען קאָנקורירן אויף אַלע פֿעלדער פֿוןווירטשאַפֿטלעכער און גײַסטי־קער טעטיקייט. כאָטש ער איז נאָך דעמאָלט געווען גאָר אַ יונגערמאַנטשיק, אָרעם אין דערפֿאַרונג און אויך אין געלט, האָט ליעראַס גלײַך אויפֿגעכאַפּט דעם ריכטיקן מהות פֿון דעם פּראָבלעם: ייִדן־שנאה איז נאָר אַ מאַסקע פֿאַר דער אַמביציע אָפּצורוימען פֿון וועג אַ קאָנקורירנדיקע גרופּע און גלײַכ־

צײַטיק איר אָנהענגען אַלע פּחדים, פּײַנטשאַפּטן און בײזע אינסטינקטן מיט װעלכע די געזעלשאַפט איז איבערגעלאָדן מחמת אירע אינעװײניקסטע שפּאַנונגען און ראַנגלענישן. און ער האָט אויך טרעפלעך דיאַגנאָזירט דעם כאַראַקטער פון אַרגענטינער ניט־טיפּן אָבער גאַנץ פאַרשפּרײטן אַנטיסעמיטיזם: אַן אַנטיסעמיטיזם פון פּראָװינציאַלישן שניט, אַ געמיש פון אַריסטאָקראַטיזם מיט קלעריקאַלער אידעאָלאָגיע.



ייִדישער װעלטקאָנגרעס באַערט דעם ד״ר ללעראָס קאַמאַרגאָ.
ד״ר אַלבערטאָ ללעראָס קאַמאַרגאָ און דער מחבר פון בוך

אַ צװײטער ביאָגראַפישער גורם, אויך פון יענע אַרגענטינער יאָרן, האָט נאָך מער דעצידירט ליעראַסעס שטעלונג צו דער פראַגע פון ייִדן־שנאה: דאָס איז געװען זײַן נאָענטע פרײַנדשאַפט מיט אַלבערטאָ גערשונאָװ. אַלבערטאָ גערשונאָװ איז אין יענע יאָרן געװען אײנער פון די אָנערקענטסטע אַרגענטינער שרײַבערס: אַ קינד פון די ייִדישע קאָלאָניעס פון דער

פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס, וואָס האָט זיך דעראָבערט צו דער מדרגה פֿון אַ גלענצנדיקן סטיליסט אין דער שפּאַנישער שפּראַך און האָט פּאָראייביקט דעם עפּאָס פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע אין זײַן בוך „לאָס גאַוטשאָס כודיאָס", וואָס איז געוועזן אַ שם־דבר אין דער ליטעראַטור און אינעם לעבן פֿונעם לאַנד. אין די צוואַנציקער יאָרן איז גערשונאָוו געווען דער חשובסטער שרײַבער פֿון דער פּרעסטיזשפֿולער צײַטונג „לאַ נאַסיאָן" און ער איז געשטאַנען בראש פֿונעם ערשט געגרינדעטן בלאַט „על מונדאָ". דורך אַ רעקאָמענדאַציע פֿון אַ בשותּפֿותדיקן באַקאַנטן פֿון ענטרע ריִאָס איז דער יונגער קאָלאָמביאַנער זשורנאַליסט אָנגעקומען צו גערשונאָוון, וועלכער האָט אים אַרײַנגענומען אין קרײַז פֿון זײַנע מיטאַרבעטערס און פֿון זײַנע פֿרײַנד. לעבן גערשונאָוון האָט ליעראַס באַנומען דעם ריכטיקן טעם פֿון דורות־לאַנגן געראַנגל פֿאַר מענטשנרעכט. בײַם גרויסן שרײַבער האָט ער זיך אָפּגעלערנט די פֿאַרעקשנטע האָפֿענונג אויף אַ בעסערער וועלט ווו אומטאָלעראַנץ און ראַסן־שנאה וועלן פֿון זיך אַליין פֿאַרשווינדן אין די ראַמען פֿון אַן אויפֿגעקלערטער, ציוויליזירטער מענטשהייט — אַ האָפֿענונג וואָס האָט דווקא אין אונדזער דור געליטן אַ מוראדיקע, אַכזריותדיקע אַנטוישונג.

יאָרצענדליקער זײַנען אַריבער. יענער יונגערמאַן וואָס האָט בײַ גערשונאָווס גאַסטפֿרײַנדלעכן טיש באַפֿעסטיקט און פֿאַרטיפֿט זײַן קוק אויף דער פֿראַגע פֿון מענטשנרעכט, איז דורך דער צײַט אַליין געוואָרן אַ רבי צו וועלכן דער גאַנצער לאַטײַן־אַמעריקאַנער קאָנטינענט קוקט אַרויף ווי צו איינער פֿון זײַנע ערשטראַנגיקע מאָראַלישע פֿיגורן. מיר, ייִדן פֿון קאָלאָמביע און פֿון לאַטײַן־אַמעריקע, זעען אין אים נישט סתּם אַ פֿרײַנד פֿון אונדזער פֿאָלק אָדער אַ סימפּאַטיקער פֿון דער ייִדישער מדינה, נאָר אַ מענטשן וואָס רעפּרעזענטירט ווירדיק הומאַניסטישע אידעאַלן וועלכע זײַנען אונדז תּוכיק אייגן, אַפֿילו ווען זיי דריקן זיך נישט אויס בלויז אין פּאַרטיידיקן אונדזערע רעכט. דאָס איז די כּוונה און דער באַטײַט פֿון דער אויסצייכענונג וואָס דער לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס האָט אים נאָר וואָס צוגעטיילט.

ביז גאָר סימבאָליש איז, וואָס געקומען קיין קאָלאָמביע צום איבערגעבן ליעראַסן די פּרעמיע איז נישט קיין אַנדערער ווי מאַרק טורקאָוו, דער

## שמעון גובערעק

סעקרעטאַר פון לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס. ביידע, סײַ דער פּרעמירטער, סײַ דער פּרעמיע־איבערגעבער, געהערן זיי צום זעלביקן דור און צום אייגענעם באַרוף, וואָס פּאָרט־צונויף שרײַבערײַ מיט פּאָליטיק. ביידע גייען צו צו זייער אויפגאַבע מיטן שליסל פון אַ פרײַהייטלעכן וועלטבאַנעם און מיטן באַגאַזש פון אַ הומאַניסטישער קולטור. ביידע זײַנען זיי פּאַרשטייערס פון צוויי מענטשלעכע קיבוצים, וועלכע זײַנען ווי פון גורל אָנ־




ייִדישער וועלטקאָנגרעס באַערט אַ גרויסן ייִדן־פרײַנד: דאָריאָ עטשאַנדיאַ, גראַליעלאַ מילהעלם, לוּעכאָס קאַמאַרגאָ, חיהלע אווילאַ; אַלפאָנסאָ לאָפּעס מיקעלסאָן, פּרעזידענט פון דער רעפּובליק

געוויזן צוזאַמענצולעבן בשלום און איינס דאָס אַנדערע צו סטימולירן און דערגאַנצן: פון איין זײַט שפּאַניש אַמעריקע, מיט אירע אידלסטע טראַדיציעס פון טאָלעראַנץ און קולטור־ברייטקייט; פון דער צווייטער זײַט, דאָס לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדנטום, מיט זײַנע טויזנטיאָריקע היסטאָרישע וואָרצ־

לען און מיט אַלע זײַנע איצטיקע פּאָטענצן, וואָס עס טראָגט־בײַ צום פּראָגרעס און אַנטוויקלונג פֿונעם קאָנטינענט.

אין זײַן שטימונגפֿולן וואָרט בײַם איבערנעמען די פּרעמיע האָט אַל־בערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ, צווישן אַנדערע זאַכן, באַטאָנט:

„ס'איז נאָך מעגלעך מען זאָל הײַנט צו טאָג באַגיין אַזעלכע שרעקלעכע באַרבאַרישע פֿאַרברעכנס ווי אין אַלע צײַטן, אין די לעצטע יאָרטויזנטער; סקען שוין אָבער נישט געמאָלט זײַן מען זאָל זיי דורכפֿירן אָן באַוווסטזײַן, אָן חרטה, אָן קווענקלעניש, ווי דאָס וואָלטן געווען די נאַטירלעכסטע מענטש־לעכע מעשים. ס'וועט קומען אַ טאָג ווען דאָס שלעכטס וועט פֿאַרשווינדן. איך בין אין דעם איבערצײַגט, איך האָב באַשיידן געאַרבעט כדי עס זאָל זיך שאַפֿן אַ געלײַטערטע אַטמאָספֿערע אין וועלכער עס זאָלן נישט קענען געדייען די אומגערעכטיקייט, די בייזוויליקייט, דאָס צביעות פֿון רעגירונגען און דער אויפֿשטײַג פֿון בלוטדורשטיקן המון, פֿון געוויסנלאָזע כנופֿיות און פֿון נאַיִווע מיטלויפֿערס פֿון כל־המינים אָרגאַניזירטע געוואַלט־מעשים... איך פֿאַרליר נישט די האָפֿענונג, אַז דער גוטער מענטשלעכער ווילן, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דעם בלינדן, חיהשן כוח, וואָס תמיד זײַן די מעכטיקסטע דאַמבע קעגן דעם דעספּאָטיזם פֿון די שטאַרקע און קעגן דער נאַרישקייט פֿון די שוואַכע און פֿאַרבלענדטע דורך אומראַציאָנעלקייט און פֿאַנאַטיזם".

מיטן אויסצייכענען ליעראַס קאַמאַרגאָן, האָט דאָס לאַטײַן־אַמעריקאַנער ייִדנטום זיך פֿײַערלעך פֿאַרשותּפֿט צו דעם דאָזיקן דערהויבענעם געזעל־שאַפֿטלעכן אַקט.

# חסידי אומות העולם

איך האָב גיך „געכאַפּט“ די שפּאַנישע שפּראַך. מײַנע לערערס זײַנען געווען די „מאַריאַס“, — ווי די ייִדישע אַמבולאַנטן פלעגן רופן זײערע קליענטקעס — און די שפּאַנישע צײַטונגען. נאָך אויפן וועג קיין קאָלאָמביע האָב איך מיר אײַנגעהאַנדלט אַ פּויליש־שפּאַנישן ווערטערבוך, און איך האָב אָנגעהויבן „זוברעווען“, ווי עס פלעגן זאָגן די עקסטערניקעס, וועלכע פלעגן זיך גרייטן צו די עקזאַמענעס אין גימנאַזיע. געקומען אין לאַנד האָב איך גלײַך געקויפט אַ צײַטונג, און מיט דער הילף פון ווערטערבוך האָב איך אַזוי אײַנגעקנעלט דאָס שפּאַנישע לשון.

מיט דער צײַט בין איך געוואָרן גאַנץ היימיש אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון לאַנד, און פלעג פון צײַט צו צײַט זיך אַרײַנכאַפּן אַפילו אין אַ פּאָליטישן קלוב, אויף אויסצוהערן אַ רעדע פון אַ ליבעראַלן פּאָליטיקער, וואָס איז מיר געווען סימפּאַטיש. קיין אַקטיוון אָנטייל אין דעם אָרטיקן פּאַרטיי־לעבן האָב איך נישט גענומען, אָבער איך האָב זיך געשאַפן אייניקע פרײַנד פון צווישן די פּאָליטיקערס, און שפּעטער פיל מאָל אָנגעקומען צו זייער ראַט און טאַט לטובת דעם ייִדישן ישוב.

איך וויל דערמאָנען בײַ דער געלעגנהייט דעם שרײַבער און פּאָליטיקער אַרמאַנדאָ סאָלאַנאָ, און נאָך אייניקע אַזעלכע חסידי אומות העולם, די נעמען פון וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דעם ייִדישן ישוב אין לאַנד.

איך פּרעטענדיר נישט צוצושרײַבן זיך אַזעלכע רעכטן וואָס קומען מיר נישט. אַנדערע האָבן אַנאַליזירט, און וועלן צײַטמעסיק פאַרטיפן דעם שטודיום וועגן דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד פאַר די לעצטע פיר צענדליק יאָר. דאָך מעג עפּעס זאָגן דער, ווער ס'איז

נישט געווען קיין פּאַסיווער צושויער, נאָר האָט אינטענסיוו איבערגעלעבט די געשעענישן פֿון לאַנד.

כ׳בין געקומען קיין קאָלאָמביע אין אַ פּריווילעגירטער צײַט, ווען עס האָבן אויפֿגעטויכט נײַע דורות. די צוויי וויכטיקסטע פֿון זיי, דער „דור פֿון יאָרהונדערט״ און „די נײַע״, וועלכע האָבן סוף־כל־סוף זיך צונויפֿגעמישט



אויף דער באַערונג לכבוד ליעראַס קאַמאַרגאָ. פֿון רעכטס: ליעראַס קאַמאַרגאָ; דער שטאַט־אינטענדענט, נאַיטאַן מאַיעטשאַ; גובערעק, מאַרק טורקאָוו, דער מלוכה־פּרעזידענט

כּדי איבערנעמען די מאַכט נאָך 45 יאָר קאָנסערוואַטיווער העגעמאָניע. געטאָן האָבן זיי דאָס געשטויסענע דורכן שווערן קריזיס, וואָס די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן גורם געווען. דער קאַמף צווישן די צוויי דורות האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס געמילדערט. אמת איז, אַז בײַ איינע גליט נאָך אַ נישט אויסגעלאָשענער פֿונק פֿון בונטאַרישקייט און בײַ די

אַנדערע, איז נאָך פאַרבליבן דער געהיימער פאַרדרוס, וואָס אַזעלכע קאַמפן לאָזן איבער אין געוויסע כאַראַקטערן.

אין 1950, ווען מ׳האָט געפּײַערט 25 יאָר זינט עס זײַנען צום ערשטן מאָל דערשינען „די נײַע", האָט געזאָגט דער זשורנאַל „קריטיקאָ", וואָס איז שוין הײַנט נישטאָ: „... עס וואָלט געווען אין ווידערשפּרוך צו דער געשיכטע ווען מען זאָל איגנאָרירן, אַז די סאָציאַלע רעפאָרמען זײַנען גע־קומען נאָך אַ ברייטן, טיפן און אומאיבערגעריסענעם קאַמפּיין אויפצו־קלערן די מאַסן. דאָס איז געוואָרן דורכגעפירט פאַרן יאָר 1925, און איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אין צען יאָר אַרום דורך אַזוינע מענטשן ווי לויִס טעכאַדאָ, כאָסע מאַר, לויִס ווידאַלעס, כאַרכע עליעסער גייטאַן, דאַריאָ עטשאַנדיאַ און נאָך אייניקע, וואָס האָבן געטראָגן אין זייערע הענט די פאָן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט".

אין דער צײַט ווען „די נײַע" האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף אַרײַן קעגן דעם „דור פון יאָרהונדערט" נאָך דער אומאָפּהענגיקייט, זײַנען זייערע באַ־ליבטע צילברעטער געווען לויִס עדואַרדאָ ניעטאָ קאַבאַליעראָ און אַרמאַנדאָ סאָלאַנאָ. דאָס איז געווען איבערן פשוטן טעם, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט דערקלערט פאַר פאַרטרעטערס און פאַרטיידיקערס פון די זייעריקע, פון די פּריווילעגירטע.

אַרמאַנדאָ סאָלאַנאָ איז אַרײַן אין קאַמף קעגן „די נײַע" מיט אַ ריי אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט אַ שײַן געטאָן מיט דער דינער און כיטרער פּראָזע, וואָס איז געווען פאַר אים אַזוי כאַראַקטעריסטיש. ריכטיק איז, אַז אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ, דער וואָס איז שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט פון לאַנד בײַ צוויי געלעגנהייט, האָט אים אָפּגעענטפערט אינעם אָרגאַן פון זײַן גענעראַציע דורך „אַ בריוו וועגן אַ פּאָלעמיק צווישן דורות". אָט דער גרויסער קאָלאָמביאַנער איז דעמאָלט אַלט געווען 19 יאָר. און וווּנדערלעך איז די זיכערקייט און די טאַקטישע געשיקטקייט, וואָס האָט זיך שוין מאַני־פעסטירט בײַ דעם דאָזיקן יוגנטלעכן, ווען מען מענטשן האָבן על פּי טעות געהאַלטן פאַר „אַ לינקן".

אַ פאָלקסווערטל זאָגט: „וואָס עס טוט נישט אויף דער שכל, טוט אויף די צײַט". און אַזוי אַרום, איבער יענע שטרײַטן, זײַנען אין לויף פון לעבן דערשינען פאַראייניקט אַ סך פאָרשטייערס פון אָט די צוויי דורות, און צו־

זאַמען זײַנען זיי אָפּגעגאַנגען דעם דאָזיקן עטאַפּ פֿון דער קאָלאָמביאַנער געשיכטע.

צווישן אַנדערע האָט זיי פֿאַראייניקט, ווי עס שרײַבט דער זשורנאַל „קריטיקאַ", „די זאָרג צו שאַפֿן אַ נײַעם אוניווערסיטעט, צו דעמאָקראַטיזירן די קולטור, איבערבויען די יסודות פֿון דעם פֿאַרעלטערטן דערציִונגס־סיסטעם, און אין אַן אוניווערסאַלער זין, האָט זיי אפשר דערנעענטערט אין אַ געוויסן מאָמענט יענע אַטמאָספֿער, אין וועלכער עס באַוועגן זיך אידייען און געפֿילן פֿון אָפּשײַ צו אַנדערע און פֿון ברידערשאַפֿט צווישן מענטשן. כאָרכע סאלאמעא און אַרמאַנדאָ סאָלאַנאַ, לויִס ווידאַלעס און לויִס עדואַרדאָ ניעטא קאַבאַליערא, אַלבערטאָ ליעראַס און אלפֿאנסאָ לאָפּעז, האָבן אָפּט אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע באַגריפֿן, אַרויסגייענדיק פֿון זייערע פֿאַרשיידנאַרטיקע אידעאָלאָגישע שטאַנדפּונקטן.

איין מאָל האָט אַרמאַנדאָ סאָלאַנאַ, בײַ אונדז אין אָרעמען ייִדישן צענטער אויף דער 24סטער גאַס אַנטקעגן דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, אויסגעדריקט זײַן סאָלידאַריטעט מיט ייִדן, ווען דער היטלעריזם האָט זיך פֿאַרברעכעריש אויפֿגעהויבן קעגן זיי. דאָס איז געווען אַ גלענצנדער רעפֿעראַט. דער „אינדיער סאָלאַנאַ" (ווי מען פֿלעגט אים רופֿן און ווי ער אַליין פֿלעגט זאָגן אויף זיך), אַ קליינוווקסיקער און געפּאַקטער, פֿלעגט ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש, און איז גיגאַנטיש אויסגעוואָקסן נישט דווקא אַלס רעדנער נאָר ווי פֿאָרלייענער פֿון זײַנע שריפֿטן.

פֿון זײַן פּראָזע, אַ רײַכע אין מיטלען, אַ טיפֿע און גלײַכצײַטיק אַ בײַסיקע, פֿלעגן די ווערטער אַרויסקומען ווי אָנגעגליטע קוילן. ווען ער איז געווען אַמבאַסאַדאָר אין טשילע האָט קיינער נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים, ווײַל זײַן אויסערלעכקייט איז אים זייער נישט גינציק געווען. אָבער איין מאָל האָט ער געדאַרפֿט האַלטן אַ רעדע אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק פֿון יענעם לאַנד, אין שײַכות מיט דער אַנטהילונג פֿונעם פּאָרטרעט פֿון גענעראַל פֿראַנסיסקאָ דע פּאולאַ סאַנטאַנדער, דעם גרויסן רעפּובליקאַנער, וואָס האָט אַ סך בײַגעטראָגן פֿאַר דער דערציִונג אין זײַן לאַנד. דאָס איז געווען אַ יום־טוב פֿון גײַסט. סאָלאַנאָ האָט דעמאָלט פֿאָרגעלייענט איינע פֿון זײַנע וווּנדערלעכסטע זאַכן, וווּ דער אָנגענעמער טאָן איז געגאַנגען געפּאָרט מיט טיפֿע רמזים וועגן היסטאָרישן גורל פֿון די אינדאָ־אַמעריקאַ־

נער פעלקער. די הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייטן, וועלכע זיינען בײַגעווען זײַנען געבליבן דערשטוינט הערנדיק די דאָזיקע רעדע, וואָס איז ווערט אײַנגעשלאָסן צו ווערן אין אַן אַנטאָלאָגיע. זינט דעמאָלט איז סאָלאַנאַ געשטאַנען בראש פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס אין סאַנטיאַגאָ, טשילע.

אַן אַנדערש מאָל, האָבן מיר געוואָלט באַערן דעם מײַסטער גילערמאָ וואַלענסיאַ, וועמענס סאָלידאַריטעט מיט ייִדן פילט אונדז אַן מיט שטאָלץ און מיר האָבן באַשטימט, אַז דער דיכטער לוּיס ווידאַלעס, זאָל רעדן בײַ דער געלעגנהייט. אויבנאָן, לעבן דעם קאָנפערענציסט, איז געזעסן אַרמאַנדאָ סאָלאַנאַ. ווידאַלעס האָט געהאַלטן אַ טיפן פאָרטראַג, אַ גוט דורכגעטראַכטן און צוגעגרייטן, וועגן דעם גרויסן דיכטער פון פּאָפּאַיאַן, אין וועלכן עס האָט צוגלײַך מיט די לויב־ווערטער און דעם אַנאַליז פון שרײַבערס ליריזם, זייער געשיקט זיך דורכגעשלײַכט אַ פאָרוואורף, אַז זײַן ווערק איז אַן אויסדרוק פון „נאַציאָנאַלער אָפּהענגיקייט”. ער האָט זיך סומך געווען אויף דער באַהויפּטונג, אַז אין זיינע שריפטן פעלט דאָס לאַנד, דאָס פאָלק. סאָלאַנאַ האָט זיך נישט געפילט איבעריק באַקוועם. אָבער ער האָט אים געזאָגט: „זייער אַ געשיקטער רעפעראַט”. און דער עלטסטער זון פון שרײַבער, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט אונדזער גרופּע, איז צוגעקומען צום מײַסטער ווידאַלעס, כדי אים צו זאָגן מיט נישט באַהאַלטענעם פאַרגעניגן: „דײַן מאַרקסיסטישע קריטיק, איז געווען אויפן פּלאַץ”. דאַקעגן ווידאַלעס איז סוף־כל־סוף געוואָרן ניעטאָ קאַבאַליעראָס אַ גרויסער פרײַנד, נאָך די קריגערײַען, וואָס ער האָט מיט אים געהאַט אין ערשטן עטאַפּ פון „די נײַע”.

אַרמאַנדאָ סאָלאַנאַ איז געווען אַ מענטש מיט זייער אַ דינער איראָניע. די דאָזיקע איראָניע איז טייל מאָל געווען אַ סאַטירישע, אָבער אַלע מאָל אַ צײַטמעסיקע; דאָס איז אים מסתמא געקומען פון זײַן אינדיאַנישן אָפּשטאַם. ווען ווידאַלעס האָט געהאַט שוועריקייטן מיט זיין פּאַרטיי האָט סאָלאַנאַ אים אַ פרעג געטאָן, וואָס איז געווען די סיבה דערפון. — „פּשוט, טראַץ אַלעם וואָס איך האָב געטאָן וויל מען נישט גלייבן, אַז איך בין אַ סאָציאַליסט; די טענהן, אַז איך בין אַ ליבעראַל”, האָט אים ווידאַלעס געענטפערט. סאָלאַנאַ האָט אים דעמאָלט באַמערקט: „ווי מאָדנע די וועלט איז! אין מײַן פּאַרטיי וויל מען נישט בלויז גלייבן אַז איך בין אַ ליבעראַל; זיי האַלטן כסדר, אַז איך בין אַ „געמיינער סאָציאַליסט”.

אין צײַט פון וואַלן איז שאַרפער געוואָרן סאָלאַנאָס הומאָריזם, ווײַל אַזעלכע געלעגנהייטן זײַנען זייער פּאַסיקע פאַר אַזאַ טעמפּעראַמענט ווי זײַנער. איין מאָל האָט ער זיך צאָרנדיק אַנטקעגנגעשטעלט דער קאַנדידאַטור אויף באַיאַקאַנער סענאַטאָר פון אַ פּאָליטיקער פון דער דאָזיקער פּראָווינץ. היות ער איז אויך געווען פון באַיאַקאַ, האָט מען אים געפרעגט, וואָס איז די סיבה פון זײַן ווילדער קעגנערשאַפט. דערויף האָט ער געענטפערט עטוואָס קינדיש: „אָט דער פרײַנד מײַנער איז אַ גרויסער ליבעראַל, און ער קען זיך זיין סענאַטאָר וויפל מאָל ער וועט נאָר וועלן; אָבער איך שטעל זיך קעגן ווײַל אָט דאָס בענקל, וואָס ער זוכט אַרום און נישט קיין צווייטס איז פונקט מײַן בענקל, און דאָס דערלויב איך נישט". און ער האָט זיך געשמייכלט וועלנדיק זען אויף זײַן מיטשמועסער ווי אַזוי עס האָבן געווירקט זײַנע ווערטער. און דעם אמת געזאָגט, האָט יענע פּראָווינץ נישט געהאַט פאַר אַ ליבעראַל מער ווי איין בענקל.

דורך אונדזער ייִדישן צענטער, ווי אײַנגעשרומפּן ער איז געווען, זײַנען דורכגעגאַנגען די חשובסטע פּערזענלעכקייטן פון דער קאָלאָמביאַנער אינטעלעקטועלער וועלט. אַזוי דאָרט ווי אין דער פּרעסע און אין פּאַרלאַמענט, האָט דאָס מיט זיך פאָרגעשטעלט אין אַנגסטלעכע שעהען פאַרן ישוב אַ היימישע וואַרעמקייט, אַ קוואַל פון סאַטיספאַקציע און פון פּאָזיטיווער מענטשלעכער שטיצע. און דאָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. די ווערטער און די מעשים פון קאַליבאַן, לאָס קאַנאָס, אוליסעס, ווידאַלעס, כאָרכע עליעסער גייטאַן, גאַבריעל טורביי, לויס עדואַרדאָ ניעטאָ קאַבאַליעראָ, ראָבערטאָ גאַרסיאָ פּעניאַ, דאַריאָ סאַמפּער, פעליפּע ליעראַס קאַמאַרגאָ און אַרמאַנדאָ סאָלאַנאָ הילכן אָפּ אין אונדז. מיר זײַנען נישט געווען פּאַראַיינזאַמט, און אין וואָס פאַר אַ גוטער געזעלשאַפט האָבן מיר זיך געפונען! יעדן איינעם פון די דערמאָנטע (און אין די וואָס מיר האָבן דורכגעלאָזט) האָבן מיר באַוווּנדערט פאַר זייער כאַראַקטער, פאַר זייער טעמפּעראַמענט, פאַרן אופן ווי זיי האָבן אויסגעדריקט זייערע ברייטהאַרציקע אידייען, פאַרן גלאַנץ פון שכל, פאַרן פונק פון גאונות אָדער פון הומאָר. מיר האָבן אויך באַוווּנדערט דאָס וואָס האָט זיי פאַראייניקט, כאָטש זיי זײַנען געקומען פון פאַרשיידענע פּאָליטישע לאַגערן, אָבער ווי פרײַנד פון ייִדן, ווי חסידי אומות העולם.

אַרמאַדאָ סאָלאַנאָ, וועמען מיר האָבן דאָ באַזונדערס דערמאָנט, איז

געווען אײנער פון די אויסערגעוויינטלעכסטע מיטשמועסערס וואָס מיר האָבן געקענט. וויצן, הלצות, אַנעקדאָטן זײַנען לײַכט אַרויסגעקומען פון זײַן מויל. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן אים צו הערן. אָבער דורך אָט דעם אויבנאויפיק שפּילעוודיקן לשון, ווי פון אַ שטיפעריש קינד, האָט אַ לעבנס־פילאָסאָף אָנגירירט די סאַמע ערנסטע און טיפסטע פראַגן פון דער עקסיסטענץ, און געטאָן האָט ער דאָס ווי מיט אַ לײַכטער פעדער און מיטן שאַרפן וואָרט. דער דאָזיקער מענטש האָט אַ סך געוווּסט; ער האָט פאַרמאָגט אַ רײַכע קולטור; און מיר האָבן אַ סך געלערנט פון אים, ווי אין שפּיל, וועגן די הויפּט־שטריכן אין דער געשיכטע פונעם לאַנד, וועלכן אַ גרופּע ייִדן פון גלות האָט געהאַט אויסגעקליבן, און וואָס ער האָט אונדז געלערנט צו שעצן מיטן גאַנצן האַרצן.

# אַן אוהבֿ ישׂראל

זינט עס האָט אָנגעהויבן פּיקן מיר אין מוח דער געדאַנק צונויפצוזאַמלען מײַנע אָרעמע כתבֿים אין אַ בוך, האָב איך געטראַכט, אַז ס'איז אַ פֿליכט אויף זײַנע בלעטער זאָל פֿיגורירן אַ גלענצנדע קאָלאָמביאַנער פֿיגור: ענריקע סאַנטאָס מאָנטעכאָ, דער קאָמענטאַריסט נומער איינס פֿון דער היגער פּרעסע, וואָס שרײַבט אונטערן אַן עטוואָס עניוותדיקן פּסעוודאָנים „קאַליבאַן“, אָבער וועמען איך קען ווי אַן „אריאל“ וועלכער איז לויט דער ביבלישער טראַדיציע אַ העלד, וואָס קעמפֿט פֿאַר גערעכטיקייט. און אויב איך האָב זיך געוואָקלט דאָס צו טאָן, איז דאָס נישט געווען איבער עפּעס אַנדערש, ווי נאָר ווײַל אין אַ געוויסן זין האָט עס מיר אויסגעזען ווי צו פּרעטענציעז; היות דאָס האָט געדאַרפֿט געטאָן ווערן דורך מענטשן פֿון גרעסערן פֿאַרנעם, נעמענדיק אין אַכט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז אינטים פֿאַרבונדן מיט דער טיפֿסטער טיפּעניש פֿו ןדער קאָלאָמביאַנער קולטור און קאָלאָמביאַנער לעבן, זינט אַ קימאַ לן פֿון אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. מײַן ציל איז אַ סך באַשיידענער. דאָס איז אַן אויסדרוק פֿון אָנערקענונג, פֿון דאַנקשאַפֿט און אַ געפֿיל, וואָס פּרעטענדירט נישט צו דערגרייכן די מדרגה פֿון אַ קריטישן אַנאַליז, וואָס אַז גרויסע פּערזענלעכקייט פֿון היגן און לאַטײַן־אַמעריקאַנער זשורנאַליזם פֿאָדערט. אין אַ געוויסן טאָג וועט אַזאַ אַרבעט געטאָן ווערן דורך מענטשן, וואָס זײַנען בעסער צוגעגרייט צו אַזאַ אויפֿגאַבע ווי איך.

בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט, האָב איך זיך שוין געהאַט באַזונדערס באַצויגן צו איינעם פֿון די אייגנשאַפֿטן, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס אָט דער עכטער דעמאָקראַט און ייִדן־פֿרײַנד, וואָס איז טיף פֿאַרוואָרצלט אין דער געשיכטע פֿון די פֿרײַע אידייען פֿון דעם לאַנד. עס דערמאָנט זיך מיר

איצט דער ערשטער קאָנטאַקט מיטן באַרימטן מחבר פון „דער טאַנץ פון די שעהען" — אַזוי האָט געהייסן זײַן שטענדיקער קאָלום אין דער וויכטיקער צײַטונג פון לאַנד „על טיעמפאָ". אפשר איז עס אַ קלייניקייט, אָבער איך האָב אין דעם געזען אַ העל ליכט, וואָס באַלייכט די נשמה פונעם מענטשן מיט וועלכן איך האָב זיך געהאַט באַקענט. איך בין נאָר וואָס געקומען פון מײַן אימיגראַנטן־אָדיסייע, און האָב ערשט אָנגעהויבן פאַרלייגן אַ יסוד אויף דעם קאָלאָמביאַנער באָדן. אין אַ טאָג, שפּעט אין אָוונט, נישט וויסנדיק די אויפנעם־שעהען פון דער אַנאָנסן־סעקציע פון דער צײַטונג „על טיעמפאָ", בין איך אָנגעקומען צו איינעם, וואָס האָט מיך מקבל פּנים געווען מיט אויפריכטיקער פרײַנדלעכקייט. אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין סערוואַנטעסעס לשון בין איך אַ קנאַפּער בעל־דרשן, האָט ער גופא מיך אויסגעהערט און רעדאַגירט מײַן אַנאָנס, מיט זײַן אייגענעם כתב, כדי ער זאָל דערשײַנען אויף צו מאָרגנס. ס'האָט זיך געהאַנדלט אין אַ מיטגעפיל־אויסדרוק, און געווען איז דאָס אין דער צײַט ווען אונדזער בית־עלמין האָט צוגענומען זײַנע ערשטע קרבנות. אַ דאַנקבאַרער האָב איך פאַרלאָזט דעם בנין פון „על טיעמפאָ", צוליב זיין מענטשלעכן זשעסט, וואָס האָט אַ נײַעם אימיגראַנט זייער צופרידנגעשטעלט.

ווי נאָר איך בין געוואָרן היימיש מיט דער נײַער שפּראַך, בין איך אַרײַן אין דער מאָסע פון „קאַליבאַנס לייענער", וואָס ציילן זיך אין די מיליאָנען אין לאַנד. דאָס לייענען אים, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן, האָט באַשטעטיקט דעם ערשטן אײַנדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געהאַט געמאַכט. דעם אײַנדרוק פון אַ האַרציקן מענטשן, וואָס איז אויך אַ גרויסער שרײַבער, ווי איך האָב לייענענדיק אים דערפאַרן.

*

אין יאָר 1944, ווען דער וועלט־האָריזאָנט איז געווען ביז גאָר פאַרפינצטערט, אַן אָנגעלאָדענער ווי קיין מאָל פריִער, מיט טראַגישע היטלער־כמאַרעס וואָס זײַנען געהאַנגען איבער דער מענטשהייט; ווען מענטשן פלעגן זיך זאַמלען אַנטקעגן די טאָוולען פון די צײַטונגען כדי גיריק צו לייענען די לעצטע ידיעות, וואָס די טעלעגראַמעס האָבן געבראַכט וועגן דער מלחמה, וועלכע דער נאַציזם האָט געהאַט צעבושעוועט; ווען מען פלעגט דאָרט

הערן היציקע דיסקוסיעס וועגן דעם אויסגאַנג פונעם קריג און וועגן גרוי־פעסוויליז, אין די קאַפעטעריעס, אויף עפנטלעכע פּלעצער, און אין די הימען, האָט מען נישט גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש, און די שטימונג איז געווען אַ געשפּאַנטע, האָט אַ צאָלרײַכע גרופּע אָנגעזעענע בירגער געוואָלט עפנטלעך אויסדריקן איר אָנשלוס צו דער זאַך פון דער דעמאָקראַטיע. דאָס איז געווען אין אַ צײַט ווען נישט ווייניק האָבן געמיינט, אַז זי גייט שוין אונטער אויף שטענדיק.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט מיטן ציל אײַנצואָרדענען אַן עפנטלעכן אַקט וועלכער איז פאָרגעקומען אין זאַל קאַפּאַקאַבאַנאַ, פון טעאַטער קאָלאָמביאַ. יענע נאַכט זײַנען אַנוועזנד געווען אין גרויסן זאַל פון טעאַטער פיל דיפּלאָמאַטן, זשורנאַליסטן, שרײַבערס, פּאַרלאַמענט־מיט־גלידער, הויכע פּאָליטישע פיגורן, די סמעטענע פון דער קאָלאָמביאַנער אינטעלעקטועלער געזעלשאַפט. דאָרט איז געווען סאַנין קאַנאַ, עדואַרדאָ סאַלאַמעא באָרדאַ, נאָך אַ סך אַנדערע פּערזענלעכקייטן און, נאַטירלעך, ענ־ריקע סאַנטאָס מאָנטעכאָ. אין יענער צײַט איז עס געגאַנגען אין מוטיקן די אַליִירטע אַרמייען, וועלכע האָבן העלדיש פאַרהאַלטן דעם אַנגריף פון דער נאַצישער בעסטיע. קאַליבאַן האָט מיט זײַן פּלאַמיקן וואָרט פּאַראורטיילט די נאַצישע גרויזאַמקייט און האָט מיט זײַן הויכגעשעצטער אָנוועזנהייט, בײַ־געטראָגן צום דערפּאָלג פון אַקט און צומאַרגנס, אין געציילטע שעהען אַרום, ווי נאָר אַן עקזעמפּליאַר פון „על טיעמפּאָ" איז געהאַט אַרײַנגעפאַלן צו אונדז אין די הענט, האָבן מיר געהאַט די אָנגענעמע איבערראַשונג צו לייענען אַן אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן זייער וואַרעם און ענטוי־זיאַסטיש וועגן דער גרויסער פײַערלעכקייט פון יענער באַערונג.

*

„קאַליבאַן": אין יידישן ישוב פּלעגט מען דעם דאָזיקן נאָמען אַרויס־רעדן מיט באַוווּנדערונג און דאַנקבאַרקייט, ווי אַ פּועל יוצא דערפון וואָס זײַנע אַרטיקלען האָבן פיל מאָל ברייט אַרויסגעבראַכט זײַנע דעמאָקראַטישע געפילן פון פרײַנדשאַפט צום יידישן ישוב, ווי בכלל צו מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די גהינומדיקע פאַרפאָלגונגען אין די געפּײַניקטע לענ־דער פון דער אַלטער וועלט. אָבער ערשט אין 1950 איז מיר געגעבן גע־

## שמעון גובערעק

וואָרן די געלעגנהייט זיך צו באַפרײַנדן מיטן גלענצדיקן פּובליציסט פון „על טיעמפאָ".

דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז וואָס שײַך מענטשלעכע געפילן זײַנען נישט גילטיק קיין גרענעצן און ראַסן. איך בין געווען אַ פּשוטער ייד פון קליינעם שטעטל זשעלעכאָוו, אין דער ווײַטער פּוילן, וואָס איז אין יענער צײַט בלויז געווען אין באַגאָטאַ אַ געוועזענער אַמבולאַנט, וואָס האָט פאַרקויפט פאַרשיידענע אַרטיקלען אויף ראַטעס. ער איז געווען אַ ברודער פון אַ געוועזענעם פּרעזידענט און איינער פון די זײַלן פון דער קאָלאָמביאַנער עפנטלעכער מיינונג, צו וועמען דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך צוגעהערט. זײַנע מיינונגען האָבן זיך אימפּאָנירט אין די ווײַטסטע ווינקלען פון לאַנד. און נישט געקוקט אויף דעם האָט ער מיר אַרויסגעוויזן אַן אויפריכטיקע פרײַנדשאַפט און מיט אַזאַ אויסערגעוויינטלעכער פּשטות, וואָס איז נאָר אייגן צו די גרויסע נשמות. אין אונדזערע שמועסן וועגן די אַקטועלע געשעענישן, וואָס האָבן דעמאָלט אויפגעשטורעמט די וועלט, האָב איך געהאָט די מעגלעכקייט צו הערן זײַנע באַגריפן וועגן ליבע צו דער מענטשהייט, און כ'בין געווען אַן עדות פון זײַן לעכצונג נאָך שלום, נישט נאָר אין וועלטמאָסשטאַב, נאָר אויך אין אינערלעכן לעבן פון זײַן אייגענעם לאַנד. ס'איז נישט געווען קיין אַבסטראַקטער הומאַניזם, נאָר אַן אויפריכטיקע און האַרציקע אהבת הבריות, אַ ליבשאַפט צו מענטשן.

איך געדענק, אַז קאָלאָמביע האָט דעמאָלט נישט דורכגעמאַכט די בעסטע צײַט אין איר געשיכטע, און איך האָב צוגעזען די זאָרג און פאַרביטערונג, וואָס אָט דער גרויסער מענטש האָט געפילט, איבער די פינצטערע וואָלקנס, וואָס האָבן פאַרטונקל זײַן פאָטערלאַנד. טשיקינקירא, אַ צעטיילטע אויף צוויי צדדים, וועלכע האָבן געהאַט פאַרגעסן אַז זיי זײַנען קאָלאָמביאַנער, האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון אירע זין אין אַן אויסברוך פון מענטשלעכן צאָרן וואָס האָט, דוכט זיך, נישט געהאַט קיין גרענעץ. אפשר האָט מיר דאָס מזל צוגעשפּילט, וואָס איך האָב זיך דעמאָלט געפונען בײַ זײַן זײַט, אין יענע שווערע מאָמענטן, ווען מענטשן פילן זיך פאַריתומט און נייטיקן זיך אין עמעצן מיט וועמען צו טיילן די פאַרביטערונג. און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז כאָטש איך בין געווען אַן אויסלענדער, וואָס האָט זיך דערפאַר נישט געדאַרפט מישן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון לאַנד,

האָב איך דערפֿילט, אַז די דעמאָלטיקע קאָלאָמביאַנער טראַגעדיע איז געווען מײַן אייגענע טראַגעדיע. אַזוי טיף דערגייט דאָס געפֿיל פֿון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט.

*

איין מאָל, געשען איז דאָס אין אַן אָוונט בײַ מיר אין הויז, האָב איך עפּעס דערבליקט אין קאַליבאַנען דעם שרײַבער. אין פֿלעג טייל מאָל טראַכטן: ווי אַזוי שרײַבט עס אָט דער מענטש, ווי אַזוי אינספּירירט ער זיך, ווי אַזוי פֿאַרריכט ער די פּראָבע־בויגנס? ווײַל עס איז באַוווּסט, אַז יעדער שרײַבער האָט זיך זײַן באַזונדערן אופֿן און זײַנע ספּעציעלע אַרבעטס־מעטאָדן. יענעם אָוונט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן בײַ מיר עטלעכע פּאָר־לעך: קאַליבאַן און זײַן פֿרוי, זייער זון און שנור; דער באַוווּסטער דאָקטער, אַהרן בענטשעטריט און פֿרוי, און דער ד״ר איזידאָר פֿלעמינגער און פֿרוי. די סבֿיבֿה איז געווען אַ וווּנדערלעכע. די שעהען זײַנען געפֿלויגן אַן דעם מען זאָל זיי פֿילן, און קיינער האָט נישט געוואָלט אַז אָט דער צוזאַמענקום זאָל זיך ענדיקן, ווײַל עס האָט ווי פֿאַרכישופֿט אַלעמען דער זיסער רייץ פֿון דער אינטעליגענץ, גראַציע און הומאָר, מיט וואָס עס האָט זיך אַלע מאָל אויסגעצייכנט די פֿרוי רות בענטשעטריט, מיט דער גאַמע פּראָבלע־מען, דאגות און פֿאַדרוסן פֿון נײַעם טאָג, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין דער־נענטערן. פּלוצעם איז עמעץ געקומען פֿון „על טיעמפּאָ". ער האָט געבראַכט דעם „טאַנץ פֿון די שעהען", וואָס האָט אויף צומאָרגנס געדאַרפֿט אַ פֿלי טאָן אויף די פֿליגל פֿון דער צײַטונג צו אַלע ווינקלען פֿון לאַנד, מיט דער בשורה פֿון באַרימטן זשורנאַליסט. קאַליבאַן האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט פֿון קאָרעגירן די לאַנגע און שמאָלע בלעטלעך, און מײַן נײַגערי־קייט איז געלונגען פֿעסטצושטעלן, אַז יענץ איז געווען ווי אַ מין שפּין־געוועב, אָדער ווי אַ מאַפּע פֿול מיט געמעקטע, צוגעשריבענע און איבער־געשריבענע שורות. קאַליבאַן האָט נישט נאָר פֿאַרריכט די פֿעלערן, נאָר ער האָט אַרײַנגעשריבן צווישן די שורות. „אָרעמער לינאָטיפּיסט", האָב איך געטראַכט, ווי וועט ער פֿון דעם אַרויסקריכן? אָבער ווי עס שײַנט, זײַ־נען שוין די לינאָטיפּיסטן געווען געניט אין זײַנע אָריגינאַלן, וואָס פֿלעגן באַשײַנען די זײַט פֿון די לייטאַרטיקלען אין דער צײַטונג.

*

אָבער דער אמת איז, אַז איך, אַ זשעלעכאָווער, אַן עמיגראַנט, אַ גאַסן־פּאַרקויפער און — שוין אין יענער צײַט — אַ קלײנער פאַבריקאַנט, האָב זינט לאַנג געפילט אַ טיפע באַוווּנדערונג צו די וואָס האָבן זיך געהאַט גע־ווידמעט דעם געשריבענעם וואָרט, ווײַל איך ווייס אַז עס קומט אַרויס פון דער טיפעניש פון דער נשמה, און דער אמתער טאַלאַנט האָט אַ ניצוץ פון רוח הקודש. אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט ליגט אויף דעם מענטשן, וואָס ברענגט זײַן וואָרט צו דער וועלט.

אַ שעמעוודיקער פון כאַראַקטער האָב איך געלאָזט לויפן די יאָרן, און נישט געוואָגט אויפצועפענען דעם דאָזיקן קוואַל, וואָס איז געווען אין מיר פאַרשלאָסן. ביז אין אַ געוויסן טאָג, ווען כ'האָב זיך שוין געפילט זיכערער אין דער פּרעכטיקער קאַסטילישער שפּראַך, וואָס קלינגט נאָך שענער אין דער קאָלאָמביאַנער אויסשפּראַך, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אַ שווים צו טאָן אויפן ים פון שפּאַנישן וואָרט. די ערשטע עדות פון אָט דער העזה זײַנען געווען ראָבערטאָ גאַרסיאַ פּעניאַ און קאַליבאַן. זיי האָבן מיך סטי־מולירט, און האָבן מיך אַרויסגעהאָלפן אין דעם שווערן פּרווו. איניקע פון מײַנע שריפטן האָבן דערזען די ליכטיקע שײַן, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן.

ראָבערטאָ גאַרסיאַ פּעניאַ פאַרנעמט שוין קאַרגע פערציק יאָר דעם הויכן אַמט פון הויפּט־דירעקטאָר אין דער גרעסטער טעגלעכער צײַטונג פון קאָלאָמביע, „על טיעמפּאָ". ער איז אַ גאָט־געבענטשטער שרײַבער און זייער אַ פעיִקער זשורנאַליסט. אין בײַדע זשאַנערן איז ער באַהויכט מיט אויסערגעוויינטלעכן הומאַניזם פון שענסטן מין. ער איז געווען דער ערש־טער, וואָס האָט אין 1953 אָנגענומען מײַנע אַרבעטן אין דער שפּאַנישער שפּראַך און האָט זיי פאַרעפנטלעכט אין די אָנגעזעענסטע זײַטן פון זײַן צײַטונג. ער איז געווען דער יעניקער, וואָס האָט מיך סטימולירט און גע־מוטיקט פאַרצווזעצן מײַנע מעמואַרן און אויך צו שרײַבן איבער אַנדערע טעמעס; דער עיקר, איבער עקאָנאָמיע און טוריזם.

ביז איין מאָל האָט געטראָפן און ס'איז געשען אַן אַקצידענט. געווען איז עס אַזוי: דער גרויסער קאָלאָמביאַנער שרײַבער, עדוואַרד קאַבאַליעראָ קאַלדעראָן, האָט באַזוכט דײַטשלאַנד, שוין נאָכן קריג, און פון דאָרטן האָט ער עפּעס אָנגעשריבן. דער אַרטיקל איז געווען פונקט אַזוי גלענצנ־

דיק ווי אַלע זײַנע שריפֿטן. אָבער מיך האָט עס געהאַט שטאַרק צעוויטיקט, עס האָט פֿאַרוווּנדעט די טיפֿסטע טיפֿעניש פֿון מײַן וועזן, ווײַל דער באַרימטער אינטעלעקטואַל האָט נישט געקאַרגט קיין לויב פֿאַרן נײַעם דײַטשלאַנד. די לויב־ווערטער זײַנען טיילווײַז געווען באַרעכטיקטע; יאָ, אָבער ער האָט געהאַט לגמרי פֿאַרגעסן דעם זכר פֿון דער היטלעריסטישער קאַטאַסטראָפֿע, גלײַך ווי זי וואָלט קיין מאָל נישט געהאַט עקסיסטירט. און מיך, דעם ייִדן פֿון זשעלעכאָוו, האָט דאָס אָנגעהויבן דערמאָנען אין מײַדאַנעק, אין בערגענבעלזען, אין טרעבלינקע און אין נאָך אַ טויט־טויט־פֿאַבריקן. מיך האָט דאָס דערמאָנט אין די שווידערלעכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין וועלכע די מענטשהייט האָט זיך זעלבסט דערנידעריקט, און איך האָב זיך נישט געקענט דערקלערן פֿאַר וואָס האָט עס אַ פֿילבאַרער מענטש, אַן אינטעלעקטואַל, דאָס אַלץ נישט געהאַט פֿאַרצייכנט אין זײַן שרײַבערישן זכרון. פֿאַרשטייט זיך, אַז מײַן אַרטיקל איז געווען פֿול מיט צער, כאָטש ס׳האָט נישט באַליידיקט דעם גרויסן פֿאַרשטייער פֿון דער קאָלאָמביאַנער קולטור. אָבער אין „על טיעמפּאָ״ האָט עס נישט געקענט געדרוקט ווערן, היות ער איז געווען איר שטענדיקער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר. און דאָס האָט מיך דערווײַטערט פֿון דער צײַטונג.

*

כ׳בין געווען באַזונדערס פֿאַראינטערעסירט, אַז דער מײַסטער קאַלי־באַן זאָל זיך באַקענען מיט מײַן לאַנדסמאַן, דעם ייִדישן שרײַבער שלמה ברײַנסקי, און אַז דער זשעלעכאָווער אימיגראַנט — וואָס איז נישט לאַנג געקומען אין לאַנד, זאָל דורך אייגענער דערפֿאַרונג דערקענען די מענטשלעכע מעלות פֿון דעם קאָלאָמביאַנער זשורנאַליסט, וואָס איז נישט שטענדיק קאָרעקט געמשפּט געוואָרן דורך זײַנע קעגנערס. דאָס איז געשען בײַ עטלעכע געלעגנהייטן, ווען דער ייִדישער שרײַבער האָט שוין געהאַט בײַגעטראָגן צו דער קאָלאָמביאַנער ליטעראַטור איינס פֿון זײַנע בעסטע ווערק „מענטשן אין שפּאַן״. קאַליבאַן איז געווען צופֿרידן צו זען אין ברײַנסקין נישט נאָר אַ טאַלאַנטירטן דערציילער אויף דער קאָלאָמביאַנער טעמאַטיק, נאָר אויך אַ גוטן לייענער פֿון קאָלאָמביאַנער מחברים, וואָס ברײַנסקי פֿלעגט זייער לײַכט ציטירן און וועגן וועלכע ער פֿלעגט רעדן מיט אַ שאַרפֿן קריטישן חוש. אַזעלכע עפּיזאָדן, וואָס זײַנען הײַנט פֿאַר מיר אומפֿאַרגעסלעך,

זײַנען נישט געווען קיין סך, ווײַל ברײַנסקיס לעבן איז שנעל פֿאַרשניטן געוואָרן. מיר האָבן אים פֿאַרלוירן, ווי שוין געזאָגט, איז דעצעמבער 1955.

*

פֿאַראַן אין קאָלאָמביע אַן אַספּעקט וואָס רופֿט שטאַרק מײַן אויפֿמערקזאַמקייט. מיר דאַכט זיך, אַז דער דעמאָקראַטישער רעזשים און די פּריוואַטע איניציאַטיוו, געפֿינט נישט צווישן די קאָלאָמביאַנער פּובליציסטן קיין בעסערן פֿאַרטיידיקער און ער טוט עס לויט טיפֿער איבערצײַגונג און עכטן הומאַניזם. די דעמאָקראַטיע, פֿלעגט ער זאָגן, האָט אירע חסרונות; אָבער זי איז די איינציקע סיסטעם, וואָס זיכערט דעם מענטשן זײַנע עלעמענטאַרסטע פֿרײַהייטן, און עפֿנט פֿאַר אים אַ סך מעגלעכקייטן. און ער האָט דערבײַ נישט געהאַט קיין פּערזענלעכע אינטערעסן, ווײַל געפֿירט האָט ער אַ באַשיידן לעבן פֿון אַן אינטעלעקטואַל, וואָס ווערן אין די לענדער נישט אַזוי גוט באַלוינט. אין כאַראַקטער איז ער געווען אַ מענטש, וואָס קען נישט קיין „צורת מטבע", וואָס האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין אינטערעס פֿאַר געלט. כ'האָב קיין מאָל נישט געזען קיין ברייטהאַרציקערן מענטשן, וואָס זאָל לײַכטער זיך אויסטאָן פֿון געלט־ענינים, און זאָל זיך צו זיי באַציִען מיט אַ גרעסערן גלײַכגילט. לויט זײַן פּאָזיציע וואָס ער האָט פֿאַרנומען און גרויסן אײַנפֿלוס אין לאַנד, וואָלט ער געקאָנט זײַן אַ מיליאָנער ווי די, וואָס בײַם לעבן פֿאַרמאָגן זיי אַ סך, און בײַם שטאַרבן בלײַבן זיי אָן אַ נאָמען און אָן אַ גראָשן. אויף יענער וועלט נעמען זיי גאָרנישט מיט, ווי עס געשעט מיט אַלע רײַכע פֿון דער וועלט.

קאַליבאַן איז געווען אַ „מיליאָנער" פֿון אומשטערבלעכע ווערטן און זײַן נאָמען וועט אַרײַן אין דער געשיכטע ווי אַן אויפֿריכטיקער הומאַניסט און אוהב ישראל, וועלכע האָבן אין אים געהאַט אַ שטענדיקן פֿרײַנד און פֿאַרטיידיקער, און וואָס וועלן מיט דאַנקשאַפֿט דערמאַנען זײַן נאָמען. ווי איינער פֿון די חסידי אומות העולם איז ער געווען אַן אומדערמידלעכער קעמפֿער פֿאַר גערעכטיקייט, וואָס האָט פֿאַרשאַפֿט כבוד זײַן לאַנד און זײַן שרײַבערישער פֿעדער. ער איז געשטאָרבן זאַט אין יאָרן, אין עלטער פֿון 84 יאָר, און האָט איבערגעלאָזט אַן אוצר פֿון גוטע מענטשלעכע געפֿילן און טיפֿע געדאַנקען; געמינצטע אין געשריבענעם וואָרט, וואָס שטאַרבט נישט און פֿאַרלירט נישט זײַן ווערט.

# דער ייִדן־פֿרײַנד, גאָנסאַלאָ קאַנאַל ראַמירעז

גאָנסאַלאָ קאַנאַל ראַמירעז איז אַן אייגנאַרטיקע דערשײַנונג אין דער קאָלאָמביאַנער ליטעראַטור. נישט דערפֿאַר וואָס ער איז אַ „שרײַבער טי־פּאָגראַף", ווי ער איז געוווינט זיך אַליין צו באַצייכענען, מחמת דער פֿאַר־לעגערישער אונטערנעמונג וואָס ער פֿאַרמאָגט. אויך נישט צוליב זײַן מערק־ווירדיקן פֿעסטן כאַראַקטער, וואָס איז אַ בולטער קענצייכן פֿון אַ סאַנטאַנ־דערער געבוירטיקן; אַפֿילו נישט צוליב זײַן טיף־מענטשלעכער באַציִונג צו מענטשן. ער איז אַן אייגנציקאַרטיקע פּערזענלעכקייט מחמת זײַן טיף הומאַ־ניטאַרער אָנשויונג, וואָס פֿירט אים צו אַ באַשטימטן רעליגיעזן וועלט־קוק, און איז אַ פּועל־יוצא פֿון זײַן סביבה, מיט אַ געוויסער דאָזע פֿון פּאָלי־טישן שול.

די אינדיאַנער פֿון סיעראַ נעוואַדאַ האַלטן זיך געטרײַ בײַ זייער טראַ־דיציע (וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פֿון זייער מיטאָלאָגיע), צו באַטראַכטן די נאַטור־אָביעקטן — סײַ לעבעדיקע און סײַ טויטע אָביעקטן —, ווי נאָענטע און באַליבטע וועזנס. אַזוי רופֿן זיי אַן דעם בוים אָדער דעם שטיין: „ברודער־בוים" און „ברודער־שטיין", מיט אַ געפֿיל פֿון היימישער נאָענטקייט, מיס־טישער פֿאַרהייליקונג און פּיעטעט צו אַלץ וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן, און דאַרף דעריבער זײַן פֿאַרן בן־אָדם אייגן און טײַער.

קאַנאַל ראַמירעז ברענגט אַרויס די דאָזיקע באַגריפֿן אין אַ גרויסער צאָל ליטעראַרישע ווערק פֿון סאָציאַלן, היסטאָרישן און פּאָליטישן אינ־האַלט אויף אַ ברייטער קאַנווע; זײַנע שאַפֿונגען אין בוכפֿאָרעם זײַנען: „פֿון וואַטיקאַן ביז קאַטאַקומבאַ", „לעאָנאַרדאַ" („אָראַ", „9טער אַפּריל", „סאָציאַ־

לער צוועק פון אייגנטום", „סטיל און פערזענלעכקייט פון דרוק אותיות", „פונעם 13טן יוני בין 10טן מיי אין די באוואפנטע קרעפטן", „מאראלישער קריזיס", „מיר זיינען געוועזן 12", „בילדער און באריכטן פון גרוילן", „קעגן דער אייביקייט", „ניקאדעמוס" און „דער ראטן־פארבאנד ווי א מאראלישער פארמעסט".



אויפן ליעראס באנקעט: פון רעכטס: שמעון גובערעק, פערל גילניסקי פון קאלי; קאמאטשא לעיווא, גענעראל־דירעקטאר פון דער ארמיי, פרוי גובערעק

ווי מען קאן ארויסדרינגען פון די נעמען פון זיינע ביכער, איז גאנ־סאלא קאנאל ראמירעז אן אלזייטיקער גייסט; אן עכטער מוסטער פונעם סאנטאנדערער כאראקטער. וואס שייך ליטעראַרישע ווערק, האט ער שוין פארעפנטלעכט העכער צוויי צענדליק; זיין משפחה־לעבן איז באגליקט און באפרידיקט דורך גאנצע עלף קינדער, און זיין אונטערנעמונג־פעיקייט קומט

צום אויסדרוק דורכן גרויסן פֿאַרלאַג „אַנטאַרעס“, ווו עס ווערן געדרוקט וואַגיקע און ווערטפֿולע ביכער.

אָבער דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער מענטש האָט נאָך אַן אייגנשאַפֿט, וואָס טיילט אים אויס אין דער באַגאַטאַנער געזעלשאַפֿט. אַ חוץ זײַן שרײַבערישן טאַלאַנט, אַרבעטזאַמקייט און פּערזענלעכער סימפּאַטיע, נישט באַגרענעצנדיק זיך צו פּאָליטישע און רעליגיעזע אָנשויונגען, וואָס ער האָט געירשנט פֿון זײַן אַלטער היים אין טשינאַקאָטאַ (סאַנטאַנדער), האָט ער אַ ספּעציעלע באַציִונג און אָבסערווירט מיט נייגיר די פּירונגען און זיטן פֿון פֿאַרשיידענע מענטשן־גרופּעס און רעליגיעזע געמיינדעס. ער באַטראַכט מיט באַזונדערן אינטערעס דעם לעבנסאַרט פֿון פֿעלקער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעהויבן אין דער וועלט־געשיכטע, און פֿאָלגלעך שענקט ער אַ סך אויפֿמערקזאַמקייט אונדזער פֿאָלק ישראל.

פֿון אַלע ייִדישע ריטואַלן רופֿט אַרויס בײַ אים אַממערסטנס פּיעטעט די „כל נדרי“־תּפֿילה; דאָס דאָזיקע מיסטישע געבעט ערב יום־כּיפּור, וואָס טראָגט אין זיך אַזאַ סודותדיקן נוסח — סײַ דורך דעם געהיימעניש־פֿולן אורשפּרונג, אין די פֿינצטערע צײַטן פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, ווי צוליב דעם כאַראַקטער פֿון דער תּפֿילה גופֿא —, וואָס מאַכט אויפֿן נישט־ייִדישן אינטעלעקטואַל אַ שטאַרקן אײַנדרוק. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז קאַנאַל ראַמירעז איז אַ גרויסער ייִדנפֿרײַנד. די רעגירונג פֿונעם פּרעזידענט קאַרלאָס ליעראַס רעסטרעפּאָ האָט אים באַשטימט ווי אַן אַמבאַסאַדאָר אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד (ער איז נישט קיין קאָמוניסט), און נאָכן פֿאַרנעמען דעם אַמט אַ יאָר צײַט, האָט ער זיך אומגעקערט צו זײַן פֿאַרלעגערישער טעטיקייט; ווי אַ פּועל־יוצא פֿון זײַן דיפּלאָמאַטישער טעטיקייט אין מאָסקווע, האָט ער אָנגעשריבן דאָס בוך „דער ראַטן־פֿאַרבאַנד ווי אַ מאָראַלישער פֿאַרמעסט“, ווו ער שילדערט דיווירקלעכקייט פֿון מענטשן און פֿאַקטן פֿון דער סאָוועטישער אימפּעריע מיט אויפֿריכטיקייט און אָביעקטיוויטעט.

שוין העכער דרײַסיק יאָר ווי איך בין באַפֿרײַנדעט מיט גאָנסאַלאָ קאַנאַל ראַמירעז, און איך קען זאָגן בפּה מלא, אַז דאָס איז פֿאַר מיר אַ פֿאַרגעניגן, אַ כּבוד און אַ שטאָלץ.

# צווישן אידעאָלאָגישער ווײַטקייט און פּערזענלעכער נאָענטקייט

פאַראַן מענטשן וועמענס געדאַנקענגאַנג איז אין גאַנצן אַנדערש ווי אונדזערע, און פון דעסט וועגן זײַנען זיי אונדז זייער נאָענט צום האַרצן. אַפילו ווען מיר זײַנען נישט אײַנשטימיק מיט זייערע פּאָליטישע מיינונגען, אָדער אַפילו אויסגעשפּראָכן קעגן זיי, האָבן די דאָזיקע מענטשן אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס צווינגט אונדז אָפּלייגן אין אַ זײַט אידעאָלאָגישע חילוקי־דעות, און לייגן אַכט בלויז אויפן מענטשן ווי אַזעלכער.

מיר ווייסן אויף זיכער, אַז די וועלט דאַרף דורכמאַכן טיפע און ווײַט־גייענדיקע ענדערונגען פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און סאָציאַלן כאַראַקטער, און אַז די מענטשהייט מוז זיך פאַרנעמען אויף אַ נײַעם וועג, וואָס זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו מלחמות, רעכטלאָזיקייט, הונגער, פאַרפאָלגונגען, נויט, אַנאַלפאַבעטיזם און אַנדערע סאָציאַלע פּלאָגן; אָבער פּאַרטיי־פּראָבלעמען געהערן נישט צו מײַן „פאַך" און אין וועלט־פּאָליטיק מיש איך זיך נישט. איך לאָז דאָס איבער פאַר קיסינגערן... ער האָט, נעבעך, נישט קיין לײַכטן „דזשאָב", און איך בין אים אַוודאי נישט מקנא.

איך וויל דאָ דערציילן וועגן אַ פּערזענלעכן ענין. ווי אַ שטענדיקער לייענער פון אַ טעגלעכער שפּאַנישער צײַטונג — די ייִדישע באַקומען מיר דאָ מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע טעג — האָט בײַ מיר גערופן די אויפמערק אַ היגער זשורנאַליסט מיט זײַנע סאָלידע אַרטיקלען, באַזאַכטע און דורכגעטראַכטע, און מיט אַ טיפן סאָציאַלן אינהאַלט, וואָס האָבן אַנט־פּלעקט פאַר מיר אַן אײדעלע פּערזענלעכקייט, וועלכע איז נישט געווען

גלײַכגילטיק צום מענטשלעכן גורל. און דאָס האָט מיר געגעבן אַ גרונט צו טראַכטן, ווי די וועגן פֿון פֿאַרשיידענע מענטשן צעשיידן זיך און פֿאַרגייען אין גאַנץ פֿאַרקערטע ריכטונגען, כדי אַנצוקומען ענדלעך צום זעלבן צילפּונקט. מײַן וועלט איז די וועלט פֿון תנ״ך, פֿון די נביאים און זייערע גרויסע יורשים, וועלכע האָבן געפּריידיקט גערעכטיקייט, ליבשאַפֿט צווישן מענטש און מענטש, צווישן פֿאָלק און פֿאָלק, און אוניווערסאַלן שלום. מײַן געדאַנק איז דער געדאַנק פֿון ישעיה הנביא, פֿון אוניווערסאַלן פֿרידן, ווען מענטשן וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקער־אײַזנס. דאַקעגן איז מײַן באַליבטער זשורנאַליסט, נישט קוקנדיק אויף זײַן הומאַניסטישן גײַסט, דווקא געווען אַן אָנהענגער פֿון אַ פּאָליטישער שטרעמונג, וועלכע האָט נישט געשטימט מיט מײַנע ביבלישע פּרינציפּן...

דער מענטש וועגן וועמען איך רעד דאָ, איז כאַרכע רעגעראַס פּעראַלטאַ; אַ געבוירענער אין די סטעפּעס פֿון סאַנטאַנדער, איז ער פֿון זײַנע פֿריסטע יאָרן געווען אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דער גײַסטיקער ירושה פֿון די אומאָפּהענגיקייט קעמפֿערס: צו ערשט די „קאָמונערן״, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין „על סאָקאָרא״ און „טשאַראלאַ״, און דערנאָך דער גענעראַל סימאָן באָליוואַר, דער געניאַלער סטראַטעג. שפּעטער שוין אין די צײַטן פֿון דער רעפּובליק, איז סאַנטאַנדער געווען די אַרענע פֿון פֿאַרשיידענע בירגער־קריגן, און איז כסדר געווען באַזעצט מיט טרופּן און מיליטערישע לאַגערן. די דאָזיקע סביבה האָט, נאַטירלעך, געווירקט אויף אים, און איך גלייב, אַז זי האָט אים אין אַ גרויסער מאָס אויך באַאײַנפֿלוסט.

ווען עס האָבן אָבער געבלאָזן איבער קאָלאָמביע בייזע ווינטן קעגן דער נײַער אימיגראַציע, מחמת פֿאַרשיידענע אומשטענדן, האָט רעגעראַס דווקא זיך געשטעלט מיט זײַנע חברים אין דער ערשטער ריי, בײַ דער זײַט פֿונעם געקריוודעטן און שוואַכן, אָן אונטערשייד פֿון אָפּשטאַם און גלויבן. ער האָט זיך אײַנגעבאַקן בײַ אונדז אין האַרצן, און מיר, ייִדן, האָבן אים געפֿילט ווי אַן אייגענעם און מיטקעמפֿער פֿאַר אונדזערע אינטערעסן. קודם־כּל, האָבן מיר געזען אין אים אַן אײדעלן מענטשנפֿרײַנד, און דאָס איז זייער אַ וויכטיקע אייגנשאַפֿט וואָס מען דאַרף קענען אָפּשאַצן. און וואָס לאָזט זיך נישט לײַכט פֿאַרגעסן.

נישטאָ קיין אָנגעזעענער פּערזענלעכקייט אין קאָלאָמביע, וואָס זאָל

נישט אָנערקענען די גרויסע מענטשלעכע מעלות און דעם טאַלאַנט פון כּאַרכע רעגעראַס פּעראַלטאַ; און אויך אין אַנדערע לענדער האָט ער אַ גרויסע צאָל פאַרערערס. ס'איז גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט אַזעלכע וועלטריזן ווי פּיקאַסאָ, נערודאַ, מיגעל אַנכעל אַסטוריאַס און פיל אַנדערע. מען קען אים און מען שאַצט־אָפּ זיינע פאַר־דינסטן פאַר דער קולטור־וועלט אויף אַ האַלבן ערד־קיילעך. מיט זיין גע־מיטלעכן און נאַטירלעכן שאַרם, דערציילט ער אַנעקדאָטן וועגן זיינע באַ־געגענישן מיט די גרויסע וועלט־פּערזענלעכקייטן, און ווער עס הערט אים באַקומט דעם איינדרוק, אַז ער זעט אַ צויבער־בילד, אָדער אַז ער הערט אַ מעשה פון „טויזנט און איין נאַכט".

אויף די ווענט פון די צימערן פון זיין הויז, הענגען אָריגינעלע ליינוואַנטן פון די גרעסטע פּענדזל־מייסטערס, מיט אייגנהענטיקע דעדיקאַציעס פאַר רעגעראַס פּעראַלטאַ, און אין זיין ביבליאָטעק זיינען פאַראַן ביכער פון שרייבערס מיט אַ וועלט־נאָמען, וועלכע האָבן אויף די שער־בלעטער אויס־געדריקט אָנערקענונג דעם באַוווּסטן קאָלאָמביאַנער קולטור־מענטש, אין געפּילפּולע שורות. אָט אַזאַ איז רעגעראַס פּעראַלטאַ; אַ האַרציקער, רעכט־דענקענדיקער מענטש, וועלכער האָט זיך דערוואָרבן ליבשאַפט, אַכטונג און אָנערקענונג ביי זיינע מיטבירגערס, און ביי די אומצאָליקע פריינד וואָס ער פאַרמאָגט אויסער די קאָלאָמביאַנער גרענעצן.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די נאַציס האָבן צעטראָטן מיט זייערע שטיוול און האַקנקרייץ די אייראָפּעישע ערד, און ווען פון די קווי־מענס פון די נאַצישע קרעמאַטאָריעס אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיינען אויפגעגאַנגען רויך־וואָלקנס פון מיליאָנען פאַרברענטע מענטשלעכע לעבנס, האָבן מיר ווידער אָנגעטראָפן אויף אונדזער ליידנסוועג דעם גרויסן מענטשנ־פריינד און ייִדנפריינד רעגעראַס פּעראַלטאַ.

מיר האָבן אונטערגענומען אַן אַקציע צו דערוועקן דאָס געוויסן און די הומאַניטאַרע געפילן ביי דער קאָלאָמביאַנער עפנטלעכקייט, און מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף פון וויכטיקע פיגורן פון דער דיפּלאָ־מאַטיע און קולטור־סביבה פון לאַנד, אינעם רעסטאָראַן „קאַפּאַקאַבאַנאַ", איינער פון די עלעגאַנטסטע אין יענער צייט. און צווישן די אַנוועזנדיקע

בײַ יענער געלעגנהייט איז געווען כאָרכע רעגעראָס פּעראַלטאַ, וועלכער האָט — צוזאַמען מיט אַנדערע הויכגעשטעלטע געסט —, אַפּעלירט צום געוויסן פֿון דער וועלט לטובֿת דער גערעכטיקייט און דער פֿרײַהייט פֿאַר אַלע פֿעלקער. דאָס איז אַ זשעסט וואָס לאָזט זיך נישט אַזוי לײַכט פֿאַרגעסן.

איך האָב, לײדער, ווינציק געלעגנהייט זיך צו טרעפֿן מיט אים פּערזענלעך; אָבער זײַן געשריבן וואָרט, וואָס האָט אַזאַ צוציִונגס־קראַפֿט צווישן נאָענטע און ווײַטע פֿרײַנד, שאַפֿט־אָפּ די מחיצה פֿון דיסטאַנץ און דערנענטערט אים צו מיר אַזוי ווי איך זאָל מיט אים שמועסן פּנים־אל־פּנים.

ער האָט געשריבן וואָגיקע צײַטונגס־אַרטיקלען אויף אײַנצושטילן דעם אָפּקלאַנג פֿון דער נאַצישער נבֿזהדיקער פּראָפּאַגאַנדע אין לאַנד, און כּדי אָפּצושלאָגן די גיפֿטיקע אַרויסטריטן פֿון געוויסע קרײַזן קעגן ייִדישער אימיגראַציע אין קאָלאָמביע. ער האָט אַפֿילו אַרויסגעגעבן אַ בראָשור, טאַדלענדיק עפֿנטלעך יענע וועלכע האָבן געזוכט צו פֿאַרפּינצטערן אונדזער לעבן אויף דער דאָזיקער ערד; און אַזאַ זשעסט פֿון איינעם פֿון די חסידי העולם, איז ווערט פֿאַראייביקט צו ווערן אין זכרון פֿון ייִדישן ישובֿ.

# געדאַנקען וואָס זײַנען שטענדיק אַקטועל

אין אָקטאָבער 1961 האָט דער מחבר געשיקט דעם ווײַטערדיקן בריוו, צום קאַטוילישן גײַסטלעכן דירעקטאָר פונעם זשורנאַל „על וואָטאַ נאַסיאָנאַל". אין יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמ־פּייִן, וואָס האָט שפּעטער דערפירט צום אונטערגאַנג פון דער אויסגעצייכנטער אויסגאַבע. דער טעקסט פונעם דאָזיקן בריוו ווערט דאָ איצט געבראַכט אין יידישער איבערזעצונג, מיט דער איבערצײַגונג, אַז אידייען אינספּירירטע אין גוטע כוונות ווערן נישט פאַרוועלקט; און אויך ווײַל זיי זײַנען געווען די מאָטיוון וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט צו דער צײַטשריפט בײַ מענטשן, וועלכע האָבן אַזעלכע אידייען נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

זיבט כמה טעג האָב איך געהאַט בדעה אײַך צו באַדאַנקען פאַר שיקן מיר רעגלמעסיק אײַער צײַטשריפט, און איצט, אין שײַכות מיט קאָמענ־טאַרן, וועלכע זײַנען דערשינען אין דער היגער פּרעסע, האַלט איך אַז ס'איז געקומען די פּאַסיקע צײַט דאָס צו טאָן. די כוונה איז, נישט אַזוי צו זײַן נאָך אַ באַשטעטיקער פון די גינסטיקע מיינונגען וועגן דעם זשורנאַל, ווי אויפצוהייבן די שטימע קעגן די יעניקע, וועלכע ברענגען אַרויס בייז־וויליקע אויסזעצונגען, קעגן דער צײַטשריפט, און וואָלטן געוואָלט, וואָר־שײַנלעך, אַז די אויסגאַבע זאָל אין גאַנצן פאַרשטומט ווערן, אָדער זאָל זיך אַרײַנפּאַסן אין אַ נאָכגיביקער גלײַכגילטיקייט און פּאַסיוויטעט.

איך האָף, אַז מײַן באַשיידנקייט וועט נישט זײַן קיין אָפּהאַלט אײַך אויסצודריקן מײַן אויפריכטיקע באַגריסונג, און געפילפולע אָנערקענונג. דאָס ליכט איז שטענדיק אַ קוואַל פון קלאָרקייט און לײַטערונג, פון וואַנען ע'ס זאָל נישט קומען, און אײַערע אויפקלערנדיקע געדאַנקען וועגן די סאָ־

ציאַלע פּראָבלעמען אין לאַנד, די בולטע אמתן וואָס איר ברענגט אַרויס מיט שטאַנדהאַפטיקייט און שלימות, העלפן באַלײַכטן אין אַ גרויסער מאָס די שווערע וועגן, וואָס נויטבאַדערפטיקע מאַסן מוזן דורכמאַכן; די דאָזיקע אומענדלעכע קאַראַוואַנע פון „הונגעריקע און דורשטיקע נאָך גערעכטי־קייט", בײַטיקט זיך אין כסדרדיקער און מוטיקער שטיצע. פאַר דעם צוועק




אויפן אַקט פון אויסטיילן די פּרעמיע „פאַר מענטשן־רעכט":
רעכט: דאָריאָ עטשאנדיאַ, עקס־פּרעזידענט פון לאַנד, גראַסיעלאַ מילהעלם, ד"ר אַל־בערטאָ ללעכאָס; פּרוי פון ישראל־אַמבאַסאַדאָר, חהילע אוויליא; לאַפּעס מיכעלסאָן, פּרעזידענט פון לאַנד און שלמה אווילא

איז אַ הייליקער חוב אויפצוהייבן די שטימע צו מאָנען גערעכטיקייט פאַר די אָרעמע, און וואָרענען באַצײַטנס וועגן דעם פּײַנלעכן מצב, וואָס וועט זיך שאַפן אויב די רעגירונג און די געזעלשאַפט, וועלן נישט אונטערקומען באַצײַטנס מיט הילף לטובת די אומפאַרמעגלעכע שיכטן פון דער באַפעל־קערונג.

אויף די שפּאַלטן פון אײַער זשורנאַל אַפּעלירט איר פאַר אַ נײַער סאָציאַלער געזעצגעבונג, ווי אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס הגם ער וועט נישט ברענגען קיין פולשטענדיקן גליק פאַר דער מענטשהייט, וועט ער כאָטש לינדערן און פאַרמילדערן די לײַדן און פּלאָגענישן פון אונדזערע מיטמענטשן, וועלכע שטרעבן צו לעבן אין אַ פרײַער אַטמאָספערע פון וועלכער מיר אַלע ווילן צוגלײַך געניסן אין דער דעמאָקראַטישער מדינה.

איך גלייב — אַזוי ווי איר —, אַז גאָט האָט באַשאַפן אַל דאָס גוטס אויף דער וועלט, כדי אַלע זאָלן צוגלײַך געניסן דערפון: סײַ אָרעם, סײַ רײַך. דער דאָזיקער אוראַלטער געדאַנק, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק צום ערשטן מאָל אין די ווערטער פון די יידישע נביאים, קאָן נישט און טאָר נישט באַצייכנט ווערן מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי „אויפרייצנדיקע פּראָפּאַגאַנדע”, ווי מען האָט אײַך, אָן רעכט, געפּרווּוט פאַרוואַרפן; די איינציקע געמיינזאַמקייט וואָס קאָן עקסיסטירן צווישןביידע שטעלונגען (אויב אַזעלכע איז פאַראַן), איז דער באַגער אויפצוריכטן די אָרעמע מאַסן פון דער שרעקלעכער לאַגע פון נויט און אומבאַהאָלפנקייט וואָס זיי לײַדן הײַנט.

עס איז אַ געטלעכער געבאָט צו זאָרגן פאַרן וווילשטאַנד פון דער אָרעמשאַפט; ווער עס דערפילט נישט דעם דאָזיקן חוב, דערלאָזט נישט, אַז די אידעלע געפילן וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין די הערצער פון די לײַדנדיקע מאַסן, זאָלן אויפטויכן און זיך אַנטוויקלען אויפן בעסטן אופן אין זייערע באַציִונגען מיט דער געזעלשאַפט, און דערמעגלעכן אַ געזונט און נוצלעך צוזאַמענלעבן. אָפּנייגנדיק פון דער דאָזיקער מאָראַלישער פליכט, באַקרעפטיקט זיך אין די הערצער פון די געקריוודעטע אַ געהיימע, און אַפילו באַרעכטיקטער, פאַרדרוס, וואָס דאַרף דורך אַלע אופנים באַזײַטיקט ווערן, כדי אַלע זאָלן הנאה האָבן פון די שיינקייטן, וואָס דער אייבערשטער האָט געגעבן דער וועלט און וואָס דער מענטש האָט געשאַפן.

*

איך בין זיכער, אַז אַ גרויסער טייל פון דער בייזוויליקער קריטיק, וואָס עס האָבן אַרויסגערופן די געדאַנקען, וועלכע איר האָט אַרויסגעבראַכט אין אײַער זשורנאַל, נעמען זיך גיכער פון קליינלעכע אינטערעסן ווי פון הור־

מאַניטאַרע געפֿילן; ווײַל קיין שום געוויסנהאַפֿטער און רעכטדענקענדיקער מענטש, קאָן נישט, אויף אַ באַוווסטזיניקן אופֿן, פֿאַרלייקענען די גערעכטי־קייט פֿון אַזאַ שטעלונג, וואָס שטײַט די דראַמאַטישע לאַגע פֿון די נידע־ריקע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, און די גלײַכגילטיקע נאָכלעסיקייט פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסן; דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז דורך אַלעמען באַ־קאַנט און ווערט אומעטום ברייט אַרומגערעדט. מעגלעך, אַז עס געפֿעלט זיי נישט אײַער אויפֿריכטיקייט, און האַלטן אַז אַט די האַרבע און אַנגעווייטיקטע פֿראַגע פֿון דער קאָלאָמביאַנער געזעלשאַפֿט, דאַרף געלופֿטערט ווערן צווישן פֿיר ווענט, און נישט בקול רם. אָבער אַנדערע — און איך צווישן זיי — האַלטן, אַז ס'איז נישט געזונט און נישט אָנשטענדיק צו פֿאַרשווײַגן אַזעלכע אויגנשײַנלעכע פֿאַקטן, וועלכע שפּילן אַן ערשטראַנגיקע ראָל אין דער געשיכטע פֿון אַ פֿאָלק, און עס דאַרף זײַן עמעץ וואָס זאָל וועקן דאָס געוויסן פֿון די פֿאַרמעגלעכע שיכטן, און דערמאָנען זיי, אַז זיי האָבן פֿאַר־געסן אָדער מינדערגעשעצט די לײַדן פֿון זייערע מיטמענטשן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אַפֿעל מוז טרעפֿן אין דער זיבעטער ריפּ איי־ניקע — אָדער אַ סך — יחידים; אָבער מען קאָן נישט בײַם בעסטן ווילן אַלעמען צופֿרידנשטעלן, און אין דעם פֿאַל איז אַ סך גרעסער די צאָל באַ־שיצטע און דערמוטיקטע דורך דער שטעלונג פֿון אײַער צײַטשריפֿט, ווי די צאָל אומצופֿרידענע, פֿאַר וועמען אײַערע אידייען זײַנען נישט צום האַרצן. און דאָס דאַרף בעיקר גענומען ווערן אין באַטראַכט.

איר זענט אַ פֿאַרנונפֿטיקער, באַזאָכטער און רעכטדענקענדיקער גײַסט־לעכער, און איר דאַרפֿט נישט מען זאָל אײַך מונטערן אין דער אַרבעט, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פֿון אײַער געוויסן, פֿול מיט ליבשאַפֿט צום לײַדנ־דיקן און אומבאַהאָלפֿענעם מענטשן. דעריבער איז אויך איבעריק צו זאָגן אײַך, אַז איר דאַרפֿט אָנגיין מיטן קאַמף אויפֿצווועקן פֿון זייער דרימל די יעניקע, וועלכע פֿאַרשטייען נישט די ערנסטקייט פֿונעם איצטיקן מאָמענט, און די וויכטיקייט פֿון די גרויסע ענדערונגען וואָס קומען פֿאָר אויף דער וועלט, פֿאַרן אומגעהײַערן פּרײַז פֿון „בלוט, שוויס און טרערן"...

איך וויל נישט דורכלאָזן אין דעם אָנערקענונגס־בריוו נאָך איין מוס־טערהאַפֿטן שטריך פֿונעם זשורנאַל: די אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס ווערט אָפּ־געגעבן אויף זײַנע שפּאַלטן דעם יונגן דור, וועמענס פּראָבלעמען (פֿון

וועזנטלעכער חשיבות בײַם הײַנטיקן טאָג), ווערן באַהאַנדלט מיט טיפקייט און שאַרפזיניקייט. הגם איך וויל קײנעם דירעקט נישט באַשולדיקן, מוז מען פעסטשטעלן אַז עס האָבן זיך געשאַפן פאַקטאָרן, וועלכע שטרויכלען די ריכטיקע אויסבילדונג פון אונדזערע קינדער. עס איז אַנטשטאַנען אין די הײמען אַ בפירושע „ווערטן־פאַרקריפלונג", און בײַם הײַנטיקן טאָג וואַגט שוין נישט פאַקטיש קײן שום פאָטער ווידערצושטרײַטן זײַנע קינדער; אַזוי באַקומט זיך אַ סיטואַציע פון פאַלשער און פריצײַטיקער זעלבשטענדיקײט, אין וועלכער די קינדער וואַקסן מיט אײבערהערשערישע פרעטענזיעס אינערהאַלב דער משפחה. שפּעטער שאַפן זיך די באַוווסטע און צו מאָל האַרבע „דורות־קאָנפליקטן", בײַ וועלכע די עלטערן ווערן אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונג־באַנק, און צום סוף צעשיידן זיך די קינדער מיט זײערע עלטערן, אָדער זײ אַנטלויפן און פאַרבלײַבן ווי אמתע שונאים. אין בעסטן פאַל, ווערן די עלטערן באַטראַכט ווי „אַלטפרענקישע" אָדער „אַלט־מאָדישע", און ס'איז נישטאָ קײן געמײנזאַמע שפּראַך צווישן פאָטער און זון; דאָס יונגוואַרג האַלט זיך שטענדיק פאַר גערעכט און פאַר אַלצוויי־סערס, און אַזוי קומט צו אַן איבעררײַס אין דעם משפחה־קרײַז, ווײַל עס ווערט איגנאָרירט די מײנונג, די דערפאַרונג און דער אויטאָריטעט פון די עלטערן. אָן שום קווענקלעניש דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז דאָס איז דער אָנהײב און די סיבה פון אַלע דורכפאַלן בײַ די ווײַטערדיקע דורות.

*

אין אַמאָליקע צײַטן פלעגט מען זיך פאַרטיפן אין די הײליקע שריפטן, און אין דער קלאַסישער ליטעראַטור פון די גרויסע דענקער און קינסטלער, אָבער הײַנט ווערן היפש פאַרנאַכלעסיקט די דאָזיקע מײַסטערהאַפטע ווערק. די יוגנט מײנט אַז זי ווייסט שוין אַלצדינג, און אין דער אמתן ווייסט זי גאָרנישט. מיט יאָרן צוריק האָט מען דערשפּירט אומעטום, אין דער הײם, אויף דער גאַס, אין די שטעט און דערפער, אַן אײַנגעבוירענעם ענטוזיאַזם און דראַנג נאָך וויסן, נאָך בילדונג און גײַסטיקער פאַרפולקאָמונג אויף פאַרשיידענע געביטן; און איבער הויפּט, האָט מען זיך נישט געיאָגט נאָך שנעלע און גרינגע דערגרייכונגען — מען איז געגאַנגען שטופנווײַז. דאַקעגן הײַנט, זוכט מען דורך אַלע מיטלען, און פאַר יעטוועדן פרײַז, אַרויפצוקלעטערן

אויבנאָן אין איין אויגנבליק; מען באַמיט זיך צו דערוווערבן כּבוד, רײַכטום און אַנדערע פּריווילעגיעס ממש איבערגאַכט.

די עלטערע טראָגן אין אַ גרויסער מאָס די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן דאָזיקן סאָציאַלן אויפֿברויז, ווײַל זיי האָבן פֿאַרציכטעט אויף זייער פֿירנדיקער ראָל אין דער היים און זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ צווייטראַנגיקער מדרגה, נאָכגעביקע און געהאָרכזאַמע. מערסטן טייל קאָנען מיר, עלטערן, אַנדערש נישט האַנדלען, נישט דווקא צוליב שוואַכקייט, נאָר מחמת ליבשאַפֿט צו אונדזערע קינדער צו וועלכע מיר ווילן נישט זײַן איבעריק שטרענג.

איך געפֿין פֿאַר נייטיק אויפֿצוקלערן, אַז עס וווּנדערט מיר בכלל נישט — און איך גלייב אַז אײַך אוודאי נישט —, וואָס אַנדערע באַהאַנדלען און קאָמענטירן די פֿאַקטן אַזוי ווי זייער שכל און פֿאַרנונפֿט גיבן זיי צו פֿאַרשטיין; אָבער איך מיין, אַז ס'איז גאַנץ יושרדיק צו פֿאָדערן דאָס זעלבע רעכט פֿאַר יענע, וועלכע, אַזוי ווי איר, באַרירן די זעלבע ענינים לויט זייער ריינעם און קלאָרן פֿאַרשטאַנד. דער ערשטער און האַרבסטער פֿעלער פֿון די קריטיקערס פֿון אײַער צײַטשריפֿט, איז צו וועלן זי פֿאַרשטומען. איינער פֿון די שווערסטע פֿאַרברעכנס איז צו שטערן די פֿרײַהייט פֿון וואָרט און פֿון שריפֿט, דורך וועלכע עס ווערן אַרויסגעבראַכט פֿאַרשיידנאַרטיקע מיינונגען, מעגן זיי זײַן אַפֿילו קעגן אונדזערע אייגענע איבערצײַגונגען. פֿאַרלעצן די פּרעסע־פֿרײַהייט באַטײַט צו פֿאַרשווערכן דעם כּלל אַז „בלויז דורכן אמת וועלן מיר ווערן פֿרײַ".

גאָט צו דאַנקען וואָס די שרײַבערישע פֿעיִקייט איז נישט קיין האַנדלס־פּאַטענט, און מען קען זי נישט קויפֿן פֿאַר געלט; דאָס איז אַ געשאַנק פֿון אויבן, אַ מתנה פֿון גאָט וואָס יחידי סגולה פֿאַרמאָגן און קיינער קאָן בײַ זיי נישט צונעמען. און היות דער גײַסטיקער אומרו פֿונעם מענטשן ווערט נישט אײַנגעשטילט ביז ער ווערט נישט אַרויסגעבראַכט אויפֿן קול, איז דער שרײַבער מחוייב צו דערפֿילן זײַן פֿליכט מיט זיך אַליין און מיט דער געזעלשאַפֿט, ברענגענדיק פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט זײַנע געדאַנקען אויסזעצונגען און פֿאַרשלאָגן. ווער עס דערשטיקט דאָס לעבעדיקע וואָרט איז אַ פֿאַרברעכער; ס'איז דאָס זעלבע ווי דורכפֿירן אַן אָבאָרט, נישט דערלאָזנדיק אַז אַ לעבעדיק ווען זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן.

אַט דאָס האָב איך אײַך געוואָלט זאָגן, פרײַנד דירעקטאָר. נעמט אויף מײַנע ווערטער ווי אַ השתפכות הנפש פון אַ לייענער, וואָס האָט געוואָלט אויסדריקן אײַך זײַן אויפריכטיקע אָנערקענונג, און ווינטשן אײַער זשור־נאַל דעם דערפאָלג, וואָס ער פאַרדינט פאַר זײַנע ערשטקלאַסיקן לייען־מאַ־טעריאַל און פאַר זײַנע גוטע הומאַניטאַרע כוונות. נעמט אויך אויף די דאָזיקע שורות ווי אַן אויסדרוק פון אמתער פאַרערונג, פון אַ מענטשן וואָס — ווי איך —, קאָן צו מאָל נישט זײַן מיט אײַך אײַנשטימיק וואָס נוגע אַ סך פון אײַערע אָנשויונגען, אָבער וואָס פאַרזעט נישט דערפאַר די אידל־קייט פון אײַערע געפילן, אײַער מחשבה־רײַפקייט און אײַער שרײַבערישע מײַסטערשאַפט; די פען, וואָס איר ווייסט אַזוי טרעפלעך אָנצווענדן, איז אַ וווּנדערלעך געצײַג פאַר גרויסע גײַסטיקע דעראָבערונגען.

שמעון גובערעק

ביז דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, בין איך געווען אין דער צײַטשריפט אַ חשובער מיטאַרבעטער. די לעצטע יאָרן איז כמעט ווי אין יעדן חודשלעכן נומער געווען מײַנע אַ מיטאַרבעט. 45 יאָר האָט דער זשור־נאַל עקסיסטירט, אָבער פאַרן אָפּטרעטן פון דער אָנגענומענער „ליניע” האָט אים די העכערע קוריע פאַרמאַכט.

# דער פּריצײַטיקער טויט פֿון ריכטער פּיער יאַראַמין

די גרויסע שטאָט מיט איר פֿיבערדיקן פּאַרקער נעמט־אָפּ רעגלמעסיק איר חוב פֿון מענטשלעכע לעבנס: אַ סך מענטשן פֿאַלן קרבנות טאָגטעגלעך פֿון וועג־אַקצידענטן, און הגם יעדעס אײנציקע לעבן איז פֿאַר זיך און פֿאַר זײַן משפּחה הייליק און טײַער, רופֿט אַרויס בטבע אַ טיפֿערן צער דער אומקום פֿון אַ באַוווסטן מענטשן — אַ שרײַבער, פּאָליטיקער אָדער קינסט־לער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעהויבן מיט זײַן טעטיקייט אין אַ באַשטימטן זשאַנער — ווײַל עס זעט אויס ווי אַן איראָניע פֿון גורל, וואָס דווקא אַזאַ פּאָרדינסטפולער מענטש, וועלכער האָט געדינט דער געזעלשאַפֿט אויף דעם אָדער יענעם געביט, זאָל אַזוי האַרב באַשטראָפֿט ווערן פֿון דער השגחה פֿאַר זײַן מי, און זאָל האָבן אַזאַ טראַגישן סוף. עס ווילט זיך דערמאָנען דעם אויסרוף פֿון רבי ישמעאל, אויף דער אומגערעכטיקייט, וואָס הערשט צו מאָל אויף גאָטס וועלט: „זו תורה וזה שכרה״?

דער גרעסטער טייל פֿון די פֿען־מענטשן — נאָוועליסטן, דיכטערס, דראַמאַטורגן וכדומה — האָבן דעם פּאַרגעניגן צו זען געדרוקט זייערע שאַ־פֿונגען; זיי קומען אין קאָנטאַקט מיט קלאַסן פֿון זייער סביבה און פֿון אויסלאַנד, און ווערן בכלל אָפּגעשאַצט (אויב נאָר זיי זײַנען דאָס ווערט), אין די ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע קרײַזן. אָט־דאָס איז וואָס מען רופֿט געוויינטלעך „געזעלשאַפֿטלעכער פּרעסטיזש״. עס זײַנען אָבער פֿאַראַן אַנדערע, וועלכע באַטש זיי זײַנען פּונקט אַזוי ראוי צו געניסן פֿון כבוד אַזוי ווי די איבעריקע, גייט זיי נישט אין לעבן צו זיצן אויבנאָן אויף אַלע מסיבות, און מען זעט זיי בכלל נישט גאָר אָפּט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון קלאַסן. מען יאָגט זיך נישט אַרויסצוגעבן זייערע ווערק, און ביסלעכווײַז ווערן זיי אין גאַנצן דערווײַטערט, און פֿאַלן אַרײַן אין תהום פֿון פֿאַר־געסונג.

אַזאַ עפּיזאָד, וואָס איז געשען מיטן ריכטער און דיכטער פּיער יאַראַמין,

און וואָס האָט געהאַט אַ פֿײַנלעכן דראַמאַטישן עפּילאָג, וויל איך דאָ דער־ציילן.

פּיער יאַראַמין איז געווען פֿון באַרוף אַ ריכטער, און פֿון דער נאַטור אַ פּאָעט. זיצנדיק אין געריכט־ביוראָ מיט די גרויסע קאַרטאָטעקעס פֿון די געלופּטערטע פּראָצעסן אויפֿן שרײַבטיש, האָט ער געטרוימט וועגן זײַן באַ־



אויף דער באַערונג לכבוד ללעראָס קאַמאַרגאַ. פֿון רעכט: — שגררי, שלמה אווילא; ספּרדישער ייִד און גרויסער פילאַנטראָפּ, קאַרלאָס האימע; פּרעזידענט פֿון לאַנד, ד״ר לאָפּעס מיכעלסאָן, די פֿרוי פֿון פּרעזידענט, שמעון גובערעק, חיהלע אווילא

ליבטער מוזע, וואָס ער האָט געמוזט פֿאַרנאַכלעסיקן מחמת די געריכטלעכע פֿונקציעס און אויפֿגאַבן. ער האָט שוין געהאַט פֿאַרפֿאַסט אַ ריי פּאָעמעס, וועלכע זײַנען אויפֿגענומען געוואָרן מיט באַגײַסטערונג דורכן ברייטן פּו־בליקום; ער האָט באַהערשט מײַסטעריש די שפּאַנישע שפּראַך און באַזיצט אַ הויכע בילדונג אויף אַלע געביטן, אָבער זײַן אַרבעט אין געריכט האָט אים ממש פֿאַרשלונגען, ער האָט יעדן משפּט אויפֿגענומען מיט אַזאַ ערנסט־

קייט און ערלעכקייט, אַז עס פּלעגט אים פּשוט נישט בלײַבן קיין צײַט זיך אָפּצוגעבן מיט זײַן באַליבטער פּאָעזיע.

איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין שכנות מיט אַ יורידישן ענין, וואָס ס'איז מיר אויסגעקומען צו דערלײדיקן און מיך געבראַכט אין זײַן ביוראָ. בײַ דער געלעגנהייט האָט מיך באַגלייט מײַן אַלטער און געשעצטער פֿרײַנד, דער אַדוואָקאַט אַלפֿרעדאָ קאַמאטשאָ ראַמירעס. יאַראַמין האָט אונדז אויפֿגענומען מיט דער נאַטירלעכער העפֿלעכקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין זײַנע באַציִונגען מיט יעדן איינעם, און פֿון דעמאָלט אָן זײַנען מיר געבליבן באַפֿרײַנדט ביזן טאָג פֿון זײַן פֿריצײַטיקן טויט.

דאָס געריכט איז געווען אויף דער 9טער קאַררעראַ און די 17טע גאַס; אין גאַנצן איין קוואַרטאַל פֿון מײַן אַרבעטפּלאַץ. דאָס איז געווען זייער פּאַסיק פֿאַר אונדזערע באַגעגענישן: זייער אָפֿט פֿלעגן מיר פֿאַרברענגען אין אַ געמיטלעכן שמועס בײַ אַ טעפּעלע קאַווע, אין דעם דערבײַיִקן קאַווע־הויז. מיר האָבן זיך גערעדט וועגן פֿאַרשיידענע פּראָבלעמען און אַרויפֿגעקומען אויף דער טעמע פֿון זײַן אייגן לעבן, וואָס דער גורל האָט פֿאַרקערעוועט אין אַ ריכטונג, וואָס האָט אים נישט דערלויבט צו זעטיקן זײַן נאַטירלעכן דיכטערישן דראַנג. די אינערלעכע גײַסטיקע נייגונג איז פֿאַרשאָטנט און כמעט ווי פֿאַרשניטן געוואָרן דורך זײַן פּראָזאַישער אַרבעט אין די טריבונאַלן, און דורכן פּאַק פּאַפּירן, וועלכע ער פֿלעגט יעדן טאָג מיטנעמען פֿון ביוראָ אויף צו שטודירן זיי אין דער היים. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ דאַנק־אויסדרוק אין זײַנע אויגן, אַזוי ווי מען קוקט אויף אַ האַרציקן חבר וואָס פֿאַרשטייט זײַן פֿרײַנדס לעבן.

איך בין געקומען צום אויספֿיר, אַז דער ריכטער־דיכטער האָט געליטן פֿון גײַסטיקער עלנטקייט, וואָס פֿלעגט זיך נאָך מער פֿאַרשטאַרקן ווען דער געריכט־סעקרעטאַר איז צו אים געקומען ער זאָל אונטערשרײַבן אַ דאָקומענט, ווײַל דאַן פֿלעגט ער מוזן אַראָפּנידערן פֿונעם פּאָעטישן אָלימפּ, צום בכבודיקן אָבער באַלאַסטנדיקן שטאַנד פֿון אַ שופֿט. מעגלעך, אַז פּונקט אין דעם מאָמענט ווען ער האָט שוין געהאַט פֿאַרטראַכט אַ סטראָפֿע פֿונעם סאָנעט וואָס ער האָט געקלערט אָנצושרײַבן, האָט אים דער דאָזיקער איבעררײַס אַרויסגעבראַכט פֿון דער עפּיש־לירישער אינספּיראַציע.

די היעראַרכיע פֿון געריכט־סעקרעטאַר איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס

פאַרדינט אויך אַ פּאָר שורות. זיי זײַנען די „אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן", וועלכע פירן דורך אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע די גאַנצע „שוואַרצע אַרבעט" פאַר די העכערע פונקציאָנאַרן, און נישט געקוקט אויף זייער אָנגעשטרענג־טער עבודת־פּרך בלײַבן זיי פולשטענדיק אַנאָנים, און מערסטנס באַקומען זיי היפש־נידעריקע לוינען. דער סעקרעטאַר שרײַבט, און דער שעף חתמעט אונטער. דער סעקרעטאַר פאַרשט־אויס, גרייט־צו דעם באַריכט, שרײַבט אָן די לאַנגע געריכטלעכע מגילות, און דער ריכטער דאַרף בלויז אונטער־שרײַבן. אָבער דער באַאַמטער שוויצט, ווערט פאַרשוואַרצט און פאַרמאַ־טערט, האָרעוועט ביז די שפּעטע אָוונט־שעהען, און דער „באַלעבאָס" שרײַבט בלויז אונטער. דאָס איז אויך אַ דראַמע פונעם טאָגטעגלעכן לעבן, וואָס ווערט ווייניק וואָס באַשריבן אין דער ליטעראַטור. אָבער יאַראָמין איז געווען אַ ריכטער פון גאָר אַן אַנדער שניט. ער פלעגט יעדן ענין גוט דורכשטעדירן און דורכטראַכטן און ערשט נאָך דעם אונטערשרײַבן, אָדער ער פלעגט אַרויסרופן דעם סעקרעטאַר, און לאַנג מיט אים זיך אַמפּערן, און נאָך דעם פלעגט מען ווידער אַלץ איבערשרײַבן. ער האָט געטאָן זײַן אַרבעט ווי אַן עבודה קודש, און געמשפּט לויטן דיקטאַט פון זײַן געוויסן.

דעמאָלט האָב איך באַמערקט, אַז קיינער איז נישט פרײַ פון דער דאָ־זיקער להכעיסדיקער אונטערדריקונג; דער ריכטער אין זײַן שטח, דער סעק־רעטאַר אין זײַנעם, און מיר אַלע — ווער מער ווער ווייניקער —, זײַנען מיר אונטערגעוואָרפן דעם קאַפּריז פונעם גורל און פון מענטשן. און דער גורל פירט אונדז אַוועק צו מאָל אויף וועגן און שטעגן וועלכע זײַנען אונדז נישט צום האַרצן.

איין מאָל האָב איך געשאָנקען דעם ריכטער פיער יאַראָמין אַן עקזעמ־פּלאַר פון שלמה ברייגסקיס בוך „מענטשן אין שפּאַן". ער האָט עס געלייענט, און מיט אַ האַרציקן שמייכל האָט ער אויסגעדריקט אָנערקענונג פאַרן ייִדישן דערציילער פון קאָלאָמביע. ס'איז פאַר מיר געווען בפירוש אַ ריס אין האַרצן די ידיעה, אַז דער ריכטער־דיכטער איז אין איינעם אַ טאָג פּלוצעם געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַג אין בלי־ענדיקן עלטער. מיט געבויגענע קעפּ און יראת הכבוד בין איך געשטאַנען צוזאַמען מיט מײַן פרײַנד, אַלפרעדאָ קאַמאַטשאָ ראַמירעז, לעבן זײַן אָרון און געווען דורכגעדרונגען מיט אַ שווערן געפיל פון דער אבידה.

# אַ געשיכטע וואָס חזרט זיך איבער

נישט איין היסטאָריקער האָט אָנגעוויזן אויפֿן פֿאַקט, אַז אין דער מענטשלעכער געשיכטע חזרן זיך אָפֿט מאָל איבער גאַנצע ציקלען, דערפֿאַר דאַרף מען זיך פֿון געשיכטע אָפּלערנען דעם טיפֿסטן מוסר־השכל. די צרה איז אָבער, וואָס דער געוויינטלעכער מאַסן־מענטש ווערט נישט שטאַרק נתפּעל פֿון די לעקציעס פֿון דער געשיכטע, און זײַן קעצישער זכרון פֿאַר־פֿירט אים אײַן מאָל און נאָך אַ מאָל אין דער זעלביקער בלאָטע. דערפֿאַר זעען מיר אַז בעת עס זײַנען נאָך פֿריש די וווּנדן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פֿון דעם בלוטיקסטן קריג וואָס דער מענטשן־מין האָט ביז הײַנט דורכגעמאַכט, קאָכט שוין ווידער דער וועלטקעסל מיט טײַוולאָנישן ברען. און מיר, ייִדן, האַלטן אַז ס'איז כּדאַי כּסדר צו דערמאָנען פֿאַקטן וואָס מען וויל פֿאַרגעסן אָדער צעקרימען. נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר אויסמײַדן די איבערחזרונג פֿון געוויסע געשעענישן און מיר וועלן צעשטערן די פּלע־נער פֿון די, וועלכע גרייטן צווייטע אויפֿלאַגעס פֿון פֿינצטערע היסטאָרישע עפּיזאָדן.

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט באַצאָלט זעקס מיליאָן קרבנות — דער בלוטיקסטער אָפּצאָל וואָס אַ פֿאָלק האָט בײַגעטראָגן אינעם גרויסן וועלט־חורבן. די אומות־העולם זײַנען געווען עדות, און האָבן געשוויגן. נאָכן קריג האָט זיך אָבער זייער געוויסן אַ ריר געטאָן און סוף־כּל־סוף, אין 1947, האָבן די פֿאַראייניקטע פֿעלקער אָנגענומען אַ יושרדיקן באַשלוס: אָנער־קענען די רעכט פֿונעם געשטראָפֿטן ייִדישן פֿאָלק צו באַזעצן זײַן נאַציאָ־נאַל לעבן אויף דער ערד פֿון זײַנע אָבות. די קאָניונקטור האָט דאַן אַזוי צוגעשפּילט, אַז אַפֿילו ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט צווישן די ערשטע מלוכות אָנערקענט מדינת ישראל; גראָמיקאָס דעמאָלטדיקע רעדע אויף דער גרעס־

טער וועלט־טריבונע איז פאַרבליבן ווי אַן אויסערגעוויינטלעכער רעדנע־רישער דאָקומענט, אַפילו ווען יענע רייד זײַנען געקומען מער משנאת המן ווי מאהבת מרדכי, דאָס הייסט, מער מחמת דעם ווונטש צו פאַרטרײַבן און פאַרטרעטן די ענגלענדער ווי די הויפּטמאַכט אין מיטעלן מזרח. און נישט צוליב זוכן יושר פאַר ייִדן — דאָך געדענקט אונדזער פאָלק יענע ווערטער מיט דאַנקשאַפט און וואָלט מיט זיי באמת גליקלעך געווען, ווען נישט וואָס שפּעטערע אַנטוויקלונגען אין דער גרויסמאַכט־פּאָליטיק האָבן קלאָר אַרויס־געשטעלט זייער פאַלשקייט און צביעות.

נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, אין 1967, איז קלאָר געוואָרן אַז די סאָוועטישע אַמביציע קאָנצענטרירט זיך אויף אַרײַנבאַקומען דעם מיטל־מזרחדיקן ראַיאָן אין סאָוועטישן השפעה־קרײַז. נישט די זיכערקייט פון ישראל אינטערעסירט די סאָוועטן, נישט עס טוט זיי ווײ די אַראַבישע מפּלה. דער עיקר זײַנען בײַ זיי די אינטערעסן פון אַ באַהערשערישער גרויסמאַכט, און נאָר צוליב דעם האָבן זיי באַשלאָסן תיכּף נאָכן ישראלדיקן נצחון איבערצורײַסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט דער ייִדישער מלוכה און אונטערצונעמען אַן אַנטיסעמיטישן קאַמפּיין, וואָס האָט נישט קיין גלײַכן אַחוץ דער געשיכטע פון דעם קאָמוניסטישן רעזשים.

מען האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ טערמין „ציוניזם" און זיך באַמיט דער־פון צו מאַכן אַ זידלוואָרט צו באַשמוצן אַלע ייִדישע נאַציאָנאַלע געפילן, פון וועלכע די שטרעבונג צוריק אויפגעריכט צו ווערן אינעם לאַנד פון די אָבות איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע און דערהויבנסטע. מען האָט דורך אַלע מיטלען געזוכט צו צעקרימען דאָס בילד פון ייִדן, דורך אינטריגעס און פעלשונגען געפּרוווט צו פאַרגיפטן די וועלטמיינונג קעגן אונדזער פאָלק. מען איז דערגאַנגען צום פּערוועדזן פאַרגלײַך צווישן ציוניזם און ראַסיזם, אַ באַשולדיקונג וואָס איז נישט נאָר קעגן דעם אמת און דעם שכל־הישר, נאָר וואָס שטעלט־פאָר אַ שענדלעכן פּרינציפּ פון אַבסורדאַלן אויסטײַטש פאַר פּאָליטישע דערשײַנונגען. די דאָזיקע שענדלעכע פּראָפּאַגאַנדע האָט ליידער געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג צווישן די נײַע מלוכות, וואָס האָבן אָקערשט זיך באַפרײַט פון די פאַרשיידענע קאָלאָניאַליסטישע רעזשימען, און וועלכע שטיצן דעם בייזן אַנטיסעמיטישן קאַמפּיין מחמת באַענטשאַפט

מיט די אַראַבישע לענדער, אָדער ווײַל זיי לאָזן זיך פֿאַרבלענדן מיט די אַראַבישע פּעטראָ־דאָלאַרן.

*

דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון מאָראַלישער געפֿאַלנקייט, פֿון סאָוועטישער דעמאַגאָגיע און פּאָליטישן שווינדל. די אַלע תּירוצים זײַנען שוין אונדז באַקאַנט פֿון אונדזער געשיכטע, און דערפֿאַר מעגן מיר וואָרענען: די וועלט דאַרף זוכן איר היילונג און נישט דערלאָזן, אַז דער איצטיקער כאַאָס זאָל זיך פֿונאַנדערוואַקסן, ווײַל דאַן וועלן נישט נאָר ייִדן דאַרפֿן אויסשטיין. איין זאַך מעג די וועלט וויסן אויף זיכער: יעדער אייגער וואָס טשעפּעט זיך צו ייִדן איז אין תּוך אַ שונא דער גאַנצער מענטשהייט. די נידערטרעכטיקע כּוחות וואָס פּאַרעיפֿושן די וועלט־אַטמאָספֿער ווילן אָנהייבן דווקא מיט ייִדן זייער קריגסצוג קעגן דעם מענטשן־מין ווי אַ גאַנצן, ווײַל זיי האַלטן אַז דאָס וועט זײַן אַ גרינגער אָנהייב. זיי האָבן אָבער אַ קאָלאָסאַלן טעות און די צוקונפֿט וועט ווײַזן ווער עס וועט מנצח זײַן.

אמת איז אַז די פֿינצטערע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין רוט נישט און חזרט־איבער אירע פֿעלשונגען טויזנט מאָל, ביז זיי ווערן אָנגענומען ווי אמתן. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז געשען מיטן בילבול וועגן די אַראַבישע פּליטים, וועלכע זײַנען איבער דער אַליין־געשאַפֿענער פּאַניק אַנטלאָפֿן פֿון ישׂראל אין 48סטן יאָר, און זייערע אַראַבישע „ברידער" האָבן זיי במשך 28 יאָר געהאַלטן אין באַראַקן און לאַגערן כּדי זיך צו באַנוצן מיט זיי ווי פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, אָנשטאָט זיי אײַנצואָרדענען מענטשלעך, ווי ישׂראל האָט עס געטאָן מיט ייִדישע פּליטים פֿון אומעטום. ס'איז אָבער גרינג אויפֿצודעקן דעם אומזין אויך פֿון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, ווי עס טוט די חשובֿע צײַטונג „על טיעמפּאָ", פֿון באָגאָטאַ, ענטפֿערנדיק אויף אַ חוצפּהדיקן בריוו פֿון עגיפּטישן אַמבאַסאַדאָר אין קאָלאָמביע. די צײַטונג דערמאָנט אַז 300,000 אינטעליגענטערע אַראַבער זײַנען אין 1948 פֿאַרבליבן אין ישׂראל, זיך נישט געלאָזט מיטרײַסן מיט די בהלה־לאָזונגען פֿון די אַראַבישע שכנישע לענדער. הײַנט זײַנען זיי אַ האַלבער מיליאָן; „זיי געניסן פֿון פּראָגרעס און וווילשטאַנד אויף אַ טעכנישער און וויסנשאַפֿטלעכער מדרגה; אַנאַלפֿאַבעטיזם איז צווישן זיי געפֿאַלן פֿון 95% אין 1948 ביז 5% אין 1974; זיי

האָבן אייגענע צווי צײַטונגען און באַטייליקן זיך אין פּאַרלאַמענט און אין דער רעגירונג. צי זײַנען דאָס „דריטקלאַסיקע בירגערס״, אָדער אפשר גע־ניסן די ייִדן אין די אַראַבישע לענדער פון גרעסערע רעכט און פרייהייטן?״ (על טיעמפאַ, 75/11/4).

דאָס איז נאָך איין בײַשפּיל, איין מוסטער פונעם אַבסורד וואָס שטעקט אין וועלן באַצייכענען ווי ראַסיסטיש דעם עם־הספר, וואָס האָט אַזוי פיל בײַגעטראָגן פאַר דעם ווילזײַן פון דער וועלט מיט זײַנע גײַסטמענטשן און מיטן לייגן דעם גרונט פאַר די גרויסע מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס.

# די שטאָט, וואָס איז מיר געבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון

ווען איך האָב זיך באַקענט צום ערשטן מאָל מיט דער שטאָט פּאָפּאַיאַן, מיט אַן ערך פֿערציק יאָר צוריק, איז מיר נישט אײַנגעפֿאַלן אַ קלער צו טאָן, וואָס דער דאָזיקער צײַט־אָפּשניט באַטײַט אינעם לעבן פֿון אַ מענטשן; ווען יאָ — וואָלט עס מיר געווען אויסגעוויזן אַן אײביקײט. און אָט האָט איר ווי די דאָזיקע פֿיר „צענערלעך“ יאָרן זײַנען טאַקע אַריבער, און גע־הערן שוין צו דער פֿאַרגאַנגענהייט; צו דער „וועלט פֿון נעכטן“, און כּדי צו דערבליקן זיי דאַרף מען ווענדן די אויגן אויף צוריק.

זינט יענער ווײַטער צײַט, האָב איך געפֿילט אַ באַזונדערע נאָענטקייט צו דער שטאָט פּאָפּאַיאַן, ווען איך האָב זי באַזוכט צום ערשטן מאָל, אין די ערשטע דרײַסיקער יאָרן, בין איך נאָך געווען כּמעט ווי אַ גרינער — קוים עטלעכע יאָר ווי איך האָב זיך באַזעצט אין מײַן נײַער היים: באָגאָטאַ. אין מײַנע וואַנדער־רײַזעס איבער דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ, אין די ראַמען פֿון מײַן באַרוף, האָב איך שוין געהאַט אָפּגעשטאַט באַזוכן אין טונכאַ, פּאַסטאָ, טוקערעס, איפּיאַלעס און אַנדערע שטעט און דערפֿער, מיט זייערע פֿאַרשיידענע אײַנוווינערס, קלימאַטן און פּאַנאָראַמעס, אַלע ווינטן און זאַמדן פֿון דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ, האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיטן אָרעמען ייִדישן אימיגראַנט, וועלכער האָט פֿון דעסט וועגן, געפֿונען עפּעס נײַס — עפּעס אַן אַנדערשקייט — אינעם רויִקן פּאָפּאַיאַן. די אידילישע געמיטלעכקייט פֿון דער דאָזיקער שטאָט, ווו די היץ ברענט נישט און די קעלט בריט נישט, האָט מיך באמת באַצויבערט. די שיינקייט פֿונעם אייביקן פֿרילינג אין פּאָפּאַיאַן, האָט דערוועקט אין מיר דעראינערונג־

גען פון באַקאַנטע פלעצער פון דער אַלטער היים, אָדער גאָר פון פאַנטאַסטישע שילדערונגען, מיט וועלכע כ׳האָב זיך געהאַט אָנגעלייענט אין מײַנע קינדער־יאָרן. די שטילע גאַסן, די אײַנגעדרימלטע הײַזער און די גאַנצע סביבה, וואָס האָט אויסגעזען ווי פאַרזונקען אין אַ זיסן דרימל, האָבן געמאַכט אויף מיר דעם אײַנדרוק ווי איך וואָלט געווען נישט אין אַ קאָלאָמביאַנער שטאָט מיטן נאָמען פּאָפּיאַן, נאָר אין דער אַלטער תנ״כישער ירושלים פון די נביאים. דאָס פאַרחלומטע קאָלאָמביאַנער שטעטל האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט געהאַט עפּעס אַן אייגן העכער גײַסטיקן לעבן, אַ מין „פּאָפּיאַן של מעלה״; לכל הפּחות, אַזוי האָב איך עס באַנומען בעת מײַן ערשטן באַזוך אין די ערשטע דרײַסיקער יאָרן.

זינט דעמאָלט, פלעג איך פאָרן אַהין עטלעכע מאָל אין יאָר. אַ חוץ דעם פּערזענלעכן אײַנדרוק, וואָס דאָס פּלאַץ האָט געמאַכט אויף מיר, האָב איך זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז פּאָפּיאַן איז געבונדן מיט צאָלרײַכע פּעדעם מיט וויכטיקע עטאַפּן פון דער קאָלאָמביאַנער געשיכטע, און האָט אַרויסגעגעבן אַ סך העלדן, שרײַבערס און וויסנשאַפטלײַט. איך בין אויך געוויר געוואָרן, אַז דאָרט וווינט איינע פון די דאָזיקע פּראָמינענטע און גײַסטרײַכע פּערזענלעכקייטן, אַווירדיקער יורש פון די גלאָררײַכע צײַטן פון דער קאָלאָמביאַנער געשיכטע: דער דיכטער, רעדנער און דענקער גיילערמאָ וואַלענסיאַ.

איך האָב זיך באַקענט מיט אים קודם־כל דורך די צײַטונגען, ווו איך פלעג זען זײַן בילד און לייענען זײַנע פּרעכטיקע לידער און וואָגיקע אָפּהאַנדלונגען; ס׳איז מיר אויך נישט געווען פרעמד זײַן טעטיקייט ווי אַ פּאַרלאַמענטאַריער, דיפּלאָמאַט און פירער פון אַ גרויסער פּאַרטיי, וואָס האָט אים נישט איין מאָל אַרויסגעשטעלט ווי אַ קאַנדידאַט אויף מלוכה־פּרעזידענט. איך האָב אָבער נאָך נישט געהאַט דעם זכות צו באַקענען זיך פּנים אל פּנים מיט אָט־דעם שיינגײַסט, און די האָפענונג צו קאָנען אַ מאָל פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך, האָט געווירקט אויף מיר ווי אַ סטימול גובר צו זײַן אַלע שוועריקייטן און מאַטערנישן פאַר דער טעגלעכער פּרנסה.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך אים געזען נאָענט פון בעלאַלקאַסאַר, שפּאַצירנדיק אַליין. און כאָטש דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין מיר אַ ביסל האַסטיקער ווי געוויינטלעך, האָב איך זיך געווענדט צו אים און

געזאָגט: — ה׳ וואַלענסיאַ, אַנטשולדיקט מײַן געוואַגטקייט. איך גלייב, אַז עס וועט אײַך נישט וווּנדערן מײַן פּלוצעמדיקע ווענדונג צו אײַך; ווי אַ פּערזענלעכער פֿאַרערער און פֿאַרליבטער אין אײַערע ווערק, וויל איך אײַך בלויז אויסדריקן מײַן באַגײַסטערונג. דאָס איז אַ ווּנטש וואָס איך האָב זינט אַ לאַנגער צײַט געהאַט צו דערפֿילן...

אויף דעם געזיכט פֿונעם גרויסן שרײַבער האָט זיך באַוויזן אַ ליבלע־כער שמייכל, און אַנגעמענדיק מיך בײַ דער האַנט האָט ער מיך אַרײַנגע־



אויף דער באַערונג לכבוד ליעַבאַס קאַמטרגאַ: — ד״ר דאַריאַ עטשאנדיא, געוועזע־נער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, ד״ר ליעראַס קאַמאַרגאַ, שמעון גובערעק

פֿירט צו זיך אַהיים. דאָס הויז — אַ פּאַלאַץ, און אַ ביבליאָטעק וואָס האָט אייסגעזען גיכער אַ מלוכהשע ווי אַ פּריוואַטע. עס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונדז אַ לעבהאַפֿטער שמועס, און אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך באַ־שלאָסן צו שטעלן אים אַזאַ פֿראַגע: — ה׳ וואַלענסיאַ, עס וואָלט מיר זייער

הנאה געטאָן צו וויסן אַז ער מיינונג וועגן דעם אייגנאַרטיקן פאַל אין דער היגער ליטעראַטור אין דער לעצטער צײַט, פון אַ ייִדישן אימיגראַנט וועל־כער פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין דער בײַלאַגע פון דער צײַטונג „על טיעמפאָ״, אויף רייך קאָלאָמביאַנער טעמעס.

— דער פאַל איז מיר באַקאַנט — האָט ער געענטפערט —, און איז געווויס אַן אינטערעסאַנטע דערשײַנונג. למען האמת דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז אין אָנהייב איז מיר געווען עפּעס קשה, אַז אַן אויסלענדער זאָל אַזוי אַרײַנדרינגען אין אונדזער סביבה און לעבנס־שטייגער. איך האָב געמיינט, אַז אין די דערציילונגען וועגן דער היגער לאַנדשאַפט און לעבנסאַרט, איז פאַראַן מערער פון לויס וועדאַלעס, דעם איבערזעצער, ווי פון ברייִנסקין, דעם מחבר. אָבער איצט צווייפל איך שוין נישט אין ברייִנסקיס אידענטי־פיצירונג מיט אונדזער לאַנד. דערבײַ האָט מיך דער דיכטער געבעטן צו באַגריסן גאָר פרײַנדלעך שלמה ברייִנסקין אין זײַן נאָמען, און איך האָב די שליחות דערפילט מיט גרויס צופרידנקייט און פאַרגעניגן.

נאַטירלעך, אַז אין אַ שמועס מיטן מאַעסטראָ וואַלענסיאַ, איינע פון די פילפאַרביקסטע און אַלזײַטיקסטע אוניווערסאַלע פערזענלעכקייטן אין לאַנד, האָט נישט געקאָנט דורכגעלאָזט ווערן די טעמע וועגן ייִדישן פאָלק. עס האָט זיך דאָן אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ זעלטענער אוהב ישראל, איינער פון די חסידי אומות העולם, בײַ וועמען עס האָבן געפינקלט די אויגן ריידנדיק וועגן תנ״ך, און וועגן דער פיר טויזנט־יאָריקער ייִדישער געשיכטע.

פּלוצעם איז ער אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער ביבליאָטעק און אַרויסגענומען אַ צונויפגעוויקלטן פּאַרמעט, וואָס ער האָט מיר דערלאַנגט: „דאָס איז אַ מתנה פונעם ניו־יאָרקער ראַבינער, סטיפען וויס״. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אינעווייניק און געזען אַז ס׳איז אַ מגילת אסתר. מיר האָבן דערנאָך געשמועסט ווײַטער וועגן אַנדערע פראַגעס פון אַלגעמיינעם אינטע־רעס, און איך האָב מיט דורשט געשלונגען יעדעס וואָרט זײַנס. אָבער צום באַדויערן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך טאָר זיך נישט פאַרהאַלטן בײַ אים צו לאַנג, טאַקע אויס רעספּעקט פאַר אַזאַ גײַסטרײַכן מענטשן, און בײַם געזעגענען זיך האָב איך דערפילט פון דאָס נײַ די האַרציקייט, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן צו מיר דער גאַסטגעבער. דער באַגריף „אני הקטן״ האָט אין יענעם מאָמענט באַקומען פאַר מיר זײַן ריכטיקע דימענסיע, ווײַל איך

האָב זיך אַזוי געפֿילט אין זײַן אַנוועזנהייט. דאָך האָט דער פּראָפֿעסאָר מיר אַרויסגעוויזן אַן אויפֿריכטיקע פֿרײַנדשאַפֿט, און געבעטן אים נאָך אַ מאָל צו באַזוכן.

ווען איך האָב מיך שפּעטער געשלעפּט אויפֿן וועג קיין פּאַסטאָ, אַ מהלך פֿון 12 שעה, מיטן פּעקל סחורה, און דערנאָך איבער טוקערעס און איפּיאַ־לעס, האָב איך געפֿילט אַן אינערלעכע סאַטיספֿאַקציע און אַ טיפֿע גליק־זעליקייט האָט מיך דורכגענומען איבער דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון מײַן חלום; איך האָב געהאַט געשלאָסן קאָנטשאַפֿט מיט אַן איינציקאַרטיקער פֿיגור פֿונעם היגן באַציִאָנאַלן לעבן, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר מײַנע אויגן ווי אַ פֿאַרערער פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, דאָס געדרודפּטע, דאָס אומשטערבלעכע.

*

וואָס נאָך וואָלט איך געקאָנט דערציילן וועגן פּאָפּאַיאַן, און נישט איבער־חזרן דאָס אַרויסגעבראַכטע דורך פֿאַרשיידענע שרײַבערס און רײַזנדע? איך גלייב, אַז עס זײַנען פֿאַראַן שטריכן הן פֿונעם פּלאַץ גופא ווי פֿון זײַנע אײַנוווינערס, וואָס אַ קאָלאָמביאַנער געבירטיקער וועט נישט קאָנען אויפֿ־כאַפּן אַזוי פּינקטלעך ווי אַ פֿרעמדער. אין פּאָפּאַיאַן האָב איך קודם־כּל באַמערקט די אויפֿריכטיקע סימפּאַטיע און גאַסטפֿרײַנדלעכקייט פֿונעם אָר־טיקן מענטשן, זײַן פּשטות און געמיטלעכקייט אין דער באַנעמונג, וואָס שטימט הונדערט פּראָצענטיק מיט דער שטימונג פֿון דער גאַנצער שטאָט און איר סביבה. געניסנדיק פֿון דער פֿרײַנדשאַפֿט פֿון די פּאָפּאַיאַנער, האָב איך געטראַכט צי איז עס נישט אַ מאָל דער שיינגײַסט פֿונעם שרײַבער וואַלענסיאַ, וואָס שוועבט איבער דער שיינער און אַלטער שטאָט; ליידער האָט דער רווישנדיקער פּראָגרעס שוין פֿאַרווישט הײַנט־צו־טאָג די שפּורן פֿון יענע ראָמאַנטישע צײַטן.

איך האָב שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַוווּנדערן די פּרעכטיקע לאַנדשאַפֿט פֿון פּאָפּאַיאַן, אירע היסטאָרישע דענקמעלער, ווי דער זייגער־טורעם צו אָנדענק פֿונעם מאַרטירער פֿון דער אומאָפּהענגיקייט־רעוואָלוציע און וויסנשאַפֿטלער, פֿראַנציסקאָ כאָסע דע קאַלדאַס. אָבער פֿון דער הייך איז די פּאַנאָראַמע אין גאַנצן אַן אַנדערע; מען זעט אונטן די רחבֿותדיקע גרינע פֿעלדער, אויבן אַ לזיטער־דורכזיכטיקן בלויען הימל, און פֿון ווײַטנס

דעם באַרג פּוראַסע מיט זײַן הויכן שפּיץ. ווײַטער שטאַרצט אַרויס צווישן די הײַזער מיט רויטע שפּאַנישע דעכער, דער היסטאָרישער בעלאַלקאַסאַר, ווי אַ וועכטער וואָס באַשיצט די שטאָט; דאָרט האָט דער וואָרט־קינסטלער, גיליערמאָ וואַלענסיאַ, געשאַפֿן זײַנע שענסטע לידער, פֿון וועלכע די „אָדע צו פּאָפּאַיאַן" איז זײַן פֿאַרליבט געזאַנג צו זײַן געבוירנשטאָט.

אויף שריט און טריט, גייענדיק איבער די פּאָפּאַיאַנער גאַסן, זעט מען שטיינערנע און בראָנדזענע טאָוולען, וועלכע דערמאָנען אין פֿאַרשיידענע היסטאָרישע געשעענישן: די גאַנצע שטאָט איז איין שטיק געשיכטע. ס׳איז דאָך פֿאַראַן עפּעס געמיינזאַמס צווישן דעם דאָזיקן קאָלאָמביאַנער גן־עדן התחתון, און דער ווײַט־נאָענטער ייִדישער מעטראָפּאָליע — ירושלים. אויך פּאָפּאַיאַן, אַזוי ווי די ישראלדיקע הויפּטשטאָט, זעט אויס ווי פֿאַרבלאָנדזשעט פֿונעם ווײַטן אַמאָל אין אַ נײַער תקופֿה, אין וועלכער זי פֿילט זיך פֿרעמד און פֿאַרלוירן. אָט־דער געדאַנק איז שוין אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט אַ סך צײַט צוריק דורכן מחבר פֿון „מאַריאַ", דער באַוווסטער קאָלאָמביאַנער פּען־מענטש כאָרכע איסאַאַקס, אין וועמענס אָדערן עס איז געפֿלאָסן — לויט מען זאָגט — ייִדיש בלוט. איך האָב שוין אויך געהאַט אויסגעהערט די לויבווערטער פֿונעם דיכטער וואַלענסיאַ צום פֿאָלק פֿון תנ״ך, און צום גאַנצן גײַסטיקן אוצר פֿון דער ייִדישער שעפֿערישקייט. ס׳איז געווען, פֿון דעסט וועגן, נאָך עפּעס וואָס האָט פֿאַרשטאַרקט מײַן צוגעבונדנקייט און וואַרעמע באַציִונג צו פּאָפּאַיאַן.

דאָס דאָזיקע אָרט איז געווען די היים פֿון איינער פֿון די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן־גרופּעס אין קאָלאָמביע.

ווען איך האָב דאָרט אָפּגעשטאָט מײַן ערשטן באַזוך, האָב איך זיי גע־טראָפֿן, אונדזערע אַחינו בני ישראל פֿון ספֿרדישן אָפּשטאַם, באַשעפֿטיקטע בײַם קליינהאַנדל; מיט יאָרן שפּעטער האָבן זיי זיך אַרויפֿגעאַרבעט און ביסלעכווײַז געוואָרן אינדוסטריאַלן. איך פֿערזענלעך, האָב ביז דעמאָלט געוווּסט וועגן די ספֿרדישע ייִדן בלויז דורך ביכער, צײַטונגען און, אַזוי צו זאָגן, פֿון „בעל פּה". ס׳איז מיר אָבער קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו האָבן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די שפּאַנישע אָדער מזרחדיקע, צי גאָר גריכיש־געבירטיקע ייִדן, וועמענס פּירונגען און לעבנסאַרט זײַנען אַזוי אַנ־דערש פֿון אונדזער מזרח־אייראָפּעיִשן (אַשכנזישן)־שטייגער. דער ספֿרדי־

שער ייִד, וועמענס אומגאַנג־שפּראַך איז נישט געווען אַזוי שפּאַניש ווי אי־בערהויפּט לאַדינאָ, אַ העברעיִש־שפּאַנישער זשאַרגאָן, וואָס איז געווען ווי אַ מין „עספּעראַנטאָ" פֿאַר די ספרדים פֿון צפֿון־אַפֿריקע, טערקײַ, גריכנ־לאַנד, שפּאַניע, האָלאַנד א״אַ לענדער. דער ספרדי האָט געשמידט זײַן קול־טור אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופֿן ווי דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִד; עס האָט זיך געשאַפֿן אַ גײַסטיקע מחיצה צווישןביידע גרויסע ייִדן־גרופּעס במשך



די פֿאַרוואַלטונג פֿון אינדוסטריאַלן פֿאַרבאַנד אין באָגאָטאַ אין וועלכער שמעון גובערעק איז עלף יאָר געווען אַ מיטגליד אין דער אָנפֿירונג פֿון דער אינסטיטוציע

די גלות־יאָרן — און אין געוויסע ערטער דויערט עס ביזן הײַנטיקן טאָג — אָבער אין פּאָפּאַיאַן איז צו שטאַנד געקומען אַ פּערפֿעקטע געמיינשאַפֿט, אַ דאַנק דעם טיפֿן רעליגיעזן באַוווסטזײַן פֿון ביידע עדות, וואָס איז ווי אַן אומזעבאַרער רויטער פֿאָדעם, וואָס בינדט צוזאַמען דאָס גאַנצע ייִדנטום פֿון דער וועלט.

די אָנוועזנהייט פֿון די ספרדישע ברידער האָט צוגעגעבן אין מײַנע אויגן, אַן אָריענטאַלישן כאַראַקטער דער שטאָט, וואָס האָט געהאַט אין זיך ביבלישע אייגנשאַפֿטן. דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט די ברידער כאַ־

קאַבאָ און סאָול מוגראַבי, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט ביי מסחר; מיט לעאָן מוגראַבי, וועמען כאַקאַבאַס קינדער פלעגן רופן „טיאַ" (פעטער) מיט אַזאַ געפיל פון יראת הכבוד, אַז די דאָזיקע באַצייכענונג, וואָס איז געווען אַ דורכויס ריכטיקע ביי די קינדער, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן „ערן־טיטל" ביים גאַנצן ישוב, און מען האָט אים פון דאַן און ווייטער אומעטום גערופן בלויז „טיאָ לעאָן".

און ער איז געווען שטאָלץ דערמיט, ווייל נאָר ער האָט געהאַט דעם זכות פון אַזאַ פּריווילעגיע. איך האָב זיך אויך באַקענט מיט איסידאָראָ מוגראַבי, אַ פּלימעניק פון די דערמאָנטע, וועלכער האָט געשמט מיט זיין קלוגן קאָפּ און איז דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אַ „חכם". ער פלעגט האַלטן דרשות אין די שבתים פאַר די מתפללים פון זיין עדה, און נאָך ביים היינטיקן טאָג איז ער אַ חשובער נאה דורש אין דער ספרדישער שיל אין באָגאָטאַ, ווען הונדערטער יידן פאַרזאַמלען זיך לכבוד די ימים־טובים. צווישן די אָנגעזעענע ספרדישע תושבים אין פּאָפּאַיאַן איז אויך געווען אַהרון דיין, אַ פּראַקטאַטיפ פון אַ בכבודיקן און פרומען יידן, וואָס פלעגט פרייטיק ביי טאָג שליסן אַלע טירן און פענצטער פון זיין קראָם ווי אַן אָנזאָג, אַז דער ליבער שבת קומט, און מען דאַרף אַהיימגיין זיך צוגרייטן צו קבלת־שבת, ווייל אַזוי איז דעם איבערשטנס געבאָט: „זכור את יום השבת לקדשו".

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז ער איז געווען דער איינציקער יראת שמים אין דער שטאָט. אַלע ווי איינער, און ספּעציעל לעאָן מוגראַבי, זיי־נען געווען שטאַרק אָפּגעהיט אין הלכות מצוות בין אדם למקום און בין אָדם לחברו. אַלע מיטגלידער פון זיין עדה — און אויך פרעמדע —, האָבן זיך צוגעהערט געהאַרכאַזם צו זיין וואָרט. העלפן עמעצן מיט אַ גמילת חסד איז געווען פאַר אים אַ הייליקער געבאָט, און גאַראַנטירן מיט זיין אונטערשריפט אַ הלוואה וואָס עמעצער האָט געהאַט נייטיק, איז געווען פאַר לעאָנען אַ מאָראַלישע פליכט, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט אויסגע־מיטן. דאָס איז די סיבה וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געמאַכט קיין גרויס פאַרמעגן (ער האָט עס אויך נישט געזוכט צו מאַכן), אָדער דערפאַר גילט פאַר אים אַן שום גוזמא דער אויסדרוק: „טוב שם טוב משמן טוב".

און וואָס זאָל איך אייך זאָגן וועגן זשאַק מנשה, וועלכער האָט ביים

ערשטן אויגנבליק אַרויסגערופֿן רעספּעקט מיט זײַן פֿעסט־געבויטן קערפּער, אָבער נישט געווען דערפֿאַר ווײניקער צוגעלאָזן צו מענטשן, מיט וועלכע ס'איז אים געווען אָנגענעם צו שמועסן און טאָן אַ טובֿה ווו ער האָט נאָר געקאָנט... די רייזע־אַגענטן פֿלעגן אים שטענדיק אויפֿזוכן צוצושטעלן אים סחורה פֿאַר זײַן באַזאַר, און אין איינוועגס כאַפּן אַ געמיטלעכן שמועס מיט



אויפֿן פֿײַערלעכן אַקט לכּבוד הײַם לאורעאַט פֿון דער „פּרעמיע פֿאַר מענטשן־רעכט" פֿון ייִדישן וועלטקאָנגרעס. די פֿרוי פֿון שגריר, דער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, דער שגריר, די פֿרוי פֿון פּרעזידענט לאָפּעס

אַ מענטשן, וואָס איז געווען דער לעבעדיקער בײַשפּיל פֿונעם לאַטײַנישן שפּריכוואָרט: „אַ געזונטער קאָפּ אין אַ געזונטן קערפּער".

איך קאָן נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט — בעת איך מאָל דאָס דאָ־זיקע באַשיידענע, אָבער טיף־האַרציקע בילד פֿון דער פּאַפּיאַנער ספֿרדישער קהילה —, צו דערמאַנען מײַנע געערטע פֿרײַנד ה' מזרחי און זײַנע קינ־דער, סאָול סאַסאָן און פֿאַמיליע, די צוויי לײַבלעכע פֿלימעניקעס פֿונעם

„טיאַ לעאָן", און מאַוריסיאַ, דער יינגערער ברודער פון כאַקאַבאַ און סאַול מוגראַבי. אַט־די אַלע חשובע מיטגלידער פון דער יידיש־ספרדישער עדה זײַנען דערפאָלגרייכע סוחרים, וועלכע האָבן זייערע געשעפטן אויף דער הויפטגאַס פון דער שטאָט.

נאָך אַנדערע נעמען קומען מיר אויפן זכרון, בעת איך פריש אָפּ מײַנע דעראינערונגען פון פּאָפּיאַן: אַברהם מילהעלם, דער עלטסטער פון דער קהילה און אַ קרוב פון די פריער דערמאָנטע, וועגן וועמען ס'איז כדאי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער באַזונדער. הגם ער איז געווען אַן אימיגראַנט, האָט ער געפילט אַזאַ ליבשאַפט און צוגעבנדנקייט צום פּאָפּאַיאַנער באָדן אַזוי ווי אַ דאָרט־געבוירענער. ווען כ'האָב זיך באַקענט מיט אים, איז זײַן זון ציון נאָך געווען אַ שול־תלמיד, אָבער די צײַט שטייט נישט און דער דאָזיקער שול־תלמיד איז געוואָרן אַ געשעפטסמאַן און זיך איבערגעקליבן קיין קוקוטאַ, בײַ דער גרענעץ מיט ווענעסועלאַ. זײַן פאָטער אַברהם איז געפאָרן צו אים און דאָרט האָב איך אים אײן מאָל געטראָפן, בעת אַ רײַזע איבער יענע ווײַטע מקומות ווו עס פלאַטערט נאָך די קאָלאָמביאַנער דרײַ־קאָליריקע פאָן. מילהעלם האָט זיך אָבער געפילט פרעמד און איינזאַם אין קוקוטאַ, און זיך אומגעקערט קיין פּאָפּאַיאַן; מיט אַ צײַט שפּעטער האָט ער באַזוכט פון דאָס בײַ זײַנע קינדער און אייניקלעך, אָבער דאָס איז שוין גע־ווען זײַן לעצטע גאַסטשאַפט אין ווײַטן קוקוטאַ. ער האָט באַוויזן צוריק־צופאָרן צו זײַן אַלטן ווינאָרט, און דאָרט געשטאָרבן אינעם בכבודיקן על־טער פון איבער נײַנציק יאָר.

די דאָזיקע פּאַרצײַטישע און פאַרחלומטע שטאָט איז אויך פול מיט סורפּריזן, און איך בין אַנגענעם איבערראַשט געוואָרן ווען אין יענער סביבה פון סאַמע ספרדישע יידן, האָב איך אויך דערהערט אַ יידיש וואָרט. די געציילטע יידן פון אונדזערע אַלטע מקומות, וועלכע האָבן זיך געהאַט באַ־זעצט אין פּאָפּאַיאַן זײַנען געווען אַלעכאַנדראַ בראָנשטיין (וועלכער וווינט נאָך דאָרט ביזן הײַנטיקן טאָג), כואַן קימעל און ווילי אָפּענהיימער. דער אייגנאַרטיקסטער צווישן זיי איז געווען קימעל — לײַדער שוין אויפן עולם האמת. אַ מענטש אַן איבערגעטריבן־גרויסע השגות, אַ פשוטער און צוגע־לאָזענער, פלעגט ער זיצן בײַ זײַן געשעפט ווי עס וואָלט עפּעס נישט געווען זײַנס; עס איז אים נישט געלעגן אין זינען צו פאַרדינען מי ידוע

וויפֿל, נאָר בלויז דעס נייטיקסטע אויף פּרנסה. יעדערער וואָס האָט זיך מיט אים באַפֿרײַנדט, האָט נישט געהאַט וואָס חרטה צו האָבן. איינער פֿון זײַנע מקורבים בין איך טאַקע געווען, און מיר פֿלעגן צוזאַמען שפּאַצירן און מאַכן אויספֿלוגן איבער די שכנותדיקע לאַנדשאַפֿטן.

כּוען קימעל האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַרטיקער פֿרוי מיטן נאָמען אַרטענסיאַ, און האָט אויסגעוויזן צו פֿירן אַ גליקלעך לעבן. אָבער פּלוצעם איז אונטערגעקומען אַ שטרויכלונג — קיינער ווייסט נישט אַקוראַט די סיבה —, און אין אַ מאָמענט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער זיך גענומען דאָס



פּנחס סאַפּיר ז״ל, אויף אַן אויפֿנאַמע אין דער קהילה פֿון באָגאָטאַ, אין יאָר 1974

לעבן אין אַ האָטעל־צימער אין דער פּאָרטשטאָט בוענאַווענטורא. דער צער איבער דער שרעקלעכער טראַגעדיע איז געווען אין לשער; מיר דערמאָנען אים דאָ מיט וויטיק און רעספּעקט, און בייגן דעם קאָפּ פֿאַר די סודות פֿונעם אַלמעכטיקן, וואָס פֿירט זײַן וועלט מיט יושר און פֿאַרנונפֿט.

ווילי אָפּענהיימער, זײַן פֿרוי אַניטאַ, זיין שוואָגער דוד חיים און זײַן משפּחה, האָבן זיך געראַטעוועט קיין קאָלאָמביע בעת די נאַצי־גרוילן, און געפֿונען אַ מקום־מקלט אין פּאָפּאַיאַן. עס שטייט מיר פֿאַר די אויגן די הדרת־פּנימדיקע געשטאַלט פֿון ה׳ ווילי אָפּענהיימער, וועלכער האָט פֿונעם ערשטן מאָמענט אַן זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיע און רעספּעקט פֿון דער אָרטי־

קער איינוווינערשאַפט. זיין יחוס האָט אים געעפֿנט די טירן פֿון דער גע־זעלשאַפֿט, צוגלייך מיט די קאָמערציעלע קרייזן; די ספֿרדישע קהילה האָט אים אָנפֿאַרטרויט די לייטונג פֿון דער שיל און פֿונעם בית עם, און ער האָט תיכף אַרויסגעוויזן זיין פֿעיִקייט פֿאַרן אַמט, אויסבויענדיק דעם ספּאָרט־סטאַדיום פֿון דער שטאָט. איך געדענק, אַז ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן מיין שוואַכקייט צו ספּאָרט, האָט ער מיך איינגעלאַדן אין אַ נאַכמיטיק, צו קומען אָנקוקן זיין ווערק; די בויאַרבעט איז נאָך נישט געווען פֿאַרענדיקט, אָבער ער, שטענדיק אַ פֿריילעכער און אויפֿגעהייטערטער, האָט געשעפּט נחת און געזאָגט אַז עס פֿעלט שוין נישט קיין סך. ער האָט געוויס געהאַט נאָך אַ סך פּראָיעקטן אויף צו פֿאַרשענערן די שטאָט, וואָס האָט אים אויפֿ־גענומען מיט זיין משפּחה דעמאָלט ווען דער איראָפּעיִשער באָדן האָט זיי פֿאַרטריבן פֿון זיך. אָבער... „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט"; דער אַכ־זריותדיקער טויט האָט אים צוגענומען אין בליִענדיקן עלטער.

*

היינט איז מעגלעך צו געפֿינען פֿאַרצווייגטע ישובים פֿון ספֿרדישע ייִדן אין די וויכטיקסטע קאָלאָמביאַנער שטעט, בראש מיט באָגאָטאַ. אָבער ווען עס האָט זיך ערשט געהאַט אָנגעהויבן די ייִדישע אימיגראַציע אין לאַנד, מיט אַזעלכע פֿופֿציק יאָר צוריק, איז שוין געווען אַ ספֿרדישע געמיינדע אין פּאָפּאַיאַן ווען אין דער הויפּטשטאָט האָט מען די צאָל ספֿרדים געקאָנט ציילן אויף די פֿינגער.

אין באַראַנקיליאַ האָט זיך אויך געהאַט געשאַפֿן אַ ספֿרדישער ישוב, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט גלייכן צום פּאָפּיאַנער — אין יענער צייט דער גרעסטער אין לאַנד. אין 1923 איז אַהין אָנגעקומען ה׳ סימאָן מילהעלם, און אַראָפּגעבראַכט דערנאָך זיין עלטערן ברודער אַברהם, וועמען מיר האָבן שוין פֿריִער באַגעגנט אינעם זעלבן קאַפּיטל. אַזוי איז געווען דער בראשית פֿון יענעם ישוב, וואָס איז אויפֿגעשטעלט און געבויט געוואָרן דורך אַ גרופּע פּיאָנערן; סימאָן מילהעלם האָט זיך שפּעטער איבערגעצויגן קיין פּעריירא, און היינט וווינט ער אין באָגאָטאַ, און איז דער גייסטיקער מנהיג פֿון דער ספֿרדישער סינאַגאָגע.

סימאָן מילהעלם, דער פֿאָטער פֿון ד"ר מאַרקאָס מילהעלם, פּרעזידענט פֿון די לאַנד־קהילות, איז שוין זינט עטלעכע יאָר אַ שוכן עפֿר.

אין 1927 זײַנען געקומען קיין פּאָפּאַיאַן די ברידער קאַסין און זיך פֿאַרנומען מיט מסחר ביז 1935, ווען זיי האָבן אַריבערגעפֿירט זייערע געשעפֿטן קיין באָגאָטאַ און אַנטוויקלט דאָרט אַ ברייט־פֿאַרנעמיקע איאָדוסטריע, וואָס באַשעפֿטיקט הײַנט־צו־טאָג הונדערטער אַרבעטערס. אַלפֿאָנסאָ סאַאסן איז אָפּגעווען צען יאָר אין פּאָפּאַיאַן, געעפֿנט שפּעטער אַ געשעפֿט אין מעדעלין און לעצטנס אין קוקוטאַ, און אַזוי ווי ער נאָך אַ סך אַנדערע, וועלכע איך רעכן דאָ נישט אויס אָבער איך באַהאַלט טיף אין מײַן האַרצן, הגם מאָמענטנווײַז פֿאַרשווינדן זיי פֿון מײַן זכרון.

דער ספֿרדישער ישוב אין קאָלאָמביע האָט געגעבן אַ גרויסן צושטײַער פֿאַרן פּראָגרעס פֿון לאַנד, אָפּדינענדיק דערמיט פֿאַר דער גאַסטפֿרײַנדלעכער היים, וואָס דאָס פֿרײַע און דעמאָקראַטישע קאָלאָמביע האָט זיי צוגעטיילט. אויך האָט געלעבט אין פּאָפּאַיאַן די ספֿרדישע פֿאַמיליע סאַסאָן. אַ שווערע האַרץ־קראַנקייט האָט פּריצײַטיק איבערגעהאַקט דאָס לעבן פֿון פֿאָטער סאַול סאַסאָן. זײַנע קינדער, באַזונדערס זײַן זון, וויקטאָר, איז זייער אַ חשובער מיטגליד אין ישוב.

# נחת פון קינדער

אונדזער געניאַלער הומאָריסט, שלום עליכם, האָט אַ ווונדערבאַרע דערציילונג, וואָס הייסט „נחת פון קינדער". אַ ייִד דערציילט דעם גרויסן נחת, וואָס ער האָט פון זײַנע קינדער. אַ זון זײַנער איז געזעסן אין אַ דאָרף, און ס'איז אים געגאַנגען נישט שלעכט, האָט מען אים לויטן אוקאַז פון קיי־סערל ניקאָלאַי, פון דאָרף אַרויסגעטריבן. זיצט דער זון מיט ווײַב און קינדער בײַם אַלטן טאַטן. אַ צווייטער זון, אויך זייער אַ געראָטענער, האָט אָפּגע־ברענט. האָט ער זיך אויך אַריבערגעפּעקלט מיט ווײַב און קינדערלעך צום טאַטן. מיט אַ טאָכטער האָט ער געטאָן זייער אַ פײַנעם שידוך, און גענומען אַן איידעם פון גרויסן יחוס; נאָר ס'איז אים, נעבעך, אַוועק נישט גוט נאָך דער חתונה, צו וואָס ער האָט זיך גענומען איז „אים געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ", האָט ער אים אויך אַרײַנגענומען צו זיך מיט דער גאַנצער משפּחה. — קיין גביר בין איך נישט, זאָגט דער ייִד; ס'איז טאַקע שווער־לעך, אָבער מען גיט זיך אַן עצה. צוזאַמען איז פריילעכער, און אַז עס קומט צו אַ שבת אָדער אַ יום־טוב און מײַנע אייניקלעך, זאָלן געזונט זײַן, זינגען מיט מיר זמירות, צעגייט מיר דאָס האַרץ פון נחת, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט, איך וואָלט זיך נישט געביטן מיטן גרעסטן גביר פון שטעטל...

דעם גוטן אַלטיטשקן פאַרשאַפט די שבתדיקע סעודה מיט דער גאַנצער משפּחה אַזאַ פאַרגעניגן, אַז ער פאַרגעסט אַלע צרות פון דער וואָך, און „דער נחת" פון די קינדער איז אַזוי גרויס, אַז ער וואָלט עס נישט אויס־געביטן אויף קיין שום פאַרמעגן. בײַ ייִדן איז דער געפיל פון משפּחהדיקייט שטאַרק פאַרוואָרצלט; איך גלייב, אַז פיל מער ווי בײַ אַנדערע פעלקער, און ווען איינעם איז באַשערט נחת פון קינדער איז עס דאָס גרעסטע רײַכטום אין לעבן.

ווען איך מיש אויף אין מיין זכרון די בלעטער פון מיין לאַנג לעבן, קומען מיר פאַר די אויגן הונדערטער מענטשן, אייניקע פון זיי האָבן אין מיר איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן און אומפאַרגעסלעכן איינדרוק, און איך וויל זיי אַריינגעמען צווישן די טאָוולען פון מיינע „זכרונות", כדי נאָך אַ מאָל איבערצולעבן דאָס גוטס וואָס איך האָב פון זיי געגאָסן, און זיי זאָלן אויך פאַר אַנדערע דינען ווי אַ ביישפּיל. איז ווי באַשיידן איך זאָל נישט זיין מעג איך אויך אַריינגעמען אין דעם צעטל מיין אייגענע בני־בית.

*

איך וועל אָנהייבן פון מיין איידעם, וואָס איז איינער פון די ברידער גאַניטצקי. אין שטאָט זיינען די ברידער גאַניטצקי אַ שם־דבר פון אַלעם גוטן, און דעם כבוד וואָס איינער האָט גייט אויך אויפן חשבון פון צווייטן. איינער איז ענלעך אויפן אַנדערן מיט זיין אויסזען, און אויך מיט זיינע מידות טובות. דערזען האָבן זיי גאָטס ליכטיקע שיין אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אָבער אין די פריִע קינדער־יאָרן האָט זיי פאַרכאַפּט די רויטע „באַפרייונגס־רעוואָלוציע" און ווי אָנגעהעריקע צום „בורזשואַזן קלאַס", האָט די משפחה זיך איבערגעצויגן קיין כאטין, בעסאַראַביע, ווו עס האָט געלעבט אַ פולבלוטיקער ייִדישער ישוב, און זיי האָבן באַקומען אַ גוטע ייִדישע דערציִונג.

אָבער דער אומרו וואָס האָט אין יענער צייט געהערשט אין יענע מקומות און די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, וואָס דער ישוב האָט איבערגע־לעבט, האָט געצוווּנגען די ייִדישע יוגנט צו זוכן נייע האָריזאָנטן. פריִער האָט זיך אַרויסגעלאָזן אויף די שטורמישע כוואַליעס פון דער עמיגראַציע דער עלטערער ברודער, נתן, און אין אַ קורצער צייט נאָך דעם, איז אויך אַוועק אין דער ווייטער קאָלאָמביע דער ייִנגערער — משה. דאָס איז געווען אין יאָר 1937.

מיין קאָנטאַקט מיט די גאַניטצקיס האָט זיך אָנגעהויבן דורך דער פאַר־מיטלונג פון געדרוקטן ייִדישן וואָרט. איך בין אין יענע יאָרן געווען אַן אַקטיווער „קולטור־טרעגער". מען איז געווען יונג און שטאַרק, און איך פלעג געפינען צייט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרומשפּאַנען מיטן „פּעקל" סחורה אויף די פּלייצעס, אויך „פאַרשפּרייטן" ייִדישע צייטונגען, זשורנאַלן און בי־

כער. און אין יענער צײַט זײַנען געווען אָפּנעמערס אויף דער „סחורה" און גוטע לייענערס.

איך האָב מיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער „צוקונפֿט" אין ניו־יאָרק. אין יענער צײַט איז געווען סעקרעטאַר פֿון דער רעדאַקציע, דער האַרציקער און אומפֿאַרגעסלעכער שרײַבער און טײַערער ייִד, יעקב קרעפּ־



דער מחבר פֿון בוך און זײַן פֿרוי ביים באַנקעט אַנגאַזשירט פֿון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס לכבוד א. ליעראָס קאַמאַרגאָ

ליאַק ע"ה, און ער האָט מיך דערמוטיקט. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך באַקומען אַ קליינעם „טראַנספּאָרט" זשורנאַלן אויף אַ פּראָבע, און איך בין אַרויס אין גאַס „פֿאַרשפּרייטן" די נײַע סחורה. איך געדענק ווי איצט, ווען משהלע האָט אַרײַנגעקוקט אין נומער, איז ער געוואָרן מלא שמחה. — אָ, מיך אינטערעסירט עס זייער, האָט ער געזאָגט, איר קאָנט מיר אַבאָנירן אויפֿן זשורנאַל און ברענגען כסדר, אָדער זאָל מען מיר שיקן דורך דער

פֿאַסט. און אַזוי האָט מיך אויך אויפֿגענומען דער עלטערער ברודער, נתן. און פֿון זשורנאַל איז מען שוין געגאַנגען צו אַ בוך, און די גאַניטצקיס זײַנען בײַ מיר געוואָרן די בעסטע „קליִענטן".

אומברחמנותדיק איז די צאָל אָפּנעמערס פֿון ייִדישע ביכער און זשור־נאַלן שטאַרק אײַנגעשרומפּן געוואָרן. די אָפּגעלאָפּענע יאָרן האָבן אונדז נישט געשאָנעוועט; דער בית־עולם פֿון באָסאָ האָט אַ סך, דעם גרעסטן טייל, צו־גענומען. אַנדערע האָבן זיך שטאַרק אַרויפֿגעאַרבעט, און האָבן, נעבעך, נישט קיין צײַט און קיין קאָפּ צו אַזעלכענע זאַכן ווי לייענען ייִדישע ביכער. די גאַניטצקיס, דאַקעגן, האָבן נישט פֿאַרלאָרן דעם יוגנטלעכן אינטערעס פֿאַר אַ ייִדיש בוך און פֿאַרן ייִדישן לעבן; זייער עקאָנאָמישער מצב איז שטאַרק געשטיגן, אָבער זיי האָבן נישט פֿאַרלאָרן דעם פֿאָלקסטימלעכן חן און די טראַדיציעס, וועלכע זיי האָבן געבראַכט פֿון אַ גוטער ייִדישער היים. זיי האָבן אָן אָפּן האַרץ און אַן אָפֿענע האַנט פֿאַר אַלץ וואָס ס'איז ייִדיש, און באַ־זונדערס טאַקע פֿאַר מדינת ישראל. און די ברידער גאַניטצקי געניסן פֿון דרך־ארץ און ליבשאַפֿט פֿון גאַנצן ישוב.

האָט דער גוטער גורל מיר באַשערט, אַז משהלע — ווי איך רוף אים — זאָל אין 1947 יאָר ווערן מײַן אײדעם. זײַן לעבנס־באַגלייטערין איז מײַן עלטסטע געראָטענע טאָכטער, לאה. בײַ וועלכן טאַטן איז עס זײַן טאָכטער נישט געראָטן? נאָר לאהלע האָט ווירקלעך גרויסע מעלות; זי האָט אַ טיפֿן אינטערעס און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר מאָלערײַ און מוזיק, און איז אַ טרײַע פֿרוי און מוטער, וואָס האָט געשאַפֿן אַ מוסטערהאַפֿטע ייִדישע היים, און האָט איר שיינע הויז פֿאַרוואַנדלט אין אַ געזעלשאַפֿטלעכן סאַלאָן, וווּ עס קומען זיך צונויפֿ די בעסערע ייִדישע געזעלשאַפֿט פֿון שטאָט. און ווו עס איז אויך אַנטשטאַנען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די היגע ייִדישע פֿרויען פֿאַר דער וועלט־באַוועגונג „בני־ברית". די פּרעזידענטין איז מײַן טאָכטער און זיי פֿירן אָן זייער אַן אינטערעסאַנטע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט און קול־טור־צוזאַמענקומען. אויף דערי איניציאַטיוו פֿון דער פֿרויען־אָרגאַניזאַציע, איז אויסגעבויט געוואָרן אין אַן אָרעמער הינטערשטאָטישער געגנט, עדואַר־דאָ סאַנטאָס, אַ פּראָפֿעסיאָנעלע שול. די בני־ברית־צענטראַלע, וואָס נעמט אַרום די צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער, האָט זי אויסגעוויילט אין דער אָנפֿירונג פֿון דער באַוועגונג.

צו לאַהס קרעדיט דאַרף מען צוגעבן, אַז זי רעדט און לייענט ייִדיש. איך זאָג עס מיט שטאָלץ און מיט גרויס פֿאַרדרוס, וואָס מיר דאַרפֿן אַזאַ באַטירלעכע דערשיינונג ווי ריידן די שפּראַך פֿון אייגענעם פֿאָלק אַרויס־שטעלן ווי אַ באַזונדערע מעלה און פּריווילעגיע. אָבער אַזוי איז עס אין די צייטן און אין די לענדער. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די שטוב פֿון משה און לאה גאַביטצקי איז אַן אַדרעס אין ישׂראל, און אַז עס דאַרף דורכגעפֿירט ווערן אַ באָנד־ אָדער מגבית־קאַמפּיין, ווערן אַהין פֿאַררופֿן די גבֿירים פֿון שטאָט, און אין דער שיינער און ייִדישלעכער אַטמאָספֿער פֿון דעם הויז, ווערן וואַרעמער די ייִדישע הערצער און גרעסער די טשעקן... נישט איין מסיבה אַזאַ איז שוין דורכגעפֿירט געוואָרן ביי רייך געדעקטע טישן צום פֿרייד פֿון די שליחים, און גליק פֿון די באַלעבאַטים און פֿון דעם טאַטן מיט דער מאַמען...

און מיין זון, יצחק, דאַרף דאָ אויך מיט פֿולער רעכט דערמאָנט ווערן. ער איז געווען אַ גוטער תּלמיד און איז שטענדיק אַ גוטער זון. ער האָט זיין מיטלבילדונג דורכגעמאַכט אין באָגאָטאַ און די העכערע — אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און האָט דאַרט מיט אַן אויסצייכענונג זיך דיפּלאָמירט ווי אַ טעקסטיל־אינזשעניער. קיין אַרבעט, באַטירלעך פֿעלט אים נישט, און ס'איז גרעסער די אַחריות פֿון אַ מאַן און פֿאָטער פֿון קינדער, וואָס דאַרף לויטן פּסק פֿון רבש"ע „עסן זיין ברויט מיט שווייס פֿון פּנים". אָבער צוגלייך ווי זיין שוועסטער, לאה, איז ער זיך שטאַרק מתעסק בצרכי ציבור. ער איז פּרעזידענט פֿון דער בני־ברית־לאָזשע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַלבערטאָ איינשטיין". און זיינע עפֿנטלעכע אַרויסטריטן און רעפֿעראַטן רופֿן אַרויס אַן אינטערעס און ווערן זייער גוט קאָמענטירט. ער געהער צו די פּראָפֿעסיאָנאַלן, וואָס באַגרענעצן זיך נישט מיט די ענגע ראַמען פֿון דער פּראָפֿעסיע, נאָר ער האָט אַ גרויסן אינטערעס פֿאַר אַלע פּראָבלעמען פֿון קונסט און וויסנשאַפֿט. ער לייענט אַ סך און און איז אין קורס פֿון די אַלע טענדענצן פֿון אונדזער צייט. אין ייִדיש קאָן מען מיט אים גאַנץ פֿיין זיך אויסטענהן, און ער גיט זיינע קינדער אַ ייִדישע דערציִונג.

און אויף צו דערגאַנצן דאָס בילד פֿון מיין היימישן פֿאַרמעגן, וועל איך דערמאָנען מיין ייִנגסטע טאָכטער, אסתּר, אַ נאָמען נאָך מיין באָבען עליה השלום, די צדיקת פֿון זשעלעכאָוו, וואָס פֿלעגט זאָרגן פֿאַר אָרעמע ייִדישע

כלות, אַלמנות און יתומים. ווען זי איז אַריַין אין דער עלטער פון די זיבע־ציקער האָט זי אָנגעהויבן אײַנטענהן מיטן זיידן, אַהרן ז״ל, אַז ס'איז צײַט זיך צו פּאַרנעמען אין הייליקן לאַנד, און זיי האָבן אין 1912 עולה געווען אין ארץ ישראל, ווו זייערע ביינער רוען אויפן הר הזיתים. מײַן אסתר, איר צו לענגערע יאָר, האָט עפּעס אַ פונק פון איר עלטער־באָבען...



באַטייליקטע אין דער באַערונג פאַרן מחבר פון בוך פאַר זײַנע פאַרדינסטן פאַרן ישוב ווי אַ ראָן־הקהל, און פאַרן דערפאָלג פון דעם פאָלקס־באַנקעט לכבוד דעם ד״ר ללעכאָס קאַמאַרגאָ. אין דער ערשטער ריי: — שמעון גובעהעק, מאַרק טורקאָוו, הרב גאָלדשמידיקאוואן א״אַ

און אַז איך רייד פון מײַן טאָכטער, דאַרף איך דערמאָנען איר גערא־טענעם זיווג, מײַן אײדעם, אַבעל קאַפּלאַן, דער ליבלינג פון דער משפחה, וואָס האָט די גרויסע מעלה צו געווינען די סימפּאַטיע פון אײגענע און פרעמ־דע, מיט זײַן גראַדן שכל און גוטן כאַראַקטער, אַן אמתער נוח לבריות, וואָס האָט ליב מענטשן, און מענטשן צאָלן אים מיט דער זעלביקער מטבע. ער

האָט דערגרייכט זייער אַ פֿײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציע, און עס געניסט אויך פֿון דעם אין דער פֿולער מאָס די יִידישע געזעלשאַפֿט. ער האָט אַ וואַרעם יִידיש האַרץ און אַן אָפֿענע האַנט פֿאַר אַלץ וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פֿון יִידישקייט.

און צום סוף, נאָך עפּעס צו דער ביאָגראַפֿיע פֿון די ברידער גאָניטצקי: ווען די רוסישע „באַפֿרײַער" האָבן אײַנגעשטעלט זייער רעזשים אין קאַמע־ניעץ־פּאָדאָלסק, האָבן זיי געמאַכט אַ „טשיסקע" אין די גימנאַזיעס, און אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דאָרט אַלע „בורזשויסקע זינדלעך", צווישן זיי אויך דעם יוגנטלעכן נתן גאָניטצקי, וואָס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דריטן קלאַס. און ווען די זעלבע וועלט־באַפֿרײַערס האָבן בעת דער לעצטער מלחמה פֿאַר־נומען כוטין, האָט מען אַרעסטירט דעם פֿאָטער פֿון דער פֿאַמיליע, ר' יוסף־שלמה גאָניטצקי, און אים פֿאַרשיקט, מיט דער גאַנצער משפּחה, קיין סיביר, פֿאַרן חטא וואָס ער איז אַמאָל געווען אַ בורזשוי, און האָט אָנגעהערט צו זייער אַ יחוסדיקער יִידישער משפּחה. דער איידעלער מענטש האָט דעם סי־בירער „פּענסיאָנאַט" לאַנג נישט אויסגעהאַלטן און איז קורץ נאָך דער פֿאַר־שיקונג נפֿטר געוואָרן.

וואָס שייך דעם מחבר פֿון דער געשיכטע ווייסט איר גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ היפּש ביסל יאָרן פֿאַרשקלאַפֿט געוואָרן אין באָגאָטאַ ווי אַ „קלאַפּער", נאָכדעם זיך דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַן „אינדוסטריאַל"; קיין אינדוסט־ריעלע אימפּעריע האָב איך נישט געשאַפֿן, נאַר, ווי מען זאָגט אין אַמערי־קע, „מען מאַכט אַ לעבן", איך ווינטש אַלע מײַנע גוטע פֿרײַנד נישט ערגער, צו בעסער איז דאָך קיין שיעור נישטאָ. אָבער איך קאָן זאָגן ווי שלום עליכמס העלד האָט געזאָגט: קיין ראָטשילד בין איך נישט, איך פֿאַרגין עס אים פֿון גאַנצן האַרצן, איך בין אים אַ האָר נישט מקנא. דעם נחת וואָס איך האָב פֿון די קינדער וואָלט איך מיטן גרעסטן גביר זיך נישט געביטן...

# אַ מאָדערנע אשת־חיל

שרה גרינבערג־גובערעק — סאָריטאַ רופט מען זי — איז מײַן שנור, מײַן איסאַקס פרוי. צוואַנציק יערעלעך זײַנען שוין אַריבער, דאַכט זיך, ערשט נעכטן זיי געפירט צו דער חופּה. און הײַנט? הײַנט לערנט שוין זייער 18־יאָריקער העברי, זייער בכור, דאָס צווייטע יאָר טעקסטיל־אינזשעניריע אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט.

אין מײַן ערשט בוך, „אַ ייד אין קאָלאָמביע", דערמאָן איך דעם נאָמען גרינבערג אין שײַכות מיט סאָריטאַס פאָטער, ר' פישל אָדער פעליפּע גרינ־בערג, אַן אײדעלער טראַדיציאָנעל־געשטימטער ייד, פון דער היסטאָרישער קאָלאָמביאַנער שטאָט קאַרטאַכענאַ, וווּ ער האָט געלעבט דרײַסיק יאָר. וועל איך איצט נישט איבערחזרן די רייד וועגן סאָריטאַס זכות־אָבות, נאָר איך וועל רעדן וועגן אירע אייגענע מעלות, וואָס פאַרדינען אַ קאַפּיטל, נישט מחמת וואָס זי איז מײַן שנור, נאָר בכלל, פון יעדן מענטשלעכן שטאַנד־פּונקט.

סאָריטאַ איז נישט נאָר מײַן שנור, נאָר אויך מײַן שותפטע. טעאָרעטיש זײַנען אַלע קינדער תמיד שותפים צו זייערע עלטערן און פאַרקערט, אָבער זי איז עס בפועל־ממש, אין דער טאָג־טעגלעכער מיטאַרבעט אין אונדזער פאַבריק. כאָטש איר איבערגעגעבנקייט אין דער היים, ווי אַ פרוי, אַ מוטער און באַלעבאָסטע, קען גאָר בעסער נישט זײַן, דאָך בלײַבט איר איבער ענערגיע און גוטער ווילן זיך אַרײַנצוטאָן מיט לײַב און לעבן אין די ביזנעס. נישט חלילה ווײַל מײַן זון, איסאַק, קען נישט אַליין דעקן די פּרנסה פון זײַן הויזגעזינד. אָבער די דאָזיקע ענערגיע און טאַלאַנט, וואָס אין פלוג דאַכט זיך, אַז זיי זײַנען אַן אויסנעם צווישן פרויען, קומען צו סאָריטאַן דווקא בירושה פון איר מאַמען, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן אַרויסגעהאָלפן ר'

**פֿישל גרינבערגן בײַ דער שווערער אַרבעט אין זײַן קלייט. בכלל גייט זי נאָך די געהויבענע ייִדישע טראַדיציע פֿון דער אשת־חיל, וואָס איז צוגע־בונדן צו משפּחה, צו באַלעבאַטישקייט, מיט אַן אַחריות־געפֿיל פֿון אַ „ייִדי־שער מאַמען".**

**ווען זי איז אַלט געווען 17 יאָר האָט מען זי אויסגעקליבן ווי אַ שיינ־**



אַ פֿייערלעכער אַקט פֿון איבערגעבן אַ שול די מלוכה־באַהערדן, וועלכע די פֿרויען־אָרגאַניזאַציע ביי בני־ברית, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון לאה גובערעק, האָט אויפֿ־געבויט אין אַן אָרעמער געגנט פֿון באָגאָטאַ. פֿון רעכטס: די שול־דירעקטאָרין, דער פּרעזידענט פֿון לאַנד. א. ל. מיקעלסאָן; געוועזענער פּרעזידענט פֿון לאַנד, מ. פּאַסטראַנאַ באַררערא; שמעון גובערעק; איסידאָראָ קאַסין, אַ ספֿרדישער עסקן; לאה גובערעק, קאַרלאָס לייעכאַס רעסטרעפּאַ, געוועזענער מלוכה־פּרעזידענט

**הייט־קאַנדידאַטקע צווישן די שענסטע מיידלעך פֿון גאַנץ קאַרטאַכענאַ, אַן אויסצייכענונג צו וועלכער יעדעס יונג מיידל האָט געשטרעבט. דעמאָלט האָט זיך מיט איר גענומען אַניטערעסירן מײַן 18־יאָריקער תּכשיט, וואָס האָט געהאַלטן בײַם פֿאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט אין פֿילאַדעלפֿיע און**

האָט געטראַכט, אַז פאַר אַזאַ יונגן בחור קען גאָר נישט זײַן קיין וויכטיקערס אין לעבן ווי חתונה צו האָבן מיט אַ שיינהייט־קאַנדידאַטקע, בפרט נאָך אַ ייִדיש קינד, שיין ווי די וועלט, וואָס מיט איר טאַטן האָט מיך פאַרבונדן אַן אַלטע ברידערלעכע פרײַנדשאַפט פון איבער 25 יאָר צײַט.

מיר, איסאַקס עלטערן, האָבן געמוזט גובר זײַן דער פאַטערלעכן עגאָיזם, וועלכער באַהערשט אין אַזעלכע מאָמענטן: סטײַטש, 19 יאָר אַ שנעק און שוין? צום גליק זײַנען דאָס מחשבות, וואָס אַזוי שנעל ווי זיי קומען־אויף פאַרשווינדן זיי אויך. מיר האָבן גלײַך פאַרשטאַנען — און אַזוי איז דאָס טאָקע געוועזן — אַז אַזאַ שידוך נעמט פון אונדז נישט צו דעם זון, נאָר מאַכט אונדז גאָר רײַכער מיט אַ טאָכטער, מיט דער חנעוודיקער סאַריטאַ, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט פרייד, דינאַמיזם און איבערגעגעבנקייט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר לעבן פון אונדזער משפּחה.

# אַבעל קאַפּלאַן

ווען מען זאָגט וועגן עמעצן, אַז ער איז „אַ מענטש פון אַ גאַנץ יאָר״, דאַכט זיך, אין פלוג, אַז עס האַנדלט זיך גישט וועגן קיין גאָר חשובן פאַר־שוין. טראַכט מען זיך אָבער אַריין, פאַרשטייט מען אַז א מענטש פון אַ גאַנץ יאָר איז דייער אַ זעלטענע פערזענלעכקייט, אויב ער איז נאָר באמת און ממש אַ גאַנץ יאָר אַ מענטש.

אַזאַ איינער איז מיין איידעם אַבעל קאַפּלאַן: אויפן ערשטן בליק מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ דורכשניטלעכן מענטשן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער וועלט פון מסחר; דערקענט מען אים אָבער אַ ביסל טיפער, געפינט מען אויס די שטילע שיין פון אַ בריליאַנטענער נשמה. דערפאַר וויל איך אים דאָ דערמאָנען, כאָטש ס׳איז נישט מיין טבע מאַריך צו זיין וועגן מיין משפחה אין מיינע זכרונות.

מיין טאָכטער אסתרס מאַן פאַרנעמט אין זיין אייגענעם זכות אַן אָנגעזען אָרט אין קאָמערץ, ווו מען שאַצט הויך זיין אָרנטלעכע און עטישע אויפפירונג. אויך זיין באַציִונג מיט דער קהילה איז פון מאָראַלישער אַחריות וואָס רופט־אַרויס דרך־ארץ; אין דעם האָט שוין זיכער אַ חלק זיין זכות־אָבות, ווייל אונדזער אַבעל איז אַ זון פון ר׳ משה קאַפּלאַן ע״ה, וועמען מיר האָבן דערמאָנט אין אַ צווייטן קאַפּיטל פון דעם בוך.

אַבעל קאַפּלאַן איז אַן אָנערקענטע און אָפּגעשאַצטע פיגור אין די קרייזן אין וועלכע ער פאַרקערט, און ווו ער האָט אומצייליקע פריינד און חברים: באַנקירן, סוחרים און אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן אויף פאַרשיידענע געביטן. ער איז אַ טיפּיש געזעלשאַפטלעכער מענטש; אַזאַ, וואָס די פאַרבינדונג מיטן מיטמענטש איז ביי אים דער גרעסטער עיקר. דאָס קומט צום אויסדרוק אַפילו אין זיין „האָבי״ פון אַ ראַדיאָ־ליבהאָבער, מיט וועלכן

ער גיט זיך אָפּ זײַן גאַנצע פֿרײַע צײַט. און טאַקע: וואָס פֿאַר אַ פֿאַרווײַלונג קען בעסער סימבאָליזירן דעם באַגער אַנצוקניפּן אַ דיאַלאָג מיט מענטשן פֿון אַלע מקומות און לשונות, און דערבײַ צו נוץ קומען אין נויטפֿאַלן, סײַ ווען עס האַנדלט זיך וועגן קאַטאַסטראָפֿעס, אָדער וועגן באַקומען זעלטענע רפֿואות און העלפֿן אין אַנדערע פּראָבלעמען, פֿאַר וועלכע די ראַדיאָ־פֿאַר־בינדלערײַ איז אָפֿט מאָל די איינציקע לייזונג?



מאַרק טורקאָוו און סאַמועל פּורמאַנסקי, גיבן איבער דעם באַערטן אַ זליבערנע טעץ מיט גראַווירטע נעמען פֿון די באַטייליקטע אויפֿן אַקט

יעדן טאָג, ווען ער קומט אַהיים נאָך דער אַרבעט, פֿרעגט זיך אונדזער אַבעל אויף די משפּחה־געשעענישן פֿונעם טאָג, און תּיכף זעצט ער זיך אַוועק אויף זײַן פּאָטעל, לעבן די מאָדערנע ראַדיאָ־עקיפּן מיט וועלכע ער אַרבעט. דאָס אייגענע איז שבת נאָך מיטיק, זונטיק און אין יעדן פֿרײַען טאָג. ס׳איז אַ נחת אים צו זען ווי ער זיצט איבער זײַן אינסטרומענטאַל,

מיט אַ האַלב גלעזל קאָניאַק בײַ דער האַנט, און האָט הנאה פֿון זײַן פֿאַר־װײַלונג. און װײַל „אַז דער מאַן איז אַ רב איז דאָס װײַב אַ רביצין", איז מײַן טאַכטער אסתר, לאַ די װאָס זי באַגלייט איר מאַן אין זײַן „האָבי", נאָר זי איז אין אים ענטוזיאַסטיש אַרײַנגעטאָן מיט נישט װינציקער התלהבות װי ער אַליין. אָבער װאָלט זיך מיט קיינעם נישט געביטן; זײַן ראַדיאָ־ליב־האָבערישער „צײַטפֿאַרטרײַב" האָט אים שוין נישט איין מאָל דערלויבט ראַטעװען אַ מענטשלעך לעבן; ער איז ברייט באַקאַנט און באַליבט אין דער װעלט פֿון די הערץ־כװאַליעס, װי דאָס איז צו דערװאַרטן פֿון זײַן סימפּאַ־טיע, זײַן איבערגעגעבנקייט פֿאַר דער דאָזיקער טעטיקייט און זײַן אייבי־קער גרייטקייט צו העלפֿן מענטשן דאָ אָדער װוּ עס זאָל נישט זײַן.

אָבעלס פֿרײַנדלעכקייט האָט אַזאַ אייגנשאַפֿט, אַז ער קען אויפֿהיטן די באַציִונג מיט אַמאָליקע חברים, פּונקט װי ער קען נײַע באַקאַנטע מקרב זײַן, אַז זיי זאָלן זיך פֿילן װי אַלטע קאַמעראַדן, און אַפֿילו אין צופֿעליקע באַציִונגען אַרײַנפֿירן אַ װאַרעמען חברישן טאָן.

אָבער קאַפּלאַן איז אַ געבוירענער אין מעקסיקע. די לעצטע 30 יאָר װוינט ער אין קאָלאָמביע, אַן אײַנגעגלידערטער אינעם ייִדישן ישוב פֿון אונדזער שיין און פּראָגרעסיסטיש לאַנד, פֿון װעלכן ער פֿילט זיך װי אַ געבוירענער בירגער.

איך פֿריי זיך װאָס זײַן פּערזענלעכקייט בלײַבט פֿאַרצייכנט אין מײַנע כתבים, נישט װײַל ער איז מײַן קרוב, נאָר װײַל ער איז אַ מענטש װאָס האָט צװישן אונדז געלאָזט שיין אויפֿבליִען זײַנע גײַסטיקע און אינטעלעק־טועלע אייגנשאַפֿטן.

# „אַ פרידלעכע ייִדישע רעוואָלוציע“

## אַן אָפּהאַנדלונג וועגן בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע“

פון אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ

מיין ערשט בוך „אַ ייִד אין קאָלאָמביע“, וואָ סאיז דערשינען אין דער שפּאַנישער שפּראַך אונטערן נאָמען: „איך האָב געזען וואַקסן אַ לאַנד“, האָט נושא חן געווען בײַם קאָלאָמביאַנער לייענער, און האָט אַרויסגערופן זייער גינציקע און פרײַנדלעכע אָפּרופן אין דער אַרטיקער לאַנד־פּרעסע. איך זאָג עס מיט אַ געפיל פון אַ באַזונדער באַפרידיקונג, ווײַל געלויבט האָבן זיי נישט אַזוי די מײַסטערשאַפט פון מחבר, ווי די מעלות פון ייִדן בכלל, און האָבן באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דעם פּאָזיטיוון בײַטראָג פון דער ייִדישער אימיגראַציע פאַר דער עקאָנאָמישער און גײַסטיקער אַנטוויקלונג פון די לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער. עס האָט בײַ די אַרויסגערופן אַ גוטן אײַנדרוק נישט די אַנטדעקונג פון אַ „גרויסן שרײַבער“ — איך האַלט מיך נישט פאַר אַזאַ — נאָר די דערפאַרונג פון אַ פּשוטן מענטשן, וואָס דערציילט אויפריכטיק, אָרנטלעך און קלאָר ווי אַזוי ייִדן „האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אויפן אַמעריקאַנער באָדן מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס“ — ווי עס זאָגט אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ — און האָבן מיט זייער פלײַס און אונטערנעמונגס־קראַפט באַרײַכערט דאָס לאַנד און האָבן דורכגעפירט אין לעבן פון קאָלאָמביאַנער פאָלק „אַ פרידלעכע ייִדישע רעוואָלוציע“.

וועט עס זײַן נישט קיין זעלבסט־באַרימערײַ ווען איך וועל געבן דעם אַרטיקל אין אַ ייִדישער איבערזעצונג אין דעם בוך. איך וויל

אַז ייִדן אויף דעם קאָנטינענט זאָלן מיט שטאָלץ טראָגן דעם נאָמען „ייִד“, ווײַל דער ייִדישער שווייס און גײַסט האָבן באַפרוכטיקט דעם אַמעריקאַנער באָדן, צוגלײַך מיט אַלע אַנדערע פעלקער. „אַ ייִד אין קאָלאָמביע“ האָט פאַרדינט פילצאָליקע גוטע אָפרופן אויך אין דער ייִדישער פרעסע, אָבער איך טראַכט זיי גאָרנישט צו געבן אין טעקסט פון דעם בוך. איך בין באַשיידן און אַפילו שעמעוודיק פון דער נאַטור, און איך וויל די דאָזיקע מעלה אָדער חסרון נישט פאַר־לירן. אָבער די מיינונג פון דעם אויבנדערמאָנטן קאָלאָמביאַנער שרײַ־בער, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גרויסן טייל פון די היגע ליבעראַלע קריסטן, און איך וויל, אַז ייִדן זאָלן וועגן דעם וויסן.

אַלבערטאָ ליעראַס קאַנואַרגאַ, איז אַ פובליציסט נומער איינס, נישט נאָר אין זײַן היימלאַנד, קאָלאָמביע, נאָר אין גאַנץ לאַטײַן־אַמעריקע. אַן אַקאַדעמיקער און טאַלאַנטירטער שרײַבער מיט אַ שאַר־פער פען, איז ער אַן אײַנפלוסרײַכער פּאָליטיקער, וואָס האָט מיט גרויס דערפאָלג צוויי מאָל פאַרנומען דעם פרעזידענטן־אַמט פון דער רעפובליק, פיל יאָר געווען פרעזידענט פון דער „אָעאַ“ (אָרגאַניזאַ־ציע פון די אַמעריקאַנער לענדער) און איז ביז הײַנט טעטיק מיט וואָרט און שריפט אין עפנטלעכן לעבן פון לאַנד. אין דער צײַטשריפט „וויזיאָן“ — די העכסטע ליטעראַרישע טריבונע פון קאָנטינענט — האָט אַלבערטאָ ליעראַס קאַמאַרגאָ אַזוי געשריבן וועגן בוך „איך האָב געזען וואַקסן אַ לאַנד“:

עס ליגט אויף מײַן שרײַבטיש אַן אייגנאַרטיק בוך, געשריבן דורך אַ ייִדישן אינדוסטריאַל, וועלכער שטאַמט פונעם פוילישן שטעטל זשעליעכאָוו: שמעון גובערעק. דאָס בוך האָט דערוועקט אין מיר אַ שלל פון געדאַנקען; דאָס זײַנען די זכרונות פון אַ באַ־שיידענעם מענטשן, וועלכער האָט נאָך דער שווערער האָרעוואַניע אַ גאַנץ לעבן, זיך דערשלאָגן צו אַ בכבודיקער פּאָזיציע אין אונדזער לאַנד. עס האָט געהאָלפן פאַרשטעלן פאַר דער קאָלאָמביאַנער עפנטלעכקייט דאָס ווערק אויף שפּאַניש, אַ דיכטער, וואָס האָט באַגײַסטערט קאָלאָמביע און אַנדערע שפּאַניש־רײדנדיקע לענדער

מיט זײַנע לידער, נאָך אין די פריִע צוואַנציקער יאָרן, לוים ווידאַ־לעס, וועלכער פאַרנעמט זיך היינט־צו־טאָג מיט סטאַטיסטיק־וויסנשאַפט, און הערט נישט אויף צו שרײַבן גוטע לידער.

— אָט־דער אינדוסטריאַל איז נישט געווען קיין אונטערנעמער זײַן גאַנץ לעבן, אפילו נישט קיין באַטײַטנדיקן טייל פון זײַן לעבן. ער איז אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע פון ישראל, ווו דאָס מזל האָט אים וואָרשײַנלעך נישט צוגעשפּילט, און אָנגעהויבן אַרבעטן דאָ אַזוי ווי אַלע ייִדן, וועלכע זײַנען עוקר געווען פון פּוילן, דײַטשלאַנד, בעסאַראַביע,אוקראַיִנע, רוסלאַנד, און אַנדערע לענדער, ווו די ערד האָט געברענט אונטער זייערע פיס. זײַן מוטערשפּראַך איז געווען — און איז ביזן הײַנטיקן טאָג — ייִדיש; די דאָזיקע איינציקאַרטיקע שפּראַך, וואָס שטאַמט פון דײַטש און איז געמישט מיט העברעיִשע און סלאַווישע עלעמענטן געשריבן מיטן העברעיִשן אַלף־בית, ווערט גערעדט דורך דער מערהייט ייִדן פון דער וועלט. אַגב, ס'איז אַ שפּראַך אויף וועלכער עס זײַנען געשאַפן געוואָרן גרויסע ליטעראַרישע ווערטן, וועלכע זײַנען אַרײַן אינעם אַלגעמיינעם אוצר פון דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור. און היות דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע ייִדישע אימיגראַנטן זײַנען געקומען פון מזרח־אייראָפּע, האָבן זיי באַקומען דעם נאָמען „רוסן" אין אַרגענטינע, און „פּאָליאַקן" אין קאָלאָמביע; דאָס איז די סיבה איבער וועלכער דער מחבר באַציט זיך כסדר אין זײַן בוך צו זײַן אָפּשטאַם, זײַן געבוירן־לאַנד און לאַנדסלײַט, ווי צו „פּאָליאַקן", וואָס אויף שפּאַניש לייגט זיך עס אוים „פּאָלאַנעסעס", און דערמאָנט איינצײַטיק די פּוילישע ערד און די מוזיק פון שאָפּען.

שמעון גובערעק איז אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע, און אָנגעהויבן אינאיינעם מיט הונדערטער אַנדערע מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן, אַרומצוררײַזן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט מיט אַ פּעקל סחורה אויף די פּלייצעס, און פאַרקויפן פאַרשיידענע אַרטיקלען אויף אויסצוצאָלן. בכן, איז ער געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער פרידלעכער ייִדישער „רעוואָלוציע" אין קאָלאָמביע אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן, וואָס האָט געהאַט

אַ גאָר באַשיידענעם אָנהייב, אָבער האָט געגעבן זייער פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. נאָר דאָס פֿאָדערט אַ באַזונדער אויפֿקלערונג.

קאָלאָמביע איז אַ בערגיק לאַנד, אַזוי ווי די לענדער פֿון די הימאַלאַיאַ־הויכקייטן. און ווען די אַנדן־קאָרדיליערן שנײַדן זיך אַרײַן אין דרום־טייל פֿון אונדזער טעריטאָריע, עפֿענען זיי זיך אין דרײַ בערג־קייטן, וועלכע צעטיילן פּאַקטיש דאָס לאַנד אין גאַנץ באַזונדערע ראַיאָנען. במשך קאַרגע פֿיר יאָרהונדערטער, זײַנען די דאָזיקע ראַיאָנען געווען ווי אָפּגעשלאָסענע אינדזלען, זינט דער שפּאַנישער דעראָבערונג פֿונעם אַמעריקאַנער באָדן. די הויפּטשטאָט באָגאָטאַ געפֿינט זיך אויף אַ הויכקייט פֿון 2.600 מעטער, וווּ דער קלימאַט איז אַ מילדער אַזוי ווי אין אייראָפּע, און די ערד איז פֿעט, פֿרוכטבאַר און שוואַרץ, אַזוי ווי דער רוסיש־פּוילישער „טשערנאָזיאָם". אינעם צווייטן און דריטן יאָרצענדליק פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט, איז באָגאָטאַ נאָך געווען אַ דאָרף. דער גרעסטער טייל פֿון אירע אײַנוווינערם זײַנען געווען דאָרפֿישע פּויערים (כמעט אַלע זייער אָרעמע), און אַ גאָר בצמצומדיקער אָליגאַריכע־שיכט, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פֿון מלוכה־פֿונקציאָנאַרן מיט אַן אינטעלעקטועלן אָנשטעל, וועלכע האָבן געהאַט אַ קנאַפּע אַנונג פֿון דער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט געעפֿנט פֿאַרן מענטשן ברייטע פּערספּעקטיוון, און אים אָנגעבאָטן אַ סך מעגלעכקייטן פֿון אַ בעסערן און שענערן לעבן. באָגאָטאַ, ווי געזאָגט, איז געווען אַ דאָרף, וווּ אַ פּאָר לעדערנע שיך זײַנען געווען אַ לוקסוס, וועלכן נישט יעדערער האָט זיך געקאָנט דערלויבן.

די אײַנוווינער פֿון דער הויפּטשטאָט ווי פֿון גאַנצן לאַנד, האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן זיך אײַנצושאַפֿן דאָס נייטיקסטע פֿאַר זייערע עלעמענטאַרע הצטרכותן און אויסקומעניש, ווײַל דער גאַנצער מסחר פֿון עקספּאָרט און אימפּאָרט איז געווען אַ ביז גאָר באַגרענעצטער; די טעקסטיל־אינדוסטריע איבערהויפּט, האָט אין קאָלאָמביע נאָך אין גאַנצן נישט עקסיסטירט, און אַלצדינג האָט געדאַרפֿט אימפּאָרטירט ווערן פֿון אויסלאַנד. די עקספּאָרט־ און אימפּאָרט־געשעפֿטן זײַנען געווען זייער ריזיקאַלישע און האָבן גע-

שמעקט מיט אוואַנטורע, מיט גרויסע אינוועסטיציעס און איינ־שטעלערישקייט, ווען נישט — מיט באַנקראָטן און עקאָנאָמישע צוזאַמענברוכן.

אַריבערברענגען קיין באָגאָטאַ אַ פּיאַנאָ, פון די וואָס עס האָט באַוווּנדערט דער אַרגענטינער שרייבער מיגעל קאַנע סוף 19טן י״ה, איז געווען אַן אויפטו ענלעך צו דער העלדישער עפּאָפּייע פון די קאַרטאַגאַ־אַרמייען בראש מיט אַניבאַל, וועלכער האָט אַריבער־געפירט העלפאַנטן דורך די אַלפּן־בערג. דער סוחר האָט באַדאַרפט זיין אַ בפירושער איינשטעלער אָדער גאָר אַ גרויסער קאַפּיטאַליסט, ווייל בלויז מיט די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָט ער געקאָנט אונטער־נעמען דאָס געשעפט, באַקומען הלוואות, באַוועגן די אייראָפּעישע אינדוסטריאַלן אַנטיילצונעמען אין דער אוואַנטורע און טיילן די ריזיקע, און מיט גאָטס הילף — אַרויסגיין מיט גאַנצע ביינער.

די גרויסע געשעפטן פון דער הויפּטשטאָט האָבן מערסטנס אָנגעגעבן אויף זייערע בריוו־פּאַפּירן און דאָקומענטן נעמען פון געוועזענע פּרעזידענטן, געוועזענע מיניסטאָרן אָדער קאַנדידאַטן אויף די דאָזיקע אַמטן, ווי שותפים צו דער אונטערנעמונג. די שיך, שקאַרפּעטן, בעסערע שטאָפן, און אַנצוגער, וואָס מען פלעגט פאַר־קויפן אין יענע געוועלבן, האָבן געקאָסט זייער טייער, ווייל מען האָט צו זייערע קאָסט־פּרייזן צוגערעכנט דעם באַטרעף פון דער אויסבילדונג פונעם „שותפס״ און דעם סוחרס קינדער אין אָקס־פאָרד, קעמברידזש, האַרוואַרד אָדער יעיל, און פון די רייזעס איבער אייראָפּע פון די טעכטער, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן דורך ענגלישע אָדער פראַנצויזישע גובערנאַנטקעס. דעריבער האָט אַזאַ האַנדל נישט געקאָנט באַפרידיקן די באַדערפענישן פונעם פאָלק, נאָר בלויז רויִנירט די בעל־מלאכהם, וועלכע האָבן אין יענער צייט פּראָדוצירט פּראָסטע אויסאַרבעטונגען, וועלכע די קאָלאָמביאַנער אָרעמעלייט האָבן געמוזט נוצן, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן צו קויפן אַן אימפּאָרטירטן אַרטיקל.

דער דאָזיקער מצב האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז עס איז געקומען

**די יידישע אײַנוואַנדערונג.** יענע אימיגראַנטן, צווישן זיי גובערעק, האָבן אַרײַנגעבראַכט די סיסטעם פון געבן קרעדיט אַזעלכע מענטשן, וועלכע מען האָט דורכוים באַטראַכט ווי אומפּאַרטרוילעכע פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט, און וועלכע קיינער וואָלט קיין צעבראָכענעם סענט נישט געבאָרגט. די סיסטעם איז באַשטאַנען פּראָסט און פּשוט אין פאַרקויפן אויף אויסצוצאָלן אין קליינע וועכנטלעכע ראַטעס, צו 50 סענט און אַ פּעזע אַ וואָך, לויט יעדנס מעגלעכקייטן. נאָכן פאַרקויפן אַן אַרטיקל, פלעגן די וואַנדערנדיקע סוחרים קומען אײַנמאָנען יעדן זונטיק דעם וועכנטלעכן אָפּצאָל בײַ די דאָזיקע טויזנטער אַרבעטנדיקע מענטשן פון וועלכע ס'איז באַשטאַנען די קאָלאָמביאַנער אָרעמשאַפט אין יענער צײַט: בעל־מלאכהס, נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטערס, אָנגעשטעלטע פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער און אַנדערע אומבאַמיטלטע מענטשן. די יידישע פּעדלערס האָבן געזוכט זייערע קונים נישט נאָר צווישן די סאַמע אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, נאָר אויך צווישן די נידעריקערע קרײַזן פון מיטלקלאַס, וועלכע האָבן אויך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן די טײַערע אימפּאָרטירטע פּראָדוקטן אין די גרויסע קראָמען.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווײַז געענדערט דער אויסזען פון דער באַפעלקערונג, דער לעבנס־ניוואָ פון די ברייטע מאַסן, און אַפילו דער אויסזען פון דער שטאָט. אין עטלעכע יאָרצענדליק איז באַגאַטאַ געוואָרן נישט צו דערקענען. אַ סך פּעדלערס זײַנען געוואָרן פאַבריקאַנטן, און פיל קאָלאָמביאַנער האָבן זיי נאָכגעטאָן. עס האָט זיך שנעל אַנטוויקלט אַ היימישע אינדוסטריע, און הונדערטער טויזנטער מענטשן פון אינלאַנד האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אין די שטעט ווו זיי האָבן געפונען אַרבעט. די יידישע אימיגראַנטן האָבן זיך נישט אַסימילירט, פּונקט ווי עס האָבן זיך נישט אויסגעמישט די „יידישע גאַוטשאָס" אין אַרגענטינע, וועלכע עס האָט אַזוי מײַסטערהאַפט געשילדערט אַלבערטאָ גערשונאָף. זיי האָבן ווײַטער גערעדט יידיש, און זיך פאַרזאַמלט אין זייערע קאַפע־הײַזער, קלובן און אַנדערע זאַמלפּונקטן, ווו זיי האָבן געקאָנט פירן געמיטלעכע

שמועסן אויף מאַמע־לשון, הערן אַ ייִדישן רעפֿעראַט, אַ פֿאָרלעזונג, אָדער אַ ליד פֿון די ייִדישע פֿערזן־מײַסטערס, וואָס האָט זיי אַרײַנגעבראַכט אין אַ נאָסטאַלגיע־שטימונג און דערוועקט זכרונות פֿון דער אַלטער היים, ווו ייִדן האָבן געווױנט זינט העכער טויזנט יאָר, און זײַנען מיט אַ מאָל פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון דאָרט דורך אַ ממשלת זדון פֿון רוסלאַנד, פּוילן אָדער דײַטשלאַנד.

די „פּאָליאַקן" פֿון קאָלאָמביע, די „רוסן" פֿון אַרגענטינע און אורוגווײַ, און די ייִדישע אימיגראַנטן־מאַסן פֿון אַנדערע דרום־אַמעריקאַנער לענדער, האָבן נישט געוווּסט, אַז מיט זייער פּעדלערײַ־סיסטעם האָבן זיי אונטערגעיאָגט דעם פּראָצעס פֿון אַן עקאָנאָמישער רעוואָלוציע, וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ פֿאַרהעלטניש־מעסיק טיפֿע איבערקערעניש אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פֿון דער דעמאָלטיקער קאָלאָמביע. די האַנדלס־מעטאָדן וואָס זיי האָבן אָנגעווענדט, האָבן דערמעגלעכט די ברייטע פֿאָלקס־שיכטן צו געניסן די פּראָדוקטן פֿון פֿאַרשיידענע אינדוסטריעס, וועלכע האָבן אין יענער צײַט אָנגעהויבן שנעל זיך צו אַנטוויקלען מיט אַ גאַנץ אינטענסיוון טעמפּאָ. ווי געזאָגט, האָבן אַ סך ייִדן פֿון די וואַנדערנדיקע פּעדלערס אונטערגענומען — אַזוי ווי גובערעק — אַ קליין־פֿאַרנעמיקע טעקסטיל־פּראָדוקציע מיט פּשוטע מאַשינעס און קליינעם פּערסאָנאַל, אָבער מיט אַן אומגעהײַער גרויסער אַרבעטזאַמקייט און פֿעסטן ווילן, און מיט דער צײַט האָבן זיי זיך אַרויפֿגעאַרבעט, און מיט זייער אַרבעט געשאַפֿן פּרנסה־קוואַלן פֿאַר טויזנטער מענטשן און דערמיט באַרײַכערט דעם לאַנד.

די פֿאַרשיידענע אַרטיקלען זײַנען נישט נאָר ביליקער געוואָרן, נאָר יעדער פֿאָלקסמענטש איז הײַנט בכוח זיי צו קריגן אויף אַ פּאָפּולערן פּרײַז; די פּיאָנערן פֿון דער דאָזיקער אינדוסטריע קאָנען זאָגן אָן גוזמא, אַז זיי האָבן באַקליידט און באַשוכט דאָס לאַנד, אויסגעמעבלירט זייערע הײַזער, און דער עיקר — אַז זיי האָבן צוגעווױנט דעם פּויער און אַרבעטער צו שפּאָרן די פּופּציק סענט

אָדער די פּעזע אַ וואָך, וואָס איז געווען באַשטימט צו צאָלן דעם „מיסטער״* פֿאַר דער איַינגעקויפֿטער סחורה.

די פּשוטע האַרעפֿאַשניקעס האָבן דורכן ייִדישן קליינהענדלער באַקומען אַ קרעדיט, פֿון וועלכן זיי האָבן נישט געקאָנט זינט קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע; ס׳איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין דיסקרימינאַציע צווישן וויַיסע, שוואַרצע, אינדיאַנער, מולאַטן צי אַנדערע ראַסן, וועלכע באַוווינען דאָס קאָלאָמביאַנער לאַנד, און ס׳איז אַוודאי נישט געלייגט געוואָרן קיין אַכט אויפֿן רעליגיעזן און סאָציאַלן שטאַנד. יעדער האָט געקאָנט פֿונעם זעלבן צוטרוי ביַי די ייִדישע פּעדלערס.

שמעון גובערעקס בוך הייסט אין ייִדיש, ווי מען האָט מיר געזאָגט, „אַ ייִד אין קאָלאָמביע״, אין שפּאַניש טראָגט עס דעם נאָמען „איך האָב געזען וואַקסן אַ לאַנד״. און דאָס איז אמת; ער האָט עס טאַקע געזען וואַקסן און האָט ביַיגעטראָגן פֿאַרן וווּקס און איך, פֿון מיַין זיַיט, האָב געזען אָט־די פֿרידלעכע רעוואָלוציע פֿון פֿאַרקויף אויף ראַטעס, וואָס די ייִדישע אימיגראַנטן האָבן דורכגעפֿירט. זיי האָבן אַזוי אַרום געשאַפֿן אַן „אינערלעכן מאַרק״ און געווען די פּיאָנערן פֿון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע אין לאַנד. דאָס קאָלאָמביאַנער ייִדנטום האָט פֿאַרווירקלעכט אין אונדזער היימלאַנד די פֿון לאַנג באַגערטע פּראָגראַם פֿון אַ מער יושרדיקער פּראָדוקציע־פֿאַרטיילונג צווישן אָרעם און ריַיך, כדי דער אָפּגרונט צווישן ביידע סאָציאַלע שיכטן זאָל נישט זיַין אַזוי טיף. די דערשיַינונג, וואָס כ׳האָב דאָ אָנגעוויזן איז געווען נישט קיין אויסשליסלעכער שטריך פֿון דער קאָלאָמביאַנער ווירקלעכקייט; אין אַנדערע לאַטיַין־אַמעריקאַנער לענדער האָבן די פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער אימיגראַציע דורכגעפֿירט דעם זעלבן פּראָצעס. זיי האָבן געהאָלפֿן צו ברעכן דעם הערשנדיקן מאָנאָפּאָל אין מסחר און אינעם קאָלאָמ־

* „מיסטער״ פֿלעגט מען רופֿן אין קאָלאָמביע דעם ייִדישן פּעדלער, וועלכער האָט זיי פֿאַרקויפֿט סחורה אויף אויסצוצאָלן; אין אַרגענטינע האָט מען אים גערופֿן „קוענטעניק״, וויַיל ער פֿלעגט געבן סחורה אויף דער „קוענטע״, ד״ה עד לחשבון.

ביאַנער לעבן. זיי זײַנען געווען אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר אינעם פּראָ־גרעס פון לאַנד, דער הייוון, וואָס האָט געהאָלפן אויפגיין דעם טייג פון דער קאָלאָמביאַנער עקאָנאָמיע.

איך גלייב, אַז די לאַטײַן־אַמעריקאַנער, וועלכע וועלן זיך באַקענען מיטן אינהאַלט פון גובערעקס בוך, וועלן פילן אַ דאַנקשאַפט צו די ייִדישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אויפן אַמעריקאַנער באָדן מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס, וואָס האָט דערמעגלעכט דעם פאָלק צו באַקומען דאָס, וואָס דער שפּאַנישער מאָנאָפּאָל־סיסטעם האָט פאַרווערט די „קרעאָלן", — ווי די שפּאַניער האָבן גערופן די אײַנגעבוירענע באַפעלקערונג — וואָס דער רעאַקציאָנערער פּראָטעקציאָניזם האָט שפּעטער פאַרווערט די פּאַטריאָטן, און וואָס דאָס געזעץ פון „פרײַעם האַנדל" פון 48סטן יאָר האָט באַוויליקט בלויז פאַר די אָליגאַרכן...



די באַערונג פאַרן מחבר פון בוך. פון רעכטס: — מאַרק טורקאָוו, סעקרעטאַר פון דער לאַטײַן־אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון ייִדישן וועלטקאָנגרעס; סאַמועל פּורמאַנסקי, מיטגליד פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג א״אַ